# IDA MAZE

# DENAH

## Autobiographical Novel

### אַ דאַנק

דער „אײדע מאַזע בוך־קאָמיטעט" דריקט אויס אַ דאַנק דעם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, וואָס ער האָט בײ־געשטײערט צװײ הונדערט און פופציק דאָלער, אויף צו העלפן אַרויסגעבן דאָס איצטיקע בוך.

צוגעגרייט צום דרוק: מ. מ. שאַפּיר

Printed in Canada by
THE NORTHERN PRINTING AND LITHOGRAPHING CO.
Montreal, Canada
1970



לואי מיהלשטאָק: **איידע מאַזע** (1932)



ריטאַ בריאַנסקי: **זכרונות וועגן איידע מאַזע** (1961)

# עטלעכע ווערטער

„שאַפיר, מיר׳ן זיך ווען ס׳איז אַוועקזעצן און מאַכן אַ תכלית פון מיין מאַנוסקריפּט...״ — אַזוי האָט זיך איידע מאַזע ע״ה נישט איין מאָל פאַרטרויט פאַר מיר, און מיר האָבן זיך — פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר, וואָס מיר האָבן זיך געקענט — נישט איין מאָל שיר נישט אַ נעם געטאָן צו אָט־דעם מאַנוסקריפּט.

אָבער — ס׳האָבן אויף איר תמיד געוואַרט וויכטיקערע אַרבעטן, פאַר אַנדערע וועגן. פאַר זיך אַליין האָט זי קיין צייט נישט געהאַט. ביז...

ביז זי האָט דערפילט, אַז ס׳איז שוין צו שפּעט. זי איז אַוועק פון דער וועלט יוני, 1962.

איך האָב מיט איידע מאַזעס מאַנוסקריפּט געטאָן דאָס, וואָס מיר וואָלטן, דאַכט זיך, געוועז געטאָן מיט איִם, ווען מיר טוען עס **אין איינעם** — דאָס וואָס מ׳האָט געמוזט טון: צוגרייטן צום דרוק. אפשר וואָלט איידע מאַזע געווען אריינגעבראַכט אין איר דערציילונג שינויים — סטרוקטורעלע, למשל. מיר איז די דערציילונג געפעלן אַזוי ווי זי איז, און כ׳האָב נישט געפילט אַז איך **דאַרף**, בפרט אַז איך מעג, עפּעס בייטן.

נאָך איין וואָרט: גרייזן זענען אַריין מסתמא מערער ווי מ׳האָט באַוויזן צו כאַפּן. בעטן מיר דערפאַר מחילה ביים לייענער, און מיר בעטן פאַרריכטן די „געכאַפּטע״ גרייזן **פאַרן** לייענען.

מ. מ. ש.

# דאָס דאָרף

דער געגנט, אין ווייס־רוסלאַנד, וואו דינה איז געבוירן געוואָרן, איז געווען זייער אָן אָרעמער. די דערפער — צעוואָרפענע צווישן זאַמדיקע, פלאַכע פעלדער און שי־טערע וועלדער. די פויערים פון די געגנטן האָבן געלעבט אין אָרעמקייט און אין פינצטערן אומוויסן, געאַרבעט פאַר די אַרומיקע פּריצים ווי פאַרעבקעס און טאָג־אַרבעטער ביים שניידן, זייען, אַקערן און אַרום ברייזלעך, וואו מ׳האָט געטריבן בראָנפן. מיט דער אייגענער פעלדאַרבעט איז מען פאַרטיק געוואָרן נאָר דאַן, ווען ביים פּריץ איז שוין ניט געווען קיין אַרבעט.

די אייגענע פעלדאַרבעט איז באַשטאַנען פון צונויפנעמען דאָס ביסל היי, וואָס האָט קוים געקלעקט פאַר די פאָר מאָגערע בהמות און פערד אין שטאַל אויף איבערן ווינטער. דאָס ביסל קאָרן פאַרן אָרעמען ברויט איז דורכגעגאַנגען, נאָכן דרעשן, דורך די מילשטיינער פון אַ זשאָרנע, וואָס כמעט יעדער צווייטער פויער האָט פאַרמאָגט ביי זיך אין שטוב. די פויערטע פלעגט נעמען דאָס ביסל קאָרן יעדע וואָך, עס אַליין צעמאָלן און באַקן ברויט. זייער זעלטן האָט אַ פויער געהאַט גענוג קאָרן, אַז ער זאָל עס קענען פירן צום מילנער. דאָס האָבן געטאָן די אָנגעזעענערע, די בעלי־גופים, די וואָס האָבן געהאַט מער פעלד אָדער זיינען, דורך געוויסע פּריווילעגיעס, געשטאַנען נענטער צום הויף פונעם פּריץ.

אין די פרילינגטעג, ווען אין די הויפן איז נאָך קיין אַרבעט ניט געווען, פלעגן די פויערים אַרבעטן „פּאַשיקע״. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין רייניקן פעלד, אויס־גראָבןביימער־שטאַמען מיט די וואָרצלען, אַרויסגראָבן שטיינער פון אַ פאַרווילדע־ווען פעלד, און אזוי אַרום, דורך יאָרנלאַנגער מי, אָפּרייניקן אַ שמאָל שטיקל פעלד, וואו מ׳האָט דערנאָך געקענט פיטערן די טשערעדע אָדער פאַרזייען מיט קאַרטאָפל אָדער פלאַקס. די פויערים האָבן אפילו אין אַ געוויסן זינען געלעבט קאָמונאַל צווישן זיך, פאַרמאָגט אין שפּייכלער ביי דער זייט פון דאָרף, וואו יעדער פויער האָט, לויט זיין טייל פעלד, געדאַרפט צוטראָגן אַ געוויסע מאָס קאָרן פאַרן יאָר. דאָס האָט גע־דאַרפט דינען ווי אַ שוץ אין פאַל פון אַ הונגער אָדער אַ שרפה.

אין די דערפער איז מען תמיד געווען אויסגעשטעלט צו דער שרפה־געפאַר און מ׳האָט געלעבט אין אייביקער שרעק. די הייזער זיינען געשטאַנען אין צוויי רייען די שטאָלן און שייערן — הינטער די הייזער. די דעכער זיינען געווען געדעקט מיט שטרוי און אַ שרפה אין דאָרף איז געווען אַן אָפטע זאַך. זומער פלעגט טרעפן, אַז אַ בליץ פלעגט אָנצינדן אַ בוים לעבן אַ הויז אָדער איז אַריין אין אַ קוימען און אָנגע־צונדן אַ דאַך. דאַן איז שוין דאָס גאַנצע דאָרף געשטאַנען גרייט צום אָפּגעווישט ווערן.

נאָך ערגער איז געווען ווינטער: די באַלייכטונג אין די הייזער איז באַשטאַנען פון קין. מ׳האָט ניט געהאַט גענוג אויף צו קויפן נאַפט. קין האָט געקאָסט ביליקער. יעדער פויער האָט געקאָנט אָנגרייטן אָט־די לאַנגע דינע העלצלעך, וואָס האָבן געברענט מיט א גרינעם פייער און געהאלטן אין איין שפּריצן מיט פונקען. דעם קין האָט מען פאַרשטעקט ביים באַלקן, כדי דאָס ליכט זאָל פאַלן אויף דער שטוב. האָט אָפט פּאַסירט, אַז אַ פונק איז פאַרשפּרונגען ערגעץ אין אַ ווייטן ווינקל און דאָרט אזוי לאַנג געטליעט, ביז מ׳האָט פלוצעם דערזען אַז סע ברענט..

אָפטע שרפות זיינען אויסגעבראָכן אויך צוליב די קוימענס, וואָס זיינען געווען נידעריק ביים שטרויענעם דאַך, שלעכט געבויט און ניט גערייניקט. און אַז אַ פונק פון אויוון־פייער איז פאַרשפּרונגען אין קוימען און די סאַזשע האָט זיך אָנגענומען, איז שוין געווען גענוג, אז א גאַנץ דאָרף זאָל אָפּגעווישט ווערן. אזעלכע שרפות האָבן אָפטער פּאַסירט ווינטער, און די נשרפים איז אויסגעקומען צו ווינטערן אין שכנותדיקע דערפער, ביזן פרילינג, ביז מ׳איז אַוועק צוריק צו זיך אויף די חורבות און צוריק אויפגעשטעלט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזן.

אין אַזעלכע פאַלן האָט איין דאָרף געהאָלפן אַ צווייטן: די שפּייכלערס מיט דעם אָפּגעשפּאָרטן קאָרן, וואו יעדער פויער האָט געגעבן זיין חלק דורך די יאָרן, זיינען אין אַזאַ פאַל געניצט געוואָרן. דערפאַר זיינען די שפּייכלערס באַוואַכט געוואָרן מיט אַ שטרענגער וואַך. יעדע נאַכט זיינען צוויי פויערים געשטאַנען אויף וואַך. יעדער פון די צוויי האָט פאַרמאָגט אַזאַ קליין, בלייען פייפל, און יעדער האָט געמאַכט אַ צירקל אַרום שפּייכלער, געגאַנגען מיט פעסטן, געמאָסטענעם טראָט — איינער פון איין זייט שפּייכלער, דער צווייטער — פון דער צווייטער זייט, און אַז ביידע האָבן זיך באַגעגנט, האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער סווישטש פון די צוויי פייפלעך, און דורך דעם סיגנאַל האָט דאָס דאָרף געוואוסט, אַז די וועכטער זיינען אויף וואַך... יעדע נאַכט האָבן געוואַכט צוויי אַנדערע פויערים, אַזוי פון הויז צו הויז, פון איין עק דאָרף ביזן צווייטן.

מיט דער גאַנצער אָרעמקייט האָט דעם פויערס לעבן אויך פאַרמאָגט אַ סך שיינקייט און קאָליר. פון לאַנגע דורות ליידן איז דאָס פאָלק ניט פאַרגרעבט געוואָרן, ניט האַרט געוואָרן, נאָר פאַרקערט — זייער ליריש און עמאָציאָנעל איז דאָס אָרעמע, רוסישע פויערפאָלק געווען און האָט געפונען אַן אויסדרוק פאַר זיינע ליידן אין די אָן אַ שיעור לעגענדעס און פאָלקס־מעשות, אין די בעטלער־געזאַנגען פון ארום די קאַפּליצעס און קלויסטער־שוועלן, און פלעגט פאַרזעצן דאָס לעצטע העמד אין דער שענק און דאָרט אויסזינגען און אויסוויינען די ביטערע דאָליע.

## פאַרן טויער פון דאָרף

אין די זומערדיקע פרימאָרגנס, נאָך איידער דעם פּריצס רייטערס קומען אָן אין דאָרף אָנדינגען די העקערס פאַרן היי און די שניטערס פאַרן קאָרן, איז מען שוין פאַרזאַמלט בייט טויער פון דאָרף. די יונגע פויערים מיט די לאַנגע גלאַנציקע קאָסעס איבער די פעסטע אַקסלען און די פויער־מיידלעך מיט די קאָלירטע קאָפּטיכלעך און דיק־געפּאַלדעוועטע קורצע רעגנבויגן־פאַרביקע קליידלעך ביז פאַר די קני מיט ווייסע לייוונטענע העמדער, אויסגענייט מיט קליינע צלמים־שטעך אין פאַרשיידענע אוזאָרן

פון פייגל און בלומען. אונטער די לויזע בוזעמס הייבן זיך אַרויף און אַראָפּ די שטייפע רונדע מיידלבריסט, לויטן ריטעם און דער באַוועגונג פון די יונג־צעבליטע קערפּערס. איבער די אַקסלען — האַלב־לבנהדיקע שאַרפע סערפּן.

יונגען און מיידלעך אין איין געמיש, מיט לוסט און נאָך־נאַכטיקער פרייד אויף די פּנימער, שטייט מען און מע זינגט. און עס טראָגט זיך און צעטראָגט זיך אַ געזאַנג וואָס קייקלט זיך דורך פעלדער און וועגן פון איין דאָרף צום צווייטן. דאָס זינגט פעלד און וואַלד. דאָס זינגען די יונגע פון אַ פאַרשקלאַפטן דור, אַ דור וואָס אַלע קוואַלן פון וויסן זיינען אים פאַרשטעלט. און דאָס ליד איז אַ ליד פון פרייהייט, אפילו ווען עס זינגט פון פאַרשקלאַפונג. און ס׳איז אַ ליד פון ליבע, אפילו ווען עס וויינט פון בענקשאַפט. און עס טראָגן זיך די געזאַנגען, פון דעם טויער פונעם דאָרף, ביז סע קומען אָן דעם פּריצס רייטערס און פאַרנעמען אַלעמען אין די פעלדער צו דער אַרבעט. און דאָס געזאַנג הילכט־אָפּ פון וויטן, ווי עס דערווייטערט זיך פון דאָרף צו די שכנותדיקע פעלדער, און אַ נאָכקלאַנג בלייבט הענגען אין דער לופט, ביז די העקערס און שנייטערס נעמען זיך צו זייערע קאָסעס און סערפּן, און דער קלאַנג פון ליד ווערט פאַרביטן אויף קלאַנג פון קאָסע און סערפּ.

נאָכן טאָג אַרבעט קערט מען זיך צוריק פון די פעלדער מיטן זעלבן געזאַנג, נאָר שענער און אומעטיקער קלינגען די לידער אין די פאַרנאַכטן. פריער — ווי ווייטע עכאָס, נאָכדעם אַלץ הילכיקער און נענטער טראָגן זיך די קלאַנגען, ביז צום טויער פון דאָרף. דאַן גייט יעדער צו זיך אין זיין כאַטע, עסט־אָפּ דעם פּראָסטן אָרעמען מאָלצייט, וואָס די איבערגעבליבענע אין שטוב האָבן פאַרגרייט, ציט זיך אויס אויפן דיל אָדער אויף דער פּאַלאַטע, רוט זיך אָפּ, וואַשט אַרום דעם שטויב פון הענט און פיס מיטן ביסל וואַרעמען וואַסער פון אַ הילצערנעם עמער, דאָס פּנים און דעם האַלדז — מיט פרישן, קאַלטן ברונעם־וואַסער, טוט זיך איבער אין וואַרעמערע, ריינע קליידער, — און ווי עס ווייזט זיך נאָר דער ערשטער שטערן אין הימל און די פייגל אין די סעדלעך שלאָפן איין אין די נעסטן, הייבן זיך אָן איבערן דאָרף ציען נייע קלאַנגען. פריער הערט זיך אַ שטיל געזאַנג פון איין האַלדז, נאָך דעם פון צוויי און דריי, ווי די שטערן אין דאַרפישן הימל, וואָס צינדן זיך פריער איינציקווייז, דערנאָך מיט אַ מאָל. און איידער מע זעט זיך אַרום, זיצט מען שוין אויף די פּערד. אָט איינער ביי איין הויז, און אָט איינער ביי יעדן הויז, ביז אַלע אין איינעם רייטן צום טויער פון דאָרף.

דאָרט בלייבט מען שטיין. עס צעגיסן זיך טענער פון ליבעלידער, פון געבעטלידער, פון קלאָגלידער, פון אַרבעטסלידער און פון שלאָפלידער. די סטאַדע פערד שטייט רואיק מיט די רייטער אויף די רוקנס און הערט אויס דאָס געזאַנג.

באַלד עפנט זיך דער טויער און, מיט גאַלאָפּירנדיקע טריט, פאַרלאָזן די רייטערס דאָס דאָרף — גלייך צום וואַלד, יונגען מיט מיידלעך, אין פּאָרן, ביז די עכאָס ווערן ווייטער און שטילער...

דאָס דאָרף שלאָפט איין. פון וואַלד הערן זיך איבערגעריסענע קלאַנגען. דאָרט לייגן די רייטערס פייערן און מע שלאָפט און מע וואַרעמט זיך אַרום זיי, און די

פערד זיינען אויף פּאַשע. און עס גייט אַרום אַן אויסגעקליבענע וואָך און היט, אַז עס זאָלן קיין וועלף די פערד נישט באַפאַלן, און אַז די פערד אַליין זאָלן אין היזק ניט אַריין און דעם פּריצס פעלד ניט באַטרעטן. יעדע נאַכט וואַכן אַנדערע צוויי. די איבעריקע זינגען, שלאָפן, פירן ליבעס און פאַרן זיך אין נאַכטיקן, זו־מערדיקן וואַלד.

באַגינען, נאָך איידער די זון הייבט זיך אָן ווייזן אין הימל, קערן זיך אום די נאַכט־וועכטערס אין דאָרף אַריין, שטיל, זיך איילנדיק, שטעלן די פערד אין די שטאַלן, קריכן אַרויף אויף די פּאַלאַטעס, וואַרעמען זיך אָן, כאַפּן אַ דרימל, איידער די טאָגיקע אַרבעט קומט.

און גאָר פרי דערהערט זיך אַ לאַנגער, אומעטיקער האַלב־פאַרשלאָפענער רוף פון אַ האָרן. דאָס גייט דער פּאַסטעך פון שטוב צו שטוב צוזאַמענקלייבן די שאָף אין פעלד אַריין אויפן טאָג פּאַשע. ער ברענגט זיי צום טויער פונעם דאָרף און לאָזט זיי לויפן פריי אין פעלד אַריין, צום גרינעם טאָל הינטערן דאָרף.

צוויי קודלאַטע, שוואַרצע הינט, מיט לאַנגע אַראָפּגעלאָזטע אויערן, לויפן נאָך דער טשערעדע, שמעקן מיט די נעז, דאָ צום פעלד, דאָ צו דער טשערעדע, קוקן צום פּאַסטעך, וואַרטן אויף זיין באַפעל.

אַ שעה שפּעטער טרייבט אַן אַנדערער פּאַסטעך די סטאַדע בהמות, בלייבט שטיין ביים טויער פונעם דאָרף און לאָזט פון מאָל צו מאָל אַרויס אַ לאַנגן שופר־שאַל פון זיין פּאַסטעך־דודע. דאָס דאָרף הייסן, אַז די פויערטעס, וואָס האָבן זיך פאַרשפּעטיקט מיטן מעלקן, זאָלן זיך צואיילן. פון די שמאָלע הייפלעך הייבן אָן אַרויסקומען צו איינע אָדער צוויי בהמות, אונטערגעטריבן פון זייערע באַלעבאָס־טעס. דער פּאַסטעך פאַרנעמט זיי אַלע אין סטאַדע און לאָזט זיך אַרויס מיט זיי אין פעלד און אין וואַלד אַריין, אויפן טאָג פּאַשע.

אַ שעה שפּעטער טרייבט אַ דריטער פּאַסטעך די יונגע פערד, די וועלכע זיינען נאָך צו יונג צום שפּאַן, אין וואַלד אויף פּאַשע.

## יידן אין דאָרף

צווישן אַ הונדערט פויערישע געזינדן האָבן געוואוינט צוויי יידישע משפּחות — פּייסע דער שמיד און שלום דער אַרענדאַר.

פּייסע דעם שמידס שטיבל איז געשטאַנען אַן אַ זייט פונעם דאָרף, אָן אַ זייט פונעם טויער פון דאָרף. ניט ווייט פון דעם שטיבל איז געשטאַנען אַן אַלט־פאַרראויכערטע קליינע קוזניע, וואָס פון איר רויטן קוימען איז אַלע מאָל געגאַנגען אַ דינער, בלויער רויך, און וואָס דורך דער אָפענער טיר האָט זיך געזען דער פייערזאַק, וואָס האָט שטענדיק שווער געאָטעמט און געשפּריצט מיט פונקען און מ׳האָט דערביי געהערט קלאַנגען פון אַ שווערן האַמערקאַלפּ אויף אייזן.

אין דער קוזניע האָט מען שטענדיק געקענט טרעפן פּייסע דעם שמיד, אַ ברייט פּלייציקער, מיט אַ שווער באַוואַקסן, רונד פּנים, אויסגעשמירט אין סאַזשע.

טייל מאָל פלעגט מען דאָ אויך זען זיין זון וועלוול, א יונגער מענטש מיט אַ בלאַס, איידל, קרענקלעך אויסזען. ער איז געשטאַנען ביים פייערזאַק און אַרויס־געהאָלפן דעם טאַטן.

שלום דעם אַרענדאַרס שטוב איז געשטאַנען פּונקט אַנטקעגן דאָרף און אַנט־קעגן דעם דאַרפטויער. דער גרויסער סאָד פאַר דער שטוב און דער ברייט־אַרומ־געצאַמטער גאָרטן האָבן דער שטוב געגעבן דאָס אויסזען פון רייכקייט. די שטוב איז געווען געבויט אויף אַ פעסטן פונדאַמענט און אַ טיפן שטיינערנעם קעלער, אַ סקליעפּ, וואו מ׳האָט געהאַלטן אין איינגעמויערטע פּאַליצעס דאָס מילכיקס, דאָס איינגעמאַכץ, שמאַלץ און פאַרשיידענע געטראַנקען. שלומס שטוב איז באַשטאַנען פון אַ גרויס פירהויז, אַ לאַנגער קיך און אַ גאַסטקאַמער, וואָס האָט געדינט ווי אַ שלאָפקאַמער פאַר געסט, פאַר אורחים און פאַר יידן, וואָס פלעגן זיך צונויפ־קומען פון די אַרומיקע דערפער און דאַוונען מיט אַ מנין.

אויף ימים־נוראים פלעגן אָנקומען משפחות פון וויטערע יישובים, מיטן בעטגעוואַנט, מיט פּעק און טעפּלעך — בלייבן איבער ראש־השנה, אַהיימפאָרן און נאָך דעם צוריקקומען אויף יום־כיפור.

פאַר פּסח האָט זיך דער זעלבער לאַנגער און ברייטער צימער פאַרוואַנדלט אין אַן אַרטעל, אַ מצה־בעקעריי. עס פלעגן אָנפאָרן יידן מיט זין און טעכטער, מיטברענגען מעל און נייע קאַסטנס און פעסער, און מ׳איז געשטאַנען צוויי וואָכן נאָך אַנאַנד און געבאַקן מצה. אין אַזאַ צייט האָט די לאַנגע, קאַכלנע, בלויע הרובע געברענט ווי אַ קאַלכאויוון. און דער גרויסער קיכאויוון, אַ געכשרטער, אַ ניי־אויס־געקאַלכטער און אויסגעקלעפּטער, האָט געוואָרפן מיט מצות ווי מיט רונדע, ליכטיקע זונען.

אין אַזאַ צייט זיינען דער ארון־קודש מיט די צוויי ספר־תורות און דער שראַנק ספרים, וואו ס׳האָבן זיך אויך געפונען צוויי ש״סן, געווען פאַרהאַנגען מיט ווייסע ליילעכער. דער גרויסער הענגלייכטער אונטערן הויכן באַלקן מיט די קונ־ציק־געדרייטע רערן, האָט געלויכטן מיט בלוילעך־ווייסע סטרינאָווע ליכט, און ס׳האָבן פון זיי אַרויסגעטאַנצט און זיך געהויבן גרינלעך־פאַרשפּיצטע פלעמלעך. די צוויי אויסגעשניצטע „מזרחים״ מיט דער פון בלאַטשקע אויסגעניייטער ירושלים־וואַנט, וואָס ס׳האָבן אייביק געגרינט אויף איר צוויי שלאַנקע פאַלמען, און צוויי טויבן מיט אַרונטערגעלאָזטע פליגל זיינען געזעסן אויף איר און זי געהיט, זיי־נען אויך געווען פאַרהאַנגען מיט ווייסע פאַרהענגלעך.

ביי די לאַנגע, פרישע ברעטערטישן זיינען געשטאַנען די מיידלעך מיט די בחורים, מיט קאַטשלקעס און רעדלעך אין די הענט, מיט צעפלאַמטע פּנימער און זיך געפלייסט ביים וועלגערן און רעדלען, ווער סע קען די מצה אויסציען דינער און קיילעכדיקער.

דאָ פאַרציט איינע אַ ניגון פון אַ ליד. ס׳האָט זיך איר פאַרוואָלט זינגען. אַ מענער־שטימע האָט איר באַלד אונטער. יונגוואַרג ווערט פריילעך:

— זינג,ביילע, זינג...

ביילע זינגט אַ נײַ ליד, וואָס מ׳האָט נאָך ביז איצט ניט געהערט. דאָס האָט זי געבראַכט אַזש פון מינסק. דאָרט זינגט מען עס אויף דעמאָנסטראַציעס. מע הערט מיט פאַרכאַפּטן אָטעם. מע וויל זיך עס אויסלערנען. מע פּרובירט מיטזינגען. באַלד אָבער דערהערט זיך אַ באַפעל:

— וואָס איז דאָ, וואָס? מע באַקט דאָך עפּעס מצה! און סע גייט דאָך צו שמורה! אַז מע פּלאַפּלט, שפּריצט פון די מײַלער! מען קען נאָך חלילה חמצדיק מאַכן. מער פּעלט ניט.

סע ווערט באַלד שטיל. מע קוקט זיך איבער, אָבער קיינער פּראָטעסטירט ניט. די אַרבעט גייט ווי געשמירט.

## אין און אַרום שטוב

צו דער גרויסער שולקאַמער פון שלום דעם אַרענדאַרס הויז זײַנען געווען צוגעבויט צוויי שלאָפקאַמערן, מיט די פענצטער צום סאַד. זומער, ווען די פענצ-טער זײַנען געווען אָפן, זײַנען די צווײַגן מיט די בלעטער און פּרות אַרײַנגעוואַקסן גלײַך אין שטוב אַרײַן. אָפט פלעגט אַ פויגל אַרײַנפליען אין פענצטער און זיך זעצן אויפן שפּיץ צווײַג און זיך צעזינגען, ווי ער וואָלט געווען אין פרײַען פעלד אָדער אין וואַלד. ביים פאַרמאַכן די פענצטער האָט מען די צווײַגן אַרויסגעשטופּט צוריק אין סאַד אַרײַן, וואו זיי זײַנען געבליבן אָנגעלענט אָן די ווענט און האָבן געוואַרט ביז די פענצטער וועלן זיך ווידער עפענען.

ווינטער זײַנען אַלע פענצטער געווען פאַרמאַכט מיט דובעלטן. צווישן די שטור-ביקע פענצטער און די דרויסנדיקע איז געלעגן ווייסע, פּוכיקע וואַטע, וואָס האָט אויסגעזען ווי פרישער ריין־געפאַלענער שניי. און אויף דער ווייסער פּוכיקער וואַטע זײַנען געלעגן רויטע און גרינע שטערנדלעך, זייער איידל געשאָרן פון דינעם גלאַנציקן פּאַפּיר. אין דער וואַטע זײַנען געשטאַנען פאַרשיידן־פאַרביקע קינצלעכע בלומען אויף דינע דראָטן־שטענגלעך. זיי האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע רויזן אין אַ פאַרשנייטן גאָרטן. און אין מיטן פון יעדן פענצטער, צווישן די צווייענדיקע שויבן, איז געשטאַנען אַ הויך, שלאַנק גלאָז מיט „אַליעם״, וואָס האָט געפינקלט ווי בורשטין און וואָס האָט געדאַרפט דינען ווי אַ סגולה צום טשאַד, וואָס די אויוונס גיבן פון זיך אַרויס אין די ווינטערדיקע טעג און נעכט.

די אַלטע שטוב האָט אויסגעזען ווי אַן אַלטער פאַרכישופטער שלאָס אין אַ לעגענדאַרישער מעשה. צו אַ זייט פון שטוב איז געשטאַנען אַ צוגעבויטער גרויסער פּאַדוואַל, וואו עס זײַנען תמיד געשטאַנען פעסער מיט בראָנפן און מיט ספּירט. אין דעם פּאַדוואַל האָט מען געפירט מיסחר.

די אַרומיקע אַרענדאַרן זײַנען געקומען צו שלומען אײַנקויפן בראָנפן.

שלום האָט אָבער זײַן חיונה ניט געצויגן פון פּאַדוואַל אַליין. דער גאַנצער מיסחר איז אים געווען ניט צום האַרצן. די איינציקע זאַך, וואָס ער האָט יאָ ליב געהאַט אין פּאַדוואַל, איז דער ריח פון דעם ניינציק־גראַדאָווען ספּירט. און ער האָט טאַקע ליב געהאַט אַליין אויך אויסצוטרינקען אַ כּוסיע פון דעם שטאַרקן,

ברענענדיקן געטראַנק. און נאָך ליבער — אויסצוטרינקען מיט אַ צווייטן, מאַכן א לחיים, פון גוטברודערשאפט וועגן. נאָך אַזאַ לחיים ווערט די צונג א ביסל לויזער אין מויל, דאָס האַרץ עפנט זיך פאַנאַנדער און רעדט אַרויס פון זיך דאָס, וואָס ליגט דאָרט שטענדיק און דריקט ווי אַ שטיין. ווייל שלום אַליין איז אַ מענטש, וואָס שטאַמט פון דורות גוטע, ערלעכע יישובניקעס, וואָס האָבן ליב די ערד און דעם ריח פון פעלד און שטאַל; אַ מענטש, אַן ערלעכער, אַ האָרעפּאַשנער און אַן קיין פּניות.

אָבער אין דער יוגנט האָט ער זיך אַ ביסל באַנאַרישט. איצט קאָסט עס אים טייער. נאָר ער צאָלט זיין חוב אויף אַ שטילן, ערלעכן אופן, מאַכט פון דעם ניט קיין טראַגעדיע. דאָס פעלד איז ברייט, דער וואַלד איז טיף און אין טייך זיינען פיש פאַראַן, און ער, שלום, פארשעמט נישט זיין שטאַם — ער שטייט אויף באַגינען, שפּאַנט דאָס פערד אין אַקער, און ביז די אַנגעדונגענע אַרבעטער קומען אָן צו דער אַרבעט, האָט ער שוין דאָס זייניקע אָפּגעטאָן און האָט שוין צעאַקערט אָדער פאַר־בראָנעוועט אַ פּאָר זאַהאָנעס, און אַרבעטנדיק אָפּגעזאָגט אַ שיינע פּאָר צענדליק קאַ־פּיטלעך תהילים.

קומט דער ווינטער און סע הייבט זיך אָן די אַרבעט מיטן געהילץ אין וואַלד, טוט ער אויך דאָס אייגענע. און אפילו ביים פיש־כאַפּן אויך. דאָס לעצטע אָבער שוין ניט אַזוי פריי, ווייל אַזאַ זאַך פּאַסט זיך שוין טאַקע נישט פאַר אַ יידן, אַ בעל־הבית, אַ ייד מיט אַ נאָמען...

אָפּט, אַז שלום איז געווען מיט די הייהעקער אין פעלד זיי ווייזן וואו זיין פעלד געפינט זיך, פלעגט ער ביי אַ פּויער אַ בעט טאָן די קאָסע אויף אַ ווייל, אַ קוק טון אויף איר, צערטלעך פירן מיט די פינגער איבער איר שאַרף, און זיך נעמען צום שניידן דאָס היי — מיט אַזאַ ליבשאַפט און פלינקייט, ביז ער האָט אַלעמען איבערגעיאָגט. און אַז דער פּויער פלעגט אים דערמאָנען: „פּאַניע סאַלאָם, איך שטיי דאָך ליידיק — זע ווי וויט דו ביסט אָוועק" — פלעגט שלום זיך אָפּשטעלן, ווי פון אַ גוטן חלום אַרויס, און צוריקגעבן די קאָסע דעם פּויער, אַ פאַרשולדיקטער:

— ס'איז גאָרנישט. דער טאָג איז נאָך לאַנג.

דערפאַר איז אָבער שלומען געגאַנגען ניט אַזוי גוט ביי דער אַרבעט אין פאָד־וואַל און אין שטוב. ווי מיט געוואַלט פלעגט אים פעשע דאַרפן צוריקשלעפּן פון זיין נאַטירלעכער וועלט צו דער וועלט פון מיסחר, וואָס איז אים געווען פרעמד און דערווידער. צו וואָס האָט ער זי געדאַרפט, אָט־די פרעמדע וועלט? האָט אים דען חלילה אויסגעפעלט אויף חיונה? צי אויף קינדער דערציען, ווי עס דאַרף צו זיין? צי אויף אַ גמילת־חסד, ווען אַ שכן האָט אַ מאָל אויסגעפעלט? אָבער פאַרפאַלן. איין מאָל באַנאַרישט זיך, געמאַכט אַ פאַלשן שריט, מוז מען שוין בראָדיען — — —

אַז ער האָט חתונה געהאַט מיט דער פריצישער טאָכטער, האָט ער איר געגעבן זיין וואָרט, אַז קיין פּויער ביי ערדאַרבעט וועט ער ניט פאַרבלייבן. נאָך לאַנגע, שטילע רייבערייען איז דאָס געווען די בעסטע פּשרה. ווייל ווי לאַנג קען אַ מענטש זיך נאַריש מאַכן און נאָכפאָרן דער פריצישער טאָכטער, דעם יונגן ווייבל, צו אירע טאַטע־מאַמע? און זיך בעטן ביי איר: „ווער אַ מענטש, פעשע, קום אַהיים —

דיר פעלט דען חלילה ביי מיר?״ — און וויפל קען מען גאָר אַ יידענע געבן צו פאַרשטיין, ווי אומגערעכט זי איז? איין מאָל און נאָך אַ מאָל — און זי: ניין און ניין! זי וועט ניט זיין קיין פויערטע.

ביז איין מאָל איז אין דערבייאיקן דאָרף אָפּגעשטאָרבן פּלוצלינג ר׳ יעקב דער אַרענדאַר, און די אלמנה מיט די קינדער האָבן נישט געקענט פירן דעם פאָד־וואָל און ר׳ יעקבס ירושה־פעלדער. איז אונטערגעקומען שלום, דאָס יונגע באַלע־בעסל, און מיטן נדן פון זיין יונג ווייבל איבערגענומען די גאַנצע נחלה.

אַזוי האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטעלט דאָס לעבן. אויף פרנסה האָט מען זיך נישט געהאַט וואָס צו באַקלאָגן. שלום איז געווען פאַרנומען אין פעלד, און דאָס יונגע ווייבל איז געווען אין שענק און אין פאָדוואָל. אַ פויעריש פאַרפאָלק, וואָס האָט געדינט ווי שבת־גויים, האָט איר געהאָלפן ביים מעסטן דעם בראָנפן און ביים פאַרקויף אין שענק. שלום אַליין האָט אָבער אויך אָפּט געדאַרפט זיין אין פאָדוואָל: אי פירן די רעכענונג מיט די אַרומיקע שענקאַרעס, וואָס האָבן געקויפט אויף באָרג, און אי ביים מישן דעם בראָנפן. און דער עיקר, ווען דער אַקציזניק איז גע־קומען. ווייל מיט קאַזנאַ האָט מען ניט געטאָרט איינשטעלן. שלום האָט שוין גוט גע־וואוסט וואָס פאַר אַ טרונק מע דאַרף האָבן גרייט, ווען דער אַקציזניק קומט, וועל־כע פיש ער האָט ליב און וואָס פאַר אַ מטבע אים אַריינצושטעקן אין דער האַנט אַריין.

## ניט זייער גלייכן . . .

דאָס יונגע פּריצישע, קאַפּריזנע ווייבל איז מיט דער צייט געוואָרן מילדער און נאָכגיביקער, ניט געלאָפן אַהיים צו טאַטע־מאַמע יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, און ניט געוואָרפן שלומען דעם גט אין פנים אַריין פאַר דער קלענסטער נאַרישקייט.

אויפן ערשטן קימפּעט איז זי נאָך געפאָרן אַהיים צו טאַטע־מאַמע. מיטן צווייטן קימפּעט איז זי געפאָרן אין אַ דערבייאיק שטעטל. צום דריטן האָט מען שוין גע־בראַכט אַן אַקושערין אַהיים. צום פערטן איז שוין געקומען אַ הייבאַם. צום פינפטן האָט מען שוין גערופן די שכנישע באָבע, און אַזוי שוין ביזן אַכטן קינד.

אמת, פון צייט צו צייט האָט זי זיך נאָך אָנגעטאָן איר געלע ריפּסענע קאַפּאָטע מיט די טיפע ברייטע פאַלדן, און געהייסן שפּאַנען די פערד און באַפוילן דעם פאַראָביק צו פאָרן אין שכנותדיקן שטעטל אַריין, גלאַט אַזוי, אָן קיין שום פאַר־וואָס, נאָר פשוט צו ווייזן, אַז זי איז נאָך אַלץ זי, און אַנדערש ווי די אַנדערע יישוב־ניצעס.

און אַז אַ שכנישער יישובניק האָט געדאַרפט פראַווען אַ ברית אָדער אַ חתונה, אָדער דאָס פלעגט טרעפן ביי שלומס אַ נאָענטער משפחה, פלעגט זי קומען, אָפּ־באַקן, אָפּקאָכן פון די שענסטע מאכלים, פאַרפּוצן די כלה אָדער די קימפּעטאָרין — און אַליין אַוועקגיין אַהיים און אפילו ניט זיין ביי דער שמחה. זי איז פאָרט ניט זייער גלייכן... אי־דאָס פלעגט זי אָרעמע כלות פאַרפּוצן אין אירע אייגענע קליידער, אַז זיי זאָלן געפעלן די מחותנים און חתנים.

און אַז אַ גויע אין דאָרף איז געגאַנגען שווער צו קינד, איז מען גלייך אַוועק צו פּאַניע סאָלאָמאָוואַ. און פּעשע פלעגט קיין צייט ניט פאַרלירן און ביי דער גע־ווינערין אַליין איינהייצן דעם אויוון, וואַרעמען וואַסער, אָנהיצן שטיינער און זיי וואַרפן אין אַ טיפער באַליע מיט הייס וואַסער און אין דעם אַריינזעצן די געווי־נערין. און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפן, האָט זי געהאַט אַנדערע מיטלען.

און אַז אירע מיטלען האָבן אַ מאָל ניט געהאָלפן, האָט מען פון שלומס שטאַל געשפּאַנט דאָס פלינקסטע פערד און געפאָרן אין שטעטל נאָכן פעלדשער.

און אויך מיט אַנדערע געשעענישן איז מען צו איר געקומען. האָט פּעשע אָפּ־געטאָן דאָס איריקע — און אַליין זיך געהאַלטן פון דער ווייטנס, מיט אַ קוק פון אויבן אַראָפּ, נישט צוצולאָזן צו זיך קיין וואַרעמקייט מצד די יישובניקעס און די פּויערים.

מיט אירע אייגענע קינדער האָט זי זיך אויך געפירט אַנדערש פון די דאָרפישע יידישע מאַמעס. אַליין אַ וואויל־געלערנטע, האָט זי מיט אירע קינדער אַליין גע־לערנט, פון אלף-בית ביז חומש און תנ״ך. און אַז די קינדער זיינען עלטער גע־וואָרן, האָט מען אַריינגענומען אַ מלמד אין שטוב אַריין. און אַז די יינגלעך האָבן שוין געדאַרפט לערנען גמרא, האָט מען זיי אַוועקגעפירט אַפריער אין אַ דערבייאיק שטעטל צום רבין, נאָך דעם אין אַ גרעסערער שטאָט, אין דער ישיבה.

פון שלומס וועגן וואָלטן זיינע זין ניט געדאַרפט פאָרן אין דער ישיבה. פון זיינעט וועגן וואָלטן זיי געקענט בלייבן גוטע, ערלעכע יידן דאָ אין דאָרף אויך, און טאַקע ביים פעלד, ווי ער און זיין טאַטע און זיינע זיידעס זיינען געווען. וואָס אמת איז אמת, אַ בלאַט גמרא דאַרף מען טאַקע קענען, עס קומט גוט צו נוץ: אין די ווינטערן, ווען די טעג זיינען קורץ און די נעכט לאַנג, מע לייגט זיך פרי און מע שטייט אויף פאַר טאָג, און אין פעלד גיין דאַרף מען ניט, איז דאָ גענוג צייט ביזן דאַווענען אי אויף אַ שיינע פּאָר צענדליק קיפּיטלעך תהילים אָפּצוזאָגן, אי אויף אַ בלאַט גמרא אָפּצולערנען.

און עס טרעפט אָפט, אַז אַן אורח נעכטיקט איבער און שטייט אויך אויף באַ־גינען, מחמת די נאַכט איז לאַנג, און מחמת דער אורח מיטן באַלעבאָס קענען זיך נאָך פון די קינדער־יאָרן און האָבן אין איין חדר געלערנט — זעצט מען זיך טאַקע ביידע אַוועק איבער די גמרות און מע לערנט ביז סע ווערט גוט ליכטיק און סע הייבן זיך אָן דערהערן פון קיך קלאַפּערייען פון כלים און אַ סקריפּען פון טירן. דע־מאָלט דערמאָנען זיך די מענער, אַז מע דאַרף אַוועקלייגן די גמרות און זיך נעמען צום דאַווענען.

ביי שלומען איז אָבער די גמרא ווי אַ יומטובדיק בגד, וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן ווען ער פאָרט אַ מאָל אין שטאָט אַריין, אָדער ביי זיך אין דער היים — ווען מענטשן קומען... מע דאַרף עס טאַקע קענען, אָבער אים וואָלט ניט אויסגעמאַכט, אויב זיינע זין זאָלן עס ניט קענען... אַז אַ ייד קען אָפּדאַווענען גוט און אַז ער האָט דעם תהילים — איז וואָס דאַרף ער נאָך? תהילים איז אַ זאַך, וואָס יעדער ייד דאַרף קענען, און קענען אויף אויסנווייניק, און מיטטראָגן מיט זיך און אין זיך

אָט ווי מע טראָגט אויפן לייב דאָס העמד און ווי מע טראָגט אין זיך גאָטס אָטעם און מע הערט אים אין אַלץ, וואָס אָטעמט אויף דער וועלט.

שלום האָט ליב געהאַט דעם תהילים ניט בלויז פון פרומקייט, נאָר ער האָט געזאָגט און געזונגען תהילים ווי ער וואָלט דעם גאַנצן תיקון פון זיין לעבן געפונען דערין. ער האָט מיטגעקלאָגט מיט דודן אויף דער קלאָג פון דעם טויט. ער האָט מיט אים מיטגעזונגען אַלע שיינקייטן פון גאָטס וועלט, אַלע עקסטאַזן פון גלויבן און אַלע ספקותן פון ניט־גלויבן —.

בשאול מי יודה לך...

און —

שיר המעלות, אשא עיני אל ההרים, מאין יבא עזרי...

דאָס דערהויבענע פון דעם תהילים האָט געלעבט אין שלומס פרומער נשמה, און ער האָט דאָס געזאַנג מיטגעטראָגן מיט זיךביים אַקערן, זייען און שניידן, און אויף אַלע זיינע לאַנגע שטילע וועגן, וואָס האָבן זיך געצויגן זומער צווישן קאָרן־פעלדער און גרינע, שיטערע, סאָסנאָווע וועלדער, און ווינטער — דורך ווייס־פאַר־פרוירענע אָזיערעס און איינגעשנייטע וועלדער.

## אַ ניי-געבוירן נפשל

איין מאָל, אין אַ פריער יוני־נאַכט, ווען שלום איז אַהיימגעפאָרן פון אַ דער־בייאיק שטעטל און איז אָנגעקומען צום וועלדל, אַ ווייאָרסט צוויי פון דער היים, האָט ער דערהערט אַ פור אים אָנקומען אַנטקעגן. באַלד האָט ער דערקענט דאָס קול פון זיין עלטערער טאָכטער, מלכהן, ווי זי רעדט גויאיש מיט וואַסילן, דעם פאָראָביק.

— אָט־דאָס פאָרט דיין טאַטע. איך דערקען נאָך די טריט פון דעם פערד —

און שלום הערט, ווי זיין טאָכטער ענטפערט:

— נו גוט. אויב דער טאַטע, וועט מען זיך דאַרפן אומקערן און נעמען די מומע יאַכע אויף נעטיקן צו אונדז, און מע וועט אהיימפאָרן. די מאַמע האָט אָנגעזאָגט: זי וועט אַליין ניט נעכטיקן. זי איז קראַנק, די מאַמע.

און וואַסיל ענטפערט איר:

— קראַנק? ביסט אַ קינד. באַ די ווייבער איז עס קיין קרענק ניט. מסתמא נאָך אַ זשידאָק. וועסט זען, ביז מען וועט אַהיימקומען, וועט עס שוין קוויטשען און ניט לאָזן שלאָפן... נו, מען וועט מאַכן אַ ברית און טרינקען אַ גוטן ברענעדיקן לחיים... דיין טאַטע מיט די וואָס קומען אויף די שמחות צו אייך, מאַכן זיך נאָר אַז זיי טרינקען.זינגען און מאַכן זיך גיבעטע שיכור. איך אָבער נעם דעם אמתן צי־און שיכור זיך טאַקע אָן אויף אַן אמת.

— איז שלאָגסטע דיין נאַסטוסיען מיט די קינדער. איז וואָס קומט אַרויס פון דיין טרינקען?

— ביסט געדעכט, גערעכט: איך שלאָג, און נאָך דעם פּאַרדריסט מיך. און דער היזק וואָס איך מאַך אָן אין שטוב יעדן מאָל, איז אויך נישט קיין קלייניקייט.

דאָ קען זיך שלום מער נישט איינהאַלטן:

— וואַסיל! מלכה! וואָס איז — די מאַמע?

— יע. די מאַמע איז ניט געזונט. מיך געשיקט נאָך דער מומע יאַכע, זי זאָל קומען צו אונדז נעכטיקן.

— וואַסיל, דו פאַרקערעווע און פאַר גלייך צוריק, און זע וואָס מע דאַרף דאָרט. איך פאָר, און כ'וועל באַלד קומען מיט דער מומע יאַכע. מלכה, זאָג דער מאַמען, אַז מיר קומען באַלד.

ביידע פאַרקערעווען, איינער אַהער און איינער אַהין, און שלום קומט באַלד אָן צו אַ קליין, שטרוי־באַדעקט שטיבל, גייט צו, קלאַפּט אָן — און אַ דאָרפיש־געקליידטע, איינגעבויגענע יידענע עפנט די טיר:

— דו גאָר? נו, קום אַריין.

— גוט נאָוונט. וואו איז לייבע?

— לייבע? ווען איז ער דען אין שטוב? ביי די סקאָטינעס. זיין גאַנץ לעבן איז דאָרט. ניט איך זע ווען ער שטייט אויף, און ניט ווען ער לייגט זיך. קומט ער פון פעלד, איז אין שטאַל און אין שטאַל. אָבער ניט דאָס, ברודער, ביסטו דאָך אויסן. ביסט דאָך גאָר היינט געפאָרן צום יאַריד, איז ווי קומסטו איצט אַהער?

—אָט דאָס איז עס טאַקע. מלכה האָט מיך באַגעגנט אויפן וועג און מיר גע־הייסן פאָרן נאָך דיר. פּעשע דאַרף דיך מסתמא. איך האָב זיך טאַקע געריכט. היינט־מאָרגן איז דאָך די צייט.

אין איילעניש טוט זיך יאַכע אָן, נעמט מיט אַ ווייס, גרויס פאַרטעך, אין אַ ווייס זעקעלע לייגט זי אריין אַ פּאָר שפּיציקע גאָמלקעס — „פאַר די קינדער" — גייט גיך אַרויס פון שטוב, גיט אַ קוש די מזוזה, גייט גלייך צו די שטאַלן הינטערן שטוב און גיט אַ געשריי:

— היי! לייבע!

לייבע טאָפּטשעט אַרויס פון אַ שטאַל:

— וואָס איז?

ער גייט באַלד צו, דערזעט שלומען, גיט אים שלום.

— עפּעס נייס?

— ס'וועט שוין זיין נייס, — מאַכט צו אים יאַכע, מירטשעם אַ יינגל. דער טאַ־טע, אונדז צו לאנגע יאָר, האָט נאָך קיין נאָמען ניט. פונקט צום יאָר. איז גיי באַלד אין שטוב. די קינדער שלאָפן שוין. נעם זיך וועטשערע. גענוג שוין, האָדי, מיט די פערד. ווי להבדיל אַ קדיש וואָלט דער בולאַנער ביי אים געווען.

אַז שלום מיט יאַכען זיינען אַריין אין פּירהויז, איז שוין אין הויז געווען שטיל, נאָר פון שלאָפקאַמער האָט זיך געהערט דאָס וויינען פון אַ ניי־געבוירן קינד. כישע, דעם שמידס ווייב, וואָס פעשע איז געווען צעקריגט מיט איר זינט זיי וואוי־נען אין שכנות, האָט זיך שטיל אַרומגעדרייט איבערן הויז; אַן עלטערע איינגעבוי־גענע פרוי מיט קורצזיכטיקע אויגן, מיט אַ ווייס טיכל אויפן קאָפּ, מיט שמאָל־גע־מאָסטענע טריט און ווי אַ פאַרשולדיקטע — איז זי איצט אַרומגעגאַנגען אין דעם אַרענדאַרס שטוב.

יאַכע איז צוגעגאַנגען נאָענט צו איר:

— אַ גוטנאָוונט, כישע. נו, מזל־טוב אייך. זייט איר, הייסט עס, די באָבע? מזל־טוב. אַ ייִנגל? וועט זיין אַ ברית אין אַ גוטער שעה.

כישע בלייבט שטיין און פילט זיך נאָך מער שולדיק:

— אַז איך האָב זיך גאַרנישט געריכט. לויפט אַריין סאָרקע און וויינט: „זייט אַזוי גוט, כישע — די מאַמע האָט מיך געשיקט אייך רופן, זי איז קראַנק" — פרעג איך זי: וואו איז דער טאַטע און מלכה און להבדיל אָקולינע? ווייִנט זי. ניטאָ קיי־נעם ניט, די מאַמע איז אַליין. נו, אַ מענטש איז דאָך ניט קיין שטיין, חלילה. און איך גיי און טראַכט: מאַלע וואָס, נאַרישקייטן, ניט גערעדט, זיך נאָר איבערגע־רעדט. קיין שונאים איז מען דאָך, חלילה, ניט.

שלום שלאָגט איר איבער די רייד:

— אַ ייִנגל?

—זאָל זיין מיט לאַנגע יאָר — אַ מויד ווי אַ צימעס — ענטפערט כישע און פאַרבעסערט די מערכה פון דעם ניי־געבוירענעם נפשל. — אַ ייִנגל? וואָס איז אַזוי דער ייחוס מיט זיי, זאָלן זיי זיין געזונט? צוויי ייִנגלעך און צוויי מיידלעך, איז איצט אַ דריט מיידל. שלום וועט אַן עין־הרע האָבן אויף נדן, נישקשה — זיינע טעכטער וועלן, חלילה, ניט פאַרזיצן.

זי האָט דער קימפעטאָרין געוווּנטשן אַ גוטע נאַכט, האָט צוזאַמענגענומען אירע פּאָר זאַכן און איז שטיל אַרויס אין צווייטן צימער, וואו די קינדער זיינען געשלאָפן. זי איז צוגעגאַנגען צו די בעטן, געזען אַז די קינדער שלאָפן אַלע — און איז אַוועק אַהיים.

## דינה

שבת ביים מנין האָט מען שלומען געגעבן „מפטיר", מ'האָט געשטעלט לעקעך און בראַנפן און דעם קינד אַ נאָמען געגעבן דינה — נאָכן זיידן דניאל ע"ה.

דינה איז געווען דאָס פינפטע קינד אין הויז, און ביי דער מאַמען — דאָס זעקסטע, וואָרעם דאָס עלטסטע קינד, אַ ייִנגל, איז גלייך נאָכן געבוירן־ווערן גע־שטאָרבן.

ביי פעשען איז שוין קיין בייס ניט געווען צו טראָגן. האָבן אָדער זייגן אַ קינד. זי האָט זיי געהאַט איטלעכע קאָרגע דריי יאָר, און געזויגן ביז אין די הויכע חדשים פון אַ פרישער שוואַנגערשאַפט.

די קינדער האָבן זיך געהאַדעוועט מיט דער הילף פון אַ דינסט, אָדער צוויי: אקולינע, אַן עלטערע שיקסע פון אַ דערבייאיקן דאָרף און אַליאנע, אַ הויכע, געזונטע פויערטע, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענע כאַטע און איין קינד, אַ שיקסל, פּעטראַק, איר מאַן — אַ קורץ־געוויקסיק, שטיל, דערשלאָגן פויערל, האָט קיין אייגן פעלד נישט פאַרמאָגט. האָט מען געלעבט פון דעם, וואָס מ׳האָט פאַרדינט אַרום דעם אַרענדאַר. אַליאנע האָט שבת ביי זיך געטראָגן די שליסלען פון סקליעפּ און פון פּאַדוואַל, אַליין איינגעהייצט דעם אויוון, און דעם אַרענדאַרס קינדער האָבן זי געהאַלטן פאַר נאָך אַ מאַמען. אַז מ׳האָט געוואָלט ברויט מיט פּוטער, אָדער אַן עפּל, צי אַז מ׳האָט געוואָלט אַרויס זיך שפּילן, האָט מען זיך געווענדט צו אַליאנען. און אַז סע זיינען אַמאָל אויסגעבראָכן מחלוקתן צווישן די קינדער, איז מען געגאַנגען צו אַליאנען זיך באַקלאָגן.

ס׳האָט אָפט געטראָפן, אַז ווען זי האָט געדאַרפט אַהיימגיין צו איר כאַטע, פלעגט זי מיטנעמען שלומס עטלעכע קינדער מיט זיך, כדי פּעשען זאָל זיין גרינגער מיט די קלענערע קינדער. די קינדער האָבן זיך געפּילט זייער היימיש אין אַליאנעס כאַטע. זי האָט צו זיי גערעדט יידיש, און אַז זיי האָבן זיך פאַרשפּילט ביי איר אין שטוב און געוואָרן הונגעריק און פלעגן ביי איר בעטן עסן — פלעגט זי זיי געבן ברויט מיט פּוטער, אָדער ברויט מיט אַן עפּל. נאָר אַז די קינדער האָבן אויסגעצויגן די הענטלעך צום ברויט מיט פּוטער, האָט זיי אַליאנע אַלע מאָל באַפוילן:

— האַמויצע!... עסט ניט אָן האַמויצע!

צווישן אָט די צוויי מאַמעס, די אידיש־קאַלטע און שטרענגע מאַמע, וואָס איר עובדא איז געווען צו זייגן דאָס קלענסטע קינד און באַלעבאַטעווען איבערן הויז און פּאַדוואַל און איבער די געסט, וואָס קומען אָפט, — און אַליאנע די גויאישע מאַמע, וואָס וואַשט און רוימט און טוט אָן און טוט אויס און גיט ברויט מיט פּוטער — איז געוואַקסן דינה.

זי איז נישט געווען קיין געראָטן קינד, נאָר א פאַרמאָרעטס. פון געבוירן אָן האָט עס ניט געזויגן ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. ס׳איז איר עפּעס ווי ניט געפעלן געווען די שטרענגע מאַמע און די מילך פון אירע בריסט. יעדן מאָל, אַז פּעשע האָט אויפגעהויבן דאָס קינד צו דער ברוסט, האָט זיך עס איינגענורעט אויף אַ ווייל אין דער ברוסט, גענומען זויגן, און באַלד — ווי סע וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט — האָט עס אויפגעהויבן די גרויסע, ברוינע אויגן, א קוק געטאָן אויף דער מאַמען, זיך צעוויינט, און ניט גענומען מער די ברוסט.

פּעשע איז צו אַזאַ פירעכץ ניט געוואוינט געווען. די אַנדערע קינדער, אַז זיי זיינען שוין איבערן הויז אַרומגעלאָפן מיטן שטיק ברויט אין דער האַנט, פלעגן צוקומען און בעטן: „מאַמע, ציצע״ — און דאָס איז עפּעס אַזאַ מין רוח, עס נעמט נישט די ברוסט.

קיין צו פיל צייט האָט פּעשע נישט געהאַט. איז אַז דאָס קינד האָט נישט געזויגן צו זאַט, האָט זי עס אוועקגעלייגט צוריק אין וויג, א האַלב־הונגעריקס. האָט עס געוויינט. האָט מען אַוועקגעזעצט אַן עלטער קינד ביי דער וויג, אים דערלאַנגט דאָס

שטריקל אין דער האַנט, און דאָס קינד האָט געשלעפּט דאָס שטריקל, געוויגט און געוואָרפן די וויג לויט זיין עלטער און לויט זיין פאַרשטאַנד.

די עלטערע טאָכטער, מלכה, איז שוין דעמאָלט אַלט געווען ניין יאָר און געלערנט ביי אַ רבין אין איינעם מיטן עלטערן ברודער, דעם אַרענדאַרס עלטסטן זון, פּייטל. סאָרקע, די צווייטע טאָכטער, איז אַלט געווען זעקס יאָר, און איטשע איז עלטער געווען פון דינהן מיט דריי יאָר. ער איז אָפט געזעסן ביי דער וויג און געצויגן דאָס שטריקל מיט אַזאַ ערנסט, ביז ער איז אַליין איינגעשלאָפן.

אַז סאָרקען איז אויסגעקומען וויגן, האָט זי שוין צוגעזונגען און דערציילט דינהן מעשות אין דער וויג אַריין. און אַז דינה איז געווען הונגעריק און ניט געוואָלט איינשלאָפן, האָט זי סאָרקע געסטראַשעט מיט אַלערליי סטראַשונקעס:

— שלאָף, דינהלע, שלאָף! ווי ניט, וועלן דיך די ציגיינער אין וואַלד דערהערן און זיי וועלן קומען מיט זייערע בוידן און זייערע פערד און וועלן דיך צוגנבענען און דיך אריינוואַרפן אין אַ גרויסער בויד אריין...

אַזוי פלעגט די זעקס־יאָריקע סאָרקע רעדן איבער דער וויג, ביז זי פלעגט זיך אַליין דערשרעקן און אָנהייבן גלייבן אין איר אייגענער מעשה, אַז אָט קומען די ציגיינער. פלעגט זי זיך צעוויינען און צולויפן צו אַליאָנען און באַהאַלטן זיך צווישן די פאַלדן פון איר ברייט געפאַלדעוועט קלייד:

— איך האָב מורא פאַר די ציגיינער. זיי וועלן באַלד קומען און צונעמען דינהלען און זי אַריינוואַרפן אין אַ גרויסער בויד.

דינה אין וויג האָט זיך געטאָן דאָס איריקע: געוויינט און געדריגעט מיט די דאַרע פיסלעך — ניט פון מורא פאַר די ציגיינער, נאָר ווייל זי האָט גענאָגט דער הונגער און זי האָט נישט געקענט איינשלאָפן.

מיט דער מאַמען און דער מאַמעס מילך האָט זי קיין שלום ניט געשלאָסן, ביז מ׳האָט זי אָנגעהויבן צו קאָרמענען מיט אַ סאָסקע און אַ פלעשל, און צו דעם אַ סוסלע. די סוסלע איז באַשטאַנען פון אַזאַ מין מאכל: מ׳האָט צעקייעט אַ האַרט שטיקל ברויט מיט צוקער, עס אַריינגעשפּיגן אין אַ שטיקל דינער לייוונט, פאַרבונדן מיט אַ פאָדעם און עס אַריינגעשפּאַרט, גרויס ווי אַ גרויס מעשן קנעפּל, דעם קינד אין מויל אַריין. נאָר דינה האָט ניט געוואָלט אָט־דאָס מאָדנע מאכל, וואָס מע דאַרף זויגן דורך אַ שמאַטע, און די עקן פון דער שמאַטע שלעפּן זיך נאָך אַרום דעם קינדס מויל. דאָס פלעגט זי צערייצן און זי האָט אַלץ געוויינט.

האָט אַליאָנע געזען, אַז פון דינה׳ן וועט קיין לייט שוין סיי־ווי ניט זיין, איז ביי איר געבליבן: ניט לאָזן זיך דרייען אַ קאָפּ פון דעם קליינעם רוח. זי פלעגט נעמען די סאָסקע, אָנווייקן מיט בראַנפן, באַשיטן מיט אַ ביסל צוקער און עס אַריינשפּאַרן דעם קינד אין מויל אַריין. דערפון איז דינה באַלד אַנטשוויגן געוואָרן. זי פלעגט פאַרשיכורט ווערן און איינשלאָפן.

דאָס האָט געהאָלפן אַזוי לאַנג, ביז דאָס קינד איז געשלאָפן. אָבער אַזוי גיך ווי עס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף האָט עס ווידער אָנגעהויבן אַרויסווייזן פאַרדראָס. די מאַמע פון איר זייט האָט אויך אַרויסגעוויזן פאַרדראָס:

— אַ שלאַק איז עס עפּעס, און ניט קיין קינד. זייגן נעמט עס ניט און סע האַלט אין איין נענזען. פרעג וואָס און וען.

פעשע האָט אַגב געהאַט געגוג סיבה פאַר איר פאַרדרוס צוליבן „שלאַק״. וואָס וויל איר מילך ניט זויגן — זי איז ווידער געהאַט פאַרגאַנגען אין טראָגן. קיין מאָל האָט זיך עס איר נאָך אַזוי ניט געטראָפן, אַחוץ נאָכן ערשטן קינד, וואָס איז באַלד נאָכן האָבן געשטאָרבן. דעמאָלט האָט זי פּונקט צום יאָר געבוירן איר צווייט קינד. אָבער זינט דעמאָלט איז דאָס זייגן די קינדער געווען ביי איר אַ פאַרזיכערונג קעגן שוואַנגערשאַפט. און איצט — אַזאַ צרה. און אַליין איז מען שוין ניט אַזוי יונג. עס פּאַסט זיך שוין כמעט ניט, און אין שטוב איז אָן אַן עין־הרע אַ קעפּל אויף אַ קעפּל און זי, דינה, דאָס קלייגע שלאַק, ערשט אַ יאָר אַלט און ניט קיין געוואָטנס, גייט נאָך נישט אַליין און מען מוז עס נאָר וויגן און וויגן, און עס גלאָצט מיט די גרויסע ברוינע אויגן און איז קיין מאָל ניט צופרידן.

## פעשעס טאַטע-מאַמע קומען צום ברית

דינהן איז נאָך קיין צוויי יאָר ניט געווען, ווען מ׳האָט ביי שלומען אין שטוב געדעקט לאַנגע טישן, געהאַקט פיש, געבראָטן גענדז, געשטעלט אַלערליי משקאות אויף די טישן און לעקעך און טאָרטן פון אַלערליי מינים. געסט זיינען געפאָרן אין שליטנס מיט גלעקלעך, רבנים פון אַרומיקע שטעטלעך, סוחרים פון דערבייאיקע וועלדער און אַרענדאַרן פון שכנישע דערפער. שלומס שווער און שוויגער פון ניעסוויזשער געגנט זיינען אויך געקומען, מיטן שטעל, ווי עס פּאַסט פאַר פעשעס פריצישע עלטערן.

גיטעלע זשוכאָוויצער, פעשעס מאַמע, איז געווען אַ קליין־געוויקסיקע יידענע מיט קלוגע, שטעכיקע, שוואַרצע אויגן, וואָס קוקן אַרויס פון הינטער אַ שיינעם קלוגן שטערן, טיילווייז באַדעקט מיט אַ גלאַנציקן, שוואַרצן שייטל. אויפן שפּיץ פון פאַרוק — אַן אַרויסגעוואַקסן טשיפּיקל מיט אַלערליי קאָלירטע פּערל און קנוב-ציק־אויסגעאַרבעטע סאַמעטענע בלומען, און פון הינטער דעם בוקעטל איז אַרויסגעהאַנגען אַ דרייעקיק טוך, אַ וואונדערלעך געהעפט פון דיקן, שוואַרצן אַט־לעס, מיט קרעם־קאָלירטע בלעטער אויסגענייט, מיט דיקע זיידפעדעם.

דאָס איז געווען דאָס באַוואוסטע שטערן־טיכל פון דער באָבע מלכהלע רבי מיישעלעס זצ״ל, אַ צדיקת, וואָס האָט געלעבט ביז הונדערט און צען יאָר. נאָך פאַר איר לעבן האָבן געשטראָפטע מאַמעס אויף זיך גענומען — אַז גאָט וועט זיי העלפן מיט אַ קינד, און אויב אַ מיידל, וועלן זיי דעם קינד מירטשעם אַ נאָמען געבן מלכהלע. און עס זיינען געבוירן געוואָרן מיידעלעך, אָן אַן עין־הרע מזלדיקע קינדער, אין הייבעלעך. און אַזוי דערציילט מען, אַז מלכהלע האָט שוין ביי איר לעבן געהאַט אַ גאַנצן דור מיט נעמען נאָך זיך.

איר טאָכטער גיטעלע איז אויך געווען אַ פרומע יידענע, אָבער שוין מער היינטוועלטיק, האָט פאַרשטאַנען פּאָליטיק, געפירט דעם גאַנצן הויף און געלערנט קינדער היינטוועלטיקע לימודים. דער מאַן איר, ר׳ מרדכי, איז געווען אַ הויכער,

אַ שלאַנקער, מיט אַ מילד, שיין פּנים, אַ לאַנגער ווייסער באָרד, מיט גוטע ווייכע, כמעט קינדערישע אויגן. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ מענטשן אָן אַ גאַל. מישן האָט ער זיך אין קיין זאַך נישט געמישט. אַלע זיינע יאָרן אָפּגעזעסן אין שטיבל און געלערנט. געווען אַ רב, אָבער מיט רבנות זיך קיין מאָל ניט פאַרנומען. גע־וואוינט אַלע יאָרן אין אַ הויז לעבן ניעסוויזש. עס פלעגט זיך אָפּט מאַכן, אַז אַ שכן אָדער אַ שכנה איז געקומען מיט אַ שאלה — פלעגט ער זיי אָפּשיקן צום רב. ער האָט געטיילט צדקה אַז קיינער זאָל ניט וויסן פון וועמען עס קומט. די פּויערים פון יענעם געגנט האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ הייליקן און אין אַלע זייערע נויטן האָבן זיי זיך געווענדעט צום פּאַני מאָרדוך. זיין ווייב גיטעלע האָט אים אָפּגעהיט זיין רו און אים מיט קיין זאַך ניט באַלעסטיקט, געזען ער זאָל ניט געשטערט זיין פון זיין לערנען.

איצט זיינען זיי געקומען אין דאָרף צו זייער איידעם און טאָכטער אויף אַ ברית.

פעשע האָט די קאַרגע צוויי יאָר נאָך דינהס געבוירן, ווערן, ניט געזייגט, גע־בוירן אַ יינגל, אוודאי שוין אַ מיזיניק, מע קען אפילו זאָגן: אַ בן־זקונים — און דערפאַר אַזאַ פּאַראַד מיט אַזעלכע פאַראַדנע געסט. אין שטוב איז די מומע יאַכע אַרומגעגאַנגען מעשה באַלעבאָסטע, פאַרשפּרייט מיט אַ ווייסן ברייטן שירץ און מיט אַ ווייס זיידן טיכל פאַרבונדן אונטערן קין און געפירט די פרויען־געסט צו דער קימפּעטאָרין. די קאַמער, וואו די קימפּעטאָרין איז געלעגן, איז געווען אויסגעהאַנגען מיט שיר־המעלותן און מיט ווייסע פאָרהענגלעך אויף די פענצטער און מיט אַ גרויסן בלויען פאָרהאַנג ביים בעט פון דער קימפּעטאָרין. אַזוי איז די קליינע דינה גע-בליבן אַ ביינאָמען אין שטוב, — דעם אמתן נאָמען נאָכן זיידן האָט געטראָגן איר ברודער דניאל — און ער איז געבוירן געוואָרן אַ געראָטענער, גוט געזויגן און גע־שלאָפן — און געוואַקסן. און צוויי יאָר נאָך דניאלס ברית האָט פעשע געבוירן אַ מיידל, און אנשטאָט וואָס דניאל זאָל זיין דער מיזיניק, איז גאָר פריידעלע געווען די מיזינקע, זייער אַ שיין און געראָטן קינד, און אַלע אין שטוב האָבן עס ליב געהאַט.

## אַ שטורעם

די ערשטע זאַך, וואָס דינה געדענקט פון אירע קינדער־יאָרן, איז אַ שרפה.

אַז זי איז עלטער געוואָרן, האָט זי אַ סך מאָל געהערט ביי זיי אין הויז רעדן פון יענער שרפה — ווי אַזוי אין אַ הייסן, זומערדיקן טאָג איז פּלוצלינג אָנגעגאַנגען אַ גרויסער וואָלקן, און אַזוי ווי די מאַמע האָט זייער מורא געהאַט פאַר אַ דונער, האָט מען באַלד פאַרמאַכט אַלע פענצטער, מיט די קוימענס פון שטוב, און זי, דינה, דערציילט מען, איז געלעגן אין אַ בעטל ניט ווייט פון אַ פענצטער, און ווי אַלע מאָל געגענזעט, געוויינט און זיך באַקלאָגט. די עלטערע שוועסטער אירע, מלכהלע, איז געזעסן ביי איר בעטל. פּלוצלינג האָט ד'ערלאַנגט אַ בליץ און אַ קראַך פון אַ דונער. דער בליץ האָט דורכגעשניטן דורכן הויז, איבערן בעטל, וואו דינה איז גע־לעגן, פאַרטויבט מלכהלען, און דורך אַ צווייט פענצטער — גלייך אין סאָד אַריין. דאָרט, הינטערן סאָד, ביים פּלויט, וואו עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זאַמדגריבער, איז געשטאַנען אַ קליין שטיבעלע, וואו עס האָט געוואוינט אַן אָרעמע פּויערשע

אלמנה מיט אַ פולער שטוב קינדערלעך און אַן אַלטע בלינדע שוויגער. איז אויף יענעם געבויגענעם שטיבל מיטן צעריסענעם שטרויענעם דאַך האָט זיך דער בליץ אויסגעלייגט אין אַ זיג־זאַג און — תיכף איז דאָס גאַנצע שטיבל געווען אין פלאַמען...

אַלץ וואָס דינה געדענקט איז אַז די מומע רייכל פון דעם דערבייאיקן דאָרף האָט זי געהאַלטן אויף די הענט, זי איינגעדעקט מיט דער פאַטשיילע וואָס אויף אירע אַקסלען, און זי פון שטוב אַרויסגעטראָגן; און נאָך צעשראָקענע מענטשן, וואָס האָבן אויך געהאַלטן קינדער אויף די הענט. דינה געדענקט, ווי דער רויך מיט די פלאַמען האָבן זיך געצויגן איבערן סאָד, פון די ביימער צו די שטיבער, און אויפן רויך מיט די פלאַמען, און אויף אַלע וואָס זיינען געשטאַנען צעשראָקענע און אויפן סאָד ביים הויז, האָט געגאָסן אַ מוראדיקער רעגן.

מער געדענקט זי גאָרניט.

אָבער פון שפּעטערן דערציילן האָט זי געוואוסט, אַז מ'האָט צו ערשט געמיינט, אַז דער בליץ, וואָס האָט דורכגעשניטן פאַרביי איר בעטל, האָט זי אין גאַנצן דער־הרגעט — ווייל אויף אַ ווייל איז זי געבליבן ליגן אַ פאַרטויבטע, מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָן באַוועגונג; און אַז איר שוועסטער מלכהלע, וואָס איז געזעסן און זי געוויגט, איז געווען טויב עטלעכע וואָכן, פון דעם דונער; און אַז אַחוץ יענעם קליי־נעם שטיבל האָט די שרפה קיינעם ניט געשאַט, מחמת דעם גרויסן רעגן, וואָס האָט בשעת־מעשה געגאָסן.

אַ צווייטע זאַך געדענקט דינה פון אירע פריסטע קינדער־יאָרן; און זי פאַר־טראַכט זיך זייער אָפט און קען ביי זיך ניט אָפּמאַכן, צי איז עס אין דער אמתן געווען, אָדער דאָס זיינען געווען אַזעלכע קינדערישע וויזיעס:

זי געדענקט, אַז איר מאַמע, אָנגעטאָן אין אַ שיינער, געלער, ריפּסענער קאַ־פּאָטע, מיט אַ געדיכטער ריי שוואַרצע קנעפּ, און מיט אַ גרויסן באַנד אויפן האַלדז, איז מיט איר געגאַנגען, געטראָגן זי אויף די הענט... ס'איז געווען שבת... און גע־גאַנגען זיינען זיי אויף אַ ברייטן הייפעלד, וואָס אויף יענער זייט דאָרף —, דאָס היי איז געווען הויך און מיט מארגאריטקעס — ביי דער זייט איז געגאַנגען דער טאַטע, אויך אין שבתדיקן אָנגעטאָן — און דאָרט, פון דער ווייטן, אויפן וועג וואָס צווישן היי, איז געפאָרן אַ גרויסע קאַרעטע, געשפּאַנט נאַשפּיץ מיט פינף ווייסע פערד... און אין דער קאַרעטע זיינען געזעסן אַ פרוי מיט אַ מאַן, אָנגעטאָן אין גאָלדענע קליידער, און די קרוינען אויף זייערע קעפּ האָבן געלויכטן קעגן דער זון ווי לאַנגע, זילבערנע זאַנגען — און אַרום זיי זיינען געזעסן זייער שיינע קינ-דער, אויך אָנגעטאָן אין די זעלבע קליידער, מיט קרוינען אויף די קעפּ...

דאָס, געדענקט זי, האָט פּאַסירט זייער אָפט...

די שפּאַצירן אויף יענעם ברייטן הייפעלד, מיט אירע טאַטע־מאַמע אין יום־טובדיקן, און די זעלבע קאַרעטע מיט די ווייסע פערד, מיט די מענטשן אין דער קאַרעטע, האָט זי נאָך דעם דערזען הענגענדיק ביי זיי אין שטוב אויף אַ וואַנט, פּונקט אַנטקעגן די קינדערישע בעטן...

און ס'איז פאַר איר געווען און פאַרבליבן ווי אַ מיסטעריע. דאָס בילד מיט

די ווייסע פליענדיקע פערד האָט זי, דינהן, יעדעס מאָל פאַרטראָגן אין אַ וועלט, וואָס איז אי חלום און אי וואונדערלעכע וואָר...

קלאָרער געדענקט זי שוין, ווי איין מאָל האָט זי אַליאַנע געטראָגן אויף די הענט צו זיך אַהיים און איר דאָרט געגעבן עסן ברויט און געהייסן איר נאָכזאָגן וואָרט ביי וואָרט די „האַמויצע״. דערציילט האָט מען איר נאָך דעם, אַז ס׳איז געווען פסח און דינה איז שוין אַלט געווען דריי יאָר. קיין גרויס־געוויקסיקע איז זי ניט געווען און אלע מאָל איז זי געווען קרענקלעך. נאָר קיין ווען האָט מען פון איר נישט געמאַכט, סיידן דאַן, ווען זי איז ערנסט קראַנק געוואָרן.

און יענעם פסח איז דינה געווען ניט געזונט. זי האָט געמאָנט ברויט, און קיין מצה צום מויל ניט צוגעלאָזט. האָט מען געפרעגט דעם רב וואָס צו טאָן, האָט ער געהייסן זי בעמען אין אַ גויאיש הויז און דאָרט געבן איר עסן ברויט. אַזוי האָט מען פון איר אַלע מאָל געהאַט אַנדערע צרות. זי איז געווען אי קרענקלעך, אי איינגעשפּאַרט.

## וואונדער און מעשות

אָבער אויפן פערטן יאָר איז זי געוואָרן שטילער און בעסער. די מאַמע האָט זיך געקענט אפילו שאַפן מיט איר, אַוועקזעצן זי ביי דער וויג, איר דערלאַנגען דאָס שטריקל אין האַנט און הייסן וויגן. זי האָט שוין אפילו געוואוסט ווי צו פאַרשלע־פערן איר שוועסטערל, פריידעלען, צוזינגען איר: שיאָף, שיאָף, פיידעיע, זיי אַ גוטע מיידעיע — און נאָך אַזעלכע ווערטער, וואָס זי האָט געהערט פון די עלטערע ביי דער וויג. זי האָט אַרויסגעוויזן געדולד ביים איינוויגן דאָס קליינע שוועסטערל און האָט ליב געהאַט זיך שפּילן מיט איר. זי איז אויך געוואָרן פאַראינטערעסירט אין דעם וואָס זי האָט געהערט די עלטערע שוועסטער און ברידער רעדן. ווי שווער עס איז איר געווען צו באַנעמען אַלץ וואָס זיי רעדן און דערציילן, האָט זי אָבער אַלע מאָל אַרויסגעוויזן אַן אָנשטרענג צו פאַרשטיין, און די מינדסטע זאַך, וואָס האָט נאָר געהאַט צו טאָן מיט מעשה, האָט זי אין גאַנצן פאַרכאַפּט. און פון איין געהערט וואָרט אָדער צוויי — האָט זי שוין ווי עס איז דערקלערט דאָס איבעריקע.

און זיצנדיק ביי פריידעלעס וויג פלעגט זי שוין אויף איר אייגן קינדעריש לשון דערציילן איר אַ מעשהלע. פריידעלע איז ביי איר געוואָרן דער מיטלפּונקט פון איר וועלט פון פאַנטאַזיע, איר צוהערער און איר אינספּיראַציע. און פריידעלע דאַרף אַזוי פיל מעשות און זי דאַרף אַזוי פיל וואונדער. און זי הייבט אָן בויען די וואונדערוועלט, וואָס פריידעלע פאָדערט. געפינט זי אַ קליין פּאַפּירן קעסטעלע, באַהאַלט זי עס. אַז קיינער זאָל ניט זען וואו. דאָס איז עפּעס גאָר אַ גרויסע זאַך, וואָס נאָר זי און פריידעלע ווייסן פון דעם און דאַרפן עס האָבן... געפינט זי אַ קליין רויט בלעכן קופערטל פון טיי, אַ ליידיקס, באַהאַלט זי עס איבער דער בלויער הרובע אונטערן באַלקן — נאָר זי און פריידעלע ווייסן וואו דאָס איז — קיינער טאָר פון דעם ניט וויסן... זי האָט נאָך נישט געוואוסט קלאָר, וואָס זי וועט טאָן מיטן בלעכענעם קופערטל, אָבער ס׳איז אַ מיסטעריע; אויף עפּעס זייער ניצלעכן — וועט זיך עס דערוואַרטן. און אַ צייט קומט, ווען דינה הייבט אָן פאַרשטיין פריי־דעלען און די גרויסע נוצן פון אַזאַ קופערטל. אַ מאָל פאָרט די מאַמע אין שטאָט

אַריין און ברענגט די קינדער צוקערקעס. דינה עסט אירע קיין מאָל ניט אויף. זי באַהאַלט זיי אין קופערטל. אַ מאָל באַקומט זי אַ שטיקל צוקער. דאָס וועט אויך צו נוץ קומען. מע וואוינט אין אַ דאָרף, טרעפט אַ מאָל, אַז צוקער גייט אויס. און פריידעלע וועט דאָך אלע מאָל דארפן צוקער. וועט זי דעם צוקער באַהאַלטן אין קו־פערטל, און אַז מע וועט דאַרפן צוקער פאַר פריידעלען און עס וועט ניט זיין, וועט זי האָבן צוקער פאַר איר און ס׳וועט איר שוין קיין מאָל ניט פעלן...

די צוקערקעס האַלטן זיך ביי איר ניט. זי גיט זיי אַוועק. זי מיסחרט מיט שרה־קען און מיט איטשען. שרהקע, וואָס איז קאַרגע זעקס יאָר עלטער פון דינהן, נעמט צו די צוקערקע, נעמט דינהן, זעצט זי אַוועק לעבן זיך אויף אַ באַנק, אָדער אין סעדל אונטער אַ בוים, און דערציילט איר אַ מעשה. פאַר יעדער צוקערקע — אַ מעשה. נאָר קיין סך קריגט זי פון שרהקעט מעשׂות ניט אַרויס. יענע רעדט און ד׳ערציילט פון ווייטע זאַכן, וואָס די פיר־יאָריקע דינה קען דערוויל קיין סך ניט באַגרייפן דערפון.

## אַלץ האָט גאָט באַשאַפן...

מיט איטשען איז שוין אַנדערש, ער איז קאַרגע דריי יאָר עלטער פון דינהן. ער לערנט אין חדר און דערציילט איר אַז גאָט האָט באַשאַפן אַפריער דעם הימל, דערנאָך די ערד און די שטערן, מיט דער זון, מיט דער לבנה, מיט די מענטשן, מיט די חיות — און דינהן ווערט גוט אויפן האַרצן, דערפון, וואָס גאָט האָט אַלץ באַ־שאַפן, אַלץ וואָס מע דאַרף... און אים, איר ברודער איטשען, וואָס ווייסט עס אַלץ, האָט ער אויך באַשאַפן...

פאַר די צוקערקעס, וואָס זי האָט אַוועקגעגעבן איטשען, האָט זי איינגעהאַנדלט אַ גרויסע מציאה: זי וועט עס אַלץ דערציילן פריידעלען אין בעטל — אַז גאָט האָט אַלעמען באַשאַפן: דעם טאַטן, די מאַמע און אַלע קליינע שטערן און זי, פריידעלען, האָט ער אויך באַשאַפן...

און דינה טראָגט אין איר קינדיש האַרץ אַ גרויסע פרייד און אַ שותפות מיט גאָט און מיט אַלץ וואָס אויף דער וועלט — ביז דעם קלענסטן בלימל, ביז דעם קעצל, וואָס איז ביי זיי אין שטוב און דעם ווייסן הינטל, גאָלדעצקע — אַלץ האָט גאָט באַשאַפן, און זי — אויך. און ער, איר ברודער איטשע — אויף אים קען מען נישט קוקן ווי אויף קיין פשוטן ברודער. ער ווערט גרויס און הויך אין דינהס אויגן.

## שווער און שוואַרץ...

און פריידעלע, וואָס ליגט נאָך אין בעטעלע און קען נאָך ניט אַרומגיין, ווייסט נאָך ניט וואָס גאָט האָט אַלץ באַשאַפן. זי האָט נאָך ניט געזען דאָס ניי־געבוירענע קעלבעלע, וואָס זי, דינה, האָט היינט פרי געזען אין שטאַל, און די צוויי קליינע שוואַרצע שעפּסעלעך וואָס זיינען היינט געבוירן געוואָרן ביים טויער. וואַסיל האָט זיי אַריינגעטראָגן אין שטאַל אַריין און זיי האָבן אַזוי געציטערט און די מאַמע שעפּס איז זיי נאָכגעגאַנגען און געמעקעט. דאָס אַלץ האָט היינט גאָט באַשאַפן...

האָט דינה זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ בענקל אויף די קני, אַרומגעלייגט פריידעלעס הענטלעך אַרום איר האַלדז, און מיט אירע הענטעלעך אַרומגענומען פריידעלעס גוף — און האָט זי אַרויסגעשלעפּט פון בעטל. און אַז זי איז אַראָפּ מיטן קינד פונעם בענקל, האָט זי זיך געלאָזן צו דער טיר און — ביי דער טיר איז זי געפאַלן איבער דער שטיינערנער שוועל און — פריידעלע אונטער איר.

דערהערנדיק דינהס קולות, איז די מאַמע אַרויסגעלאָפן פון פאָדוואַל און אַליאנע — פון גאָרטן. מ׳האָט זיי ביידן אויפגעהויבן. ביי דינהן האָט געשטראָמט בלוט פון נאָז און מויל און פריידעלע איז געלעגן ווי טויט. מען האָט זי געוואָרפן, געשליי-דערט, געגאָסן אויף איר קאַלט וואַסער — ביז מ׳האָט זי אָפּגעמינטערט.

מער האָט דינה גאָר ניט געדענקט.

פון דעם, וואָס מ׳האָט נאָך דעם דערציילט ווייסט זי, אַז ביי יענעם פאַל האָט זי פריידעלען אָפּגעשלאָגן די לונג־און־לעבער און אַז פריידעלע איז געלעגן קראַנק אַכט וואָכן און איז געשטאָרבן. אָבער פון דעם פאַל ביז פריידעלעס טויט גע־דענקט דינה קיין זאַך ניט. פריידעלעס טויט געדענקט זי יאָ. דאָס איז געווען די ערשטע איבערלעבונג, וואָס האָט זיך אַוועקגעלייגט ווי אַ שווערע, שוואַרצע מאַסע אויף אירע שפּעטערדיקע לעבענסוועגן.

## אין אַ ווינקל פון דער הרובע

די גרויסע בלויע קאַכלנע הרובע איז געווען דינהס וועלט. אונטער איינעם פון די באַלקנס פון איבער דער הרובע האָט זי געהאַלטן איר צויבער־קופערטל. אין אַ ווינקל פון דער גרויסער הרובע איז זי געזעסן, פאַרגעסן פון אַלע שטוביקע אַרום. זי פלעגט זיצן ווי פאַרגליווערט, מיט אירע גרויסע, ברוינע אויגן איינגעגעסן אין בעטל אַנטקעגן דער הרובע, וואו פריידעלע איז געלעגן מיט פאַרגלייזטע אייגעלעך, און איין הענטל און איין פיסל און די לינקע העלפט פון איר פנימל האָבן געהאַלטן אין איין צוקן. דינה איז געזעסן אַ פאַרשטאַרטע און אין זיך אַריינגעזאַפּט יעדן צוק פון פריידעלעס גוף. זי אַליין האָט מורא געהאַט צו אָטעמען, מורא געהאַט אי־בערצושלאָגן דעם ריטעם פון דעם צוקן — ווי אַ זייגער, אָן אויפהער.

און דער מאַמעס און דער מומע יאַכעס און דער מומע רייכלס שטיל וויינען איז פאַר איר געווען ווי דאָס קלאָגן פון אַ האַרבסטיקן ווינט, וואָס האָט זיך פון דערבייאיקע וועלדער דערטראָגן צו זיי אין שטוב דורכן קוימען...

## פריידעלע שטאַרבט

די אייביקייט פון פריידעלעס גוססען, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פון שבת גאַנץ פרי ביז פינף פאַרנאַכט, האָט זיך געענדיקט. דינה האָט אַ צעשראָקענע אויפגעעפנט אירע גרויסע, אומעטיקע אויגן און ניט געוואוסט וואו זי געפינט זיך און וואָס דאָ קומט פאָר. די יללות פון דער מאַמען און פון די מומעס און אויך פון מלכהן און שרהן און פון כישע דער שמידערקע — האָבן זי אויפגעוועקט ווי פון אַ שלאָף.

דערזעענדיק דאָס בעטל אַן איבערגעדעקטס און זיי אַלע שרייענדיק אַרום בעטל, האָט זי זיך דערמאָנט אין פריידעלען מיט איר שטיל צוקן. אַ צעשראָקענע האָט זי זיך אַרונטערגערוקט פון דער הרובע, זיך צוגעשאַרט צו די ווייבערביים בעטל און, ניט געפינענדיק פריידעלען, האָט זי זיך נאָך מער דערשראָקן.

זי האָט דערפילט, אַז עפּעס האָט געטראָפן מיט פריידעלען אַזוינס, וואָס מע טאָר אויף איר ניט קוקן, פּונקט ווי מע טאָר ניט צוגיין נאָענט צו די צוויי ספר־תורה׳ס, וואָס שטייען אין ארון־קודש פאַרהאַנגען מיט אַ דיקן פאָרהאַנג. און אַז מ׳האָט איבער פריידעלעס פאַרדעקטן גוף אָנגעצונדן ליכט, האָט דינה נאָך דייט־לעכער דערפילט, אַז פריידעלע איז געוואָרן אַ זאַך, וואָס מע טאָר דערצו ניט צו־גיין נאָענט, ווי די ספר־תורהס, וואָס מע טאָר דעם פּרוכת ניט אַראָפּציען פון זיי...

האָט זי זיך שטילערהייט צוריק צוגעשלייכט צו דער הרובע, אַרויפגעקראָכן און אַוועקגעזעצט זיך צוריק אין ווינקל — און פון דאָרט האָט זי דערזען דאָס רויטע קופערטל שטייענדיק אויפן קאַמין הינטערן באַלקן. זי האָט עס דערלאַנגט, עס צו־געדריקט צו איר קינדערשער ברוסט און זיך ביטער צעוויינט און געכליפּעט. אַזוי ווי פריידעלעס שטיל צוקן האָט זיך איצט באַוועגט איר קינדעריש הארץ, מיט אַ שטיל כליפּען און זיפצן. אין די הענט האָט זי געהאַלטן די שטיקעלעך צוקער, וואָס זי האָט געשפּאָרט אויף באַהאַלטן פון פריידעלעס וועגן.

פריידעלע איז געשטאָרבן אין די לעצטע טעג פון זומער. דערנאָך האָט זיך אַן אומעטיקער האַרבסט אָנגערוקט אויפן גאנצן דאָרף און נאָך מער — אויף שלומס הויז. פּעשע איז געלעגן קראַנק און געקלאָגט נאָך פריידעלען. אויף דינהן האָט מען געקוקט אי מיט פאָרוואורף, אי מיט רחמנות. דינה אַליין איז אַרומגעגאַנגען ווי אין א חלום, א פארטראכטע און אַן אומעטיקע: וואו איז פריידעלע? פאַר וואָס איז זי ניטאָ? פאַר וואָס האָט מען זי צוגענומען און איר בעטעלע אויך? אויף אַלע פראַגעס, וואָס זי פרעגט ביי די עלטערע, באַקומט זי נישט קיין ענטפער. גע־שטאָרבן, זאָגט מען איר. אָבער — וואו איז געשטאָרבן? וואָס איז געשטאָרבן? דאָס וואָרט „געשטאָרבן" איז איר געשטאַנען פאַר די אויגן סיי טאָג און סיי נאַכט. ביי טאָג האָט זי עס געזען ווי אַ בעטלער מיט אַ גרויסער טאָרבע, וואָס ער קומט מיט אַ לירע שפּילן הינטערן טויער, און ביי נאַכט האָט זי עס געזען ווי דעם פייערדיקן רייטוואָגן מיט די פליענדיקע, ווייסע פערד, וואָס טראָגן זיך צווישן די הייפעלדער מיט די מאַראַריטקעס. פריידעלען אַליין האָט זי געזען אַ וויינענ־דיקע און א צעשראָקענע אינעם בעטלערס גרויסער טאָרבע, און א מאָל — א לייכ־טנדיקע — אויפן רייטוואָגן מיט די ווייסע פערד, אָנגעטאָן אין אַ גאָלדן קלייד מיט אַ קרוין פון זילבערנע זאַנגען אויפן קאָפּ... אָבער אַז זי האָט זיך גוט אויס־געריבן די אויגן סיי פון טאָגיקן, סיי פון נאַכטיקן חלום און דערזען די מאַמע, וואָס ליגט און וויינט, און דאָס פּלאַץ פון פריידעלעס בעטעלע — ליידיק, האָט איר ווידער אָנגעהויבן עקבערן אין מוח: וואו איז פריידעלע?...

אין שטאָט פאָרט שוין איצט די מאַמע קיין מאָל נישט. אין דינהס קופערטל איז קיין צוקערקע נישט געוועזן שוין פאַר לאַנג־לאַנג. זי זוכט אַ וועג ווי צוצוקומען צו איטשען און געפינען דעם באַשייד פון פריידעלעס פאַרשווינדן. שרהן האָט זי

שוין באַלד אַלע ציגעלעך צוקער אַוועקגעגעבן. זי דערציילט אָבער זאַכן, וואָס דינה קען קיין זאַך ניט פאַרשטיין דערפון. אירע מעשות האָבן ניט קיין תכלית. אירע העלדן פליען אין דער לופטן. אויך אירע מעשות וועגן „געשטאָרבן" זיינען אָן אַ תכלית.

## וואו איז „פריידעלע"

זי גייט אַרום צעטומלט און זוכט אַ וועג צו איטשען.

אויף שבת באַקט מען שיינע חלות און זעמעלעך. שלום, אַז ער מאַכט קידוש, האָט ער ליב אַז אַלע קינדער זאָלן זיצן אַרום טיש. אַרום אים זיצן די יינגלעך: פייטל, דער עלטערער, וואָס לערנט שוין אין שטעטל אין חדר, קומט אַהיים אויף שבת. ער האָט שוין זיין אייגן חלהלע און מאַכט שוין אַליין קידוש. איטשע זיצט פון דער צווייטער זייט, ביים טאַטן. דניאל, דער ייִנגסטער, זיצט שוין אויך ביים טיש און ענטפערט אָמן. דער טאַטע האָט אַלע מאָל אַן אויג אויף דינהן. ער באַמערקט אַז זי זאָגט אים נאָך דעם קידוש וואָרט ביי וואָרט, און ענטפערט דעם אמן מיט גרויס כוונה. ביים אויסטיילן די „המוציא" דערלאַנגט ער איר אַ גרויסע „המוציא" און הערט ווי זי מאַכט די ברכה.

— געדאַרפט זיין אַ יינגל — זאָגט ער ווי פאַר זיך.

דינה גיט דעם קלענסטן ביס פון דער „המוציא" און באַהאַלט דאָס שטיקל חלה אונטערן טישטעך, אַז קיינער זאָל נישט זען.

אויף מאָרגן צום אָנבייסן באַקומען אַלע קינדער צו זעמעלעך. נעמט דינה איר זעמעלע אין האַנט, פאַרלייגט די האַנט אויף הינטן און שאַרט זיך אויף צוריק, באַהאַלט דאָס זעמעלע מיט דער געכטיקער „המוציא" אין אַ שופלאָד פון אַן אַלמער. און שבת נאָך מיטאָג, אַז דער טאַטע לייגט זיך שלאָפן און איטשע לייגט זיך אַוועק מיט אַ ספרל אין האַנט אויף דער קאַנאַפּע, גנבעט זיך דינה אונטער מיט שטילע טריט:

— איטשע, דו שלאָפסט?

ענטפערט ער איר:

— וואו שלאָף איך?

— טאָ וואָס טוסטע?

— איך לערן.

— וואָס לערנסטע?

— וועסט דען פאַרשטיין? אַ מיידל טאָר נישט וויסן וואָס יינגלעך לערנען.

ווערט שוין דינהן ווידער שלעכט. אַז איטשע זאָגט, אַז אַ מיידל טאָר ניט וויסן וואָס יינגלעך לערנען, ווייסט ער וואָס ער זאָגט. אָבער זי טאָר די איצטיקע געלעגנהייט ניט דורכלאָזן. פרעגט זי אים:

— דו ווילסט אפשר אַ „המוציא" חלה?

— וואָס פאַלט דיר עפּעס איין צי איך וויל אַ „המוציא״ חלה?

— און אַ זעמעלע ווילסטע?

— וואָס פאַר אַ זעמעלע?!

— וואַרט, וועסטע זען.

און דינה לויפט אַרויס אויף אַ רגע און קומט צוריק, האַלטנדיק אַ גרויסע „המוציא״ מיט אַ גאַנצן זעמל און צוויי ציגעלעך צוקער.

— וואו האָסטע עס גענומען?

— דאָס איז מיינס. איך האָב עס באַהאַלטן פאַר דיר.

—פאַר וואָס עפּעס פאַר מיר?

— אַזוי. ווייל... ווייל איך וויל, דו זאָלסט עס עסן.

— נו, איז וועל איך עסן, אַז דו ווילסט.

דינה רוקט זיך צו נענטער צו אים, גיט אים איבער דאָס עסן און רירט זיך לייכט צו מיט איר האַנט צו זיין קאָפּ און גלעט אים.

— עסט?

—יע, איך עס.

— ס׳איז געשמאַק, יע?

— זייער. זעמל איז געשמאַק.

—וועסט מיר עפּעס דערציילן?

—וואָס, אַ מעשה?

— ניין, ניט קיין מעשה.

—וואָס דען?

—וואו איז פריידעלע?

איטשע גיט אַ ציטער:

—פריידעלע?

— יע, פריידעלע — וואו איז זי?

— ווייסט דען ניט? זי איז געשטאָרבן.

— געשטאָרבן?

— יע. דו ווייסט אַז זי איז געשטאָרבן.

— אָבער וואָס איז „געשטאָרבן״? וואו איז זי?

— זי איז אויפן הימל.

—אויפן הימל? — פרעגט דינה מיט פרייד און מיט חידוש — ווי איז זי אַרויף אויפן הימל?

— גאָט האָט געשיקט אַ מלאך און זי אַהין אַרויפגענומען.

— מיטן בעטעלע?

— ניין, אָן דעם בעטעלע.

—דו האָסט געזען?

— ניין, דאָס קען קיינער נישט זען.

— טאָ וואו איז דאָס בעטעלע?

— אויפן בוידעם.

— און פאַר וואָס וויינט די מאַמע?

— ווייל זי בענקט נאָך פריידעלען.

פאַרטראַכט זיך דינה:

—איך בענק אויך נאָך פריידעלען און איך וויין אויך, ווען קיינער זעט נישט.

אָבער דו זאָגסט דאָך אַז גאָט האָט געשיקט נאָך איר — דאַרף ער דאָך זי האָבן?

איטשע בלייבט שטיל, טראַכט אַ ווייל און זאָגט פאַר זיך:

— מסתמא דאַרף עס זיין אַזוי — גיט אַ קוק אויף דינהן — נאַ, נעם זיך דיין צוקער. יינגלעך עסן נישט קיין צוקער.

דינה נעמט די שטיקלעך צוקער אומגערן:

— איך עס אויך נישט קיין צוקער.

זי שווייגט אין פאַרלעגנהייט. דערנאָך פרעגט זי:

— איך וואָלט געקענט זיין אַ יינגל?

— וואָס?! דו — אַ יינגל? ביסט משוגע? אַ מיידל קען נישט זיין קיין יינגל.

— אָבער איך וויל זיין אַ יינגל.

—צוליב וואָס?

— איך וויל לערנען אין חדר ווי דו, און קענען אלע מעשות און וויסן אַלץ וואָס גאָט טוט.

— ועסטע טאַקע נישט וויסן, סיידן אַז די מאַמע וועט דיך אויסלערנען. זי האָט מיט אונדז אַלעמען געלערנט איידער מיר זיינען אַוועק אין חדר.

— נו, און די מאַמע איז דאָך נישט קיין יינגל — טאָ פון וואַנען קען זי?

— אָ! מיט דער מאמען איז געווען אנדערש. די באָבע גיטעלע האָט געהאַלטן א רבין אין הויז פאַר די פעטערס, האָט די מאַמע אויך געלערנט אין איינעם מיט זיי, ווי אַ יינגל.

— וועל איך אויך גיין אין חדר און לערנען ווי אַ יינגל.

— נו, איז וועסטו לערנען... זי מיינט, אַז לערנען איז אַזוי גרינג... אפילו פאַר

א יינגל איז אויך שווער, נישט נאָר פאַר א מיידל... און גיי שוין אוועק פון מיר — באַלד וועט דער טאַטע אויפשטיין. איך דאַרף זאָגן פּרק. גיי אַוועק!...

דינה רוקט זיך אָפּ פון אים אויף אַהינטער, קוקנדיק אויף אים די גאַנצע צייט. איצט ווייסט זי שוין וואו פריידעלע איז. זי גייט שטיל אַרויס פון הויז, זעצט זיך אַוועק אונטער אַ בוים, ניט ווייט פון שטוב, און קוקט אַרויף צום הימל. אַזוי הויך איז דער הימל און אַזוי ווייט. פריידעלע איז אַזוי ווייט... דורך דעם נאַקעטן בוים מיט די עטלעכע ציטערנדיקע בלעטער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די קעלט און די ווייטקייט פון פריידעלעס נייער היים — דעם הימל. ביי דינהס פיס האָט דאָס ווייסע הינטל זיך אומגעראַיעט אין די טויטע בלעטער, וואָס האָבן זיך געבראָכן אונטער זיינע שפּילקענע פיסלעך און אויסגעזען ווי קליינע פאַרטריקנטע מענטש־לעכע שאַרבנס.

ס׳איז איר געוואָרן מאָדנע אומעטיק און קאַלט. זי האָט שטאַרק צוזאַמענגע־דריקט אירע קינדערשע קני און, מיט ביידע עלנבויגנס אויף די קני, האָט זי דעם קין אין ביידע הענטלעך ווי אין אַ ראַם אריינגענומען און אזוי געזעסן און געקוקט פאַר זיך, ווי אין אַ שפּיגל, אין דעם עלנט פון די בלעטער ביי אירע פיס. גאָלדעצקע איז צוגעלאָפן צו איר, זי געלעקט אויף די הענט און אָנגעהויבן זי קושן אויפן פּנים. דינה האָט זיך ווי פון אַ שלאָף אויפגעכאַפּט.

פון שטוב האָבן זיך צו איר דערטראָגן די קלאַנגען פון דעם טאַטנס שבת־פאַר־נאַכטיקע תפילות. זי האָט זיך דערמאָנט אינעם געשפּרעך מיט איטשען. ער ווייסט אַלץ. און נאָר יינגלעך לערנען אין חדר. אָבער די מאַמע קען אויך לערנען. זי אַליין קען נאָך גאָרנישט לערנען. אָבער זי קען אויף אויסנווייניק דעם טאַטנס קידוש און תהילים אויך. זי ווייסט נישט דעם טייטש פון די ווערטער, אָבער דער ניגון איז אַזאַ שיינער און אַזאַ אומעטיקער, און דורכן ניגון פילט זי און ווייסט, אַז די ווערטער זיינען אי אומעטיק און אי שיין. זי הייבט אויף גאָלדעצקען, נעמט זי אַרום: — קאַלט, גאָלדעצקע? ביזט דאָך אַזאַ קליינינקע. — זי לאָזט זי פון די הענט אַראָפּ: — קום אין שטוב, גאָלדעצקע, מיר׳ן הערן ווי דער טאַטע וועט מאַכן הבדלה און זינגען „המבדיל״ און די מאַמע — ביים דערמאָנען די מאַמע, פאַרטראַכט זי זיך... — די מאַמע וועט ווייגענדיק זאָגן „גאָט פון אברהם״.

## ווינטער אין דאָרף

דער ווינטער הייבט זיך אָן באַזעצן אין דאָרף. אין די דאָרפישע שטיבער ווערט פרייטלעכער און לעבעדיקער. פון די ווייסע קוימענעס, אויף די שטרויענע באַשנייטע דעכער, ציען זיך כסדר בלויע רויכן. דורך די פענצטער קוקן אַרויס אַלערליי קאָ־לירטע פאַפּירענע בלומען, אַריינגעפּאַסט אין ווייסער וואַטע, וואָס איז באַשפּריצט מיט דינע אָנגעשאָרענע שטיקעלעך גרין פּאַפּיר. דאָס זעט אויס ווי דינע גראָזן אויף אַ ווייס פעלד... פון די צוויי שושנעס, וואָס פון ביידע זייטע דאָרף, הערט זיך אַ שטענדיק געזאַנג און געלעכטער פון יונגע שיקסעס, וואָס אַרבעטן דאָרט ביים טרי־קענען און רייבן דעם פלאַקס. פון די שטאַלן הערט זיך דאָס רופן פון פאַרבענקטע

בהמות וואָס שטייען און חלומען פון זומערדיקע גרינע לאָנקעס און פילן שווער־קייט אין זייערע לייבער, דורכן שטויס פון נישט־געבוירענע קעלבער, וואָס זיי טראָגן אין זיך. פון צייט צו צייט צעשיטן זיך איבערגעריסענע, דריבנע קלאַנגען — דאָס מעקען די שעפסן אין ד׳ שטאַלן — אַזוי ווי אַ שפּאַסיק, קינדעריש, נאָכ־קרימענדיק געלעכטער.

אין די אָוונטן לייגט זיך אין די שטיבלעך די שיין פון אַ לאַנג, בלוי, טאַנצנ־דיק פלעמל, וואָס ברענט ניט ווייט פון באַלקן און לייכט מיט אַ טונקל ליכט.

אין צוויי שטיבער לייכט דורך די פענצטער אַ רונד, שטאַרק ליכט. דאָס זײַנען די הייזער, וואו די דאָרפסמיידלעך פאַרזאַמלען זיך יעדן אָוונט און ציען דעם פלאַקס אין דינע, זיידענע פעדעם. זיי נעצן די פינגער אָן די ליפּן און דרייען די שפּינדלען אַזוי געשווינד און קונציק, אַז אין אַ רגע ווערט אַ לאַנגער, דינער פאָדעם, וואָס דרייט זיך ווי דורך אַ כישוף אַרום דעם שפּינדל. צוזאַמען מיטן ציען פון דעם פלאַקס אין פעדעם, ציט זיך און קייקלט זיך איבערן ווייס־פאַרשנייטן, נאַכטיקן דאָרף אַ געזאַנג און אַ הילכיק לאַכן פון יונגע מיידלהעלדזער, אונטערגעהאַלטן פון גע־זונטע פריידיקע מענערשטימען. אַהין, אין יענע הייזער, וואו די דאָרפשיקסעס קליי־בען זיך צוזאַמען דורך די ווינטערדיקע אָוונטן שפּינען זייער פלאַקס ביים שיין פון אַ קעראָסינלאָמפּ, וואָס יעדע שיקסע ברענגט מיט לויט איר ריי, קומען אויך צו גיין די בחורים פון דאָרף און אויך פון שכנותדיקע דערפער, און דאָרט קלייבן זיי זיך אויס זייערע געליבטע און פאַרברענגען מיט זיי דורך די אָוונטן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

צו יעדן הויז איז צוגעבויט אַ פּירהויז, וואו ס׳איז איינגעבויט אין דער וואַנט אַ גרויס געלעגער, וואו דער יונג נעמט זיך זיין אויסדערוויילטע און פאַרברענגט מיט איר. אַזוי שפּינען זיך אויס די ליבעס און די מזלות פון דאָרפישן יונגוואַרג.

אין די דינע פלאַקספעדעם, וואָס ס׳ווערט געוועבט דערפון די פיינע לייווגט פאַרן מיידלס אויסשטייער, ווערט אויך אַריינגעוועבט דאָס מיידלישע פאַרבענקטע געזאַנג צום געליבטן, וואָס זי האָט אים איר הארץ אָוועקגעגעבן ביים שפּינען דעם פלאַקס און די האָפענונג אויסצונייען פאַרן חתן אַ שיין מתנה־העמד — פון דער דינער לייוונט, וואָס זי וועבט.

אין אַזוינע ווינטערטעג איז פאַרן קליינוואַרג פון דאָרף כמעט ווי ניטאָ וואָס צו טאָן. קיין שקאָלעס צו לערנען די קינדער זיינען ניטאָ, קיין אַרבעט אויך ניט. די וואָס האָבן שיך אָדער לאַפּטשעס, טאַפּטשען זיך אַרום אין שניי — בויען שניי־מענטשן, מאַכן גליטשן אָדער דרייען זיך אַזוי אַרום, זינגען און שרייען און שפּילן זיך מיט די הינט ביי די שטיבער.

## יידישע קינדער לערנען

די יידישע קינדער פון די יישובים לערנען. סע נעמען זיך צונויף עטלעכע באַלעבאַטים, מע דינגט אַ מלמד און די קינדער קומען זיך צוזאַמען אויף איין האַלבן זמן אין איין דאָרף, און אויפן צווייטן האַלבן זמן פירט מען אַריבער דעם רבין

מיט די קינדער אין אַ צווייטן דאָרף, און אַזוי קומט אַ מאָל אויס, אַז אַ רבי דאַרף דורך איין זמן עסן ביי פיר באַזונדערע יישובניקעס. דאָרט וואו דעם רבין קומט אויס צו זיין, דאָרט איז דער חדר, וואו מע לערנט.

די מלמדים, וואָס קומען אָן אויף די יישובים, זיינען ניט קיין גוטע לערערס, נאָר אַזוי יינגלעך, וואָס לערנען אין אַ ישיבה און ס׳איז זיי שווער אויסצוקומען. פאָרן זיי אַ מאָל אין אַ יישוב אויף אַ זמן, צוויי. אַנדערע זיינען גלאַט באַלעבאַטישע יונגע בחורים, וואָס האָבן צו ביסלעך אַליין געלערנט און האָבן זיך ניט צו וואָס ווייטער צו נעמען — דינגען זיי זיך אָן פאַר מלמדים אויף אַ יישוב. אַ בעסערער מלמד האָט זיין חדר אין שטעטל אָדער אין דער שטאָט און דאַרף ניט פאָרן אויף קיין יישוב.

חדרים זיינען געווען פאַרבאָטן, און דאָס לערנען איז אָנגעקומען מיט גרויס שוועריקייט און שרעק. אַז די קינדער זיינען געזעסן אַרום טיש און געלערנט און עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַנג פון גלעקלעך פון אַ שליטן, אַזוי באַלד זיינען אי די קינדער, אי דער רבי און די שטוביקע פאַרציטערט געוואָרן און מ״האָט אָנגעהויבן פאַרוואַרפן די ספרים, וואָס מ׳האָט פון זיי געלערנט, — אונטער די פערענעס און קישנס פון די בעטן, און אליין האָט קליינוואַרג זיך צעשאָטן ווי אַרבעס — ווער אונטער אַ בעט, ווער אין אַלמער, און די וואָס האָבן געקענט קלעטערן, זיינען אַרויף אויפן בוידעם — און נאָך עטלעכע מינוט פון איינגעהאַלטענעם רעש איז אין שטוב געוואָרן שטיל, ווי קיין לעבעדיק נפש וואָלט דאָרט ניט געווען... אַזוי פלעגן די פאַרבאַהאַלטענע קינדער ליגן מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם אונטער די בעטן און אין די לעכער, ביז די גלעקלעך האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן און ביז דער אָפּקלאַנג איז פאַרשוויגן געוואָרן — און ערשט דאַן איז מען אַרויס פון די באַהעלטענישן און זיך ווידער גענומען צו די ספרים.

## מלכה לערנט רוסיש

זינט די עלטערע צוויי יינגלעך זיינען אַוועק אין שטעטל אין חדר, איז ביי שלומען אין הויז קיין מלמד ניט געווען. מלכה, די עלטערע טאָכטער, האָט דורך דער צייט, וואָס די יינגלעך האָבן אין דער היים געלערנט ביי מלמדים, זיך אויסגעלערנט שרייבן יידיש און לייענען פון טייטש־חומש. מ׳האָט אפילו געפרואווט מיט איר לערנען חומש מיט תנ״ך אויך, אָבער זי האָט געהאַט אַ שווערן קאָפּ. אגב, האָט זי די מאַמע אַלע מאָל געדאַרפט אין הויז אי צו די קלענערע קינדער, אי צום פאָדוואָל. זי איז געווען דאָס איבערגעגעבנסטע קינד אין שטוב און האָט געפירט די ווירטשאַפט ווי אַ גרויסע. דערפאַר האָט מען זי ביי אַן „אוטשיטעל״ וואָס האָט זיך געפונען אין דאָרף, אויסגעלערנט לייענען און שרייבן רוסיש. דאָס האָט זיך געפאָדערט אי דערפאַר וואָס זי איז שלום דעם אַרענדאַרס, און ניט אַזוי שלום דעם אַרענדאַרס, נאָר פעשע גיטעלעס טאָכטער, אי טאַקע צוליב געשעפט אויך. שלום אַליין קען טאַקע אויך רוסיש לייענען און שרייבן, און פעשע אויך, אָבער פון דעסטוועגן איז גוט אַז עס איז דאָ נאָך אַ האַנט אין שטוב, וואָס קען זיך אונטערשרייבן ווען מע דאַרף. און מיט דעם איז מלכהלעס לערנען געווען פאַרענדיקט.

# שרה און דאָס פייגעלע, וואָס דערציילט מעשות

פיל ערגער האָט עס אָבער געהאַלטן מיט דער ייִנגערער, מיט שרהן. עפּעס אַ מאָדנע קינד איז עס געווען. נישט געקענט אַריינקלאַפּן איר אין קאָפּ אַריין נישט קיין אלף, ניט קיין בית. עטלעכע זמנים האָט זיך די מאַמע געמאַטערט מיט איר, ביז, זי האָט עס אויפגעגעבן און מיט דעם האָט זיך עס געענדיקט. מ׳האָט אַלע גע־וואוסט, אַז זי האָט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ. זי אַליין האָט עס אויך געוואוסט, אָבער זי האָט עס ניט געאַרט: — עט, רבי!... זי פלעגט נאָך לאַכן און אַרויסשטעלן אַ צונג די חדר־קינדער, וואָס האָבן יע געקענט לערנען.

שלאָגן זיך האָט זי געקענט און בייקומען דאָס שטאַרקסטע ייִנגל. וואַרפן זיך מיט שטיינער האָט זי אויך געקענט.

און מעשות דערציילן האָט זי געקענט בעסער פון אַלעמען. ביי די קינדער פלעגט זי אַלץ צונעמען און אַלץ אויפעסן און צוזאָגן באַצאָלן מיט אַ מעשה. זייער אָפּט פלעגט זי זיי אָנזעצן, און אַז זיי פלעגן מאָנען: — סטייטש? האָסטאָך געזאָגט, אַז איך גיב דיר האַלב פון מיין פיינקוכן, וועסטע דערציילן, — איז איר ענטפער געווען: איז וויל איך איצט ניט. — טאָ, פאַר וואָס זשע האָסטע אויפ־געגעסן מיין פיינקוכן? — ווייל דאָס האָב איך יע געוואָלט!

אָבער דערפאַר אַ מאָל, אַז סע פלעגט איר אָנקומען דער חשק צו דערציילן מעשות, פלעגט זי זיצן שעהן לאַנג און דערציילן, און קינדער, עלטערע פון איר, פלעגן זיצן פאַרגאַפטע און אויסהערן.

אירע מעשות זיינען אַלע מאָל געווען זייער פאַנטאַסטישע, ניט פון דער ערד, נאָר פון די הימלען און פון ווייטע לענדער. און אַז מע פלעגט זי פרעגן: — פון וואַנען קענסטע דאָס די אַלע מעשות, אַז לייענען קיין ביכלעך קענסטע דאָך ניט? — פלעגט זי ענטפערן, אַז זי האָט אַ פייגעלע, אַ בלוי פייגעלע, און נאָר זי אַליין קען עס זען, דאָס פייגעלע, און מער קיינער ניט. „דיאַנע" רופט מען דאָס פייגעלע. איז אַלע מאָל, ווען זי וויל נאָר אַ מעשה, גייט זי אַוועק אויף די מאָגילעס, וואָס ליגן ניט ווייט פון דאָרפטויער, הינטער שלומס גערטנער, און זי זעצט זיך אַוועק אונטער אַ בוים און רופט אַרויס דאָס פייגעלע ביים נאָמען — קומט עס גלייך צו פליען, ווי פון הימל אראָפּ און שטעלט זיך אוועק אויף אַ צווייג פון אַ בוים אַזוי נידעריק, אַז זי, שרה, קען הערן יעדעס וואָרט וואָס עס דערציילט איר, און אַזוי דערציילט עס און דערציילט די שענסטע מעשות, ביז דער גלאָק פון קאַפּליצקע הייבט אָן קלינגען — אָבער דאַניע טאָר ניט הערן ווי די גלאָקן קלינגען. און ווי זי דער־הערט נאָר דעם ערשטן קלונג, הייבט זי זיך גלייך אויף און פליט אַוועק צוריק אין בלויען הימל אַריין, און זי, שרה, קוקט איר נאָך און דערחלומט שוין אַליין די ניט־פאַרענדיקטע מעשה, וואָס דער קליינער פויגל האָט איר אָנגעהויבן דער־ציילן... און אַזוי אַלע מאָל, ווען זי וויל נאָר אַ נייע מעשה, רופט זי דאָס פייגעלע דאַניע...

די קינדער הערן זיך צו צו שרהס רייד און אַפילו די גאָר עלטערע, ווערן צע־מישט און ווייסן ניט: זאָלן זיי איר גלייבן? ווי קען מען ניט גלייבן, אַז זי דערציילט

עס מיט אַזאַ זיכערקייט? און אַט איז דאָך דער באַוויז: די מעשה אַליין... ווייל ווער האָט דען שוין אַ מאָל געהערט אַזעלכע מעשות? און פון וואַנען וואָלט זיי טאַקע שרה געקענט, אַז לייענען קען זי דאָך פאָרט ניט?...

אזוי ארום האָט שרה די איבערמאַכט איבער די קינדער, וואָס האָבן גוטע קעפּ און קענען לערנען. — נאָך מעשות קומט מען צו איר און דעם בעסערן ביסן שפּאָרט מען אָפּ פאַר איר...

## דינה וויל לערנען

ווי קליין דינה איז געווען, האָט זי אָבער שוין אָנגעהויבן פאַרשטיין דעם אונטערשייד פון פאַנטאַזיע און תכלית. צו איר האַרץ האָט שרה מיט אירע מעשות ניט אַזוי שטאַרק גערעדט, ווי איטשע, וועלכער איז געווען מיט דריי יאָר יינגער פון שרהן און מיט דריי יאָר עלטער פון איר, פון דינהן. זי האָט געהאַט גרויס צו־טרוי צו אים, ווייל ער האָט געלערנט. ער האָט נישט אַלץ דערציילט און ניט אַלץ געוואוסט אויף אויסנווייניק. אַז ער האָט עפּעס דערקלערט צי דערציילט, האָט ער עס געטאָן געלאַסן און איז אפילו נישט געווען אין גאַנצן זיכער מיט זיך... דינה האָט געפילט, אַז ער פאַרשטייט די ספרים, וואָס גרויסע, פרומע מענטשן האָבן גע־שריבן — און דערפאַר האָט זי זיך געפילט אַזוי זיכער מיט זיינער אַ דערקלערונג.

זי האָט אויך געוואָלט קענען לערנען, און וויסן אַלץ וואָס איטשע ווייסט און וואָס דער טאַטע ווייסט — ווען ער זינגט אַזוי אומעטיק און אַזוי שיין זיינע תפילות. ווי זאָל זי אָבער אָנהייבן? קיין רבי אין שטוב איז ניטאָ. ווען וועט מען נעמען אַ רבין? זי האָט איין מאָל געהערט דעם טאַטן מיט דער מאַמען רעדן, אַז דעם יינגל ווערט באַלד פיר יאָר; מע וועט מוזן, אַז מע וועט לעבן, אויף איבער אַ יאָר ווינטער זען אַ שטיקל רבי, נעמען אָנהייבן מיטן קינד לערנען.

— און וואָס איז מיט דינהן? — האָט דער טאַטע געפרעגט — דאָס קינד האָט אַן אָפענעם מוח. זי זאָגט מיר נאָך דעם תהילים אויף אויסנווייניק.

— ווען מיר וואָלט ניט געווען אַזוי קלאָגעדיק אויפן האַרצן, וואָלט איך מיט איר שוין לאַנג אַליין געלערנט. זי וואָלט געקענט שוין לאַנג עברי. אָבער אַז איך גיב אַ קוק אויף איר, ווערט מיר מיין האַרץ מיט בלוט פאַרלאָפן.

— נו, הער שוין אויף. מע טאָר נישט זינדיקן.

— נו־יע, ס׳איז דען איר שולד געווען? אָבער ס׳האַרץ וויל ניט וויסן וואָס דער מוח טראַכט.

דינה האָט ניט אַלץ גוט פאַרשטאַנען, אָבער דאָס וואָס איר איז נוגע געווען, וועגן רבין, וואָס מע וועט דאַרפן נעמען אין אַ יאָר אַרום פאַר איר יינגערן ברודער דניאל — דאָס האָט זי יע פאַרשטאַנען.

אָבער עברי, — וואָס איז עברי? איז עס דאָס, וואָס דער טאַטע זאָגט אַלע מאָל? די ווערטער קען זי, דעם ניגון אויך. ס׳איז אַלץ זייער שיין. אָבער אָן דעם טאַטן, אַז זי נעמט אַ מאָל דעם סידור און קוקט דאָרט אַריין, קען זי קיין וואָרט ניט.

און נאָך אין יענעם שבת־אָונט, ווען זי האָט געהערט דעם געשפּרעך צווישן טאַטע־מאַמע, האָט זי באַשלאָסן, אַז זי מוז קענען לערנען און זי מוז אויך געפינען דעם וועג צו דער מאַמעס קלאָגנדיק האַרץ, און אין עטלעכע טעג שפּעטער — ס'איז געווען אַ שטילער, ווייסער טאָג, דער שניי איז שטיל געפאַלן און דינה איז געזעסן, ווי איר געוואוינשאַפט איז געווען אין אַזעלכע טעג, צוגעדריקט דעם שטערן צו אַ שויב פון פענצטער און געציילט די שניי־עלעך, ווי זיי פאַלן אַזוי געלאַסן און לייגן זיך אויף אַ רגע אויפן פענצטער און פאַרשווינדן — דערהערט זי, אַז מע רופט זי. האָט זי זיך אָפּגעקערט פונעם פענצטער. די מאַמע רופט זי.

— דינה — פאַר וואָס שפּילסטו זיך ניט מיט דניאלן? ער דרייט זיך אַרום אונ־טער די פיס און האָט ניט וואָס צו טאָן. רוף אים צו זיך און דערצייל אים עפּעס, אָדער גייט טוט זיך אָן און גייט אַרויס אין גאָרטן, אַ ווייל, אין שניי.

האָט דינה זיך אָנגענומען מיט מוט און איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען גאָר נאָענט און זי אָנגערירט ביי דער האַנט. פּעשע האָט אויף איר אַ לאַנגן קוק געטאָן און מיט אַ טיפן זיפץ זי אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

— דינהלע, ווילסט מיר עפּעס זאָגן?

— איך וויל דיר זאָגן, מאַמע, אַז... אַז דו וואָלסט מיך אויסלערנען לייענען, אַזוי ווי איטשע און ווי דער טאַטע, אַז איך זאָל קענען אַליין לייענען פון סידור, וואָלט איך אויסגעלערנט דניאלן אויך און מיר וואָלטן ביידע אַלע מאָל געלערנט, און איך וואָלט וויסן אַלע זאַכן וואָס איך וואָלט נאָר װעלן וויסן. אַזוי ווי איטשע...

די מאַמע האָט לאַנג געשוויגן און דינה האָט די אויגן פון איר ניט אַראָפּ־גענומען און געוואַרט אויף איר ענטפער. דערנאָך רופט זיך אָן די מאַמע:

— נו גוט. מיר וועלן זען. שוין צייט דניאל זאָל אָנהייבן לערנען אלף־בית. די עלטערע קינדער האָבן שוין צו זיין עלטער אויך געלערנט.

דינה דערשרעקט זיך אַ רגע און קומט באַלד צו זיך.

— ווילסט לערנען מיט מיר און מיט דניאלן אין איינעם?

— מיר וועלן זען. איך וועל מיט אים אָנהייבן. וועסט זיצן ביי דער זייט, וועסטו אים צוהעלפן, אַז דו וועסט קענען בעסער פון אים. ער איז דאָך נאָך פאָרט אַ קינד.

דינה, א גליקלעכע:

— איך וועל אים אַלץ אויסלערנען. שרהן וועל איך אויך אַלץ אויסלערנען...

## ביים אלף־בית

אין אַ שבת־צו־נאַכט, נאָך הבדלה אויף אַ פולער וואָך, האָט פּעשע גענומען דניאלן מיט דינהן און זיי אַוועקגעזעצט ביים טיש איבער אַ גרויסן אלף־בית, וואָס איז געווען אָנגעקלעפּט אויף אַ ברעט, און יעדער אות באַזונדער האָט אַרויסגעקוקט דערפון ווי אַ געשטאַלט פון אַ באַזונדערן שטאַם און יחוס. דינה איז געזעסן מיט

פרייד און מיט ציטער אין איר קינדעריש האַרץ. אירע גרויסע, ברוינע אויגן זיינען געווען פייכט פון פרייד.

דניאל זיצט און וואַרט אויפן געלט, וואָס דער מלאך וואַרפט אַראָפּ פון הימל פאַר די יינגעלעך, וואָס קענען גוט דעם אַלף־בית.

די מאַמע טייטלט:

— זאָג, דניאלקע: אלף! שריי אויף אים: אַלף.

דניאל שרייט: אלף! אלף! — און קוקט צו דער סטעליע די גאַנצע צייט...

דינה האַלט די אויגן איינגעגעסן אין די אותיות און וואַרט, אַז דניאל זאָל שוין וואָס גיכער אַ קוק טאָן און דערקענען דעם אלף, כדי זיי זאָלן קענען לערנען ווייטער. דניאלן גייט עס אָבער ווינציק וואָס אָן. ער קוקט צו דער סטעליע און רעדט אַרויס מעכאַניש: אלף — ביז ער קען זיך מער ניט איינהאַלטן:

— וואו איז די קאָפּיקע?

— וואָס פאַר אַ קאָפּיקע?

— די וואָס דער מלאך וואַרפט אַראָפּ פון הימל, ווען אַ יינגעלע לערנט אלף בית.

—טאָ קוק זיך איין אין אלף־בית דאָ אויפן טיש... אַז דו וועסט קוקן אַהער אויף די אותיות און לערנען, וועט דיר דער מלאך אַראָפּוואַרפן אַ קאָפּיקע...

דניאל לאָזט אַראָפּ די אויגן צום טיש, קוקט אויפן אלף־בית און שרייט נאָך שטאַרקער: אלף! אלף!

ער גיט אַ בריק דינהן מיטן פיסל אונטערן טיש:

— שריי: אלף!...

און אויפן טיש גיבן אַ פאַל אַראָפּ צוויי קאָפּיקעס... דניאל ווערט רויט און באַלד בלייך:

— דער מלאך! איך האָב גוט געלערנט! און ער כאַפּט ביידע קאָפּיקעס אין הענטל אַריין.

— ניין, דניאלקע, די צוויי קאָפּיקעס זיינען פאַר אייך ביידן. איינע פאַר דיר און איינע פאַר דינהן.

— ניין!... אַ מיידל וואַרפט ניט דער מלאך קיין געלט — זאָגט דניאל.

—ער וואַרפט יע. איינע פאַר דינהן און איינע פאַר דיר, ווייל זי קען שוין אויך לערנען.

דניאל גיט ניט-ווילנדיק דינהן איין קאָפּיקע. זי נעמט די מטבע אין האַנט, קוקט דערויף לאַנג און מאַכט צו די האַנט. זי וועט עס באַהאַלטן.

יענע נאַכט שלאָפט דינה ניט איין ביז גאָר שפּעט. עס דרייען זיך איר די אותיות פון אלף־בית פאַר די אויגן און די קאָפּיקע, וואָס ליגט אונטערן קישן. זי מוז פרעגן איטשען: אַ מלאך זאָל וואַרפן קאָפּיקעס דורך דער סטעליע? מלאכים

אויפן הימל האָבן אויך געלט? סע געפעלט ניט דינהן... אָבער ווער ווייסט, אפשר דערפאַר, אַז קינדער זאָלן האָבן חשק צום לערנען. פון אירעטוועגן וואָלט זי גע־לערנט אָן געלט. זי וועט מוזן פרעגן איטשען...

מיט דינהס און דניאלס אָנהייבן לערנען האָט זיך אין הויז דערפילט, ווי אַ נייַ לעבן וואָלט דערין אַריין. די ווייטערדיקע טעג זיינען קורצע, מיטן הויך־האַ פון די שטוביקע זאָרגן און ארבעטן, גייען זיי שנעל אַריבער. עס קומט אָוונט, צינדט מען אָן דעם לאָמפּ, און ער נעמט באַלייכטן מיט אַ וואַרעם ליכט די גאַנצע קיך. דעמאָלט איז דינה די ערשטע וואָס שטייט גרייט מיטן סידור אונטער דער האַנט און וואַרט אויף דער מאַמען.

די מאַמע פאַרטיקט זיך אָפּ מיט אירע שטוביקע מלאכות. דאָס לערנען מיט די קינדער איז ביי איר איצט א טעגלעכע זאַך. זי פילט זיך אַ ביסל מונטערער, זיפּצט זעלטענער. אויף איר פּנים מערקט זיך אי אַן אינטערעס, אי אַ געוויסע באַ־פרידיקונג. לויט זיינע פיר אַ האַלב יאָר לערנט דניאל גאַנץ פיין. ער לייגט שוין צונויף ווערטער און זאָגט די ברכות אויף אויסנווייניק, ס'הייסט: ער זאָגט נאָך דינהן די ברכות אויף אויסנווייניק. ביים צונויפלייגן ווערטער קוקט ער מער אויף דינהן ווי אין סידור אריין. דער מלאַך וואַרפט קאָפּיקעס און צו מאָל אַ צוקערקע און אַז עס ווערט שוין וואָכעדיקער, אַז די קינדער הייבן שוין אָן עברי, פאַרגעסט זיך דער מלאך און וואַרפט גאַרנישט אראָפּ... און אז דניאל הייבט אָן מאָנען: — סטייטש, איך לערן דאָך גוט! — פאַלט שוין א מאָל אַראָפּ אַ ציגעלע צוקער... און ווי אַ מאַמע ביים אַנטווינען אַ קינד, הייבט דער מלאך אָן צו אַנטווינען דניאלן פון די קאָפּיקעס, ביז דניאלן ווערט די גאַנצע זאַך נימאס און ער הערט אויף נעמען די שטיקלעך צוקער. צוקער — זאָגט ער — מעג דער מלאך האַלטן פאַר זיך.

דינה האָט שוין פון לאַנג דערזען דער מאַמעס האַנט זיך אויפהייבן פּונקט דאַן ווען דניאל קוקט אין סידור — און אַראָפּוואַרפן די קאָפּיקעס... זי האָט זיך דער־פילט זייער באַליידיקט פון דער גאַנצער מעשה, אָבער דניאלן האָט זי גאָרנישט געזאָגט דערפון, נאָר פאַרקערט — איר אייגענע קאָפּיקע האָט זי אים אויך אַוועק־געגעבן. פאַר איר איז געוועזן גענוג, אַז זי זיצט ביים סידור און לערנט און פילט, ווי פון טאָג צו טאָג ווערט איר וועלט באַרייכערט מיט נייע ווערטער, וואָס ערשט נעכטן האָט זי זיי נישט געקענט לייענען, און היינט לייענט זי זיי אריין אין זיך, ווי אַ טייל פון איר פאַרמעגן.

אַזוי איז דער ווינטער אַריבער.

אין שטוב האָט זיך צוריק איינגעשטעלט דער נאָרמאַלער גאַנג פון לעבן. אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן, אַז די צוויי יינגלעך זיינען אַהיימגעקומען אויף שבת און אַז די מאַמע האָט פאַר זיי אָנגעגרייט קלענערע חלות אויף קידוש מאַכן, זיינען שוין דינה און דניאל אויך געזעסן מעשה גרויסע, און פאר דניאלן איז שוין אפילו געלעגן א קליין חלהלע גרייט. און דינה איז געזעסן א גליקלעכע — ווי דורך איר איז עס נאָך אַ ייד צוגעקומען אויף דער וועלט. זי האָט עס געגונמען אויף זיך, וואָס דניאל האָט געקענט אי אין סידור, אי אויף אויסנווייניק — ווייל זי פלעגט מיט אים איינחזרן וואָס זיי האָבן ביידע ביי דער מאַמען געלערנט.

שבת נאָך וואַרעמעס, אַז דינה האָט געפונען איטשען ערגעץ באַזונדער זיצנדיק איבער א ספר אָדער גלאָט אזוי ליגנדיק אויף דער קאַנאַפּע, פלעגט זי צו אים צוגיין און אים אַ פרעג טאָן שטילערהייט:

— ווילסט אפשר הערן ווי איך קען שוין לערנען?

זיין ענטפער איז כמעט אַלע מאָל געווען דער זעלבער:

— לערנען — רופסטו עס? קענען זאָגן קמץ־אלף — אָ, דאָס הייסט ביי דיר לערנען? נו, און חומש מיט רש״י — דאָס קענסטו?

דינה האָט זיך דעמאָלט געפילט זייער קליין ביי זיך, און, ווי צו פאַרענטפערן זיך, פלעגט זי זאָגן:

— איך וועל נאָך קענען. די מאַמע הייבט שוין באַלד מיט מיר אָן תהילים אויף טייטש, און זי זאָגט, אַז אויפן עיבור־יאָר וועט מען נעמען אַ רבין אין הויז.

איטשע וויל זיך אָפּטשעפּען פון איר:

— איז ווער טויג קענען.

דינה רוקט זיך צו נעענטער:

— איך האָב אָבער מורא פאַר א רבין. ער שלאָגט די קינדער, זאָגט מען. דיין רבי שלאָגט דיך?

— מיך שלאָגט ער ניט.

— פאַר וואָס?

— ווייל איך לערן גוט.

— און די קינדער, וואָס לערנען נישט גוט, שלאָגט ער יע?

— ער שלאָגט א מאָל, אָבער נישט שטאַרק. מיין רבי איז א קראַנקער — ער האָט נישט קיין כוח שטאַרק צו שלאָגן.

— א קראַנקער? און אז ער וואָלט געווען אַ געזונטער, וואָלט ער יע שטארק געשלאָגן?

איטשע, בייזלעך:

— וואָלט ער יע שטאַרק געשלאָגן! אַז מע לערנט גוט, שלאָגט ער נישט!

—איך וועל לערנען גוט, וועט ער מיך נישט שלאָגן.

זי דערמאָנט זיך אָבער באַלד, אַז דניאל לערנט נישט גוט און זי זאָגט ווי פאַר זיך:

— אפשר וועט אונדזער רבי אויך זיין אַ קראַנקער...

## אַ מלמד קומט

באַלד נאָך די ימים־טובים איז צו שלומען אין שטוב אָנגעקומען אַ מלמד, אַ יונג, בלאָנד בחורל, פון אַ דערבייאיקער שטאָט.

דעם חדר האָט מען צונויפגעשטעלט פון קינדער פון דריי דערפער, אָבער דעם ערשטן זמן וועט מען לערנען ביי שלומען אין שטוב.

די קינדער פון די שכנותדיקע צוויי דערפער ברענגט מען צו פירן צו שלומען אויפן זמן: דאָס זיינען דער מומע יאַכעס צוויי קינדער פונעם דערפל סטאַנקי, און פון אָסטראָוואָק, אַ צווייט שכניש דאָרף, שלום דעם אָסטערוואָקערס דריי קינדער און פייסע דעם שמידס צוויי אייניקלעך.

די קינדער זיינען געווען פון פאַרשיידענעם עלטער. דער מומע יאַכעס מיידל, ריווע, איז געווען די עלטסטע. די צווייטע איז געווען פייוול דעם שמידס מיידל, מירקע, אויך פון סטאַנקי. די צוויי מיידלעך, כאָטש שוין גאַנץ גרויסע, האָבן נאָך דעם אלף־בית נישט געקענט, צוליב דעם וואָס ביי פייוול דעם שמיד זיינען געווען נאָר מיידלעך, און ביי לייבן דעם אַרענדאַר, דער מומע יאַכעס מאַן, זיינען געווען זין, נאָר שוין אַלע דערוואַקסענע און כמעט אַלע שוין אַוועק פון דער היים: אין אַמעריקע, אין באָברויסק און אויף סלוזשבע ביים קייסער. זייער מיידל, ריווע, איז געווען די ייִנגסטע, און די מומע יאַכע, וואָס האָט אליין נישט געקענט דאַווענען, האָט אָבער געוואָלט, אַז איר טאָכטער זאָל יאָ קענען. ערשט איצט, צום ערשטן מאָל, האָט זיך איר געמאַכט די געלעגנהייט זי אַוועקצושיקן אין אַ חדר.

שלום דעם אָסטראָוואָקערס קינדער זיינען אַלע געווען ייִנגלעך. בערל און שלמהקע זיינען געווען אַ צווילינג פון אַכט יאָר. בערלען, דעם עלטערן מיט צען מינוט, האָט מען גערופן בחור. און נאָך אַ צונעמעניש האָט ער געהאַט: בערעלע־בחור־פאַרך. ער האָט נאָך קינדווייז געהאַט אַ פאַרך — איז אים פאַרבליבן דער קאָפּ אין פּליכעס. און שלמהקע, דער ייִנגערער, איז געווען אַ שטאַמלער, האָט מען אים גערופן זאַהיקע. און זייער קלענער ברודערל, חיימקע, אין גאַנצן זעקס אַ האַלב יאָר אַלט, האָט מען גערופן פייערקעפל, ווייל ער האָט געהאַט פלאַמיק־רויטע האָר. און תמיד איז אים געראַנען פונעם נעזל. און פייסע דעם שמידס צוויי אייניקלעך זיי־נען געווען העניע,, אַ מיידל אין איין עלטער מיט דינהן, און אַ ייִנגעלע מאיר, אין איין עלטער מיט דניאלן.

די קענערס פון גאַנצן חדר זיינען געווען שלומס צוויי קינדער: דינה און דניאַל. און נישט אַזוי דניאַל, ווי טאַקע דינה. זי האָט געזאָגט גוט עברי און געקענט אויף אויסנווייניק צען קיפּיטל תהילים מיט טייטש. די מאַמע אירע האָט זי אַוועק־געשטעלט פאַרן גאַנצן חדר, אַז דער רבי זאָל זי פאַרהערן.

דינה איז בטבע געווען אַ שטילע און אַ שעמעוודיקע. און איצט, פאַר אַזוי פיל קינדער און דעם רבין, האָט זי זיך נאָך מער געשעמט. אָבער זי האָט מיט אַלע אירע כוחות און מיט איר גאַנץ קינדעריש־גלייביק האַרץ ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז זי׳ט זאָגן דעם תהילים און זאָגן גוט, אַזוי אַז אי דעם רבין, אי די קינדער זאָל עס גע־פעלן. און אַז זי וועט געפעלן, וועלן זיי אַלע אין איינעם לערנען תהילים, מיט ניגון און מיט טייטש — און סע וועט קלינגען אַזוי שיין... זי האָט אין זיך אַריינגע־אָטעמט אַ טיפן אָטעם לופט, אַזוי ווי איינער, וואָס דאַרף אַריינשפּרינגען אין אַ טייך קאַלט וואַסער, און זי האָט אָנגעהויבן זאָגן, פריער מיט ציטער, דערנאָך אַ ביסל דרייסטער:

— אַשרי — וואויל, האיש — דעם מענטשן, אשר — וואָס, לא הלך — איז נישט געגאַנגען, בעצת — אין דער עצה, רשעים — פון די שלעכטע, ובדרך — און אין וועג, חטאים — פון די זינדיקע, לא עמד — איז ער נישט געשטאַנען. ובמושב — און אין דער זיצונג, לצים — פון די שפעטערס, לא ישב — איז ער נישט געזעסן...

און אַזוי ווייטער און ווייטער, קיפּיטל נאָך קיפּיטל. אַלע זיינען געזעסן אַרום טיש און פאַרגאַפּטע זיך צוגעהערט ווי דינה זאָגט, מיט אַ ניגון. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ קוויטש פון חיימקען, שלום דעם אָסטרעוואָקערס יינגל, און באַלד אַ געוויין מיט אַ יללה:

— שלמהקע — האָט — מיר — געגעבן — אַ שטאַרקן — קניפּ — אין פוס!
— ער האָט מיך געהאַלטן אין שיין שטויסן מיט די פיס — און נישט געלאָזט זיצן שטיל!...

מאירקע, פון דער צווייטער זייט:

— מיך האָט ער אויך געשטויסן מיט די פיס אונטערן טיש און נישט געלאָזט הערן...

דער רבי, נישט פיל עלטער פון דער עלטסטער תלמידה, ריווע, האָט זיך אַרומגעקוקט און טאַקע אַנגעקוקט אָט־די גרויסע, שוואַרצע מויד מיטן הויכן בוזעם און מיט די קודלאַטע, שוואַרצע האָר, האָט זיך פאַררויטלט און אַ זאָג געטאָן:

— נו, קינדער, איר זעט שוין אַלע ווי דינהלע קען לערנען. איצט וועלן מיר זען, ווער נאָך סע קען.

דינה האָט אויפגעלויכטן פון פרייד: דינהלע — אַזוי האָט זי נאָך קיינער נישט גערופן. זי וועט גוט לערנען. דער רבי וועט זי נישט שלאָגן. ניין, אַזאַ רבי — ער וועט קיינעם נישט שלאָגן. ער איז אַ שעמעוודיקער. זי נעמט אַרויס אַ סידור און אַ חומש, זעצט זיך לעבן דניאלן. ער גיט אַ קוק אויפן סידור און אויפן רבין און גיט אַ געשריי:

— איך וויל נישט לערנען מיט אַ רבין!

דער רבי האָט זיך ווידער פאַררויטלט:

— דאַרפסט לערנען, דניאל, מיט אַ רבין. ביסט דאָך שוין אַ גרויס יינגל.

דינה ווילביידן פאַרענטפערן:

— דניאל מיינט, אַז ער וויל לערנען מיט מיר פון איין סידור. מיר לערנען אַלע מאָל אין איינעם; — זי גלעט דניאלן איבערן אַרבל — יע, דניאל?

דניאל ענטפערט נישט. דער רבי הייבט אָן פאַרהערן יעדן באַזונדער. עס לאָזט זיך אויס, אַז פון די ניין קינדער קענען פיר דעם אלף־בית נישט. אברהמל, קען אויסלייגן ווערטער, און פיר וועלן שוין דאַרפן חומש לערנען. דינהן איז עס נישט צום האַרצן. זי האָט אַנדערש געמיינט. זי האָט פאַר זיך געזען דעם גאַנצן חדר קינדער אַרום טיש מיט די חומשים און תנ״כן אין די הענט, זיצנדיק און לערנענדיק מיטן זעלבן ניגון. און עס לאָזט זיך גאָר אויס, אַז די קינדער קענען נאָך קיין אַלף־בית נישט... ריווע איז שוין אַזאַ גרויסע, כמעט גרעסער פונעם רבין, און זי קען

נאָך גאָרנישט. זי, דינה, וועט מיט איר לערנען וועט קיינער וועט נישט זען. אַז ריווע זאָל זיך נישט דאַרפן שעמען, וועט זי אויך קענען לערנען מיט די קינדער וואָס אין דער סווּיטע פון חומש.

העניע, זייער שכנס, דעם שמידס אייניקל, איז מיט דינהן אין איין עלטער. זי האָט זיך מיט איר קיין מאָל נישט געטאָרט שפּילן, מחמת די צוויי משפּחות האָבן געפירט אַ רוגז צווישן זיך. דער רוגז איז אייגנטלעך געווען אַן איין־צדיקער, פון שלום דעם אַרענדאַרס הויז. די פּריצישע פּעשע האָט קיין מאָל נישט געקענט פּועלן ביי זיך, אַז אירע קינדער זאָלן זיך שפּילן מיטן שמידס קינדער. דינהן פלעגט אויס־גיין דאָס הארץ פון בענקעניש נאָך יענעם אַלטן, געבויגענעם שטיבל, וואָס היב־טער זייער גאָרטן, אַן אַ זייט פון די זאַמדגריבער.

## די בלינדע שרה-רחל און איר זון לייבקע

דעם שמידס שטיבל איז געווען אָנגעפּילט מיט צוזאָג און מיט צויבער — אין דינהס קינדערישער פאַנטאַזיע... דאָרט איז פאַראַן די אַלטינקע, בלינדע שרה־רחלע, וואָס איז די גרויס ווי אַ צעניאָריק קינד און וואָס מע דערציילט וועגן איר, אַז זי קען אָפּשפּרעכן אַ גוט־אויג און אַן אודאַר, אַ שלעכטן קלאָפּ, און קייקלען פּערעפּאַלאַך — ס׳הייסט, אַז איינער ווערט קראַנק פון אַ שרעק, נעמט זי ווייך ברויט און קייקלט עס איבערן קראַנקנס בויך און שפּרעכט מיט אַזאַ שפּרוך, ביז די שרעק טוט זיך אָפּ פון יענעם און ער ווערט געזונט.

אויך דערציילט מען וועגן איר, אַז אירע אויגן האָט זי זיך אויסגעוויינט... זי האָט געהאַט אַ מאַן מיט אַכט קינדער, און אין אַ צייט ווען טיפוס האָט געבושעוועט, האָט זי פאַרלוירן דעם מאַן מיט זעקס קינדער. האָט זי אַזוי פיל געוויינט, ביז די אויגן זיינען איר קאַליע געוואָרן. אָבער זי האָט נאָך באַוויזן אויסצוהאָדעווען צוויי קינדער, אַ זון מיט אַ טאָכטער, ביידע זייער שיינע און גראַטענע, לייבקע און ציפּורה. איז אַז דער זון איז געוואָרן אַלט איין און צוואַנציק יאָר, האָט מען אים צוגענומען אויף סלוזשבע, אין סאָלדאַטן, און דערפאַר וואָס ער איז געווען אַזאַ הויכער און גע־זונטער, האָט מען אים אָפּגעגעבן דינען אין אַ פּאָלק מיט גוואַרדיעס.

אז ער איז אַ מאָל געקומען אויף אורלויב אַהיים, איז דער גאַנצער געגנט גע־גאַנגען כאַדאָראָם. די אַלטע מאַמע האָט זיך נישט פאַרגונען צו קוקן אויף אים, איז צוגעקומען נאָענט, צוגעטראָגן די רויטע קאַליע אויגן צו זיין פּנים, צו זיין קאָפּ מיט דער שיינער טשופּרינע, באַטאַפּט מיט די הענט דעם מונדיר, די עפּאָלעטן — אָפּגע־קערט זיך און דריי מאָל אויסגעשפּיגן: „קיין עין־הרע זאָל אים נאָר נישט זיין...״

און אַז סע זיינען געקומען מערער מענטשן אין הויז, אָדער אַז ער איז ערגעץ אַוועק און איז צוריקגעקומען, פלעגט זי צוגיין צו אים, ווען ער איז שוין געשלאָפן, און אים אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע. דער זון האָט די מאַמע אָפט געכאַפּט ביי דער „גניבה״, ער פלעגט זי אָנכאַפּן ביי דער האַנט, זי צוציען צו זיך און איר אַ קוש טאָן:

— וואָס, מאַמע, שפּרעכסט שוין ווידער? דעם שלעכטן וועט דער טייוול אַליין אויך נישט נעמען.

ביים וואָרט „טייוול" פלעגט שרה־רחל אַ פאַרציטערטע ווערן און אויסשפּייען דריי מאָל:

— זאָל גאָט אויסהיטן, מיין קינד. וואָס רעדסטו גאָר?

— מאַמע, האָסט געדאַרפט זען, ווי מע שפּרעכט אָפּ אַן עין־הרע אין פאָלק דאָרטן, מיט די קאָזאַקן אויף די פערד, רייטנדיק ביי די מאַנעווורעס, מיט די באַ־יאָנעטן פאָרויס, און די פערד פליען ווי די טייוולאָנים, אַזש די ערד ציטערט אונטער זייערע פיס — און אַ שפּרונג איבערן פּלויט, ווי זיי וואָלטן זיך פון דער ערד אָפּגעריסן מיט דיר אין איינעם, און דיר דאכט זיך, אַז דו וועסט שוין צוריק צו דער ערד קיין לעבעדיקער נישט דערפליען... די ערשטע צייט, ביז איך האָב זיך צוגעוואוינט, פלעגט עס מיר די קישקעס פון בויך איבערקערן, אָבער איצט איז ניטשעוואָ. איך גלייך זיך שוין אויס מיטן בעסטן פון זיי. איך וועל זיי נאָך וויזן, ווער לייבקע איז. זשידליק — רופן זיי מיך. סע שטייט זיי ניט אָן. זיי, די געבוירענע קאָזאַקן, שטייט דער עסק נישט אָן...

ער האָט פּלוצלינג דערפילט, ווי זיין מאַמעס אויסגעדאַרטע, כמעט ווי קינדישע האַנט ציטערט אין זיינער, ווי אַ פיש, ווען מע נעמט אים אַרויס פון וואַסער — האָט ער זיך דערמאָנט, וואָס ער האָט דאָ גערעדט און האָט זיך צעלאַכט:

— נו, דיין נאַרישער לייבקע פּלאַפּלט ווי אַ קינד. מאַמע, ס'איז גאָרנישט. וואָס ציטערסטו, מאַמע? זעסט דען נישט, אַז מיר איז גאָר נישט געשען?... איך בין דאָרט אויסגעוואַקסן אי אין דער לענג, אי אין דער ברייט.

שרה־רחל שפּייט אויס דריי מאָל:

— קיין עין־הרע.

— גוט, מאַמע, זאָל זיין: קיין עין־הרע, — אָבער ציטער נישט אַזוי איבער מיר.

— יע, מיין קינד, זאָל נאָר זיין צום גוטן. ווייסט נישט, וואָס פאַר אַ נעכט איך האָב, זינט זיי האָבן דיך צוגענומען. דאָ אַזאַ חלום און דאָ אַזאַ. דאָ זע איך דיך אָט־אַזוי לעבן זיך, ווי איצט, און דאָ — נו, זאָל עס גיין אויף אַלע פּוסטע וועלדער. אָט, מירטשעם, וועסטו זיך אויסדינען און זיך געפינען אַ גוטע כלה, און חתונה האָבן, און פאַרנעמען דיין טאַטנס עליו־השלום אָרט ביים וואַרשטאַט. דיר צו לאַנגע יאָר זאָל עס נאָר זיין, זינט ער איז אַוועק, האָט נאָך דאָס דאָרף קיין רעכטן שוסטער ניט געהאַט. סע באַגעגענען מיך די גויעס, טרייסטן זיי מיך: — באַלד, באַלד שרה־רחל סערדצע, דיין לייבקע וועט צוריקקומען פון סלוזשבע, חתונה האָבן, און זיך באַזעצן אין דער היים, וועט דאָס דאָרף ווידער האָבן גוטע שטיוול, און דו — אַ ביסל רו אויף דיינע אַלטע יאָרן. — בענטש איך זיי און זאָג: אָמן, פון אייערע מיילער, להבדיל, אין גאָטס עווערן. און גאָט זאָל מיך דערפאַר נישט שטראָפן. אַז דאָס האַרץ גייט אויס נאָך אַ טראָפּן טרייסט... ציפּורהלע איז שוין טאַקע אָן אַן עין־הרע אַ היפּש קינד, אָבער פאָרט — צוויי ווייבער אָן אַ מאַנסביל אין שטוב.

— נו, גוט, מאַמע, דו זוך מיר דאָ דערווייל אויס אַ פיינע כלה, און נאָך אין אַן אַכצן חדשים, אַז איך וועל אַהיימקומען, וועלן מיר שוין זען אַז דו זאָלסט האָבן דיין מאַנסביל אין שטוב. און די גויעס, דיינע וואָרזאָגערינס, וועלן האָבן די אמתע

שטיוול. סע וועט מיר נישט נעמען לאַנג צו דערמאָנען זיך די גרויסע תורה, וואָס איך האָב געלערנט ביים טאַטן און אין קאַפּוליע ביי בעניע שוסטער. די רייכע פּריצהטעס, די נגידישע טעכטערלעך, פלעגן די כפרה ווערן נאָך לייבקעס אַ פּאָר קאַמאַשלעך.

— אָן אַן עין־הרע גאָלדענע הענט, ווי דער טאַטע, דיר צו לאַנגע יאָר.

לייבקע איז צוריקגעפאָרן אין סלוזשבע, אַ פרייליכער. דאָס גאַנצע דאָרף האָט אים באַלייט, סיי די גויים, סיי די יידן. אַלע האָבן אים געוואונטשן צוריק־קומען געזונטערהייט.

אָבער לייבקע איז צוריק נישט געקומען.

פאַרשיידענע מעשות האָט מען דערציילט וועגן זיין פּלוצעמדיקן טויט. איין סאָל־דאַט, אַ יידישער, פון זיין פּאָלק, האָט געשריבן, אַז לייבקע איז דערהרגעט געוואָרן פון זיין פערד בעת אַ מאַנעוורע. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז שיכורע סאָלדאַטן האָבן אים געשלאָגן און אים אָפּגעשלאָגן די לונגען און ער איז געשטאָרבן אין דריי טעג אַרום.

שרה־רחלען, מיט אירע קאַליע אויגן, איז אָנגעקומען אַ גרויסער קאָנווערט מיט אַ שוואַרץ רעמל, מיט צוויי גרויסע טריוואַקסענע רויטע חתימות, און מיט אַן אויס־געמאָלטן אָדלער: מ׳האָט זי געפאָדערט קיין ראָמאַנאָוו, אַ דערבייאיק שטעטל, אין קאַנצעלאַריע אַריין.

אַז שרה־רחל האָט דערהערט, אַז מע פאָדערט זי קיין ראָמאַנאָווע אָפּצונעמען אַ „פּאָוועסטקע״, האָט זי שוין געוואוסט, אַז זי דאַרף וויינען...

## ציפּורה

און אַזוי האָט זי אָפּגעוויינט די איבעריקע עטלעכע יאָר, ביז ציפּורהלע איז אונ־טערגעוואקסן און מיט איר וואַקסן האָט דאָס שטיבל, וואו די פענצטער, די ווענט און יעדער שטרוי פון דאַך האָבן אין זיך אַזוי פיל יאָמער איינגעזאַפּט דורך די לאַנגע יאָרן, אָנגעהויבן אויפצולעבן, ווי איינער וואָס ליגט אָפּ קראַנק יאָרן לאַנג און הייבט אָן ווי דורך אַ נס געזונט צו ווערן. ס׳האָט זיך אפילו דערהערט אַ קול פון אַ יונג מיידלס האַלדז, מיט געלעכטער, און פון א יונג מיידלס האַרץ — דורך אַ פאַרבענקט גויאיש ליבעליד, אָדער אַ יידיש פּאָלקסליד.

צו ערשט האָבן די פענצטער, די ווענט און דאָס שטרוי אויפן דאַך, ווי די אַלטע, אויסגעוויינטע שרה־רחל אַליין, אויפגעציטערט מיט חידוש פון דעם יונגן קול. ביס־לעכוויז אָבער האָבן זיי זיך צוגעוואוינט צו דעם יונגן לעבן, וואָס צעבליט זיך דאָרט. אויף די פענצטער האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן ווייסע פאָרהענגלעך, און אַז מ׳האָט זיי צעעפנט, האָבן ארויסגעקוקט וואַזאָנעס מיט בליאונג. אויף די ווענט האָבן זיך באַוויזן בילדער, אין שיינע, קאָלירטע רעמלעך, וואָס ציפּורהלע האָט צע־האַנגען — אַלטע פעטערס מיט מומעס, און אַ בילד פון לייבקען, אויף אַ פערד ריי־טנדיק, אין אַ מונדיר מיט עפּאָלעטן.

שרה־רחל האָט אַזוי לאַנג געוויינט, קוקנדיק אויפֿן בילד, ביז זי האָט שלום געמאַכט מיטן געדאַנק און פֿלעגט נאָר זיצן און קוקן מיט אירע קאַליע אויגן און שטריקן אַ זאָק פֿאַר אַ דאָרפֿישן פּויער, אָדער אַ פּויערטע, און חלומען... אַלץ האָט זיך ביי איר אַזוי אויסגעמישט אין איר מוח, אַז זי האָט שוין אַליין נישט געוואוסט צי דער חלום איז וואָר, צי די וואָר — אַ חלום. און ציפּורה, וואָס האָט זיך אין ראָמאַנאָווקע אין זייער אַ קורצער צייט אויסגעלערנט בייטעריי, ביי שרהקע דער שניידערקע, איז איצט געווען אַ פֿיינע נייטאָרין, און די שיקסעס האָבן זי ליב גע־האַט. זי האָט מיט זיי געהאַט אַ גרויס שייכות — אַליין דערצויגן ווי זיי, האָט זי גע־זונגען ווי זיי און ווי זיי געהאַט אַ געזונטן חוש פֿאַר ערדישע און שיינע זאַכן. זי האָט ביי זיי געוואוסט פֿון זייערע ליבעס און פֿון זייערע טראַגעדיעס. זי האָט זיי גענייט קליידער, און ביים נייען האָט זי ליב געהאַט צו זינגען.

אַז ציפּורה איז אַלט געווען זיבעצן יאָר, האָט זי שוין געהאַט אַ חתן, פּרץ, אַ שוס־טערס אַ זון פֿון אַ צווייטן דאָרף — אַ שיינער, אַ בלאָנדער, און אַ גוטער אַרבעטער. זיי האָבן זיך ליב געהאַט פֿון קינדוויַז אָן. אויפֿן אַכצעטן יאָר איז געווען די חתונה. פּרצעס עלטערן, גוטע, ערלעכע און אָרעמע מענטשן, האָבן מסכּים געווען. ציפּורה איז אַ שיין, געזונט מיידל, אַ פּאַרדינערקע. פּרץ האָט גלייך אַ חזקה — אַ דאָרף.

שרה־רחל האָט נאָך דערלעבט אַ ביסל נחת אויף דער עלטער. אברהם עליו־השלום, ווען ער וואָלט געלעבט, טראַכט זי, וואָלט ער אויך געווען צופֿרידן מיטן שידוך.

אברהם דער שוסטער מיט פּרצעס פֿאָטער זיינען געווען יוגנט־חברים, געלערנט פֿריער אין איין חדר, און דערנאָך ביים זעלבן שוסטער די שוסטעריי.

די חתונה איז געווען אויפֿן אָרעמען שטייגער, אָבער זייער אַ האַרציקער עולם האָט זיך צונויפֿגעקליבן. מ׳איז געקומען אי פֿון גוטפֿריינדשאַפֿט, אי פֿון רחמנות.. פּויערים מיט פּויערטעס זיינען געקומען ווינטשן די חתן־כּלה אַ לאַנג, גליקלעך לעבן, און שרה־רחלען — אַז זי זאָל אויף דער עלטער נחת האָבן. און יעדער האָט געבראַכט, לויט זיין שטאַנד, דרשה־געשאַנק. איין גויע האָט געבראַכט אַ שטיק דינע לייוונט, די צווייטע — אַ טעפּל הירזש. איינע — אַ צענדליק אייער און אפֿילו אַ לעבעדיקן האָן מיט אַ הון אויך — עס זאָל זיך ביים יונגן פּאָרפֿאָלק מערן און פּלאָדיען... שיקסעס האָבן געבראַכט איידעלערע מתּנות: איינע — אַן אויסגענייטן האַנטעך, די צווייטע — אַ דין שטיקל אויסגעהעפֿטע לייוונט פֿאַר אַ נאַכטהעמד, אַ דריטע — אַ שיין, געפּאַלדעוועט, קאָלירט פֿאַרטעך, אַ פֿאַטשיילקע מיט אַלערליי בלומען. דער יידישער עולם האָט אויך געגעבן מיט דער ברייטער האַנט, אי פֿון רחמנות וועגן, אי פֿון מצווה וועגן.

דאָס פּאָרפֿאָלק האָט געלעבט ווי די טויבן. אין הויז איז געווען ליכטיק און וואַ־רעם. אין פֿאָדערהויז איז געזעסן פּרץ ביים וואַרשטאַט, ריטמיש געקלאַפּט טשוועק־לעך מיטן האַמער און זיך צוגעזונגען, און אין צווייטן צימער איז געזעסן ביי דער מאַשין ציפּורה, אַ צעבליטע ווי אַ יונגע רויז, און גענייט געבלימלטע קליידער פֿאַר די דאָרפֿשיקסעס, און אונטערגעהאַלטן פּרצן מיטן זינגען. ביידע זיינען זיי געווען בלאָנדע, ביידע יונג, און ביידע האָבן שיין געזונגען. דאָס געזאַנג איז ביי זיי געגאַנ־

גען ווי א צונויפגערעדטע זאַך. איינער האָט געוואוסט, וועלכס ליד דער צווייטער האָט ליב, און ביידנס שטימען האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין געזאַנג.

שרה־רחל איז אַרומגעגאַנגען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און געהיט די פרייד מיט א ציטערדיק הארץ, געקוקט פון ציפּורהן צו פּרצן, מיט אירע אויסגע־וויינטע אויגן, און גאָט געדאַנקט, און געבעטן, ער זאָל איר די פרייד ניט פאַרשטערן און אַז די שטוב, וואָס האָט שוין פון אַזוי פיל אומגליק געוואוסט, זאָל פון אַ נייעם דור און פון פרייד אויך וויסן.

פרייטיק צו נאַכטס, אַז פּרץ האָט זיך אָוועקגעשטעלט ביים טיש קידוש מאַכן, האָבן אים ציפּורהס אויגן אָנגעקוקט מיט אַן אַ שיעור ליבשאפט: איר מאַן מאַכט קידוש... איר מאַן זיצט ביים טיש, אויבן אָן, איז אַ באַלעבאָס...

שרה־רחל האָט גאָט געדאַנקט, וואָס אין איר שטוב איז דאָ אַ מאַנסביל, וואָס זאָל קידוש מאַכן, און זי זאָל קאָנען ענטפערן: אָמן, נעמען די „המוציא" פון אַ מאַנס־בילס האַנט... אַז ס'איז איר נישט באַשערט געווען, אַז זי האָט נישט זוכה געווען ביי גאָט — נישט איר מאַן, נישט איר זון — איז גאָט צו דאַנקען פאַר דעם... אַ וואוילער, אַ גוטער בעל־מלאכה, און גיט איר אָפּ כבוד, לאָזט זי קיין שטיקל האָלץ אין אויוון נישט אַריינלייגן, קיין עמער וואַסער נישט אַריינטראָגן: — שוויגער — לאָזט־אָפּ, וואו בין איך דען? גייט צו אייער זאַק, אָדער גייט רוט זיך בעסער אָפּ. — און ציפּורה־לען טראָגט ער דאָך ממש אויף די הענט. איז גאָט צו דאַנקען. און ווי יונג ער איז, האָט ער שוין ליב שבת נאָך וואַרעמעס אַ קאַפּיטל תהילים זאָגן.

אַ־ין שטוב ליגן נאָך אברהמס ספרים, קוקט ער אַ מאָל אַריין אין אַ ספר. שבת, ביים מנין, איז מען אים מכבד מיט א פיינער עליה, א מאָל אפילו מיט מפטיר אויך.

און מיט די פויערים פון דאָרף איז ער גאָר אַ גאַנצער בעל־תקיף. זיי קומען צו אים ווי צו א ברודער, פאַרלאָזן זיך אויף אים. פון דינגען זיך איז גאָר קיין רייד ניט: פּרץ איז אַן ערלעכער זשיד, ער נעמט נישט איבער, ער נאַרט נישט אָפּ.

## ציפּורה פאַרגייט אין טראָגן

אַז ציפּורה האָט אויפן דריטן יאָר נאָך דער חתונה זיך אָנגעהויבן באַקלאָגן, אַז סע נודיעט זי אויף צום ברעכן, און זי האָט קאָפּווייטיק, איז אין שטוב געוואָרן אַ גרויסע פרייד. אַ פרייד, אַ ציטער און אַ ליאַרעם.

— מוזסט גלייך אויפגעבן דאָס נייען און די מאַשין! — האָט פּרץ געשריגן מיט אַ געמאַכט בייז קול — הערסט, ציפּורה? גלייך, טאַקע אויפן אָרט! וואָס איז, איך פאַרדין דען חלילה נישט גענוג אויפן לעבן? סע פעלט דען חלילה פון עפּעס אין שטוב? גלייך לייג מיר אָוועק די אַרבעט!

ציפּורה, אַ ביסל פאַרדויטלט, מאַכט צו אים:

— וואָס איז מיט דיר, פּרץ? איך האָב זיך דען חלילה ווען באַקלאָגט, אַז מיר פעלט עפּעס? ביסט אַ נאַר, פּרץ. אַז איך האָב נישט געהאַט וואָס צו טאָן האָב איך גענייט.

ס'האָט מיר דען געשאַט? אָבער איצט, אַז דו ווילסט נישט, וועל איך נישט נייען. איך וועל אַרויסענדיקן די אַרבעט, וואָס ליגט, און שוין.

פּרץ שפּרינגט אָפּ פונעם וואַרשטאַט, וואַרפט אַוועק דעם האַמער, לויפט צו צו ציפּורהן, גיט זי אַ הייב אויף פונעם בענקל:

— לאָז אָפּ, ציפּורה, היינט אַרבעט מען נישט.

ער כאַפּט זי אַרום, גיט איר אַ קוש אויף די ליפּן, שלעפּט זי טאַנצן און נעמט זיך דרייען מיט איר איבער דער שטוב.

ציפּורה ווערט זיך:

— לאָז אָפּ, פּרץ. ביסט משוגע געוואָרן? שעם זיך פאַר דער מאַמען.

און שרה־רחל בעט זיך:

— קינדער, גאָט איז מיט אייך. פּרץ, לאָז זי אָפּ, זעסט נישט, אַז סע דרייט זיך איר דער קאָפּ און סע נודיעט זי?

פּרץ דערשרעקט זיך, נעמט זי אַרום, פירט זי צו צום בעט:

— נו, גוט. זעץ זיך אַוועק. רו זיך אָפּ. צו דער מאַשין גייסטו מער נישט.

שרה־רחל טענהט:

— מאַך ניט אַזאַ רעש. מענטשן דאַרפן נישט וויסן — זי שפּייט אויס דריי מאָל — אַ בייז אויג, חלילה, אַן עין־הרע...

— נו, ווי וועט איר עס, שוויגער, אויסבאַהאַלטן? אַ קאַץ אין אַ זאַק קען מען נישט לאַנג אויסבאַהאַלטן.

— מירטשעם, אַז מע וועט דאַרפן זען, וועט מען זען, אָבער אַרויס אין די גאַסן און מאַכן אַ ליאַרעם איידער סע זעט זיך אָן — איז נישט כדאי.

— אוודאי — מאַכט ציפּורה — די מאַמע איז גערעכט.

— נו, — מאַכט פּרץ גוטמוטיק — איר ווייבער... איך וואָלט וועלן וויסן, ווען איר זייט עס נ י ט גערעכט...

די ערשטע צייט, וואָס ציפּורה האָט זיך שלעכט געפילט, זיינען פּרץ מיט שרה־רחלען אַרומגעגאַנגען ווי אויף אַ פרעמדער וועלט. שרה־רחל האָט דורך די נעכט נישט איין מאָל געוויינט און גאָט געבעטן פאַרן לעבן און געזונט פון איר קינד און פאַרן קינד, וואָס ציפּורה דאַרף געבוירן. מיט דער צייט האָט זיך ציפּורה אָנגעהויבן פילן בעסער און אין שטוב איז אַלץ אַוועק ווי פריער. אַחוץ וואָס אַנשטאָט סע זאָלן זיך הערן די קלאַנגען פון האַמערקלאַפּ און פון דער ניימאַשין, האָט איצט דייטלע־כער און זיכערער אָפּגעקלאַפּט דער קלאַנג פונעם האַמער אַליין, און די מאַשין, מיט אַ ווייסער שייד פאַרדעקט, איז געשטאַנען און גערוט.

פּרצעס געזאַנג איז געוואָרן פריידיקער. ציפּורה האָט זיך נישט אַלע מאָל דערין באַטייליקט. איר בליק איז איצט געווען געווענדט מער אין זיך ווי אַרום זיך. אַ פרייד, וואָס האָט געוואַרעמט איר גאַנץ לייב, האָט אַרויסגעקוקט פון אירע פאַר־חלומטע אויגן. ווען זי האָט אַמאָל דערפילט פּרצעס לאַנגן קוק אויף זיך, פלעגט

זי זיך רויטלען און אָפּקערן דעם קאָפּ אָן אַ זייט. דאָס גליק, וואָס זי האָט אין זיך געטראָגן, האָט זי דורך איר שעמעדיקן בליק אויך איבערגעגעבן פּרצן. זיי האָבן ביי־דע געפילט די פרייד פון דערוואַרטונג, די פרייד, וואָס וועט זיי דורך אַ ביי לעבן נאָך מער פאַרבינדן.

## מע פּאָרט באַקן מצות

ס'איז געווען אין אַ יאָר, ווען ערב־פּסח איז אויסגעפאַלן אין אַ צייט, ווען די וועגן זיינען זייער נישט זיכער. מיט אַ שליטן פאָרן איז געווען שווער, ווייל דאָס אייז האָט זיך אין אַ סך ערטער געבראָכן און דאָס וואַסער האָט פאַרטרונקען די שינעס. מיט רעדער פאָרן איז געווען נאָך שווערער, ווייל ס'איז געווען גליטשיק. אָבער מצה אויף פּסח דאַרף מען דאָך באַקן. און ס'העלפט נישט, צי די וועגן זיינען גוט, צי שלעכט.

דער יערלעכער פּאַדראַד פון מצה־באַקן איז געווען ביי שלומען אין שטוב. דאָרט האָט מען זיך צונויפגעקליבן פון אַלע דערפער און דאָרט האָט מען פאַר אַלע יישובים געבאַקט מצה. אַז ס'איז געקומען צו פאָרן צום מצה באַקן, האָט פּרץ גע־זאָגט, אַז ער וועט פאָרן, און די שוויגער מיט ציפורהן זאָלן בלייבן אין דער היים. האָט זיך ציפורה איינגעשפּאַרט, אַז זי וועט אויך פאָרן — זי האָט נאָך צייט, זי קען נאָך וועלגערן גלייך מיט אַלעמען. זי איז ערשט אין אָנהייב ניינטן און ס׳ע זעט זיך אויף איר נישט שטאַרק אָן.

פּרצן איז געווען שווער אַליין אַוועקצופאָרן און איבערלאָזן ציפורהן, האָט ער זיך געווענדט צו שרה־רחלען:

— שוויגער, וואָס זאָגט איר?

שרה־רחל האָט אויך געוואָלט, אַז ציפורה זאָל פאָרן: ס'וועט איר זיין פריילע־כער. זי וועט זיין צווישן יונגע מענטשן, אַ ביסל דורכלופטערן זיך.

— אָבער זאָלסט זען, פּרץ, אַז דיין מצה זאָל מען דיר אָפּבאַקן צום ערשטן און זאָלסט אַהיימקומען אויף שבת. און ווי וועסטו פאָרן — מיט אַ שליטן?

— דאָס וועט שוין איוואַן בעסער וויסן פון מיר. ער האָט צוגעזאָגט איינשפּאַנען און מיך צופירן.

און פּרץ איז אַרויס אַריינטראָגן דאָס זעקל מעל פונעם שפּייכלער. באַלד איז צוגעפאָרן איוואַן מיט אַ וואָגן.

פּרץ מיט ציפורהן האָבן זיך געזעגנט מיט שרה־רחלען, אָנגעזאָגט, זי זאָל למען־השם נישט נעכטיקן אַליין, נאָר אַריינרופן פּאַראַסקען, דער שכנהס עלטערע שיקסע — וועט זי איר די בהמה אויסמעלקן און נעכטיקן — און זיי זיינען אַוועק.

צווישן די צוויי שכנישע דערפער איז געווען נישט מער ווי צוויי־אַ־האַלב וויאָרסט. מ'איז דורך די שבתים געגאַנגען צום מנין אָן אַן ערוב. ווען די וועגן זיי־נען געווען פאַרפרוירן, האָבן זיך קינדער איבער דער אָזיערע געגליטשט פון איין דאָרף צום צווייטן אין אַ פופצן מינוט צייט. זומער דורך די קרעניצעס־פעלדער האָט מען עס דורכגעשניטן אין אַ צוואַנציק מינוט צייט. אָבער איצט, פאַר פּסח, אַז דער

וועג איז שווער און מע מוז אויסמיידן אי די קרעניצעס, אי די אָזיערע — פּאָרט מען דורך אַ וועלדל, וואו דער וועג איז שמאָל און לענגער, אָבער דאָך זיכערער, ווייל פוןביידע זייטן וועג זיינען דאָביימער און מע ווייסט וואו מע פּאָרט.

האָבן זיי זיך פאַרנומען אויפן וועג צום וואַלד. די רעדער זיינען אָפט געזונקען דורכן דורכגעבראָכענעם אייז, אָבער קיין סכנה איז נישט געווען. די פערד שלעפּן גוט און די משא איז נישט קיין שווערע. מען וואָלט זייער לייכט אָנגעקומען.

טרעפט זיך אָבער, אַז פונקט דאַן זיינען פון וואַלד אָנגעקומען וועלף, צענדליקער וועלף, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען פאַרוויי, און האָבן דורכגעשניטן דעם וועג גיי־ענדיק פון איין זייט וואַלד צום צווייטן. איוואַן וואָלט עס אפשר נישט באַמערקט, ווען די פערד וואָלטן זיך נישט אָנועקגעשטעלט דובאָם גאָר פּלוצלינג און אָנגעהויבן קי־רעווען דעם וואָגן אויף צוריק. ער האָט אַ צעשראָקענער אַ געשריי געטאָן:

— וואָלקי!...

ער איז באַלד אַראָפּ פונעם וואָגן, אַרויסגעשלעפּט היי פונעם וואָגן און אָנגע־צונדן אַ שוועבעלע. ס׳איז געוואָרן אַ רויך, און דערנאָך — אַ פלאַם פייער. די וועלף האָבן אָנגעהויבן גיכער צו לויפן. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און זיי זיינען אַלע פאַרביי אין וואַלד אַריין.

די פערד האָבן זיך באַרואיקט. איוואַן האָט זיך גוט אויסגעשפּיגן, נאָכגעשיקט די וועלף עטלעכע גראָבע קללות, און מ׳איז ווייטער געפאָרן.

פרץ האָט אַ צעשראָקענער אַ קוק געטאָן אויף ציפּורהן:

— וואָס איז דיר? זאָל איך צוריקפאָרן?

— וואו ווּעסטו פאָרן? מ׳איז דאָך שוין באַלד ביי שלומס שטוב.

— ס׳איז דיר גאָרנישט?

— מיר איז גאָרנישט. ס׳וועט מיר איבערגיין. אַ ביסל דערשראָקן זיך, אָבער ס׳איז מיר גאָרנישט.

ביי שלומען אויפן הויף און אַרום די סטאָדאָלעס זיינען שוין געשטאַנען וועג־גענער און שליטנס פון אַלע שכנישע דערפער, מיט זעקלעך מעל און בייע פּעסלעך —און מיידלעך מיט ייִנגלעך און יונגע פאַרפאָלקן — ס׳איז געווען פריילעך. מ׳האָט גערעדט, געלאַכט, געפרעגט זיך איינער אויפן צווייטנס געזונט, אויף די משפּחות.

## אַ נאָמען נאָך לייבקען

פרץ האָט געהייסן איוואַנען אָפּשטעלן די פור ביי דער שטוב. ער האָט זיך גע־וואָלט וואָס גיכער אָפּפּאַרטיקן און איוואַנען צוריקשיקן, כדי אים זאָל נישט אויסקו־מען אַהיימפאָרן שפּעט.

ציפּורה נעמט זיך רירן פון וואָגן, דערפילט זי אַ שאַרפן ווייטיק אין רוקן. זי האלט זיך אָבער איין. פרץ וויל איר העלפן אַראָפּגיין — און באַמערקט איר שטייפקייט.

— וואָס איז דיר, ציפּורה?

— איך ווייס נישט. מיר טוט ווי אין רוקן.

— קום אַריין אין שטוב. איך וועל בעטן פּעשען, וועט זי דיך אַריינלייגן אין בעט— וועט דיר איבערגיין.

— ניין, מע דאַרף נישט. זאָג גאָרנישט. סע וועט מיר אַזוי אויך איבערגיין. דאָס האָב איך זיך דערשראָקן פאַר די וועלף.

ער נעמט זי אונטער דער האַנט און זיי גייען אַריין.
פּעשע גייט זיי אַנטקעגן:

— גוט־נאָוונט. שוין דיך לאַנג נישט געזען, ציפּורה? וואָס מאַכסטו? וואָס מאַכט די מאַמע?

— אַ דאַנק אייך פאַר נאָכפרעגן. די מאַמע האָט אייך געלאָזט גריסן.

ציפּורה וויל גיין ווייטער, אָבער מיט אַ מאָל כאַפּט זי אַן אַזאַ ווייטיק, אַז זי כאַפּט זיך אָן אָן פּעשען מיט ביידע הענט, און מיט פאַרדריקטע ליפּן רעדט זי קוים אַרויס:

— איך שטאַרב.

פּרץ איז בלאַס פון שרעק. ער נעמט זי אונטער די הענט. פּעשע האַלט אָפן די טיר פון דער קאַמער. ער פירט זי אַריין. פּעשע לייגט זי אַוועק אויפן בעט:

— וואו האַלטסטו? אין וועלכן חודש?

— נאָך מיין רעכענונג איז עס אָנהייב ניינטער.

— אָנהייב ניינטער? אַסך ווייסט איר, איר יונגע ציגן.
און צו פּרצן מאַכט זי:

דו גיי מיר אַרויס פון דאַנען און זע, אַז מע זאָל זיך נישט נעמען צום באָקן. ס׳וועט רעכט זיין אַ ביסל שפּעטער. הייס יאַכען אַריינקומען.

— פּעשינקע, איך וויל די מומע כישע. אוי — ווי איז מיר, די מאַמע איז דאָך אין דער היים. איך וועל שטאַרבן...

— שטאַרבן — שמאַרבן! האָסט שוין געזען א סך ווייבערישע פּעלכלעך הענגען אויף די פּלויטן? שטאַרבן... ס׳וועט דיר גאָרנישט זיין. זיך גענוג אויסגעהוליעט. שוין דאָס דריטע יאָר נאָך דער חתונה. איך האָב צו די ערשטע עלף חדשים געהאַט מיין ערשטן, אייך אַלעמען אויף לאַנגע יאָרן.

ציפּורהן כאַפּן אָן שטאַרקע ווייען. זי שרייט. באַלד קומען אַריין יאַכע מיט כישען. הינטער דער טיר בלייבט שטיין פּרץ, א צעשראָקענער.

— אפשר דאַרף מען דעם פעלדשער, יועט מען פאָרן ברענגען.

— גיי אוועק, אַז מע וועט דיך דאַרפן, וועט מען נאָך דיר שיקן. יחסנים, די יונגע צוציקעס. דעם פעלדשער — אַנדערש לויגט זיי נישט. וועט אַליין אויך האָבן. בישקשה, אַן אַן עין־הרע אַ געזונט ווייבל.

אין שטוב איז ווי דורך אַ כישוף שטיל געוואָרן.

די, וואָס זײַנען זיך צונויפגעפאָרן אויף מצה־באַקן, זײַנען ווי דורך אַ שפּרונג פאַרשוואונדן... אין שטוב האָבן זיך נאָר געהערט די שטילע טריט פון די דריי פרויען און דער געשריי פון דער געווינערין. אין אויוון און אין דער הרובע האָבן געפלאַקערט ליכטיקע פייערן און ס׳האָבן זיך געוואַרעמט גרויסע טשוהונעס וואַסער. די ווייבער זײַנען געגאַנגען אָנגעטאָן מיט ברייטע, ווייסע שירצן, מיט ווייסע טיכער איבער די האָר, און געוואַרט ווי עקספּערטן אויף דעם וואָס ס׳דאַרף געשען.

נאָך עטלעכע שעה פון גרויסע ווייען האָט זיך דערהערט א הילכיקער אויסגעשריי פון אַ ניי־געבוירן קינד. פּעשע איז אַרויס פון קאַמער, אויפגעזוכט פּרצן, — ער איז געשטאַנען אין דער שולקאַמער אין אַ ווינקל און געציטערט, — און אים אָפּגעגעבן מזל טוב:

—קום אַהער, טאַטע! וואָס האָסטו געוואָלט — אַ מיידל צי אַ ייִנגל?

פּרץ, אַ דערפרייטער און אַ צעשראָקענער:

— אַ דאגה — אַ ייִנגל, אַ מיידל — ביי מיר וואָלט רעכט געווען ביידע אויף אַ מאָל. אָבער וואָס מאַכט ציפּורה?

— זי האָט געמאַכט אַ ברית. אַ זון האָסטו, פּרץ, אַ פיינעם בחור.

— דאַנקען גאָט. א דאַנק אייך פּעשע. אַ דאַנק.

— גיי אַריין.

אויף מאָרגן איז די שלאָפקאַמער געווען אויסגעהאָנגען מיט שיר־המעלותן — און אין גרויסן שולזאַל האָט מען געבאַקט מצה און חברה האָבן זיך צווישן זיך געשושקעט... איינציקווייז איז מען אַריין אַ קוק טאָן אויף דער קימפּעטאָרין און איר אָפּגעבן מזל־טוב.

ביים מצה־באַקן האָבן חברה נישט געקענט אזוי רודערן און רעשן ווי געוויינטלעך. האָט מען געזונגען, האָט באַלד פּרץ געבעטן, מע זאָל זיין שטיל: דאָרט, איבער דער וואַנט ליגט דאָך א קימפּעטאָרין. האָט מען זיך געוויצלט מיט אַלערליי צווייטייטיקע וויצן איבער פּרצן, וואָס ער האָט נישט גוט געפירט דעם חשבון, וכדומה. און מ׳האָט זיך טאַקע געפילט יום־טובדיקער, אַ דאַנק דער קימפּעטאָרין.

אויפן צווייטן טאָג האָט שלום געלאָזט שפּאַנען פערד און געשיקט נאָך שרה־רחלען. זי איז געקומען קוים לעבעדיק, אי פון שרעק, אי פון פרייד.

ביז זי האָט מיט אירע קאַליע אויגן און מיט אירע קליינע קינדערישע הענט נישט באַקוקט און נישט באַטאַפּט די יונגע מוטער מיטן קינד, האָט זי זיך אַליין ניט געגלייבט. און אַז זי איז צו זיך געקומען פון איר גרויסער פרייד, האָט זי זיך אין דער שטיל ווידער אַ ביסל אויסגעוויינט און גאָט געדאַנקט, און צוגעהיט, ווען קיינער איז אין דער קאַמער נישט געבליבן אַחוץ דער קימפּעטאָרין מיטן קינד — האָט זי זיי ביידן אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע און צוגעלייגט אירע פינגער צו די שיר־המעלותן און זיי פרום געטראָגן צו די ליפּן.

אין די צען טעג זינט פּרץ האָט מיט ציפּורהן פאַרלאָזן זייער היים, האָט גאָר אַ סך

פּאַסירט. איצט איז ער צוריקגעפאָרן מיט אַ ניי־געבוירענעם זון און מיט אַ פּאַס מצה אויף פּסח. דער וועג איז געווען גוט — קיין וועלף זיינען מער נישט אַנטקעגנגעקומען. פון די וועגן האָט זיי די פרייד אַנטקעגנגעשמייכלט.

דעם זון האָט מען אַ נאָמען געגעבן אברהם־לייב, נאָכן זיידן און נאָכן פעטער, נאָך לייבקען, וואָס איז אַוועק אין סלוזשבע און שוין פון דאָרט ניט געקומען. אברהם־לייבן האָט מען אָבער גערופן לייבקע. לייבקע איז געווען לייכטער אַרויסצורעדן.

און לייבקע איז געוואַקסן שיין און גראָטן און אַרויסגעוויזן פעאיקייטן אי צום טאַטנס פאַך, אי צו דער מאַמעס. אזוי גיך ווי ער האָט נאָר אָנגעהויבן אַרומפּויזען אי־בערן דיל, האָט ער גלייך אויסגעפונען דער מאַמעס ניימאַשין. די מאַמע האָט איצט די מאַשין נישט גענוצט, האָט ער זי אָנגעהויבן נוצן, געדרייט דאָס ראָד, אַראָפּ־געשלעפּט דעם פּאַס, אַרויסגעשלעפּט אַלץ פון די קעסטלעך — ביז מ׳האָט די מאַ־שין געמוזט אַרויסנעמען פון דער שטוב און אַרויפשטעלן אויפן בוידעם. לייבקע האָט אָבער פיינט געהאַט אַרומצוגיין ליידיק. האָט מען פון אים צוגענומען די ניי־מאַשין, האָט ער זיך גלייך גענומען צום פאָטערס פאַך — צוגעקראָכן צום וואַרשטאַט, צעשלעפּט די דראַטוועס; האָט מען ביי אים צוגענומען די דראַטוועס, האָט ער אַראָפּ־געשלעפּט אַ קעסטעלע טשוועקעלעך, צעשאָטן איבערן דיל; האָט מען צוגענומען די טשוועקעלעך, האָט ער געמאַכט קולות. ביז דער טאַטע האָט אויסגעפונען אַ וועג: גענומען לייבקען צו זיך אויף די קני, געקלאַפּט מיטן האַמער און געזונגען. דאָס איז לייבקען זייער געפעלן און ער פלעגט דעם טאַטן פּרוואָוון באַזינגען. ציפּורה האָט מיטגעזונגען און ס׳איז געווען פריילעך.

אָבער פּרץ מוז דאָך אַרבעטן. פון קלאַפּן מיטן האַמער פאַר לייבקען וועלן די שטיוול נישט פאַרטיק ווערן. האָט מען געזוכט פאַרשיידענע וועגן ווי אַזוי אַוועקצו־נעמען לייבקען פון וואַרשטאַט, אָבער ער האָט אַלץ געזוכט אַ פאַך. ליידיק האָט ער נישט געוואָלט אַרומגיין. דאָס איז געווען קעגן זיין נאַטור. איז נישט דעם טאַטנס וואַרשטאַט איז גוט אפילו דער באָבעס פאַך: זאָקן, שטריקן. האָט ער נאָר דערזען, אַז די באָבע דרימלט איין ביי דער אַרבעט, אָדער זי לייגט אַ מאָל אַזוי אַוועק דעם זאָק אויף אַווייל, איז ער שוין געווען דערביי, אַרויסגעשלעפּט ביז איין פּרענטל און צעלאָזן דעם גאַנצן זאָק — ציענדיק די וואָל אַזוי גיך ווי מעגלעך, איידער מע כאַפּט אים דערביי...

אזוי איז די שטוב פול געוואָרן מיט זאָרג און מיט געלעכטער, צוליב דעם קליי־נעם לייבקען. מ׳האָט כלומרשט געשריען אויף אים:

— אוי, לייבקע — וואָס טוט מען מיט דיר? אזא שטיק שקאָדע!

ביי די ווערטער ווערט די באָבע פאַרציטערט:

— וואָס האָסט איר נעבעך צום קינד?!

אז לייבקע האָט זיך אין חדר גוט געלערנט, האָט פּרץ איין מאָל א זאָג געטאָן:

— נו, שוויגער, איך האָב מורא, אַז לייבקע וועט שוין קיין שוסטער נ י ש ט זיין...

ביי די רייד פלעגט שרה־רחל אָפּענטפערן:

—וואָס ער זאָל נישט זיין, מאַכט נישט אויס, אַבי אַן ערלעכער ייד. זיין זיידע, עליו השלום, איז געווען אַ שוסטער, און דו, פּרץ, ביסט אויך אַ שוסטער. אַבי מיט לאַנגע יאָרן און אַ גוט מזל, איז אַ שוסטער אויך נישט קיין שאַנד.

— ווער רעדט דען פון שאַנד? איך שעם זיך דען מיט מיין פאַך? חלילה. נאָר איך מיין עס גלאַט אַזוי. דאָס קינד האָט אַ פייערדיק קעפּל אויף זיך. וועט מסתמא וועלן גיין אין די גימנאַזיעס. זיין אַ היינטיקער.

מאַכט ציפּורה:

— אַ היינטיקער? און וואָס וועלן די היינטיקע אויפטאָן אָן אַרבעט? זיי ווילן דאָך איבערבויען די וועלט, ווייל עס זיינען פאַראַן אַזוי פיל הולטאַיעס, אַזוי פיל דאַרמאָ־יעדעס. מע וויל דאָך, אַז יעדערער זאָל אַרבעטן.

— יע, אויף דעם דאַרף מען גרויסע קעפּ, שאַרפע קעפּ, געלערנטע מענטשן. מע דאַרף פּטור ווערן פון די דאַרמאָיעדעס און איינשטעלן אַ נייע וועלט.

ציפּורה, ווי אין חלום:

— אונדזער לייבעלע וועט העלפן איינשטעלן אַ נייע וועלט?

— ווער ווייסט?...

שרה־רחל שפּייט אויס דריי מאָל:

— קיין בייז אויג זאָל אים נישט שאַטן...

## דאָס מיידעלע, וואָס ווערט נישט געבוירן...

אַכט יאָר זיינען אַריבער, זינט לייבקע איז אין אוהלי ערב מצה־באַקן געבוירן געוואָרן. ביי פּרצן אין הויז איז אַלץ געגאַנגען כשורה, נאָר ציפּורה האָט זיך ווידער אָנגעהויבן צו פילן נישט מיט אַלעמען. „בודנע אונטערן האַרצן". אין שטוב איז ווי־דער געוואָרן פריילעך:

— שוין צייט, וואָס דען?

לייבקע אי שוין אין ראָמאַנאָווע אין חדר. צייט גייט, און איידער מע זעט זיך אַרום, הייבט מען זיך אָן צו גרייטן. איצט פאַלט עס נישט אויס ערב־פּסח. ס׳וועט קיין בויט נישט זיין אַוועקצופאָרן פון שטאָט.

ס׳איז אָנהייב יוני. דער קאַרשנבוים הינטערן שטיבל האַלט אין בליען. דער ריח טראָגט זיך אַזש אין שטוב אַריין.

מע נעמט אַראָפּ די וויג פון בוידעם, מע וואַשט זי אַרום, מע גרייט אַלץ צו, סע זאָל זיין צו דער האַנט, ווען מע וועט דאַרפן אין דער גוטער שעה.

---

די גוטע שעה איז געקומען. ס׳איז אַ פרייטיק צו נאַכטס. ציפּורה דערפילט די ער־שטע ווייען. שרה־רחל טוט וואָס עס פאָדערט זיך. עס נעמט לאַנג. ציפּורה׳ס טראַכט איז גאַנצע ניין יאָר פאַרמאַכט געווען.

— ס'וועט שווערער אָנקומען. מע מוז, טאָכטער, וואַרטן.

ציפּורה שטאַרקט זיך, גיט זיך אַליין צו מוט, אָבער די ווייען קומען און לאָזן ניט אָפּ. לאַנגע טרוקענע ווייען. שרה־רחל הייסט פּרצן גיין אַריינרופן איוואַניכען, זי זאָל מאַכן פייער אין אויוון און אָנהיצן וואַסער.

ס'איז שוין טאָג. ציפּורה רירט זיך נישט פון אָרט, אַחוץ די טרוקענע ווייען, וואָס האַלטן אַ לאַנגע צייט און לאָזן זי אַ דורכגעווייקטע פון שווייס און אַנגסט. ס'איז שוין שבת פרי. מע גייט אין צווייטן דאָרף רופן פּעשען. פּעשע קומט צופוס, קוקט אָן ציפּו־רהן און הייסט שיקן אין שטעטל נאָכן פעלדשער. דער פעלדשער קומט, פּרוּוט איין זאַך, אַ צווייטע — ס'העלפט נישט. ער לאָזט וויסן, אַז ס'עהאַלט מיט איר שלעכט.

מע שיקט פּרצן צוריק קיין אוהלי צום מנין — מע הייסט זאָגן תהילים. שבת צו נאַכטס — מע לויפט אין אַ גרעסער שטעטל, מע ברענגט אַן אַקושאָר, ער קומט, — מע קען גאָר נישט טאָן. די געווינערין שרייט, אָבער שוין נישט מיט אירע כוחות. זי ווערט אַלץ ווילדער אין איר שרייען. דער גאַנצער קערפּער איז איר בלוי. דאָס פּנים — פאַרקראַמפּט און געשוואָלן. די אויגן אַרויסגעשפּאַרט פונעם קאָפּ און פאַרלאָפן מיט בלוט. די אָדערן אויף די הענט שטעקן אַרויס ווי בלויע בייטשן. זי וויינט, זי בעט זיך... ביסלעכווייז ווערט איר קול שוואַכער און שוואַכער, נאָר פון צייט צו צייט רייסט זיך אַרויס פון איר האַלדז אַ נישט־מענטשלעך געשריי, ווי סע וואָלט געוואָלט דורכ־רייסן די גאַנצע ערד, ביז די תהומען — און זי ווערט ווידער אַנטשוויגן און פאַרגייט זיך אין אַ שטילן יאָמער... אַזוי ביז האַלבע נאַכט, ביז די גוטע מוטער ערד גיט נאָך און עפנט אירע טירן פאַרן מידן קינד אירן — — —

זונטיק פרי האָט מען די געווינערין געפירט צו קבורה קיין ראָמאַנאָווע. דער רב האָט איר באַפוילן, אַז זי מוז אַרויסגעבן דאָס קינד וואָס זי האַלט אין איר טראַכט. ווי נישט, וועט זי נישט קומען צו קבר־ישראל.

די טויטע מוטער האָט נישט אַזוי לייכט געוואָלט זיך שיידן מיטן קינד פון איר טראַכט. דריי מאָל האָט איר דער רב געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז זי, ציפּורה בת אברהם, וועט נישט קומען צו קבר־ישראל, ביז זי וועט נישט אַרויסגעבן דאָס קינד פון איר טראַכט... דערנאָך האָט מען פון טהרה־שטיבל געבראַכט אַ גרויסע, טיפע מולטער און מ'האָט די געווינערין אַריינגעלייגט אין הייס וואַסער, אַרום איר קאָפּ האָט מען אָנגעצונדן שוואַרצע ליכט, און פרומע גבאיטעס זיינען געשטאַנען און געוויינט און גאַט געבעטן, ער זאָל אויסלייזן אַ כשרע יידישע נשמה וואָס איז אומגעקומען פון ווייען, איידער די טראַכט האָט זיך איר געעפנט, — און לאָזן זי קומען צו קבר־ישראל...

און אַז די ליכט האָבן אָנגעהויבן צאַנקען און לעשן זיך און דאָס געוויין פון די ווייבער איז שטאַרקער געוואָרן, האָט מען די געווינערין אַרויסגענומען פון דער מולטער זודיק וואַסער און זי אַוועקגעלייגט אויף דער ערד, אויף האַרט שטרוי. דאָ האָט זיך אַ שטראָם בלוט אַ גאָס געטאָן פון איר, און איר פּנים האָט זיך אויסגעגלייכט. מיטן בלוט איז אויך אַרויסגעשוואומען אַ פּיסל פון אַ קינד, און געבליבן שטעקן ווי אַ בלוטיקער צייכן.

די גבאיטעס האָבן פריי אָפּגעאָטעמט און פרום זיך געווישט די נעז:

— אַ דאַנק דיר, גאָט, וואָס דו האָסט דערהערט דאָס געבעט פון אַ זינדיקער אשה און וואָס אונדזער'ע טרערן זיינען פאַר דיין הייליקן שטול אָנגעקומען.

זיי האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער געווינערין, איר געטאָן איר רעכט און אַרויסגענומען דאָס קינד פון איר — פריער דאָס צווייטע פיסל, דערנאָך אַרויסגעשלעפּט דאָס גאַנצע גופל, וואָס איז געווען איבערגעדרייט אין דער מוטערס טראַכט און איז געגאַנגען מיט די פיסלעך פאָרויס.

ס'איז געווען אַ מיידעלע, און מ'האָט עס מקבר געווען אין איינעם מיט דער מוטער.

פּרץ איז אין אַ פּאָר יאָר נאָך ציפּורהס טויט קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און איז געשטאָרבן.

שרה־רחל האָט נאָר געוויינט. אירע אויגן האָבן קוים די שיין געזען.

## לייבל

אַז לייבל איז אַהיימגעקומען אויף די שבתים, פלעגט ער זי אָננעמען ביי דער האַנט און זי אַרויספירן אין דרויסן, זי אַוועקזעצן אונטערן קאַרשנבוים און איר דערציילן וואָס ער לערנט, ווי אַזוי מענטשן זיינען גוט צו אים, מ'ע גיט אים טעג אין די שענסטע הייזער, און עטלעכע גראָשן האָט ער אויך. ער קען רוסיש און ער גיט אוראָקן, און אַז ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער לערנען אַלע אָרעמע — אָן געלט, און זי די באָבע, וועט ער מיטנעמען אין אַ גרויסער שטאָט, און וועט איר געבן פון אַל־דאָס גוטס...

שרה־רחל פלעגט הערן און שווייגן, נאָר זיך פון צייט צו צייט אויסווישן די האַלב־בלינדע אויגן, און אַזוי איז די צייט געגאַנגען.

די שכנות, אי די גויאישע, אי די יידישע, האָבן שרה־רחלען נישט פאַרלאָזן.

לייבקע איז געוואַקסן שיין און גראָטן. צו זעכצן יאָר איז ער שוין געווען אין מינסק, אַ גימנאַזיסט, און זיך אויסגעהאַלטן פון לערנען מיט אַנדערע, און פלעגט נאָך פון צייט צו צייט צושיקן דער באָבען אויך. אַז ער איז אַ מאָל געקומען צו גאַסט, האָט ער געטראָגן אַ רויט העמדל מיט אַ שוואַרצן גאַרטל. ער פלעגט רעדן צו די גויים פון זיין דאָרף, אַז זיי זאָלן זיך באַפרייען פון זייער שקלאַפעריי, אַז זיי זאָלן אויפהערן אַרבעטן פאַר די פּריצים און זאָלן פאָדערן שולן פאַר זייערע קינדער. ער איז אויך געגאַנגען אין די אַרומיקע דערפער און גערעדט די זעלבע רייד. די גויים זיינען צעטומלט געוואָרן.

ווען ער איז אַכצן יאָר אַלט געוואָרן, האָט ער געהאַט צו טאָן מיט עפּעס אַ פאַרשווערונג. מ'האָט אים מיט זיינע חברים געכאַפּט און פאַרשיקט אין תפיסה. און נאָך דעם איז ווידער אָנגעקומען אַ בריוו אין אַ שוואַרץ רעמל, מיט צוויי רויטע, גרויסע טריוואַקסענע חתימות און מיט אַן אויסגעמאָלטן אָדלער אויפן קאָנווערט. שרה־רל איז ווידער געפאָרן קיין ראָמאַנאָווע נאָך דער פּאָווּסטקע — און דאָס

מאָל האָט זי איר לעצטן טראָפּן שיין אויסגעוויינט מיט די טרערן, וואָס האָבן באַ־נעצט דעם דאָזיקן בריוו מיט די גרויסע, וויכטיקע חתימות.

דעמאָלט האָט זי איר שוועסטער כישע, די שמידערקע, צוגענומען צו זיך אין איר אָרעם, פולגעפּאַקטן שטיבל, און דאָרט איז זי שוין פאַרבליבן, זיצנדיק היב־טערן אויוון, סיי טאָג, סיי נאַכט, סיי זומער, סיי ווינטער, מיט די פּרענטלעך אין די קליינע הענט, און האָט קיינעם נישט דאָקוטשעט, סיידן ווען אַן אייגל האָט זיך איר אַראָפּגעגליטשט און זי האָט עס נישט געקענט דערכאַפּן און צוריק אַרויפ־נעמען אויפן פּרענטל.

זי פלעגט זיך פאַרדינען אויף איר הוצאה — נישט נאָר פון די זאָקן, וואָס זי פלעגט מאַכן, נאָר אויך פון נאָך עפּעס: פון אָפּשפּרעכן.

אַז אַ גויע איז געקומען אָפּשפּרעכן, האָט זי אין בוזעם עפּעס מיטגעבראַכט פאַר שרה־רחלען: אַ אייער, אַ בינטל פלאַקס, פאַדעם, אַ שטיקל לייוונט, אַ ביסל הירזש.

כישע, אַליין אַלט און געבויגן, מיט האַלב־אויסגערונענע אויגן, האָט געהאַלטן די שוועסטער ווי נאָך אַ קינד אין הויז.

## וועלוול און איטקע

אַחוץ שרה־רחלען זיינען אין פּייסע דעם שמידס שטיבל געווען נאָך פיגורן, וואָס האָבן צוגעצויגן דינהס נייגעריקייט:

די שנור איטקע, וואָס האָט אָנגעפּלאָדיעט אַ פולע שטוב מיט קינדערלעך, ביז ביי דער לעצטער קימפּעט האָט איר אָפּגענומען אַ פוס און זי פלעגט אַרומ־גיין אויף אַ קוליע. אַליין נאָך גאָר אַ יונג ווייבל, שיין און געזונט. ביז ס׳האָט זיך מיט איר געטראָפן דאָס אומגליק, איז זי געווען אַ פּאַקן־טרעגערין — אַרומגע־גאַנגען מיט אַ גרויסן פּאַק שניט־סחורה אויף די פּלייצעס, אי אין אייגענעם דאָרף, אי אין די שכנישע דערפער, און אַזוי אַרום אַרויסגעהאָלפן מפרנס צו זיין דאָס הויזגעזינד מיט די פּיצלעך, וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין איין מערן פון יאָר צו יאָר.

אַז איר האָט געטראָפן דאָס אומגליק, איז זי אַ יאָר צייט אָפּגעלעגן אין בעט. דערנאָך האָט זי זיך ווידער אָנגעהויבן וויגן אין דאָרף מיט אַ קלענערן פּאַק אויף דער פּלייצע און מיט דער קוליע אונטערן לינקן אָרעם. זי פלעגט אַרומהינקען פון הויף צו הויף און אָפט פלעגט זי נאָך אונטערפאָרן מיט אַ פור צו אַ שכנישן דאָרף אויך, און דאָרט פאַרבלייבן אַ פּאָר טעג און, ביי אַ געלעגנהייט, ווידער אונ־טערפאָרן און אַהיימקומען.

דינה האָט די אָרעמע איטקע יעדן מאָל באַלייט מיט די אויגן ביז אין שטוב אַריין. ס׳האָט זיך איר מוראדיק געוואָלט שטיין נאָענט לעבן איר, מיט אירע איי־גענע הענט באַרירן די קוליע, וואָס זי הענגט אויף איר מיט דער מאָסע פון איר האַלבן גוף און פון דעם שווערן פּאַק אויף אירע פּלייצעס.

נאָר פּייסע דעם שמידס שטוב איז געווען דאָס פאַרבאָטענע לאַנד, וואוהין דינהס האַרץ האָט געבענקט. אַזוי פיל וואונדערלעכע מענטשן האָבן זיך דאָרט גע־פונען: וועלוול, איטקעס מאַן, וואָס האָט צוגעהאָלפן פּייסען אין דער קוזשניע, אַ הויכער, אַ בלאַסער, מיט אַן איידל, אויסגעקרענקט פּנים, האָט געליטן פון אַ שלו־קערץ. אז ס׳האָט אים אָנגעכאַפּט ,אָט־דער שלוקערץ, פלעגט ער קרייען ווי אַ האָן און דאָס פּנים איז אים בשעת־מעשה אין גאַנצן בלוי געוואָרן, ביז ער פלעגט אָפּ־ברעכן, און דערנאָך איז אים גרינגער געוואָרן.

דינה האָט אָפט געהערט ווי וועלוול פאַרגייט זיך אין דעם שלוקערץ ביזן קרייען. סע פלעגט אים אָנכאַפּן מערסטנס נאָכן עסן. זומער האָט אים כישע אָפט מאָל אַרויסגעפירט הינטערן שטיבל, אים אָוועקגעזעצט אויף דער פּריזבע — ער זאָל איינאָטעמען די פרישע לופט, וואָס קומט פון שלומס סעדל מיט די פּרוכטביי־מער. פון דאָרט האָט זיך וועלוולס קרייען און שלוקערצן געהערט זייער דייטלעך, דורך שלומס פענצטער. דינה האָט זיך טייל מאָל פאַרגנבעט אין סעדל אונטערן גרויסן באַרנבוים, און זיך צוגעהערט צום שלוקערצן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ. אַז וועלוול האָט אויפגעהערט, האָט זי פריי אָפּגעאָטעמט און זיך דעם אַנגסט־שווייס געווישט פון איר קינדערישן שטערן. זי פלעגט זיך פאַר־קוקן אויף זיין שיין, בלייך פּנים, אויף זיין טיף־שוואַרצער באָרד, אַ דינע און אַ קורצע, ווי אַ דינע, שוואַרצע ראַם אַרום זיין בלאַסן מאַרטירער־פּנים.

און נאָך אַ זאַך האָט זי אַזוי צוגעצויגן צו אים: ער האָט אָפט געדאַוונט פאַרן עמוד, טאַקע ביי זיי אין שטוב, און אַ קול האָט ער געהאַט אַן אומעטיקס און זייער אַ זיס. און תישעה־באב, אַז ער האָט געזאָגט „איכה״, איז עס געווען שענער פון אַלץ, וואָס דינה האָט געהערט אין זייער שטוב. די מאַמע זיינע, די אַלטינקע כישע, פלעגט זיך ווישן די אויגן און שטיל זאָגן צו די פּאָר ווייבער אַרום:

— אַ געזונט אין אים, מיין בן־יחידל. ער לייגט דאָך פּירעשקעס אין מויל מיט זיין דאַוונען.

## פּייסע דער שמיד און כישע

אַז כישע האָט התונה געהאַט מיט פּייסען און איז פון אַ וויטערן יישוב אָנגע־קומען צו פּייסעס עלטערן אויף קעסט, איז זי געווען אַ שיין, יונג ווייבעלע, נאָך ממש אַ קינד, און פּייסע איז געווען אַ געזונטער בחור. אפילו איצט, אויף זיינע עלטערע יאָרן, איז ער געווען אַ ייד ווי אַ בער, אַ גרויסער, געזונטער, באַוואָקסע־נער מאַנסביל. כישען האָט זיך נישט שלעכט געלעבט ביי פּייסעס טאַטע־מאַמע אין שטוב. זי האָט באַלד איבערגענומען די באַלעבאַטישקייט, און אין אַ פרייער שעה איז זי נאָך ארויסגעלאָפן איבערן דאָרף מיט א שטיקל שניטגעצייג אין אַ זעקל אויף דער פּלייצע, און צוריק איז זי געקומען מיט פולן: באַ איין גויע אָפּגעקויפט אַ ביסל פלאַקס,, ביי דער צווייטער — אַ שאָק אייער, ביי נאָך איינער — אַ פּאָר אַרשין לייוונט. און פּייסע איז געווען אַן ערלעכער, אַרבעטזאַמער מענטש, געאַרבעט אין קוזשניע, געשמידט פערד, געשאַרפט די אַקער־אייזנס, די בראָנעס, און אויף די וואָכן, אַז ער איז אַהיימגעגאַנגען, האָט ער נאָך מיטגענומען אַרבעט אין שטוב.

די צרות האָבן זיך ביי כישען אָנגעהויבן מיט איר קינדלען. ס׳האָבן זיך ביי איר נישט געהאָדעוועט קיין קינדער. האָט זי געהאט דריי, זיינען צוויי געשטאָרבן. האָט זי צוגעהאט נאָך צוויי, זיינען ווידער צוויי געשטאָרבן. אזוי אז וועלוול איז ביי איר געבליבן דער איינציקער, ביז זי האָט, אויף דער עלטער געבוירן אַ מיידל, און איר אַ נאָמען געגעבן, לשם־סגולה, אַלטע.

אַלטע איז געווען אַ הויך, שלאַנק, בלאַס, זייער אַ שטיל מיידל. אַלע האָבן געציטערט איבער איר, נישט געלאָזט זי טאָן קיין שווערע מלאכה: און דערפאַר, אַז איטקע איז אָנגעקומען אין שטוב און יעדעס צווייטע יאָר, אָדער יאָר און אַ האַלב, געבוירן אַ געזונט קינד, איז עס אין פייסעס הויז געווען זייער אָנגעלייגט. אין שטוב איז געווען אחדות און שטילע, ערלעכע ליבשאפט פון איינעם צום צווייטן, און מחמת וועלוול און אַלטיטשקע, די צוויי ציטערדיקע קינדער, האָבן גע־קענט אי דאַוונען, אי שרייבן יידיש, האָט מען אויך געשיקט די אייניקלעך אין חדר, בפרט אַז דער חדר איז אין שלומס שטוב און קאָסטן וועט אַ קלייניקייט.

איטקע, כאָטש שוין אַליין אַ קאַליקע, און אָן אַ פֿעָן אין האַנט, האָט מיט אַלע כוחות געזען, אַז די קינדער זאָלן נישט אַרומגיין אָפּגעריסן און זיי געהאַלטן ריין אָנגעטאָן און זיי געקויפט סידורים און העפטן, זיי זאָלן זיך נישט דאַרפן שעמען אַנטקעגן די אַנדערע קינדער.

העניע איז געווען די עלטסטע פון די אייניקלעך אין פייסעס שטוב, די צווייטע צו איר איז געווען כאַשע, אַ בלאַסע, נישט קיין געראָטענע פיזיש, נישט קיין קראַנ־קע, אָבער זי האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס מע רעדט צו איר. דערפאַר איז אָבער מאירל געווען אַ ברען. ער איז געווען דער דריטער ביי איטקען און זייער אַ גע־ראָטענער. אונטער אים זיינען געווען אַ צווילינג: אַ מיידל מיט אַ יינגל, און נאָכן צווילינג נאָך אַ צווילינג פון צוויי מיידלעך און דער לעצטער, דער מיזיניק, איז געווען אַ יינגל, פּיוועלע.

דינה האָט מיט אירע גרויסע, ברוינע, פאַרבענקטע אויגן זיך איינגעגעסן אין דעם שמידס קינדער, באַטראַכט זייער אויסזען, זייער אָנטאָן, זיי נאָכגעקוקט ווי זיי גייען אַוועק פון חדר אהיים, זיי נאָכגעקוקט ביזן טויער און ביז דער טיר פונעם שמידס שטיבל, וואָס האָבן זיך אַזוי נאָכגיביק געעפנט און פאַרמאַכט לויטן באַפעל פון זייערע הענט. אָבער פאַר איר, פאַר דינהן, בלייבט דאָס שטיבל ווי תמיד דער פאַרכישופטער שלאָס מיטן פאַרשלאָסענעם טויער, וואָס זי זוכט צו אים דעם שליסל...

## ר י וו ע

מיטן חדר און מיטן לערנען איז דינה נישט שטאַרק צופרידן. פון דעם וואָס זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, איז כמעט ווי גאָרנישט געבליבן. די דריי אָסטראָוואָקער יינגלעך שלאָגן זיך צווישן זיך און לערנען נישט. זי האָט געפּראוווט לערנען מיט ריוון, קוקט יענע ווי אַ האָן אין בני־אדם און רעדט צו דינהן נאַרישע רייד, גאָר וועגן רבין און וועגן חתונה האָבן.

דינה האָט מיט רחמנות געקוקט אויף ריוון און איר פּותר געווען:

— וועסט נישט קענען לערנען, וועט מיט דיר קיינער נישט וועלן חתונה האָבן און דער רבי וועט דיך שמייסן.

דערהערנדיק דינהס רייד, האָט ריווע אויסגעשאָסן אין א הילכיק געלעכטער:

—ער וועט מיך שמייסן? מיט איין פינגער וועל איך אים אָנקליגן — און ווידער געכאָכאָטשעט — אַ שיינע מעשה: ער וועט מיך שמייסן. זאָל ער נאָר פּרו־ וון! ווייסט, דינה, די שטאַרקסטע שקצים פון אונדזער דאָרף האָבן מורא פאַר מיר. איך באָכע זיך ווי אַ מאַן — און זי טראָגט אונטער דינהן אַ שטייפע פויסט אונטערן נאָז — זעסט? ס׳איז ווי אייזן. זיי האָבן אלע מורא פאַר מיר.

מאַכט דינה:

— ביסט גאָרנישט ווי קיין יידיש מיידל.

— פאר וואָס נישט ווי קיין יידיש מיידל? מיין מאַמע קען אויך נישט דאַווענען, נו —האָט זי דען נישט חתונה געהאַט? און מאַריאַנע און טאָדאָסיע און אַקסענקע. אַלע חתונה געהאַט.

— טאָ וואָס זשע גייסטו אין חדר?

— איך ווייס וואָס? זיי לאַכן טאַקע פון מיר.

— ווער לאַכט?

— מיינע פאָדרוזשקעס.

— דו מיינסט, די שיקסעס?

— נו־יע, די פּאָדרוזשקעס. זיי זאָגן: וואָס, דאַרפסט זיך אויסלערנען שרייבן בריוו צום חתן?

— האָסט דען אַ חתן?

— אָט דאָס לאַכן זיי דאָך טאַקע. וואו האָב איך אַ חתן, וואו? אָט דאָס זאָג איך דאָך צו דער מאַמען: מאַך מיך חתונה — זאָג איך. דו איך מיינע יאָרן, זאָג איך, האָסט שוין געוויגט דיין זון. שרייט זי אויף מיר און זאָגט, איך זאָל גיין אין חדר זיך אויס־לערנען אַ יידיש וואָרט, זיין צווישן יידישע קינדער, נישט זיין אַזוי פאַרגרעבט, אויפ־הערן ארומצולויפן מיט די שיקסעס, און ווי־נישט, זאָגט זי, וועט זי מיך אוועקשיקן פון דער היים, קיין באַברויסק וועט זי מיך אַוועקשיקן, צו די ברידער, זאָגט זי, וואו סע זיינען פאַראַן יידן, און אפשר דאַרטן זען וועגן אַ תכלית.

—וואָס פאַר אַ תכלית — לערנען?

— גיי, ביסט אַ נאַרעלע. פאר א מיידל א תכלית מיינט חתונה האָבן, געפינען אַ מאַן.

דינה פאַרטראַכט זיך:

— אויב אזוי, ריווע, דאַרפסטו זיך דאָך טאקע אויסלערנען שרייבן.

— צו וואָס?

— וועסט קענען דעם חתן שרייבן אַ שיינעם בריוו, וועסטו אים געפעלן.

— גיי, ביסט אַ נאַר, דינה — זי טראַכט אַ ווײַלע — אַז איך וועל קריגן אַ חתן אין באַברויסק, וועל איך אים ברענגען אַהער ווײַזן פאַר אַלעמען.

— ער וועט וועלן, אַז דו זאָלסט קענען דאַוונען.

ריווע ווערט אומעטיק:

— איך וועל דיר אַוועקגעבן האַלב פון מײַן פּײַנקוכן יעדן טאָג, וועסטו מיט מיר לערנען?

— יע, זאָלסט נאָר גוט אײַנחזרן. זעסט, אונדזער שרה האָט אויך אַ גראָבן קאָפּ, אָבער זי שעמט זיך, וואָס זי קען נישט, און ביים רבין וויל זי נישט לערנען. זי זאָגט, ער איז אַ פּוזשיק, עס שטייט איר נישט אָן צו לערנען בײַ אים. איז לערן איך מיט איר. זי קען שוין אויסלייגן ווערטער און קען שוין האַלב בענטשן אויף אויסנווייניק.

— מיט וואָס צאָלט זי דיר פאַרן לערנען?

— מיט גאָרנישט ניט. זי דערציילט מיר מעשׂות.

— איך האָב פֿײַנט מעשׂות.

— אָבער שרה קען זייער שיינע מעשׂות דערציילן, און זי טראָגט מיך ווי אַ באַראָן, זי נעמט מיך אַרויף אויף די פּלייצעס און שפּאַנט מיט מיר אַהין און צוריק איבער דער קיך און איך זאָג הויך דאָס בענטשן און זי זאָגט מיר נאָך.

— ווי אַ באַראַן? דאָס קען איך דיך טראָגן בעסער פון שרהן. איך בין געזונט ווי אונדזער בולאַנע פערד.

זי פאַרכאַפּט זיך: — דער טאַטע שרייט אַלע מאָל, אַז מע דערמאָנט ווי געזונט דאָס בולאַנע פערד איז. ער זאָגט, מע דאַרף זאָגן „קיין עין־הרע".

זי כאַפּט דינהן, גיט זי אַ שטעל ארויף אויף דער באַנק, כאַפּט זי אויף די פּלייצעס, לויפט מיט איר איבער דער שטוב, טופּעט ווי אַ פערד:

— זעסט, דינה ווי געזונט איך בין? איך פיל דיך אפילו נישט אויף מײַנע פּלייצעס. וועסט מיט מיר לערנען?

— יע. ביי נאַכט וועל איך מיט דיר לערנען.

אַזוי גייען די טעג אין חדר. דניאל לעבט אויף. ער שפּילט זיך מיט חברה אין פערדלעך, שלאָגט זיך מיט זיי, מע גנבעט זיך אָפּ פונעם רבין, מע ווערט פאַרפאַלן, מע קלעטערט אויף ביימער — ס'איז אַ לעבעדיקע וועלט!

## העניע

ביסלעכווייז ווערט דינה אויך אַרײַנגעשלעפּט מיט די ייִנגלעך אין שפּיל. דאָס לערנען אין חדר איז איר נישט שטאַרק אינטערעסאַנט. סע קומט איר נישט אָן שווער. זי קען אַלץ וואָס מע לערנט. זי נעמט זיך צו העניען, רוקט זיך צו צו איר, קוקט אריין אין איר סידור, אין איר העפט:

— ווילסט, העניע, וועל איך דיר ווייזן, ווי מע שרייבט אַ פּאָ און ווי מע לייגט אויס מאַמע.

העניע קוקט זיך אַרום, ווי זי וואָלט מורא געהאַט:

— דיין מאַמע וועט נישט שרייען?

— פאַר וואָס זאָל מיין מאַמע שרייען? זי וועט נאָך זיין צופרידן. איך לערן מיט שרהן און מיט ריוון.

— מיט זיי איז עפּעס אַנדערש.

— זאָג מיר, העניע, פאַרוואָס גייען מיר צו אייך קיין מאָל נישט? פאַר וואָס וויל נישט מיין מאַמע, אַז מיר זאָלן זיך שפּילן מיט אייערע קינדער?

— וואָס ווייס איך?

— דו ווייסט נישט?

— ניין, איך ווייס נישט. דער זיידע זאָגט, אַז דאָס איז דערפאַר וואָס דיין מאַמע מיינט, אַז זי איז אַ פּריצהטע, און דערפאַר וואָס מיר זיינען שמידן, שטייט איר ניט אָן, אַז מיר זאָלן זיך שפּילן אין איינעם

— מיין מאַמע איז אַ שלעכטע.

— ניין, דיין מאַמע איז נישט קיין שלעכטע, נאָר אַ גרויסהאַלטערין. אַז פּייוועלע איז געבוירן געוואָרן און די מאַמע איז אַזוי שטאַרק קראַנק געווען, איז דיין מאַמע פון אונדזער הויז נישט אַרויס, געטאָן אַלע נייטיקע זאַכן, דעם דאָקטאָר אַלע מאָל געבראַכט אויף אייער פור, באַדינט די מאַמע ביז זי האָט זיך צוריק אויף די פיס גע־שטעלט — און פון דאַן אָן רעדט זי ווידער מיט אונדז נישט, ווי אַ פרעמדע. דער זיידע זאָגט, אַז זי איז אַ קאַפּריזנער מענטש, אַז ביי די נגידים פירט מען זיך אַזוי.

— איר זייט אָרעם?

— ווער זאָגט דען: אָרעם? דער זיידע אַרבעט טאָג און נאַכט, די באָבע אויך, די מומע שרה־רחל אויך, און די מאַמע טוט אויך פיל זי קען. מיר זיינען נישט אָרעם.

— וועסט מיך א מאָל נעמען צו אייך אין שטוב?

— נו, און דיין מאַמע וועט דיך לאָזן גיין?

— ניין, העונינקע. נעם מיך, אַז די מאַמע זאָל נישט וויסן.

—דאָס וועל איך נישט טאָן. דער זיידע וועט שרייען.

— וועסט זאָגן, אַז איך בין אַליין געקומען.

— דער זיידע ווייסט, אַז אַליין וועסטו נישט קומען.

— נו, און אַז איך וועל יע קומען?

—איז וועסטו קומען.

— וועסטו מיר ווייזן דיין מאַמעס קוליע?

העניע, אַ באַליידיקטע:

— וואָס דאַרפסטו מיין מאַמעס קוליע? ווילסט זיך לערנען גיין אויף קוליעס?

דינה פילט זיך שולדיק:

— ניין, העניע, איך וויל זען ווי דיין מאַמע קען עס גיין אויף איר. סע מוז איר זיין שווער.

—מיר טראַכטן שוין איצט נישט דערפון. ס'איז שוין ביי אונדז ווי אַ געוויינט־לעכע זאַך. פון אָנהייב איז עס אונדז אַלעמען אויסגעקומען זייער מאָדנע, און די מאַמע פלעגט זיך יעדעס מאָל באַגיסן מיט טרערן, ביז דער טאַטע פלעגט צוגיין און זי איינשטילן. אָבער איצט טראַכט נישט דערפון קיינער.

— נו און דיין מומע שרה־רחלען וועסטו מיר ווייזן?

—וואָס הייסט, איך זאָל זי דיר ווייזן? זי איז דען אַ שטיק האָלץ צי עפּעס אַ שפּילכל, וואָס מע דאַרף זי דיר ווייזן?

דינה פילט זיך ווידער שולדיק:

— איך מיין, איך וועל זי קענען זען פון נאָענטן?

— פאַר וואָס נישט? וועסט צוגיין נאָענט, וועסטו זי זען פון נאָענטן, זי איז נישט קיין בער.

— איז אמת, אַז זי ווייסט נישט ווען ס'איז טאָג און ווען נאַכט?

— פון וואַנען זאָל זי וויסן, אַז זי זעט נישט, אַז זי איז אַ בלינדע?

— טאָ, ווי ווייסט זי, ווען זיך צו לייגן און ווען אויפצושטיין?

— ווייסט זי טאַקע נישט. זי שלאָפט אַלע מאָל צו ביסלעך דורכן טאָג און איז אויף ביי נאַכט. נאָר אַז מיר גייען אַלע שלאָפן, גייט זי אויך שלאָפן, און אַז מיר שטייען אויף, שטייט זי אויך אויף.

— און ווי ווייסט זי, ווי אַרויסצוגיין אין דרויסן?

— זי טאַפּט מיט די הענט ביז זי קומט צו צו דער טיר, און אַ מאָל פירט זי אַ קינד אַרויס. און אַז זי פאַרלירט אַן אייגל שטריקנדיק, נעמען מיר עס אַרויף צוריק אויף די פרענטלעך — דערציילט זי אונדז דערפאַר שיינע מעשות.

דינה, אַ פאַרגאַפטע:

— שיינע מעשות?! זי קען דערציילן שיינע מעשות?

— שיינע און זייער אומעטיקע. די באָבע זאָגט, אַז זי קלערט זיי אליין אויס, די מעשות, און זי בינדט זיי צונויף מיט דעם וואָס איר אַליין האָט זיך געטראָפן.

## דינה גייט אַריין צום שכן

דעם זעלבן אָוונט, ווען אַלע זיינען געזעסן אין דעם שמידס ענגן, וואַרעמען שטיבל און זיך אָפּגערוט נאָכן שווערן טאָג אַרבעט, האָט זיך שטיל געעפנט די טיר.

אַלעמענס פּנימער האָבן זיך אַ קער געטאָן צו דער טיר. דינה איז געבליבן שטיין א צעשראָקענע, מיט איין פוס אויף יענער זייט שוועל און מיט צווייטן אין קיך.

די ערשטע וואָס האָט זי באַגעגנט, איז געווען כישע. צוגעגאַנגען, זיך גוט צוגעקוקט מיט די קורצזיכטיקע אויגן, און אויסגערופן:

— זע נאָר, סאַראַ גאַסט! קום אַריין, דינהלע.

אַלע שטוביקע האָבן זי אָנגעקוקט מיט גרויס חידוש. פּייסע האָט ווי צו זיך אין באָרד אַריינגערעדט.

— אַ נייס! אָהאָ! ווי קומט אונדז גאָר אַזאַ כבוד? די פּריצהטע זאָל דאָס גאָר דערלאָזן... נו, קום אַהער, וואָס שטייסטו און שעמסט זיך דאָרט? קום צו נעענטער. מע וועט דיר דאָ חלילה גאָרנישט אָפּבייסן.

נאָר איטקע מאָכט:

— שווער, זאָלט איר מיר געזונט זיין, וואָס פאַר אַ רייד? פעשע האָט מסתמא דאָס קינד געשיקט נאָך עפּעס.

און כישע מאָכט:

— קום אַהער, דינהלע, האָב נישט קיין מורא. איך בין דאָך געווען דיין באַבאַ. נאָר איך און דיין מאַמע — מער איז קיינער אין שטוב נישט געווען. און אז דער טאַטע מיט דער מומע יאַכע זיינען אָנגעפאָרן, איז שוין אַלץ פאַרטיק געווען. ביסט נישט שווער דער מאַמען אָנגעקומען, אויף אַלע געווינערינס געזאָגט געוואָרן, אַבי נישט ערגער, חלילה...

— נו האָט דיך דיין מאַמע נאָך עפּעס געשיקט?

דינה איז צעמישט און צעשראָקן.

— יע? נאָך וואָס? זי וויל עפּעס לייען? די האַקשיסל? דאָס ריבאייזן? אָדער אַ סקאָווערטע אויף לאַטקעס באַקן?

דינה קוקט אויף העניען, בעט זיך ביי איר מיט די אויגן, זי זאָל איר דאָ אַרויסהעלפן, אָבער העניע האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ און קוקט נישט צו דינהן.

דינה שטאַמלט אויס:

— די האַקשיסל.

כישע נעמט זי אָן ביי דער האַנט:

— קום צו צום טיש, וועסטו זען ווי מע שניידט די קנויטן. מאָרגן הויבן מיר אָן מאַכן די ליכט, אָפּטונקען אין ערשטן חלב.

דינה שאַרט זיך צו צום טיש, קוקט זיך ארום אויף אַלע זייטן, אָבער באַלד ווערט זי אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט אַרום טיש: אַלע זיצן, מעסטן אַ גראָבלעך־געדרייטן וויכן פאָדעם, דרייען אים אַרום א ברעטל און אז זיי ציילן אָפּ א געוויסע צאָל, שניידן זיי עס אויף מיט אַ שער, מע פאַרבינדט עס אין אַ בינטל און מע מעסט און מע וויקלט ווידער.

דער לאַנגער טיש מיט פייסען אויבן אָן, מיטן גרויסן קאָפּ געדיכטע ווייסע האָר, מיט דער געדיכטער באָרד און די האָרעפּאַשנע הענט, און אַלע איבעריקע אַרום טיש ביי דער ריטמישער אַרבעט — האָבן געמאַכט אויף דינהן אַ שטאַרקן איינדרוק. די בלינדע שרה־רחלע איז אויך געזעסן צווישן די קינדער און געוויקלט דעם קנויט און געציילט און געשניטן דעם פּאָדעם.

דינה איז געשטאַנען און באַטראַכט די אַלע אויסגעחלומטע העלדן אירע און זיך פאַרגעסן וואו זי איז און אַז זי דאַרף גאָר ווען אַוועק פון דאַנען, ביז כישע איז צוגעקומען מיט דער שיסל און זי דערמאָנט:

— נאַ, דינהלע, די מאַמע דאַרף דאָך אוודאי די שיסל, אויב זי האָט דיך געשיקט נאָך איר.

דינה האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט. אָנקוקנדיק די גרויסע הילצערנע שיסל, האָט זי ערשט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט דאָ אויפגעטאָן. וואָס וועט זי איצט טאָן מיט דער שיסל? וואו וועט זי זיך דערמיט אהינטאָן? ווי וועט זי אהיימגיין דערמיט?

אָבער לענגער דאָ בלייבן האָט זי שוין אויך נישט געקענט. אין גאַנצן אַ פאַרלוירענע, האָט זי צוגענומען די שיסל פון כישעס הענט און זיך אַרויסגערוקט פון הויז, אפילו אָן אַ „גוטע נאַכט”.

אַרויס פון שטוב, איז זי געבליבן שטיין מיט דער גרויסער שיסל אין די הענט... זי וועט גיין דורכן סעדל, באַהאַלטן די שיסל ערגעץ אונטער אַ בוים אין שניי, און מאכן א גוטן סימן, אז אויף מאָרגן זאָל זי וויסן, וואו זי צו געפינען, און זי צוריקטראָגן...

זי האָט גוט באַהאַלטן די שיסל אונטערן גראָבן באַרנבוים, אין שניי, און אויסגעריסן אַ טויט ריטל פו אַ צווייטן אָרט אין סעדל, און אַריינגעשטעקט דאָ, וואו איר זינד ליגט באַגראָבן.

אַליין איז זי אַריין דורך דער הינטערטיר, שטיל, אויף די שפּיצן פינגער, גענומען דעם חומש און אַוועקגעזעצט זיך חזרן די סדרה.

יענע נאַכט האָט דינה געהאַט שרעקלעכע חלומות. צוויי מאָל האָט מירקע דעם סטאַנקיערס מיידל, וואָס איז געשלאָפן מיט איר, זי אויפגעוועקט פון שלאָף און זי געפרעגט: וואָס חלומט זיך דיר? וואָס שרייסטו? נאָר דינה האָט מורא געהאַט צו דערציילען וואָס אַזוינס ס׳האָט זיך איר געחלומט, ווייל ס׳האָט געהאַט צו טאָן מיט פייסע דעם שמידס שטיבל און מיט דער הילצערנער שיסל, וואָס ליגט באַגראָבן ווי אַ פאַרברעכער אונטערן שניי אין סעדל.

אויף מאָרגן איז דינה געזעסן אין חדר ווי נישט קיין לעבעדיקע, ווי אין אַ היני־הערפּלעט, נישט געזען די ווערטער פאַר זיך און נישט דעם רבין מיט די קינדער. ווי דורך א נעפּל האָט זי געזען ליכטעלעך מיט דינע פייערלעך פאַר די אויגן און אַ סך רונדע, גרויסע הילצערנע שיסלען, וואָס האָבן זיך איר געדרייט פאַר די אויגן. אויף העניען האָט זי נישט געוואגט א קוק צו טאָן, און אז זי האָט שוין יאָ אַ פאַרגנבעטן בליק אַ וואָרף געטאָן צו איר זייט, האָט יענע אַראָפּגעלאָזן די אויגן, ווי ביט זי מיינט מען: זי זעט זי גאָרנישט.

אין אָוונט, גליייך נאָך וועטשערע, אַז מ'האָט אָנגעצונדן פייער, איז דינהן גריב־גער געוואָרן אויפֿן האַרצן. די גאַנצע קינדערישע זאָרג, וואָס האָט אַזוי אַראָפּגע־וואויגן דורך דער נאַכט און דעם גאַנצן טאָג, איז זיך ווי אין אַ בלויען רויך צע־גאַנגען און פון דעם דינעם בלויען רויך האָבן אָנגעהויבן אַרויפצושווימען נייע האָ־פֿענונגען, נייע דערוואַרטונגען: פייסע דעם שמידס שטיבל — די קינדערלעך אַרום טיש — דער קנויט וואָס מע וועט היינט טונקען אין ערשטן חלב — די קליינע שרה־רחלע מיט די קליינע קינדערישע הענט און אויסגעווייינטע בלינדע אויגן — איט־קע, וואָס האָפּקעט אַרום אויף דער קוליע — און דאָס גאַנצע שטיבל — אַלץ וואַקסט פֿאַר איר אויס ווי אַ כישוף־ראָד מיט טויזנטער פֿאַנטאַסטישע מעשות...

זי וואַרט ביז מ'עסט אָפּ וועטשערע, מע בענטשט אָפּ, מע צעגייט זיך פונעם טיש, יעדערער צו זיין אַרבעט: דער טאַטע גייט אַוועק צו די שטאַלן, זען אויב אַלץ איז ווי סע באַדאַרף צו זיין מיט די בהמות, די פערד און די שעפּסן; די מאַמע גייט אין פּאָדוואַל, סע וואַרטן דאָרט קונים, וועט אויף אַ קליין פעסל שנאַפּס, וועט אויף ביר; מלכה נעמט זיך צו די כלים; שרה איז פֿאַרטאָן מיט ריוועןן און מיט מירקען; דניאל, ווידער, איז פֿאַרנומען מיט שלום אַסטרעוואָקערס דריי חברה — זיי צוימען איינער דעם צווייטן אין אַ פערד־שפּאַן און שפּילן זיך.

דינה רוקט זיך אַרויס פון דער שטוב, לויפט אין סעדל, לויפט צו צום באַרנ־בוים — נישטאָ דאָס ריטל! דער ווינט האָט עס, ווייזט־אויס, אומגעוואָרפן און דער שניי, וואָס איז געפאַלן דורך דער נאַכט, האָט עס פֿאַרשאָטן...

מיט א ציטערנדיק האַרץ פאַלט זי צו צום שניי, וואָס אַרום בוים, און זי הייבט אָן שאַרן, גיך. יעדע רגע ציט זיך אויס אין אַן אייביקייט. וואָס וועט זי טאָן, טאָ־מער איז אויך די שיסל פֿאַרשוואונדן? סע באַפאַלט זי אַן אַנגסט.

אָבער אָט שלאָגט זי זיך אָן מיט דער רעכטער האַנט אָן האַרטן ראַנד פון דער שיסל. סע ווערט איר גוט אויפֿן האַרצן. זי שלעפּט זי אַרויס. זי כאַפּט זי אין ביידע הענט און לויפט — גליייך צו פייסע דעם שמיד אין הויז אַריין. היינט האָט זי זיך נישט געיישובט ווי נעכטן, ניט געמאָסטן די טריט, צי זאָל זי יע, צי זאָל זי נישט אַריינגיין. זי איז אַריינגעלאָפן, ווי מע וואָלט איר פון דרויסן נאָכגעיאָגט; ווי איינער, וואָס טראָגט אין די הענט א הייס־ברענענדיקע קויל און וויל וואָס גיכער זי אַוועקוואַרפן פון זיך...

די טיר פון פייסעס שטיבל האָט זיך האַסטיק אָן עפן געטאָן. דינה איז אַריין מיט דער שיסל אין ביידע הענט. אַלע שטוביקע האָבן זיך אומגעקוקט, זי אָנגע־קוקט. כישע איז צוגעגאַנגען נאָענט, זי באַטראַכט:

— דאָס ביסטו, דינהלע? די מאַמע האָט אָפּגעשיקט די שיסל?

דינה ענטפערט ווי נישט מיט איר מויל: יע — און גיט איבער די שיסל כישען אין די הענט אַריין.

כישע זעט, אַז זי איז פול מיט שניי און אייז:

— ביסט געפאַלן גייענדיק, דינהלע? האָסט זיך צעקלאַפּט?

— ניין.

— נו, קום אַריין, וואַרעם זיך אָן. וועסט באַלד זען, ווי מע טונקט די ליכט אין ערשטן חלב.

דינה גייט צו מיט געציילטע טריט נעענטער צו די לאַנגע, שמאָלע מולטער־לעך מיט חלב, זי זעט ווי כמעט אַלע קינדער אַרבעטן ביי די ליכט: זיי נעמען די קנויטן, וואָס הענגען שוין איצט אויף שטענגלעך, אָפּגעטיילט גלייך איינס פון צווייטן, זיי נעמען די שטענגלעך ביי די ראָגן און טונקען זיי איין אין חלב, הייבן זיי אַרויס, האַלטן זיי אַ קורצע ווייל אין דער לופטן, ביז דער חלב ווערט פאַרשטאַרט, און הענגען זיי אויף צווישן צוויי לאַנגע טישן אין שורות.

דינהן איז זייער געפעלן געוואָרן אָט־די אַרבעט.

העניע גייט צו צו איר:

— האָסט נישט קיין מורא געהאַט?

דינה נעמט זיך אָן מיט מוט:

— איך בין געקומען.

— ווילסט טונקען ליכט?

העניע גיט איר אַ שטענגל מיט קנויטן. דינה נעמט עס מיט ציטערדיקע הענט, טונקט עס אין חלב, האַלט עס מיט די אַנדערע אין דער לופטן און הענגט עס אויף צווישן די שורות ליכט, צווישן די צוויי לאַנגע טישן. זי נעמט נאָך אַ שטענגל און נאָך איינס, און סע גייט אַוועק אַ גאַנג. זי אַרבעט מיט אַלעמען צו גלייך און רעדט מיט העניען, מיט כאַשקען, מיט מאירקען און מיט אַלעמען פאַר אַ מאָל. איר איז דאָ אַזוי גוט און וואַרעם. זי פֿילט, אַז דאָ האָט גאָר באַדאַרפט זיין איר היים...

... פאַרוואָס, טראַכט זי, מאַכט מען ביי זיי ניט קיין ליכט? די מאַמע בענטשט דאָך ליכט, און אויף חנוכה און אויף אַלע ימים־טובים נוצן זיי דאָך אַזוי פיל ליכט! ס׳איז דאָך אַזאַ שיינע אַרבעט! ווי שיין די ליכטלעך זעען אויס הענגענדיק אַזוי שורותווייז!

דערווייל, ווי זי אַרבעט אַזוי איבער די ליכט און טראַכט, דערהערט זי פֿייַסעס קול:

— פאַרוואָס זעסטו נישט, ס׳קינד זאָל אַהיימגיין? ס׳איז דאָך שוין שפּעט. זיי וועלן דאָך דאָרט נישט וויסן, וואו זי איז אַהינגעקומען.

— וואָס הייסט, זיי ווייסן נישט? פֿעשע האָט דאָך זי אַליין געשיקט די שיסל אַריינברענגען.

דינה כאַפּט זיך אויף ווי פון אַ גוטן חלום. זי מוז באַלד אַהיימגיין. זי טוט אָן דעם מאַנטל און גייט. דאָס יינגעלע פייוועלע, מיט די קוטשעראַווע האָר, און צירל, אַ קליין מיידעלע, לויפן איר נאָך:

— קום מאָרגן, דינה, וועלן מיר ווידער מאַכן ליכט.

דינה פאַרגעסט זיך:

— איר מעגט אויך קומען צו אונדז...

— גוט, מיר וועלן קומען.

דינה פילט, אַז זי האָט זיך דאָ באַנאַרישט. זי פאַרשעמט זיך און לויפט אַרויס פון דער שטוב, אָן אַ „גוטע נאַכט".

## די מומע שרה

אַז זי איז אַריין אין הויז, האָט זי מלכה אַ פרעג געטאָן:

—וואו ביסטו עס געווען?

דינה האָט זיך געמאַכט תמעוואַטע:

— אין ערגעץ ניט.

— פון ערגעץ נישט קומט מען ניט אַזוי שפּעט. זע, ווי פאַרפרוירן זי איז! עס ברענט איר דאָס פּנים. וועסט זיך פאַרקילן, וועט מען דאָך דארפן דיך פירן צום דאָקטער. נאָך דאָס פעלט.

— מיר איז גאָרנישט קאַלט. איך גיי שוין שלאָפן.

שרה איז צוגעקומען צו דינהן אין בעט, און געוואָלט, זי זאָל מיט איר לייענען קריאת־שמע, ווי אַלע מאָל פאַרן שלאָפן. זי האָט שוין געקענט אויף אויסנווייניק אי בענטשן, אי קריאת־שמע־לייענען, אַז דינה פלעגט אויסהערן. אָבער ווי זי האָט עס אָנגעהויבן זאָגן אַליין פאַר זיך, אַזוי באַלד האָבן זיך איר איבערגעדרייט די ווערטער מיט די פּסוקים, און זי האָט נישט געוואוסט ווי אַזוי אַרויסצוקריכן. מיט דינהן ביי דער זייט האָט זי זיך געפילט זיכער.

אַז שרה האָט אָנגעהויבן לייענען קריאת־שמע, האָט זי דינה אַ פרעג געטאָן:

— שרה, פאַר וואָס מאַכן מיר נישט קיין ליכט ווי ביי פייסען?

—פון וואַנען ווייסטו עס, אַז ביי פייסען מאַכט מען ליכט?

— שווער זיך, אַז דו וועסט קיינעם נישט אויסזאָגן, וועל איך דיר זאָגן, פון וואַנען איך ווייס.

— איך וועל נישט אויסזאָגן, אָבער אז די מאַמע וועט זיך דערוויסן, אז דו ביסט דאָרט געווען, וועט זי דיר שוין דערלאַנגען.

— פאַר וואָס טאָרן מיר נישט גיין אַהין?

— איך ווייס נישט פאַר וואָס, אָבער מיר זיינען ברוגז מיט זיי. אז כישע גייט אַמאָל פאַרנאַכט פון דאָרף, לויף איך איר נאָך מיט נאָך קינדער און מיר וואַרפן אויף איר מיט קליינע שטיינדלעך. מיר טרעפן אַלע מאָל אין זאַק, וואָס זי טראָגט אויף דער פּלייצע, און מיר שרייען איר נאָך: אייזעלע! בלינד אייזעלע! איז זי איין מאָל געקומען זיך באַקלאָגן פאַר דער מאַמען, האָט איר די מאַמע גע־ענטפערט, אַז זי גלייבט גאָרנישט, אַז אירס אַ קינד זאָל נאָכשרייען אַ פאַקנטרע־

גערין. כאָטש איך ווייס זיכער, אַז די מאַמע ווייסט, אַז איך לויף איר נאָך און וואַרף שטיינער אין איינעם מיט די אַנדערע קינדער.

— פאַר וואָס טוסטו עס טאַקע?

— ווייל מיר שפּילן זיך אַזוי. אַלע טוען עס. הלמאי וואַרפן אַלע שטיינער אויף דער מומע שרה, אַז זי שלעפּט זיך פון איין דאָרף צום צווייטן?

— די מומע שרה איז דאָך אַ משוגענע... איך האָב אַזוי מורא פאַר דער מומע שרה... פאַר וואָס, ווען זי קומט אהער, שלאָפט זי אַלע מאָל ביי אונדז אויפן אויוון? פאַר וואָס שלאָפט זי נישט ערגעץ אַנדערש?

—ווייל זי איז דאָך דעם טאַטנס אַ לייבלעכע מומע!

— איז זי דאָך אונדזערע אויך אַ מומע.

— אַוודאי אַ מומע!

— איז פאַר וואָס זשע וואַרפסטו נאָך שטיינער אויף איר?

— ס׳איז גאַרנישט. מע וואַרפט שטיינער אויף אַלע משוגעים. זיי געדענקען דאָך גאַר נישט.

— יע, אָבער זיי טוט דאָך וויי.

— נו, דו נעמסט זיך נאָך אָן איר קריוודע!... זי האָט דאָך אַמאָל צוגעגנבעט דניאלקען פון וויג און דער טאַטע און די פאַרעבקעס און אַלע גויים פון דאָרף זיי־נען אַרומגעפאָרן זי זוכן, ביז מ׳האָט זי געפונען טיף אין קאָרן זיצנדיק, מיט אים אויף די הענט... זי האָט אים צוגעזונגען און אים געקאָרמעט מיט קאָרנזאַנגען... ווען מע דערהערט נישט פון וועג איר זינגען, וואָלט מען זיי נישט געפונען און זי וואָלט אים דערשטיקט...

דינה, אַ פאַרציטערטע:

— אוי! זי קען דאָך אירע אייגענע קינדער צוגנבענען.

— אירע קינדער? זיי זיינען שוין אַלע גרויסע. דאָס ייִנגסטע מיידל, וואָס פון איר איז זי משוגע געוואָרן אין קימפּעט, איז שוין אויך אַ גרויסע.

— פאַר וואָס וואוינט זי נישט אין דער היים מיטן פעטער, מיט די קינדער?

—ווייל דער פעטער האָט זי אָפּגעגט און חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער, לאָזט מען זי דאָרט אין שטוב נישט אַריין. זי האָט אַ פּאָר מאָל צוגעגנבעט ביילקען, דאָס ייִנגסטע מיידל, האָט מען זיי אויפגעזוכט און זי צוריקגענומען, און דער פּע־טער האָט זי אַזוי שטאַרק געשלאָגן, אַז זי האָט איצט שוין מורא צו גיין אַהין.

דינהן האָט פאַרקלעמט ביים האַרצן און זי האָט זיך צעכליפּעט. שרה האָט זי איינגעשטילט:

— ביסט אַ נאַר, דינה, וואָס וויינסטו? די מומע שרה איז אַ משוגענע. זי ווייסט גאָרנישט. אז מע שלאָגט זי, טוט איר אפילו נישט וויי.

דינה, כליפּענדיק:

— ווען זי גאָר קיין מאָל נישט קענען שטאַרבן?

— פאַר וואָס נישט? זי וועט שטאַרבן.

— אָבער אַז איר וועט קיין מאָל ניט ווי טאָן...

דינה האָט מיט אַ וויינענדיק קול אָפּגעלייענט מיט שרהן קריאַת־שמע, זיך איינגעטוליעט אין קישן און אין שרהן, און איז איינגעשלאָפן.

---

דעם שמידס אייניקלעך האָבן אַרויסגעוויזן גרויס חשק ביים לערנען. עס האָט נישט גענומען לאַנג, און העניע איז געזעסן ביים חומש און אפילו ביים תנ"ך מיט דינהן. דינהן האָט עס זייער הנאה געטאָן און זי האָט אַלץ העניען אַרויסגעהאָלפן.

פּעשע האָט אַ פּאָר מאָל באַמערקט:

— וואָס שפּאַרסטו אַזוי אין העניען אַלץ וואָס דו קענסט? זי וועט דאָך שוין באַלד קענען בעסער פון דיר.

— וועט זי מיר דאַן אַרויסהעלפן. זי איז דאָך עלטער פון מיר, דאַרף זי מער קענען, און אגב איז מיר גרינגער צו חזרן מיט איר אין איינעם. פריער פאַרהער איך זי, דערנאָך זי — מיך.

— און מיט דניאלן וואָס חזרסטו נישט?

— ער שטויסט זיך מיט די פיס און ער וויל נישט לערנען. און ער קען דאָך חזרן מיט די אָסטרעוואָקער ייִנגלעך.

— וועלן וויל ער טאַקע נישט, אָבער אַ קאָפּ האָט ער. א ייִנגל, איז ער א שטי־פער. אָבער ער וועט נאָך קענען לערנען, מע זאָל נאָר זיין געזונט.

איין מאָל, אַ פאַרנאַכט, זיינען פּייסעס אייניקלעך אַריינגעקומען צו שלמען אין שטוב. געקומען זיינען די צוויי קלענסטע, צירל מיט פּייוולען.

אַז דינה האָט זיי דערזען, האָט זי זיך דערשראָקן און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, האָט זי זיי אַריינגערופן אין שלאָפקאַמער, זיי אַרויפגענומען אויף דער קאַ־ל־נער הרובע און זיי געוויזן אירע שפּילכלעך. און אַז פּעשע איז אַריין אין קאַמער, האָט דינה זיי פאַרשטעלט, אַזוי אַז זי זאָל זיי נישט זען. און אַז פּעשע האָט אַ פרעג געטאָן: — וועמען באַהאַלטסטו דאָרטן? — האָט פּייוול אויסגעשריען: צירל האָט מיך געבראַכט.

איז פּעשע צוגעגאַנגען, אָנגעקוקט די קינדער, און מיט אַ געמאַכטער בייזער מינע אַ זאָג געטאָן צו דינהן:

— אַזוי גאָר?

און צו פּייוולען:

— קום נאָך אַהער, לאָמיר דיך אָנקוקן.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט. פּעשע האָט אים אַרומגעדרייט און אים אָנגע־קוקט:

— שוין אַ גרויס יינגל. נו, און דו, צירל? שוין גאָר אַ גרויס מיידל.

און צו דינהן:

— ס'איז דאָך שוין שפּעט. שיק זיי אַהיים, זיי האָבן דאָך נאָך קיין וועטשערע נישט געגעסן.

די קינדער גייען אַראָפּ פון דער הרובע, דינה העלפט זיי זיך אָנטאָן. ביי דער טיר קערט זיך פּיוול אום:

— דינה, וועסט מיר געבן דאָס רויטע קעסטעלע? וועל איך דיר אָפּגעבן מיין דריידל. מיר וועט דער זיידע מאַכן אַן אַנדער דריידל.

פעשע גייט צו, נעמט אַרויס פון קעשענע צוויי צוקערקעס מיט בערדעלעך, גיט איינע צירלען און איינע פּיוולען.

— אָ! סאַראַ שיינע!

איינער כאַפּט גלייך אַ קוק טאָן, צי דער צווייטער האָט נישט געקראָגן קיין שע־נערע...

— גייט קינדער, און פאַלט נישט. האַלט זיך אָן ביי די הענט.

דינה קוקט אַרויף צו דער מאַמען מיט דאַנקבאַרקייט.

— וואָס נאָך וועסטו מיר אַריינשלעפּן אין הויז?

— זיי זיינען אַליין געקומען.

—אוודאי געקומען מיך געוואויר ווערן, ביין?

— זיי זיינען אַלע גוטע ביי פייסען און זיי מאַכן אַליין ליכט.

— אַזוי גאָר? זיי מאַכן אַליין ליכט? און זיי זיינען אַלע גוטע? פון וואַנען ווייסטו עס די אַלע זאַכן?

דינה, אַ פאַרשולדיקטע:

— אַז איך דאַרף דאָך אַלע מאָל חזרן מיט העניען.

— נו, איז וואָס? האָסטו שוין נישט קיין אָרט ביי זיך אין שטוב, וואו צו חזרן? פאַר אַלע קינדער איז גענוג אָרט דאָ, און פאַר דיר פעלט אָרט?

פון דעמאָלט אָן איז די שווערע מחיצה צווישן די צוויי שכנישע שטיבער אַ ביסל דינער און דורכזיכטיקער געוואָרן.

דינה איז געגאַנגען צו פייסען אין שטוב, זיך געשפּילט מיט די קינדער, גע־האָלפן שרה־רחלען אַרויפנעמען פאַרלוירענע אייגלעך צוריק אויף די פרענטלעך, זי אַרויסגעפירט אין גאַס, ווען מ'האָט געדאַרפט, און זי געפרעגט — צו זיין זיכער — צי ווייסט זי טאַקע נישט דעם חילוק פון טאָג ביז נאַכט, און געזעסן ביי איר זייט און געהערט ווי זי דערציילט מעשות די קינדער.

## פון וואַנען דער ברוגז קומט

זי האָט זיך דערוואוסט פון וואַנען סע קומט דער ברוגז צווישן די צוויי געזינדן. דאָס האָט איר שרה־רחל דערציילט:

ווען די מאַמע אירע, פעשע, איז אָנגעקומען קיין אוהלי און זיך אויפגעפירט מעשה־פריצהטע און איז אַלע מאָל אַנטלאָפן צו טאַטע־מאַמע, האָט פייסע איין מאָל פאַר איר אין די אויגן געזאָגט שלומען:

— וואָס, שלום — האָסט זיך איינגעהאַנדלט אַ זאַגראַניטשנע קליאַטשע, קען זי דאָ ביי דיר די לופט נישט פאַרנעמען, האַ? עס שטעכט זי דאָ דער האָבער אין הינטן, און צו א שכן אריינצוגיין שטייט איר גאַרנישט אָן? קום אריין, שלום. מיין יידענע איז אַ פּראָסטע, זי בריקעט זיך ניט ביים קאָווען. — פעשע איז דעמאָלט אַריין אין הויז, געמאַכט שלומען אַ גאַנצן סקאַנדאַל, געוויינט און געקלאָגט אויף איר פינצטער מזל, וואָס זי איז פאַרוואָרפן געוואָרן ווי אויף אַן אינדזל צווישן ווילדע ברואים, צווישן גראָבע יונגען.

פעשע האָט זיך געבלאָזן ווי אַן אינדיק — שבת ביים מינין, ווען פייסע מיט כּיי־שען מיט וועלוולען זיינען געקומען דאַוונען. נאָך מער האָט זי פאַרדראָסן וואָס פייסע דער שמיד, דער גראָבער־יונג, קוקט אויף איר מיט ביטול און מאַכט זיך קיין צי־מעס נישט פון איר בלאָזן זיך, גאַרנישט ווי אים מיינט מען עס. ער איז געווען גוט־ברודער מיט שלומען, אים באַהאַנדלט ווי אַ טאַטע אַ זון, אַלע מאָל אָפּגעשטעלט זיך, אים געגעבן אַן עצה, מיט אים גערעדט וועגן די אַקער־אייזנס און וועגן די פערד, וואָס מע דאַרף שמידן.

פעשען האָט עס שטאַרק פאַרדראָסן, און נאָך פון יענע ערשטע טעג אירע אין דאָרף האָט זיך דער רוגז געפירט, אַן איינזייטיקער רוגז — ווייל פייסעס גאַנץ הויזגעזינד, די ווייבער מיט די קינדער, האָבן געקוקט אויף פעשען ווי אויף אַ מענטש פון העכערן שטאַנד...

---

אַזוי איז די צייט געגאַנגען.

דריי זמנים האָט מען געהאַלטן מלמדים ביי שלומען אין הויז. דינה האָט גוט געלערנט. דניאל, נישט קיין וועלער, האָט אָבער געהאַט אַ שאַרפן קאָפּ אויף זיך. דינהס חברטע און מיטלערנערקע, העניע דעם שמידס, איז נישט געבליבן הינטער־שטעליק. דינה האָט זיך זייער צוגעבונדן צו איר און ס'האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז העניע איז געוואָרן ווי אַן אייגענע אין שלומס שטוב, דאָרט געזעסן און אפילו אָפּט גענעכטיקט, און אַז מ'האָט אַמאָל געזוכט העניען, האָט מען שוין געוואוסט, אַז מע וועט זי געפינען ביי שלומען, זיצנדיק מיט דינהן אין קאַמער איבערן תנ"ך אָדער איבער אַ רוסיש ביכל, חזרנדיק די אוראָקעס.

אמת טאַקע, די דערוואַקסענע פון פייסעס שטוב האָבן נאָך אַלץ נישט גע־וואַגט פריי אַריבערטרעטן די שכנישע שוועל פון פעשעס הויז, אָבער צוקומען און אַ פרעג טאָן אויף אַ קינד — האָט מען שוין יאָ געוואַגט, נאָר אַלע מאָל פאַרענט־פערט זיך, אז וויפל מאָל מע זאָל זיי נישט אָנזאָגן, בלייבן אָבער קינדער קינדער און פאָלגן נישט און גייען פאַרט...

ביי אַזעלכע געלעגנהייטן האָט זיך פעשע געמאַכט נישט־הערנדיק, ווי נישט צו איר רעדט מען. און אַז ס'איז אַ מאָל אויסגעקומען, אַז זי האָט זיך נישט געקענט אַרויסדרייען, פלעגט זי ווי פאַר זיך אַ זאָג טאָן:

—ווען מען פאַרשלעפּט זי דען נשט אַהער? דאָס גאַנצע דאָרף ממזרים וואָלט זי אַהער אָנגעשלעפּט, אַז מע זאָל זי נאָר לאָזן.

דאָס האָט געדאַרפט מיינען, אַז דינה איז שולדיק אין דעם וואָס פּייסעס אַ קינד איז דאָ אין איר הויז.

## דער חדר קלייבט זיך ארויס

שלום דער אָסטערוואָקער, וואָס זיינע דריי ייִנגלעך האָבן דריי זמנים געלערנט אין אוהלי, האָט זיך פאַרעקשנט, אַז ער וויל שוין דעם חדר ביי זיך. ערשטנס דערפאַר וואָס ער האָט שוין געהאַט אייגענע פיר חברה צו שיקן אין חדר און ס׳איז אים געווען שווער זיי צו האלטן אין דער פרעמד, און צווייטנס ווייל גוטע דער מילנערקעס צוויי אייניקלעך, אַ צווילינג,ביידע מיידלעך, וואָס אין שכנות, איבער דער אַזיערע, האָבן שוין אויך געדאַרפט גיין אין חדר און זיי זיינען געווען ציטעריקע קינדער — האָט מען זיי אויך נישט געוועלט אַוועקשיקן אין דער פרעמד.

האָט מען גענומען אַ רבין צו שלומען אין הויז, און ס׳איז אויסגעקומען, אַז שלום דעם אוהליערס ביידע קינדער, דינה און דניאל, זאָלן אויף דעם זמן פאָרן קיין אָסטראָוואַק לערנען.

דניאלן איז דער פּלאַן שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט זיינע חברה דאָרט, ער וועט קאָנען שטיפן און זיין אַ גרויסער, ווי איטשע און ווי פּייטל — זיי לערנען דאָך אויך אין דער פרעמד — און אגב וועט ער זיך קענען גליטשן אויף דער אַזיערע מיט חברה.

פאַר דינהן איז עס שוין אָבער געווען נישט אזא לייכטער ענין. פאַר די ימים־טובים, אַז מ׳האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן פּלאַן צו שיקן די קינדער קיין אָסטראָוואָק פאָרן זמן, איז זי גלייך אַ פאַרציטערטע געוואָרן. וואָס הייסט, זי וועט אַוועקפאָרן פון דער היים? און וואו־אַהין? ערגעץ אין דער וועלט אַריין! אַזאַ ווייט! גאַנצע דריי וויאָרסט גאַנג! זעלטן ווען זי איז דאָרט געווען. פאַרבייגעפאָרן אַ פאָר מאָל און ביט מער. וואָלט עס כאָטש געווען דאָקטערוויטש — דאָרט וואוינען פעטערס און מומעס. אָבער דאָ, אין דער פרעמד, וואו זי קען כמעט קיינעם נישט, אַחוץ שלומס ייִנגלעך, וואָס זיינען איר נישט צום האַרצן געווען... אָבער אויסריידן זיך וועגן דעם, האָט זי נישט געוואַגט.

און ס׳האָט איר אויך זייער באַנג געטאָן, וואָס זי וועט דאַרפן לערנען אָן העניען. זי האָט געהאַט דאָס געפיל, ווי זיי ביידע דאַרפן וויסן אַלע מעשות פון תנ״ך און פון די ביכלעך — אין איינעם. אמת טאַקע, אַז זי וועט אַהיימקומען אויף די שבתים, וועט זי איר אַלץ דערציילן, איבערדערציילן אַלץ וואָס זי האָט פאַר ז׳ער וואָך אויסגעלערנט — אָבער זיצן אַליין ביים טיש אין חדר אָן העניען און אַליין חזרן אין די אָוונטן — וועט איר זיין זייער אומעטיק.

דאָס דאַרפן אַוועקפאָרן פון דער היים און זיין אין דער פרעמד האָט אַזוי שלעכט געווירקט אויף איר, אַז זי האָט אויפגעהערט צו עסן און ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, ביז מ׳האָט געבראַכט ראַבינאָוויטשן, דעם פעלדשער, אין שטוב אַריין, און ער האָט איר פאַרשריבן אַ רעצעפּט און געהייסן געבן ווערעמקרויט:

—די געלקייט פונעם פּנים איז דער הויפּט־סימן פון ווערעם...

דינה איז אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ חלום, געשטאַנען לאַנג און פאַרטראַכט ביי יעדן בוים אין סאָד, ביי יעדן קאַלב אין שטאַל, צוגעבויגן זיך צו די יונגע שעפּסע־לעך, זיי געגלעט, און געוויינט, אַז קיינער זאָל נישט זען, און אַוועק צום טייך, דאָרט וואו די פעלדער האָבן זיך פאַנאַנדערגעטיילט אין צווייַ לאַנגע ענדלאָזיקע שורות. און וואו ס'האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די מידע רייפקייט פונעם שפּעטן האַרבסט...

זי פלעגט לאַנג און שטיל גיין איבערן שמאָלן וועג מיטן ווייסן הינטל, גאָל־דעצקע, דערנאָך אַוועקזעצן זיך אַ מידע, נעמען גאָלדעצקען אויף די הענט, גלעטן לאַנג, קוקן איבער די ווייטע שטרעקעס פון די פעלדער, און א פאַרקלעמטע מעסטן אין זיך די ווייט — פון איר היים ביז אָסטראָוואָק...

קיין מאָל איז זי נאָך אין ערגעץ נישט געווען, קיין נאַכט נישט איבערגענעכ־טיקט אין דער פרעמד. זי וועט מורא האָבן צו שלאָפן אין דער פרעמד. זי וועט זיך שעמען.

ביי די לאַנגע איבערטראַכטענישן פלעגט זי זיך אַליין פאַרשעמען. זי וועט רע־דען מיט איטשען וועגן דעם. ניין. ס'וועט נישט טויגן. איטשע איז אַ ייִנגל. ער וועט נישט פאַרשטיין. א ייִנגל ווייסט נישט ווי מ'האָט מורא. אָט איז דאָך דניאל קלענער פון איר, און אַז זי האָט אים געפרעגט, צי וועט ער נישט מורא האָבן אין דער פרעמד, האָט ער איר באַלד געענטפערט: — איך בין דאָך א ייִנגל! א ייִנגל האָט נישט קיין מורא — און זי דערמאָנט זיך אויך, אַז איטשע זאָגט, אַז גאָט איז אומעטום, און אַז סע דונערט, טאָר מען נישט מורא האָבן; מע דאַרף נאָר מאַכן אַ ברכה. און זי ציטערט פאַר אַ דונער, אַז זי מאַכט אפילו צוויי ברכות: אי איבערן בליץ, אי איבערן דונער. און עס טוט איר באַנג, וואָס זי איז נישט קיין ייִנגל.

זי איז אַזוי אַרומגעגאַנגען חלומענדיק און זעגענענדיק זיך מיט יעדער שטו־מער זאַך, וואָס אַרום איר. ווייל נאָר צו זיי, צו די שטומעביימער און חיות האָט זי געקענט מיטן האַרצן רעדן. זיי האָבן פאַרשטאַנען און געפילט וואָס זי פילט. צו די רעדנדיקע מענטשן אַרום איר האָט זי קיין וואָרט נישט געוואַגט אַרויסרעדן — פון דעם וואָס נאָגט און דריקט זי אַזוי.

## ביי שלום אָסטראָוואָקער אין חדר

די צייט איז געקומען. אַ קאַלטער, רעגנדיקער האַרבסטיקער טאָג. מ'האָט דינהן מיט דניאלן וואַרעם אָנגעטאָן, איינגעפּאַקט זייערע ספרים, אין אַ זעקל פאַר־בונדן ברויט מיט פּוטער, מיט אַנדערע שפּייזן, זיי אַריינגעזעצט אין אַ וואָגן אויף פּרוזשינעס, און מלכה האָט זיך געזעצט מעשה קוטשער, מיט בייטש און לייצעס אין די הענט, און אַידער דינה האָט זיך געקענט אַרומזען וואָס איז דאָ געשען, איז שוין די פור געבליבן שטיין ביי אַן אַלט, נידעריק, צעהויקערט שטיבל, און מלכה איז שוין געשטאַנען און צוגעבונדן דאָס פערד צום פּלויט וואָס פאַרן שטיבל.

דניאל איז באַלד אַראָפּגעשפּרונגען פונעם וואָגן און — גלייך אַריינגעפאַלן אין אַ לוזשע בלאָטע, וואָס איז געשטאַנען פאַרן הויז. די ייִנגלעך זיינען אים אַנטקעגנ־

געקומען מיט געפילדער און האָבן אָנגעהויבן אָפּלאַכן פון אים און ס'איז שיר־נישט דערגאַנגען צו א געשלעג. נאָר קריינע, שלום דער אָסטרעוואָקערס ווייב, א הויכע, אַ שוואַרצע יידענע מיט אַ ברייט געשטאַלט, מיט צעפּודלטע, שוואַרצע האָר, וואָס זיינען איר נאָכגעהאָנגען פּאַסמעסווייז איבערן שטערן און זיך פאַרדרייט צו די זייטן פון די באַקן — זי האָט זיך גלייך א וואָרף געטאָן אויף די קינדער, מיט קללות, און זיי צעטריבן. און דניאל איז געבליבן שטיין אין מיטן דער לוזשע וואַסער, ווי א יונג הענדל, וואָס האלט אין מיטן שפּרינגען קעגן זיין שונא — און פּלוצלינג דער־זעט ער, אַז דער שונא איז אַוועק.

קריינע איז צו צום וואָגן, געפרעגט מלכהן אויף דער מאַמען, און איר גע־האָלפן אַראָפּנעמען די פּעקלעך, און קוקנדיק אויף דינהן אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז, זי איז נישט געזונט?? עפּעס זעט זי אויס צעשראָקן.

— נייך, זי איז נישט קראַנק. זי פוילט זיך אַראָפּגיין.

דינה דערפילט, אַז לענגער קען זי דאָ נישט בלייבן זיצן, קריכט זי אַראָפּ פונעם וואָגן און בלייבט שטיין לעבן מלכהן מיט קריינען. זיי נעמען אַריינגיין אין הויז — גייט זי זיי נאָך, ווי נישט מיט אירע פיס. אין הויז האָט קריינע צוגענומען די פּעקלעך, זיי צעלייגט, און געוויזן דינהן וואו זי זועט געפינען וואָס זי וועט דאַרפן. דינה האָט איר צעשראָקן נאָכגעקוקט און באַטראַכט די אַלטע, צעקרימטע פּאָליצעס און די אויסגעשטשערבעטע שראַנקען, אָנגעפּאַקטע מיט שמאַטעס.

די כאַטע האָט געהאַט אַן אויסזען פון אַן ענג־אָנגעפּאַקטן שטאַנג.

די בעטן, דער טיש, די קינדער מיטן רבין, מיט די ספרים — אַלץ צונויפגע־וואָרפן, אָן אָרדענונג, און אַ פּאָרע פון די טעפּ מיט געקעכץ האָט אַריינגעשמעקט אין דעם אַלעמען.

דינה האָט אַרומגעזוכט מיט אירע פאַרבענקטע אויגן עפּעס אַ ווינקל, וואו זי זאָל זיך קענען אָפּזונדערן. אָבער ס'איז איר שווער געווען דאָרט צו געפינען. ביז אירע בליקן זיינען צוגעקומען צום אויוון — דאָרט, הינטערן קאָמין אויפן אויוון, וואו סע טריקענען זיך רויע שייטלעך האָלץ, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, באַטראַכט דעם פּלאַץ און באַשטימט, אַז דאָרט וועט מען זיך יע קענען באַהאַלטן, אַז קיינער זאָל נישט זען.

ווי פון אַ שלאָף האָט זי מלכה אויפגעוועקט:

— נו, דינה, זיי געזונט. גיב אַכטונג אויף דניאלן. פרייטיק וועלן מיר קומען אייך אַהיימנעמען אויף שבת.

דינהן האָט פאַרדריקט ביים האַרצן. זי האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט. נאָר אַז מלכה איז אַרויס פון שטוב, איז זי איר שטום נאָכגעגאַנגען, און אַז מלכה האָט אויף איר אָנגעשריען, אַז זי זאָל באַלד אַריין אין שטוב לערנען מיט אַלע קינדער — איז זי אַריין צוריק אין שטוב און געבליבן שטיין ביים פענצטער און נאָכגעקוקט, ווי מלכה זעצט זיך אַרויף אויפן וואָגן, נעמט די לייצעס אין דער האַנט, קערעוועט אויס דאָס פערד און — אַ שלעפּ די לייצעס. דער וואָגן איז אַרויס פון הויף און כמעט אויגנבליקלעך פאַרשוואונדן.

דינה האָט זיך פאַרכלינעט מיט אַן אינערלעך געוויין, ביז אירע אַקסלען האָבן אָנגעהויבן צו צוקן. קריינע איז צו צו איר און זי אײַנגעשטילט:

— פע, אזא גרויס מיידל שעמט זיך נישט צו וויינען? ביטע! ס׳איז נישט שיין.

דינה האָט זיך אָפּגעקערט פונעם פענצטער, איז צוגעגאַנגען צום פּעקל מיט ספרים, ארויסגענומען דעם חומש, דעם תנ״ך. דער רבי, א הויכער, געבויגענער, הוסטנדיקער יונגערמאַן, איז צוגעגאַנגען צו דינהן, אָנגעקוקט די ספרים און גע־פרעגט צי לערנט זי אין איינעם מיט די ייִנגלעך. האָט זי אים געזאָגט, אז זי לערנט אַלץ וואָס איר ברודער דניאל לערנט, און אַז אָן איר וויל ער ניט לערנען. האָט דער רבי געהייסן די קינדער גיין צום טיש, אַוועקגעזעצט דינהן לעם דניאלן — און דער זמן פון לערנען האָט זיך אָנגעהויבן.

דער רבי האָט געקענט גוט לערנען און געקענט נאָך בעסער הוסטן. דיביידע זאַכן זיינען דינהן זייער געפעלן געוואָרן. זי האָט ליב באַקומען דעם רבין אי דער־פאַר וואָס ער לערנט תנ״ך מיט אַזאַ שיינעם, אומעטיקן ניגון און פאַרטייטשט עס מיט אַלערליי משלים, אי דערפאר וואָס ער פארהוסט זיך אזוי, אזש א שווייס גיסט אים אָפּ.

יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך פארהוסט, איז דינה געלאָפן אים דערלאַנגען אַ ביסל וואַסער — און אַז ער האָט גענומען זיין רפואה פון אַ טונקל פלעשל, אַזאַ געלע פליסיקייט, וואָס האָט געהאַט אַ שלעכטן ריח און מסתמא נאָך אַן ערגערן טעם, פלעגט זי אים מיט אַנגסט נאָכקוקן גלייך אין מויל אַריין און ביי זיך אין האַרצן ווינטשן אים טויזנט רפואות שלמות.

די ערשטע וואָך איז אַריבער אין ציילן יעדן טאָג די שעהן און — אַז היינט איז דינסטיק, וועט מאָרגן זיין מיטוואָך און איבער מאָרגן דאָנערשטיק, און פריי־טיק פאָרט מען שוין אַהיים... אַזוי איז זי געלעגן מיט דניאלן אין איין בעט און גערעדט צו אים און געציילט די טעג.

דניאלן אַליין איז שוין אויך אַריבער דער חשק צו זיין אין דער פרעמד. דאָס געלעגער איז געווען אַ שלעכטס, און שלום האָט זיך ביז שפּעט אין די נעכט גע־קריגט מיטן ווייב, און אין די אָוונטן געשריען אויף די קינדער און שוין נישט פאַרפעלט אַ געשריי טאָן אויף דניאלן אויך, וואָס האָט זיך אים געדרייט פאַר די פיס, מחמת דער ענגשאַפט אין הויז.

דינה איז קיין מאָל אין וועג נישט געוועזן. זי האָט זיך אויסגעזוכט א ווינקל און געזעסן איבערן חומש אָדער עפּעס אַן אַנדער ספר, און געהיט, אַז סע זאָל כאָטש חס־וחלילה נישט איינפאַלן דעם בייזן שלום — צו שרייען אויפן רבין, וואָס דרייט זיך דאָ אַרום ווי אויף אַ פרעמדער וועלט, אַזאַ הויכער, אַ צונויפגעבויגענער, אַ בלאַסער און — הוסט...

דעם ערשטן פרייטיק איז מען געקומען נאָך דינהן מיט דניאלן, פאַרנדיק פון הראַזעווע, וואו איטשע האָט געלערנט אין אַ גמרא־חדר.

איטשע איז אַריין רופן די קינדער. דינה האָט זיך דערפילט ווי אין זיבעטן הימל: זי וועט פאָרן אין איינעם מיט איטשען אַהיים אויף שבת... ער — פון חדר

און זי אויך פון חדר. זי לערנט אויך... טאַקע נאָך נישט וואָס ער, איטשע, לערנט, אָבער זי לערנט אויך תורה. זי וועט נאָך לערנען גמרא אויך. אַ מיידל קען אויך לערנען גמרא, אַז זי וויל. זי זעט, ווי איטשע גייט צו צום רבין, גיט אים אָפּ שלום און רעדט מיט אים. סע ווערט איר נאָך ליכטיקער אויפן האַרצן. זי איז שטאָלץ מיט איר ברודער — ער איז אַזאַ הויכער און אַ שיינער. ער האָט אַזעלכע שיינע, שוואַרצע, געקרייזטע האָר און אַזעלכע שיינע, ווייכע, ברענענדיקע אויגן און ער איז אַזאַ גלייכער.

ווען דער רבי וואָלט נישט אַזוי געהוסט וואָלט ער אויך געווען גלייך און אפשר אַזוי הויך ווי איטשע. אָבער אַזוי, איז איטשע העכער פון אים. דער רבי גייט צו מיט איטשען צום וואָגן, מע זעצט זיך אַריין, מע זאָגט אַלעמען „אַ גוטן טאָג", וואַסיל גיט אַ צי די לייצעס, און מע פאָרט.

צוקומענדיק נאָענט צו די שייערן, מיט די שטאַלן, מיטן הויף — האָט דינהס האַרץ גענומען אַזוי קלאַפּן, אַז איר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע הערן דאָס קלאַפּן. זי איז אַראָפּ פונעם וואָגן. גאָלדעצקע איז באַפאַלן די קינדער, אָנגעהויבן קוויטשען און באַלעקן זיי פון אַלע זייטן. דינה האָט נישט געוואוסט, צו וועמען זי זאָל פריער גיין: צו פּיישען — און זען העניען, צי אין שטאַל צו די קעלבלעך מיט די יונגע שעפּסן, צי אין שטוב אריין און זען צי איז נאָך אַלץ געבליבן אויפן זעלבן אָרט, ווי זי האָט עס איבערגעלאָזן...

דעם גאַנצן טאָג שבת איז זי געווען פאַרנומען דערציילנדיק העניען וועגן דעם נייעם רבין און אַלץ וואָס זי האָט געלערנט. זי האָט פאַרהערט שרהן, צי געדענקט זי נאָך דאָס בענטשן — און טאַקע געפונען, אַז זי האָט ווידער פאַרגעסן און מישט אויס קאַשע מיט באַטשווענע. האָט זי שוין שרה אַרומגעטראָגן אַ צייט אויף די פּלייצעס אין פאַרנאַכטיקן, טונקעלן פירהויז — און דינה, זיצנדיק רייטנדיק אויף איר רוקן, האָט איר געהאלטן אין איין דויבן אין קאָפּ אריין וואָרט נאָך וואָרט, און שרה, ווי אַ פאַרשולדיקטע, האָט איר נאָכגעזאָגט מיט גרויס התמדה. און אַזוי איז געווען אויך מיט קריאת־שמע לייענען: אין איין וואָך האָט שרה אַלץ פאַרגעסן, ווי גאָרנישט געווען.

זונטיק פרי האָט מען ווידער געשפּאַנט פערד און וואָגן און מ'האָט ווידער אָפּ־געפירט די קינדער אין חדר אַריין.

דאָס מאָל איז שוין דינה געפאָרן כמעט ווי מיט חשק. די שטוב מיט די מענטשן זייענען איר טאַקע נישט געווען צום האַרצן, אָבער דער רבי מיטן הוסט, מיט זיין בלאַסן פּנים און זיין אומעטיקן ניגון ביים לערנען — האָבן פאַר אַלץ פאַרגיטיקט.

זי האָט דערציילט דער מאַמען ווי דער רבי הוסט, און אַז ער נעמט אַזאַ ביי־טערע רפואה — האָט זי געהייסן מלכהן אַריינברענגען פונעם סקליעפּ אַ סלאָיאיקל מיט קערשלעך — וואַרעניע — פאַרן רבין. פאַר דינהן איז עס געווען אַ גרויסע דערגרייכונג: פון דער וואַרעניע וועט אים אַוודאי בעסער ווערן...

זי האָט עס אים איבערגעגעבן:

— די מאַמע האָט עס אייך געשיקט אויף אַ רפואה.

ער האָט טרויעריק געשמייכלט:

— ביסט א גוט קינד, דינה. האָסט אַ גוט האַרץ און אַ גוטן קאָפּ צום לערנען.

דינה האָט זיך דערפילט גליקלעך פאַרלוירן און זיך קינדעריש פאַרשעמט.

די האַרבסטיקע טעג זיינען אַריבער. דער פראָסט האָט זיך געשפרייט איבער די שויבן פון שלומס שטיבל און אויך איבער די פעלדער און איבער דער אָזיערע. דער ערשטער שניי איז אַרויסגעפאַלן ווען אַלע זיינען געשלאָפן, און אַז מ'איז אויפגעשטאַנען מיטן פרימאָרגן, האָט מען דערזען פאַר די אויגן אַ נייע, אַ ווייסע וועלט.

די קינדער האָבן זיך דערפרייט. די שטימונג אַרום טיש ביים לערנען איז גע־וואָרן אַ מונטערע. מ'האָט אַ בליק געטאָן דורכן פענצטער, און ס'האָבן צוריקגע־קוקט ווייסע דעכער, ווייסע פעלדער און אַ ווייסע אָזיערע, וואָס האָט זיך געצויגן פון גוטע דער מלינערקעס שטיבל מיט דער וואסערמיל ביז שלומס שטוב.

גוטעס אייניקלעך, דער צווילינג, זיינען יעדן פרימאָרגן געקומען אין חדר, ריין און וואַרעם אָנגעטאָן, שיין פאַרקעמט. זיי האָבן שוין געקענט אַ ביסל לערנען. דאָס האָט דער טאַטע זייערער, גוטעס איידעם, מיט זיי אַליין געלערנט ביז דער רבי איז אָנגעקומען.

דער טאַטע זייערער איז געווען אַן איידעלער יונגערמאַן, אַ לערנער. די צוויי מיידלעך האָבן געהאַט דעם איסזען פון רבנישע קינדער.

דינהן איז אָבער נישט געלונגען צו ווערן מיט זיי חבר. איר איז עפּעס נישט געווען צום האַרצן זייער צירלעכמאַנירלעכקייט, און אפילו זייערע שיינע, אָפּגע־היטע קליידער זיינען איר נישט געווען געפעלן. זי האָט געבענקט נאָך העניען, נאָך אַלע קינדער פון פּייסע דעם שמידס הויז, מיט די פאַרלאַטעטע קליידעלעך און מיטקעלעך. איר האַרץ האָט געצויגן צו אַלץ וואָס איז פשוט, און רעוואָלטירט קעגן אויסגעכאַליעטס און רייכס. זי האָט זיך צוגעוואוינט צו דער פראָסטער, פאַרהאָרע־וועטער קריינע וואָס דער מאַן האָט אויף איר אַלע מאָל געשריען, און זי, קריינע, האָט די זעלבע קללות און געשרייען איבערגעגעבן אירע קינדער. זי האָט אויך גרויס רחמנות געהאַט אויף שלומען אַליין. ער איז אַלע נאַכט געקומען שפּעט אַהיים, אַ פאַרפרוירענער און אַ בייזער, פון אַ טאָג אַרומשלעפּן זיך איבער די דער־פער און זוכן וואו ווער ס'האָט אַ ביסל פלאַקס, אָדער אַ טרוקן פעלכל צום פאַר־קויפן, און געקומען מיטן מאָגערן זעקל אויף די פּלייצעס.

דינה האָט אים אויך אַ פּאָר מאָל געזען, ווי ער קומט צו צום רבין מיט אַ גרויסן קאַנווערט מיט אַ סך רויטע און שוואַרצע טריוואָקסענע זיגלען, און דער רבי נעמט אַרויס פונעם קאָנווערט אַ גרויסן בריוו און לייענט פאַר אים אויף רוסיש אַ פּאָוועסטקע.

און נאָך אַזאַ פּאָוועסטקע פלעגט שלום דארפן גיין אין וואָלאָסט. און קומענ־דיק צוריק, פלעגט ער צו זיינע קללות שוין אין איין וועגס צולייגן נאָך עטלעכע קללות דעם קייסער ניקאָלאַי אויך — אַז וואָס האָט ער צו אים? זאָל ער נעמען זיין דלות און ברענען מיט אים אין איינעם. אז נישט געגנוג איז אים, דעם בלוטזויגער,

אַז איין זון זיינער איז אַוועק פּאַניען דינען און שוין פון דאָרט קיין לעבעדיקער ניט צוריקגעקומען, איז דערפאַר וואָס דער צווייטער האָט זיך אַ לעבעדיקער אַרויס־געראַטעוועט פון זיינע מערדערישע הענט און איז אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד פאַרן פּריזיוו — איז וואָס וויל מען פון אים? וואָס שיקט מען אים פּאָוועסטקעס און וואָס מאָנט מען פון אים?

— אפשר וויל ער, ניקאָלאַיקע, אַ בראַנד אים אין די זייטן, אַז ער זאָל אים גיין צושטעלן זיין זון, און ער זאָל אים אויך דערהרגענען ווי ער האָט דערהרגעט דעם ערשטן? אַ מכה אים! אַלץ יע און דאָס נישט.

— מער קיין זין קריגט ער ביי מיר נישט! און נעמען? זאָל ער נעמען! וואָס קען ער נעמען ביי מיר? די קינדער מיט די בעבעכעס? זאָל ער נעמען און האָדי, און אויס זאָל שוין זיין מיטן שלעפּן מיך יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אין וואָ־לאָסט אויף סוד און ציען מיר די אָדערן און פרעגן מיך, וואו דער זון איז... אָט באַלד גיי איך און טראָג אים זיי אונטער! זאָלן זיי נאָר וואַרטן אַ וויילע.

אין די ווינטערדיקע קורצע טעג האָט מען געלערנט אויך אין די אָוונטן. שלאָפן איז מען געגאַנגען פרי. אין די צוויי קאַמערן פון שלומס שטוב האָבן איצט געדאַרפט הויזן דריי פרעמדע, אַחוץ דער אייגענער משפחה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַכטן.

איז מען געשלאָפן אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ. דינה מיט דניאלן — אויף אַ האַרט, שמאָל בעטל פון איין זייט אויוון, און אויפן אויוון זיינען צווישן די שייטלעך באַס האָלץ געשלאָפן עטלעכע פון שלומס קלענערע ייִנגלעך. אויף דער צווייטער זייט פונעם אויוון איז געשטאַנען אַן אַלטע סאָפקע אָן אַ פוס, אונטערגעשפּאַרט מיט אַ שטיק האָלץ. אויף יענער סאָפקע האָט אַ גאַנצע נאַכט געהוסט דער רבי.

## אַן „אָביסק"

אין איינער אַזאַ נאַכט, ווען די קינדער זיינען שוין געשלאָפן און געהאַלטן ער־געץ אין מיטן פון אַ חלום, האָט זיך דערהערט אַ בילן פון הינט. און נאָכן בילן האָבן זיך דערהערט קלאַנגען פון גלעקלעך פון אַ פערד־געשפּאַן. פּלוצעם, נאָך די גלעקלעך, האָט זיך דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן אין דער טיר און אַ רוסיש זידלען זיך.

דאָס גאַנצע הויז איז באַלד געוועזן אויף. אַ ציטערניש האָט אַרומגעכאַפּט יעדן אין זיין ווינקל.

שלום האָט זיך אויף גיך אָנגעטאָן, איז צו צו דער טיר, אויפגעעפנט — האָבן באַלד אַ בלאַנק געטאָן קנעפּ, מיט שאַשקעס, מיט גאַרטלען און הויכע היטלען; גאַנצע פיר אויף אַ מאָל זיינען אַריין — און אָנגעהויבן פאָדערן:

— אָגאָן! פייער!

שלום האָט אָנגעהויבן רופן קריינען:

— זי זאָל דאָרט ליגן אין קרענק — צי זעט זי נישט, וואָס דאָ טוט זיך? פאַר וואָס שטייט זי נישט אויף און צינדט נישט אָן דעם לאָמפּ?!

קריינע איז אַרויס מיט אַ פאַררויכערט לעמפּל אין דער האַנט און עס אַוועקגע־שטעלט אויפן טיש פאַר די געפּאַנצערטע לייט.

זיי האָבן געוואָלט עפּעס אַ גרעסערן לאָמפּ:

— פאַר אַן אָביסק ביי נאַכט איז אזא לעמפּל ווינציק!

— נאָפּליעוואָט — שרייט אַ צווייטער — מע וועט זוכן.

ס'איז געוואָרן אַ קוויטשעריי פון קינדער אין אַ בעט, און דער סיגנאַל האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט ווי אַ פייער איבערן הויז: קינדער האָבן אָנגעהויבן שרייען „גוואלד!" פון אַלע זייטן. די פאַרפּאַנצערטע לייט האָבן אָנגעהויבן זידלען און שעלטן און ווארפן פון די בעטן לינקס און רעכטס.

דינה מיט דניאלן האָבן אויף זיך אַרויפגעכאַפּט דעם צודעק, און באַרוועסער־הייט זיינען זיי אַרויס פון דער שטוב און — איבער דער אָזיערע — גלייך גע־קומען צו לויפן צו גוטע דער מילנערקע.

זיי האָבן גענומען קלאַפּן אין די פענצטער. אַז מ'האָט זיי אַריינגענומען אין שטוב אַריין, זיינען זיי געווען אַזוי צעשראָקן, אַז מ'האָט בשום אופן נישט געקענט פון זיי אויסגעפינען, וואָס דאָרט ביי שלומען איז געשען.

ערשט אויף מאָרגן, אַז גוטעס איידעם איז צוריקגעקומען פון שלומען, האָט ער ביים טיש דערציילט, אַז זשאַנדאַרן זיינען געקומען ביי נאַכט, געמאַכט אַן „אָביסק", געזוכט צי באַהאַלט נישט שלום אויס זיין זון פון פּריזיוו. און אַז זיי האָבן אים נישט געפונען, האָבן זיי צוגענומען דעם רבין אין אַרעסט און מ'האָט „פאַרשריבן" שלומס איינציקע בהמה פון דער שטאַל:

היינט מוז זי שלום אַליין ברענגען צום פּריסטאַוו אויף קאַזנאַ.

גוטע די מילנערקע האָט געשפּאַנט פערד און אַליין אַהיימגעפירט דינהן מיט דניאלן. ביידע קינדער זיינען קראַנק געוואָרן — פריער פון שרעק און פון פאַר־קילונג, דערנאָך האָט זיך אונטערגעוואָרפן טיפוס. און דער רבי איז שוין אויך ניט צוריקגעקומען. פון זיינע מעטריקעס האָט מען אויסגעפונען, אַז ער איז געווען אַ געמסרטער און אַ טובערקולאָזנער און אַז ער האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן אין אַ דאָרף, כדי אויסצומיידן די פּאָליציי.

מיט דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער זמן אין אָסטראָוואָק, כאָטש ס'איז נאָך ערשט געווען פאַר פורים.

דינה מיט דניאלן האָבן אָפּגעפיבערט צו זעקס וואָכן, און דערנאָך זיינען די אַנדערע אין שטוב קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און ס'האָט זיך פאַרצויגן ביז אין פרילינג אַריין.

## גזרות

דאָס יאָר איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעלאָדנס מיט אַלערליי צרות און גזרות אויף יידן, נאָך מער אויף די יידן פון די דערפער.

ערשטנס איז אַרויס אַן אוקאַז, אַז מע וועט צונעמען ביי אַלע אַרענדאַרן דאָס רעכט צו פאַרקויפן בראַנפן. דאָס האָט געטראָפן ווי אַ דונער כמעט אַלע דאָרפישע יידן, וואָס האָבן טיילווייז געצויגן זייער חיונה פון דעם פאַרקויף פון שנאַפּס.

ס׳האָט לאַנג נישט גענומען, אַקציז איז געקומען, צוגענומען די דערלויבענישן, — און נאָך איידער אַ חודש איז אַריבער, האָט מען שוין געבויט גרויסע מאָנאָפּאָל־הייזער אין די דערפער, אריינגעשיקט פּוילישע אָדער דייטשע פּאַניטשעס, מיט זייערע שטאָטישע הייזגעזינדן, זיי באזעצט אויף א פּריצישן אופן אין הייזער מיט גרויסע פענצ־טער און מיט שיינדל־געדעקטע דעכער, און ארום די הייזער הויכע צאַמען מיט גרינע, אייזערנע שטאכעטן און שמאָלע טויערלעך.

אין לאַנגע קאָרידאָר־צימערן, אויף לאַנגע פּאָליצעס אַרום די ווענט, זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט פלעשער, פלעשלעך און גאָר קליינע פלעשעלעך שנאַפּס. די ווייסע פלעשער מיט לאַנגע דינע העלדזער, פאַרחתמעט מיט שווערע, רויטע חתימות האָבן אויסגעזען ווי וואסער־געוויקסן מיט רויטער מאָנבליאונג אויף די קעפּלעך.

איידער דער פויער איז אַריין אין מאָנאָפּאָל, האָט ער געדאַרפט גוט אָפּווישן די שטיוול, אייגנטלעך די לאַפּטשעס. די גויים אין די דערפער האָבן זעלטן־ווען פאַרמאָגט שטיוול. דעם לוקסוס האָבן נאָר פאַרמאָגט אַ פּאָר מער אָנגעזעענע, און זיי האָבן געטראָגן די שטיוול נאָר ביי אַן אויסערגעוויינטלעכער געלעגנהייט, ווי אַ מאָל אויף קאָלעדעס אין קלויסטער אַריין, אָדער אויף אַ געהויבענער חתונה, ווען מ׳האָט געדאַרפט טאַנצן אַזאַ ספּעציעלן טאַנץ, וואו די טשאָבאָטעס האָבן פאַרנו־מען גאָר א גרויס פּלאַץ.

אָפּווישנדיק גוט די פיס אָן אַזאַ געקעסטלטן אייזערנעם טעפּעך, וואָס איז ספּע־ציעל וועגן דעם געלעגן פאַר דער טיר, האָט מען געדאַרפט אַראָפּנעמען דאָס היטל, ווייל גלייך ביים אריינגיין איז געהאַנגען צאַר ניקאָלאיס אַ בילד, און האָט געקוקט שטרענג, ווי באַפעלנדיק. היטל אין האַנט, אַ ביסל פאַרשעמט, האָבן זיך איינציקווייז די דרייסטערע גויים פאַרמאָסטן אַריינצוגיין אָט אין דעם גן־עדן־שלאָס, וואָס איז לויטן זאַקאָן פון דער קאַזנאַ אויסגעבויט געוואָרן ספּעציעל פאַרן „רוסקי נאַראָד״, צו דערלייזן אים פון די יידישע שענקערס מיט די שענקען, וואו מ׳האָט אַזוי היי־מיש פאַרבראַכט די פרייע שעהן אין אַן אָוונט אָדער אין אַ יום־טוב־טאָג, איבערן גלעזל ביי אַ טיש, מיט נאָך פריינד, געטרונקען אָפּט ביז שיכרות און זיך צעזונגען און זיך צעוויינט אויף דער שלעכטער דאָליע — ביז פאַרגעסנקייט, ביז באַרימעריי און ביז טאַנץ און געשלעג און — איבערבעטן זיך און קושן זיך...

די ערשטע מרגלים, וואָס האָבן זיך געלאָזט אין דעם מאָנאָפּאָל אַריין, זיינען שטיינגעבליבן מיטן שטאַרק פאַרחתמעטן פלעשל אין דער האַנט, פאַרלוירענע. דאָס איז זיי דערלאַנגט געוואָרן דורך אַ קליין פאָרטקעלע פון אַן אייזערנער גראַטע. אַ האַנט, אַ ציכטיקע, מיט אַ ווייסן מאַנזשעט באַפּוצט, האָט זיי דאָס דערלאַנגט, נאָך דעם ווי זי האָט איבערגעציילט דאָס געלט און אריינגעשאַרט אין א טישקעסטל. זיי האָבן זיך דערפילט אי פאַרלוירן, אי באַליידיקט. צעטומלט איז מען מיט שנעלע טריט אַרויס פון אָט־דעם פּריצישן הויז, מיטן היטל אין איין האַנט און דער פלאַש

אין דער צווייטער, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן, ביז מ'האָט זיך באַטראַכט און אַריינגעשטופּט ס'פּלעשל אין קעשענע, אָנגעטאָן ס'היטל, אַ שטאַרקן שפּיי געטאָן אויף דעם גאַנצן פּריצישן האַרמידער — און פּאַשאַל, צוריק צום ייד אין שענק אַריין.

דאָ האָט מען אַרויסגענומען ס'פּלעשל ווי ביי זיך אין דער היים, באַטראַכט עס פון אַלע זייטן, געקוקט אויפן צאַר ניקאָלאַיס בילד, וואָס איז אַזוי קונציק אָנגע־קלעפּט אויף אַ בלוי־פּאַפּירל אויף דער רויטער טריוואַקסענער חתימה, געדרייט עס אויף אַלע זייטן, געפּרואווט עס עפענען, ניט געוואוסט ווי אַזוי — ביז איינער פונעם שענקערס הויז האָט עס אויפגעעפנט מיט אַ פּראָפּנציער, און דערלאַנגט אַ גלעזל צום טיש. און דער גוי האָט אָן חשק פאַרזוכט די קאַזיאָנע סחורה — און זיך אומעטיק באַרעכנט, אַז דאָס איז קיין גאַנג נישט: אַז נישט דערלעבן וועט יע־נער אויסגעכאַליעטער פּאַניטש, אויב ער וועט אים שוין זען אַ צווייט מאָל שטיין פאַר אים מיטן היטל אין דער האנט און וואַרטן ביז יענער גיט אים אָן אַ וואָרט זיין סחורה און — גיי! וואו־אַהין גיין? וואָס איז ער: אַ הונט?! אין דרויסן הינטערן פּלויט, אָדער ביי דער שוועל, אָן אַ גלעזל, פון דער פלאַש טרינקען? ניין! אַזוי וועט עס נישט גיין! יעדער הונט איז אויף זיין סמעטניק דער באַלעבאָס. מע וועט זיי דאָ נישט קומען לערנען, ווי און וואו צו טרינקען! מע וועט רופן אַן אסיפה! מע וועט אַוועק צו קאַזנאַ און הייסן צוריק איינפירן דעם געוועזענעם גאַנג! קיין נייע פּאַראַנד־קעס וועלן דאָ נישט אָנגיין!...

די אסיפה איז גערופן געוואָרן טאַקע ביי שלום דעם אַרענדאַר אין שטוב. ס'איז געבליבן, אַז מע וועט גיין צו קאַזנאַ און הייסן צוריקגעבן דעם פּויער זיין רעכט איבער זיין אייגענער פרייער שעה, און זיין אייגענעם שווער־פאַרהאַרעוועטן גראָשן, און אַז ער וויל זיצן איבערן גלעזל בראָנפן ביי אַ טיש מיט זיין חבר אין שענק — האָט ער אַ רעכט דערצו...

די דעלעגאַציע איז געגאַנגען אויף קאַזנאַ צום פּריסטאַוו. האָט מען זיי געהייסן אַרויסגיין און נישט שטערן די אָרדענונג....

האָט מען זיך צוריקגעקערט אין דאָרף דערצאָרנטע, זיך צונויפגענומען און געגאַנגען גלייך צום מאָנאָפּאָל־הויז מיט שטיינער אין די קעשענעס, אויסגעבראָכן די שויבן און אָנגעטאָן כלערליי היזקות.

דער מאָנאָפּאָל איז פאַרשלאָסן געוואָרן אויף אַ קורצער צייט. אין דאָרף זיינען אָנגעפאָרן הויכע היטלען, מיט קוקאַרדעס און מיט בלישטשענדיקע קנעפּ. מ'האָט באַשטראָפט דאָס דאָרף — געהייסן פאַרריכטן דעם גאַנצן שאָדן און אויפפירן זיך לייטיש, ווי־נישט וועט מען ברענגען זשאַנדאַרן, און דאָס דאָרף וועט זיי דאַרפן האַלטן אויף זיינע הוצאות.

די פּויערים האָבן מיט געבויגענע קעפּ אַליין אַריינגעשטעלט אַלע צעבראָכענע פענצטער און פאַרריכט אַלץ וואָס זיי האָבן צעשטערט — און דער פּולישער פּאַ־ניטש האָט זיך צוריקגעקערט מיטן גאַנצן הויזגעזינד און געבראַכט מיט זיך אַ צוגאָב אַ גרויסן, בייזן הונט, וואָס איז געשטאַנען דורך די נעכט אָנגעבונדן אָן אַ קייט ביים אַריינגאַנג פונעם הויף און אַלע מאָל אַ ברום געטאָן ווי אַ צערייצטער לייב און גע־וואָרפן אויף יעדן פאַרבייגייער מיט פייערדיקע טיגער־בליקן.

די גויים האָבן זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צום נייעם אופן טריבקען. מ'האָט געקויפט די פלעשער, זיי אַהיימגענומען, געטרונקען ביי זיך אין די שטיבער, גע־שלאָגן די ווייבער, די קינדער און געקריגט זיך מיט די שכנים — ביז...

## נייע גזרות

ביז אַ נייער דעקרעט האָט אויפגערודערט דאָס דאָרף און פאַרשטופט אין אַ זייט די אומצופרידנקייט מיטן מאָנאָפּאָל אויף שנאַפּס. צאַר נאָקאָלאַי איז געקומען צום יידישן יישובניק מיט נייע גזרות, און צום פויער — מיט נייע מתנות, נייע דער־לייזונגען. צום יידן זיינען אָנגעקומען פאַראָרדענונגען איבערצוגעבן יעדן פוס לאַנד, וואָס ער פאַרמאָגט אויף זיין נאָמען, צוריק צו דער רעגירונג, אָדער פאַרקויפן צו אַ פּראַוואָסלאַוונעם.

און צו די פּויערים זיינען אָנגעקומען פריקאַזן, אַז זיי מוזן בויען שולן פאַר זייערע קינדער, זיי קויפן ביכער און אויסהאַלטן די אָנגעשטעלטע לערערס, וואָס די רעגירונג וועט זיין גוט גענוג זיי צוצושטעלן.

אין די דעקרעטן איז געשטאַנען אַזוי:

צו אונדזער רוסישן נאַראָד! די רעגירונג פון אונדזער פּאָטערל דעם צאַר ני־קאָלאַי לאָזט אייך וויסן, אַז גענוג האָט מען דעם גוטן נאַראָד געהאַלטן אין אומ־וויסן. ס'איז געקומען אַ צייט, אַז מיר זאָלן אונדזערע קינדער מאַכן פאַר גראַ־מאָטנע מענטשן, זיי זאָלן אַליין קענען זייערע נעמען אונטערחתמענען, זיי זאָלן קע־נען איבערלייענען די מאָליטוועס פאַר זייער צאַר דעם פּאָטערל ניקאָלאַי, און די עוואַנגעליע צו דעם הייליקן כריסטאָס — אָמען.

די אידן אין די דערפער וואָס האָבן פאַרמאָגט אייגן לאַנד, האָבן אויף דער הייסער מינוט נישט באַגריפן וואָס דאָס מיינט אַקוראַט. צעטומלטע איז מען געלאָפן אין דער אויעזדנער שטאָט צו די גדולים, מ'איז געגאַנגען פונעם פּריסטאַוו צום נאַטשאַלניק, און פונעם נאַטשאַלניק צוריק צום פּריסטאַוו. דעם אונטערגעשמירט מיט אַ פינפערעל, יענעם מיט אַ צענערל, און מ'איז צוריק אַהיימגעקומען שוין אויפ־געקלערטע — מיטן גורל אָנגעשריבן קלאָר, אַזוי אַז אפילו דאָס ווייב און די קינדער האָבן שוין אויך געקענט דאָס נייע געזעץ אויף אויסנווייניק.

און קיין עצה איז זיך נישט געווען צו געבן.

דער ייד, וואָס האָט געהאַט לאַנד אויף זיין נאָמען, האָט אָנגעהויבן זוכן אַ פּאַסיקן קונה. אָבער פּונקט ווען דער ייד מוז זיין פעלד פאַרקויפן, געפינען זיך ניט קיין בעלנים דערויף, ווייל גלייך האָט מען דורך א וואונק פון דער קאַנצעלאַריע געגעבן צו וויסן דעם סטאַרשינא און סטאַראָסטע פונעם דאָרף, אַז מע זאָל נישט וואָגן צו קויפן קיין לאַנד פון די זשידעס — זיי וועלן עס מוזן איבערלאָזן און אָפּ־טראָגן זיך, און דאַן וועט עס שוין ממילא בלייבן פאַר זיי, און אָן געלט אויך.

מיטן דעקרעט, וואָס די פּויערים האָבן באַקומען אויף צו בויען שולן און לאָזן דעם רוסישן נאַראָד לערנען גראַמאָטע, האָט מען דערווייל זיך נישט געאיילט. דאָס זיינען דאָך נישט קיין פּאָדאַטקעס, וואָס מע מוז דער רעגירונג צאָלן פאַרן שטיקל פעלד, וואָס מע פאַרמאָגט.

פאַר דעם וועט מען דאָך נישט קומען פון קאָזנאַ און צונעמען די לעצטע בהמה פונעם שטאַל. אָקאָרשט האָבן דאָך די זיידעס און די טאַטעס אָפּגעלעבט זייערע לע־בנס, זייענדיק נישט־קיין־גראַמאַטנע — איז ווען די קינדער צוואוואַרטן מיט זייער גראַמאַטע. ניטאָ זיך וואָס צו איילן. קיינער שטייט דאָ נישט און וואַרט אויף זייער קענטשאַפט.

און די יידישע יישובניקעס זיינען אַרומגעלאָפן צעטומלטע און געזוכט קונים, געלאָפן אין די דערבייאַיקע שטעטלעך זיך האַלטן אַן עצה, פרעגן דעם רב, וואָס ער הייסט טאָן. קיין הילף איז אָבער פון ערגעץ נישט געקומען. די יידן, וואָס האָבן פאַרמאָגט ווינציק לאַנד, זיינען געזעסן און געוואַרט אויף וואָס גאָט וועט געבן. אַנדערע האָט זיך איינגעגעבן צו פאַרקויפן פאַר שפּאָט־ביליק דאָס שטיקל לאַנד און אַרויסקלייבן זיך אין אַ דערבייאַיק שטעטל זוכן פּרנסה אויף די יאַרידן. אַנדערע האָבן זייערע פעלדער איבערגעשריבן אויף אַ גוטן שכן און געבליבן זיצן, וואַרטנ־דיק אויפן חסד פונעם שכן, ביז ער וועט זיי נישט משלח זיין און זאָגן, אַז ס׳איז זיינס.

## די ערד אונטערן טראָט

ביי אַזעלכע יידן ווי שלום דער אוהליער האָט זיך דער פּראָבלעם געלאָזט שווער לייזן. שוין אָוועקגענומען די פּרנסה פונעם פּאָדוואַל, פונעם בראַנפן. נו, מילא — איז שוין רעכט אַן דעם. די ערשטע צייטן האָט פּשוט אָפּגעפעלט דער טומל: די טירן, וואָס האָבן זיך זעלטן־ווען צוגעמאַכט, דאָס קלאַפּן פון די קווערט מיט די עמערס, דאָס שטענדיקע מעסטן דעם בראַנפן, דאָס ציילן דאָס געלט, דאָס געררייד פון די קונים און דאָס סקריפּן פון וועגענער אויפן הויף — אַלץ איז פאַר־שטילט געוואָרן, ווי נאָך אַ לוויה. אַ מוראדיקע אומהיימלעכקייט איז געלעגן אין און אַרום דער שטוב. נאָך אַזאַ שטענדיקן פאַרקער און טומל איז געווען שווער צו־צוגעוואוינען זיך צו דער פאַריתומטקייט פון די טישן און די בענק, פון די קווערט, און די עמערס, און צו וואַסיל דעם שענקער, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אַן אַ קנעלונג און געקוקט אויף זיך ווי אויף אַן איבעריקן.

אָליאַנע, די שבת־גויע, האָט זיך אויך געפילט ווי פאַרשעמט און האָט געקוקט אויף אירע גרויסע האָרעפּאַשנע הענט, ווי זיי וואָלטן איר איצט אויף איין מאָל אי־בעריק געוואָרן.

אָבער מיט דער צייט האָט מען זיך צו ביסלעך אָנגעהויבן אָפּזוכן אַנדערע אַר־בעטן און צוגעוואוינען זיך צום גורל פון דעם שטילן לעבן אין פעלד, אין שטאַל און אין שייער.

שלומען אַליין האָט עס נישט אַזוי שטאַרק געאַרט. ער האָט געגנוג אַרבעט אַן דעם פּאָדוואַל. דאָס פעלד איז אַלע מאָל גרייט אויפצונעמען ערלעכע מי און איז דאַנקבאַר דער האַנט, וואָס מיט זיך איבער אים.

גאָר אַנדערש האָט זיך אָפּגערופן אויף שלמען די נייע גזרה מיטן פעלד. וואָס הייסט? זיין פעלד וועט ער דאַרפן פאַרקויפן? ווי פאַרקויפט מען גאָר פעלד? דאָס פעלד איז דאָך ער אַליין, אַ טייל פון זיין אייגן לעבן. יעדער בוים אין סאָד איז

דאָך אַ טייל פון אים. מיט זיינע הענט האָט ער אים געפלאַנצט, און די פרייד פון יעדער נייער פּרי, וואָס ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען אויף די יונגע ביימער, איז א פרייד, וואָס לאָזט זיך נישט איבערגעבן מיט קיין ווערטער, אפשר אַזאַ פרייד, ווי דאַן ווען פעשע האָט אים באַך אַ קינד געבוירן, ווייל מיט דער פרייד פון די בייע פּרות האָט ער זיך געקענט פרייען אָפן, אי פאַר יידן, אי פאַר גוים, אי פאַר גאָט...

ווי פאַרקויפט מען דאָס?

נאָר אַז מע גייט שלאָפן און דאָס קישעלע פון אונטער דיין קאָפּ ווערט דיר צום ערשטן מאָל אין דיין לעבן אַ ביסל אומהיימלעך, אַ ביסל אומזיכער — מוזסטו אָנ־הייבן טראַכטן. און דורך די לאַנגע נעכט טראַכטנדיק, האָט זיך שלום דערטראַכט צו אַן אויסוועג: ער וועט פאָרן קיין מינסק צום גוברנאַטאָר אַליין. ער וועט זיך צו אים מוזן דערשלאָגן. ער וועט פאַר אים פאַרברענגען זיין „דיעלאָ״, זיין עינין.

ער איז אַוועקגעפאָרן און זיך אָפּגעזאַמט גאַנצע צוויי וואָכן. צוריק איז ער גע־קומען שוין מיט אַן אַנדער אויסזען און אויך מיט אַנדערע אויסזיכטן. ער האָט שוין איצט איינגעזען, אַז די זאַך מוז געשען.

פאַרקויפן ס׳פעלד וועט ער טאַקע נישט, און נישט ער וויל עס פאַרקויפן. און אַז ער וואָלט שוין אפילו יע געוואָלט, איז ווער וועט עס ביי אים קויפן? ער האָט אָבער אַן אַנדערן פּלאַן: — פאַרנדיק פון מינסק, האָט ער זיך אָנגעגעגנט מיט אַן אַלטן, גוטן־פריינד — דער שליאַכטשיץ מאַרקאָ, אַ רייכער, ערלעכער גוטבאַזיצער, וואָס שלום האָט אים אָפט אַ טובה געטאָן און אויסגעבאָרגט עטלעכע רובל. שלום האָט אים דערציילט ווי עס האַלט מיט אים און זיין פעלד. האָט מאַרקאָ געזאָגט:
— וואָס נאָר איך וועל קענען, וועל איך פאַר דיר טאָן.

האָט שלום זיך וועגן דעם דורכגערעדט מיט פעשען און מיט זיין שכן ר׳ יאָשע אָטקולעוויצער, און אַזוי ווי די צייט איז שוין געווען קורץ, דער דעקרעט האָט גע־האַלטן ביים אויסגיין, איז שלום אַוועק צו מאַרקאָן און אים אָנגעבאָטן, אַז ער זאָל נעמען זיינע פעלדער אויף זיין, מאַרקאָס באָמען. האָט מאַרקאָ נישט געוואָלט: ער איז שוין נישט קיין יונגער, און כאָטש מיט זיך און זיין ערלעכקייט איז ער זיכער, ווייסט ער אָבער נישט וואָס עס קאָן זיך אויסלאָזן פון אַזאַ זאַך. עס זיינען ביי אים פאַראַן יונגע זין און טעכטער, און פאַר זיי וואָלט ער נישט קענען ערב זיין.

שלום האָט געפילט, אז מאַרקאָ מיינט עס טאַקע מיטן גאַנצן הארצן. ער האָט אים געטרויט ווי אַן אייגענעם, און אים געבעטן און אים צוגערעדט, ער זאָל אים טאָן די טובה, ווייל ער האָט נישט קיין בעסערן פריינד צו וועמען צו גיין.

איז מאַרקאָ אַוועק מיט שלומען אין אויעזדנע גאָראָד, אויסגעמאַכט אַלע ביי־טיקע פּאַפּירן, און, כדי אַז שלום זאָל זיך פילן זיכערער, האָט אים מאַרקאָ צוריקגע־געבן וועקסלען, אַז ער קומט אים אַכט טויזנט רובל. אין פאַל אַז ער זאָל שטאַרבן און זיינס אַ קינד וועט חלילה שלומען וועלן שלעכטס טאָן, זאָל ער זיין באַוואָרנט מיט דער סומע פון די אַכט טויזנט רובל.

שלום איז אַהיימגעקומען און דאָס לעבן האָט ווידער אָנגענומען זיין טאָגטעג־לעכן גאַנג. נאָר די רו, וואָס האָט ביז איצט געהערשט אין שלומס האַרץ, האָט ביס־

לעכוויז גענומען אויסרינען. דורך די טעג, ווען ער האָט זיך געעסקט אין פעלד, האָט אים דער געדאַנק געעקבערט, און דורך די נעכט אויך אַזוי: די ערד אונטער זיין טראָט האָט פאַרלאָרן די זיכערקייט און זיין טראָט אויף איר איז איצט געווען אַ צעשראָקענער. אַזוי פיל מי, ביז מ'האָט עס אויסגעאַרבעט אַזאַ נחלה: די שטאַלן, די שייערן מיט היי, די שפייכלערס מיט תבואה, דער סאָד מיט פרוכט... ווי די בייזע הינט האָט ער געהאַלטן אין איין פאַרטרייבן די געדאַנקען פון זיך, אָבער ווי בייזע הינט זיינען זיי אויף אַ רגע אָפּגעשפּרונגען און באַלד צוריקגעקומען און געריסן שטיקער פון זיין רו.

די אומזיכערקייט פון שלומען האָט זיך אויך איבערגעגעבן דעם גאַנצן הויזגעזינד. פעשע, אָן דעם פּאָדוואַל, האָט איצט מער צייט געהאַט צו טראַכטן און די קינדער פלעגן זיך צוזאמענקומען אויף די שבתים און רעדן פון דער שטאָט און פון זוכן אַ תכלית.

דער עלטערער זון, פייטל, איז נאָך אַלץ אין דער ישיבה, אַ בחור, אָן אַן עין־הרע, פון צוואַנציק יאָר, שוין צייט געווען צו טראַכטן וועגן אַ תכלית. מלכה, די על־טערע פון די מיידלעך, איז שוין אויך אַ דערוואַקסענע, באַלד אַכצן יאָר — זי איז נאָך אַלץ טאַטע־מאַמעס רעכטע האַנט אין דער באַלעבאַטישקייט.

## די שקאָלע

שרה דרייט זיך אַרום אָן אַ תכלית — נישט זי וויל זיך נעמען צו שטוביקער אַרבעט, נישט זי פאָלגט די מאַמע, לויפט אַרום ווי אַ ווילדע ציג, איז איינגעשפאַרט ווי אַן אייזל און רעדט גאָר פון אַוועקפאָרן פון דער היים. זי וויל, זאָגט זי, פאָרן קיין קאַפּוליע ווערן אַ נייטאָרין און פאַרדינען געלט און ווערן אַ סאָצעליסטקע.

פון וואַנען צו איר האָבן זיך גענומען אַזעלכע געדאַנקען און אַזעלכע רייד, איז גאָר שווער געווען צו וויסן. סיידן פון דעם וואָס די גויים פון דאָרף האָבן זיך אָנגעהויבן בונטעווען וועגן דער שקאָלע וואָס די רעגירונג האָט זיי באַפוילן צו בויען און אויסהאַלטן אָן אוטשיטעל אויף זייערע קאָסטן.

פון אָנהויב האָבן זיי געמיינט, אַז ס'איז נאָר אַזאַ עצה, וואָס די רעגירונג גיט זיי. אָבער דערנאָך, אַז דער אוראַדניק איז געקומען איין מאָל און נאָך אַ מאָל און זיי שטרענג דערקלערט, אַז דאָס איז אַ באַפעל, וואָס מוז דורכגעפירט ווערן, האָבן זיך די גויים אָנגעהויבן בונטעווען, אָפּהאַלטן אסיפות און פאָדערן גערעכטיקייט: וואָס הייסט — מיר זאָלן בויען שקאָלעס? אַז מיר האָבן נישט מיט וואָס פּאַדאַטקעס צאָלן! וויל די רעגירונג לערנען דעם נאַראָד, זאָל זי בויען שקאָלעס און אויסהאַלטן די לערערס!

אָבער זייער טענהן האָט זיי ווינציק־וואָס געהאָלפן. נאָכדעם ווי ס'איז אָנגעקומען צום דאָרפישן סטאַראָסטע אַ פּאָוועסטקע פאַר יעדן גראַזשדאַנין באַזונדער, אַז ער זאָל זיך יאַווען דעם און דעם טאָג צום סוד, האָט זיך דאָס דאָרף גענומען פירן געהילך און בויען אַ שקאָלע, — נישט ווייט פון שלומס שטוב און פונעם טויער, טאַקע אויף שלומס אַ שטיק פעלד, נישט ווייט פון זיין גאָרטן — אַ גרויסן געביי

מיט אַ שינדלנעם דאַך, לויטן מוסטער פון אַ פּאַפּיר מיט אַ פּלאַן פון דער שקאָלע, און אינעווייניק צעשטעלט לאַנגע טישן מיט בענק, און אָפּגעצאַמט אַ באַזונדערע שטוב פאַרן לערער.

און אָנהייב הארבסט איז געקומען צו פאָרן אַ יונג, שלאַנק מיידל מיט אַ בלאַס, שיין פּנים, און מיט בלאָנדע, גלאַט־פאַרקעמטע האָר. אָנגעטאָן אין אַ ווייסער בלוז־קע מיט אַ הויך קאָלנערל, מיט אַ שוואַרצן, שמאָלן קראַוואַט — האָט זי געהאַט דאָס אויסזען פון אַ יונג, שלאַנק ייִנגל. דאָס איז געווען די לערערין.

שרה האָט גלייך געפונען אַ וועג צו דער גרויסשטאָטיקער פריילין, איר גע־בראַכט ברויט, מילך, און געהאָלפן אויפרוימען ווען די דאָרפישע קינדער זיינען זיך צעגאַנגען אַהיים. טייל מאָל האָט זי אויך געגעכטיקט מיט איר.

צו דער יונגער לערערין זיינען אָפט געקומען אומגעריכטע געסט: יונגע חברה מיט שוואַרצע בלוזקעס, מיט הויכע קאָלנערלעך און רויטע גאַרטלען, און מיט לאַנ־גע צעשויבערטע טשופּרינעס.

ס׳האָט אויך פּאַסירט, אַז נאָך אַזעלכע באַזוכן פון די אויסטערלישע פרעמדע געסט איז אין דאָרף איבערגעבליבן אַ מאָדנער נאָכקלאַנג: מ׳האָט געפונען אַ פּעקל אָפּגעדרוקטע ברשאָרון ביים סטאַרשינאַ אין הויז, און אַז מ׳האָט עס געבראַכט צו אַ דאָרף־אסיפה און גענומען פאַנאַנדערקייען וואָס אַזוינס דאָרט שטייט געשריבן, האָט מען זיך אָפּוואונדערן נישט געקענט — אַזעלכע ערלעכע רייד!... אַזאַ אָננעמען זיך דעם פּויערס קריוודע!...

עטלעכע אַלטע פּויערים האָבן אַזש זיך די אויגן געווישט, און אַנדערע האָבן די היטלען אַראָפּגענומען און זיך געצלמט, בענטשנדיק די ערלעכקייט פון דער רעגי־רונג און פון זייער פאָטערל ניקאָלאַי... געקומען אַ צייט, אַז מ׳האָט איינזעעניש אויך מיטן בידנעם מוזשיק...

ביז די מעשה איז דערגאַנגען אין וואָלאָסט — צום אוראַדניק, און נאָך דעם צום פּריסטאַוו. מ׳איז געקומען און געזוכט און געגישטערט: ווי אַזוי קומען די פּאַ־פּירן אין דאָרף? ווער האָט זיי געבראַכט? און אָנגעזאָגט דעם סטאַרשינע, ער זאָל האַלטן אַן אויג און לאָזן וויסן אין וואָלאָסט, אַזוי גיך ווי ער באַמערקט אַ פאַרדעכ־טיקן אין דאָרף.

די צייט איז אַזוי געגאַנגען. די לערערין האָט מיט די קינדער געלערנט, ניט אַזוי פיל וועגן דעם פאָטערל ניקאָלאַי און וועגן דער עוואַנגעליע, ווי וועגן זייער אייגן שווער לעבן — איז אויך געגאַנגען צו די פּויערטעס אין די שטיבער, גע־וואָרן מיט זיי חבר, געהאָלפן זיי ביים קראַנקנבעט פון אַ קינד און גערעדט מיט די עלטערע קינדער, געמאַכט אַן אָוונטקלאַס פאַר דערוואַקסענע. די שקאָלע איז געוואָרן דער מיטלפּונקט פונעם דאָרף.

פון דער באַרישניע העליענאַ האָט מען געהאַלטן ווי פון אַ גאָט.

און געסט פון דער פרעמד זיינען אַלץ געקומען: יונגע חברה אין שוואַרצע בלוז־קעס, מיט רויטע גאַרטלען און מיט לאַנגע טשופּרינעס.

ס׳איז דערגאַנגען דערצו, אַז פּויערים פון צוויי דערפער פלעגן זיך צונויפקומען אין אַ שבת אָוונט, און אויף אַ טיש אין מיטן גאַס פלעגט זיך אויפשטעלן איינער פון די רויט־געגאַרטלטע געסט, אַ פּאַרוואָרף טאָן דעם קאָפּ מיט דער לאַנגער טשופּרינע אין דער הייך, א צעפיר טאָן מיט די הענט ווי מיט צוויי פּעסלעס איבער די קעפּ פונעם פאַרקליבענעם עולם — און דער עולם איז געשטאַנען אַ פאַרגאַפּטער און האָט געהערט, ווי צוגעשמידט צום אָרט, מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס...

ס׳איז דערגאנגען אזוי ווייט, ביז זשאַנדאַרם אויף פערד, פיר רייטערס מיט שפּאָרן זיינען אָנגעקומען פון ראָמאַנאָווע, אַ שטעטל אַכט ווי אָרסט פון אוהלי — און האָבן געוואָלט צעטרייבן דעם עולם און כאַפּן דעם רעדנער. האָט זיך עס גע־ענדיקט דערמיט, וואָס מ׳האָט גוט צעקלאַפּט די רייטערס און דעם רעדנער האָט מען באַהאַלטן. און אַז ס׳איז שטיל געוואָרן, האָבן פּויערים געשפּאַנט צוויי פערד און אָפּגעפירט די געסט צום פּאַיעזד.

די באַרישניע העליענאַ איז אויך מיטגעפאָרן.

באַלד נאָך דעם איז מען געקומען פון קאַזנאַ, באַפוילן די פּויערים צו פאַר־קלאַפּן מיט ברעטער די פענצטער און די טירן פון דער שקאָלע און — דערווייל אָפּגעלאָזן די זאָרג צו לערנען דעם רוסישן נאַראָד גראַמאַטע...

ס׳איז שטיל געוואָרן אין דאָרף. נאָר אין אַ שטיקל צייט אַרום האָבן זיך ווידער פון צייט צו צייט אָנגעהויבן באַוויזן פאַרשוינען פרעמדע. ווי פונעם הימל פלעגן זיי אראָפּפאַלן, אָפּהאַלטן אן אסיפה, האַלטן אַ רעדע פאַרן עולם, איבערלאָזן א פעקל בראָשורן און פאַרשווינדן.

## אַ נייטאָרין

א סברא, אז פון דאַנען האָבן זיך עס גענומען צו שרהן די געדאַנקען וועגן וועלן אָוועקפאָרן אין קאַפּוליע, זיך אויסלערנען שניידעריי און ווערן א סאָצעליסטקע.

איטשע פלעגט אויך לעצטנס אַהיימקומען פון הראַזעווע נישט קיין צופרידענער: ער קען מער נישט זיין אין דעם שטעטל, ער האָט דאָרט נישט ביי וועמען צו לער־נען. ער וויל פאָרן קיין סלוצק. דאָרט וועט ער קענען לערנען וועלטלעכע לימו־דים...

אַזוי אַז אין שלומס שטוב האָט זיך דערפילט די אומרו און אומצופרידנקייט פון ערב אַ שטורעם. „די פייגל האָבן זיך געריסן פונעם נעסט, יעדער אויף זיין אופן אויסצופרואוון די פליגל...

די ערשטע רעוואָלוציאָנערע טריט, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען אין שלומס שטוב, זיינען געווען שרהס.

מיט איר גאַנצער איינגעשפּארטקייט און איר פרימיטיוון ווילן האָט זי באַשלאָסן אַז זי מוז פאָרן ווערן א נייטאָרין און א סאָצעליסטקע. אָבער די שטוב איז געווען באַלאָדן מיט נעענטערע זאָרגן, אַזוי אַז אויף שרהס רייד האָט ווינציק־וואָר געלייגט אַכט. ביז איין מאָל האָט זי אויסגעפּעלט ביים טיש צום מיטאָג, און נאָך דעם — צו

וועטשערע. און אַז מ'האָט זיך אָנגעהויבן אַרומזען און וועלן טרעפן, וואו זי קען עס ערגעץ זיין — איז אריינגעקומען אַ דערבייאיקער שכן און דערציילט, אַז היינט, ווען ער איז געפאָרן צום מאַרק קיין קאָפּוליע, האָט אים שרה אָנגעגעגנט הינטער די שייערן, מיט אַ קליין פּעקל אין דער האַנט, און אים געבעטן זי לאָזן אונטערפאָרן קיין קאָפּוליע.

ערשט איצט איז דער עינין געוואָרן אַלעמען קלאָר, און פעשע האָט זיך באַלד אָנגעהויבן זאָרגן, צי איז זי כאָטש ערגעץ נישט פאַרפאַלן געוואָרן.

אַז מ'איז דאָנערשטיק געקומען פון שלומס הויז קיין קאָפּוליע איינקויפן אויף שבת און דערוויסן זיך וואו שרה איז ערגעץ, האָט מען זי געטראָפן ביי ראָדע דער שניידערקע ביים טיש, מיט נאָך צוויי מיידלעך, מיט אַ נאָדל אין דער האַנט, איינגעבויגן איבער אַ טונקעלן געוואַנט און נייענדיק מיט דריבנע שטעכעלעך.

ראָדע איז געווען שלומס אַ וויטע קרובה, און ביי שלומען אין הויז האָט מען זי משער געווען, אַז דאָרט וועט מען שרהן טרעפן.

ווען פעשע האָט זיך גוט אויסגעשריען אויף שרהן, פאַר וואָס זי האָט נישט געזאָגט קיינעם וואוהין זי גייט אַוועק, האָט שרה געשוויגן, קיין וואָרט נישט געענטפערט, נאָר געשטאָכן מיט דער נאָדל אין געוואַנט, פונקט ווי נישט זי מיינט מען עס. אויף דער פראַגע צי פאָרט זי צוריק אַהיים אויף שבת, האָט זי געענטפערט, אַז זי וויל דאָ בלייבן, אַז זי האָט אין דער היים נישט וואָס צו טאָן.

ראָדע האָט דערציילט פעשען, ווי אַזוי זי האָט געטראָפן שרהן שטייענדיק אין מאַרק אַ צעטומלטע, נישט וויסנדיק וואוהין צו גיין, און זי האָט זי צו זיך גענומען, און יענע האָט באַלד געוואָלט זי זאָל זי אויסלערנען נייען — און אַז זי, שרה, וועט אַרויס גרויס פלייס. אויב פעשע וויל, מעג זי זי איבערלאָזן ביי איר. זי וועט זי אויסלערנען נייען. אַ מיידל קומט עס אַלע מאָל צו ניץ. אָט קומט עס איר אַליין אויך צו ניץ. כאָטש אין איר יוגנט האָט זיך איר נישט געחלומט, אַז זי וועט דאַרפן פון דער שניידעריי ציען איר חיונה, נאָר זינדיקן וויל זי נישט. אבי מע זאָל זיין געזונט.

שרה איז געבליבן נייען ביי ראָדען און איז זעלטן־ווען אַהיימגעפאָרן. ווען זי איז יע געקומען, האָט זי זיך געאיילט צוריקצופאָרן. זי האָט גיכער געוואָלט זיין אין שטעטל אויף די שבתים. ביסלעכוויז האָט זיך איינגעשטעלט, אַז זי איז כמעט אין גאַנצן פאַרבליבן אין קאָפּוליע ביי ראָדען.

יעדן דאָנערשטיק האָט מען איר צוגעבראַכט פון דער היים אַ פּעקל מיט שפּייז: פּוטער, קעז, אייער, אַ שיינע חלה, אַ פּאָר זעמל. צוגעקעכץ האָט זי שוין געגעסן ביי ראָדען.

אַזוי זיינען אַריבער אַ זעקס חדשים צייט. ראָדע איז געווען שטאַרק צופרידן פון שרהן און שרה פון איר זייט האָט זיך אויך נישט באַקלאָגט. אָבער יעדע וואָך, ווען מלכה אָדער פעשע זיינען געקומען קיין קאָפּוליע, האָבן זיי באַמערקט ווי שרה פאַלט איין, ווערט בלאַסער און מאָגערער. זי איז געווען אַ ברוין־הויטיקע מיט הויכע באַקנביינער, גרויסע, שוואַרצע אויגן און געדיכטע שוואַרצע האָר, וואָס האָבן

זיך אין שײנע לאָקן אַרומגעלײגט אַרום איר שטערן און אירע אױערן, און אַלײן איז זי אױך געװען א פעסט־געבױטע מיט ברײטלעכע היפטן, אַן ענערגישן טראָט און מיט אַ שײן־אַנטװיקלטן בוזעם. צו פעפצן יאָר האָט זי שױן אױסגעזען אַנט־װיקלט, א דערװאַקסענע פרױ. איצט האָבן זיך אױף איר פּנים אָנגעהױבן באַמערקן דינע פאַלדן פון מאָגערקײט און אירע אױגן האָבן אױסגעזען מיד און אָנגע־שטרענגט.

פעשע און מלכה האָבן זיך דערשראָקן. זײ זײנען געװען געװאױנט צו זען שׂרהן אַלע מאָל אַ געזונטע און אַ זאָרגלאָזע. זײ האָבן זיך נאָכגעפרעגט װי און װאו זי פאַרברענגט איר פרײע צײט, צי דאַרף מען זי אין גאַנצן נישט אהײמנעמען, צי שאַט איר נישט די שטאָטיקע לופט און דאָס זיצן געבױגן איבער דער נאָדל.

מ׳האָט אָנגעהױבן איר צורעדן, אַז זי זאָל אַהײמפאָרן, אָבער ס׳איז קײן זאַך נישט געװען צו פועלן. װי אַן אָפּגעמאַכטע זאַך איז עס געװען צװישן דער נײטאָרין מיט שׂרהן, װי זײ װאָלטן געװען צוגעבונדרן אײנע צו דער צװײטער דורך א לאַנגיאָני־קער ליבע. שׂרה האָט געטענהט, אַז איר איז דאָ גוט און זי װיל אַהײם נישט פאָרן. און ראָדע האָט געזאָגט:

— דאָס קינד פילט זיך דאָ גוט. מיר האָבן זי אַלע ליב. װאָס װעט זי בײ אײך טאָן אױפן דאָרף? און אגב װײס איך נישט װי מיר װאָלטן שױן איצט אױסגעקו־מען אָן איר. מ׳האָט זיך אַזױ צוגעװאױנט צו איר, אי די קינדער, אי איך אַלײן. זאָלט איר געזונט זײן, לאָזט זי נאָר אָפּ.

## אַ שידוך

בײ שלומן אין הױז איז מען איצט געװען פאַרנומען מיט אַ פיל װיכטיקערן עיניך.

די מױד איז אַלע מאָל אַן אײנגעשפּאַרטע און פירט אױס אַלץ װאָס זי װיל. ס׳װעט איר אַלײן נימאס װערן, װעט זי אַהײמקומען.

בײ שלומען אין הױז האָט זיך איצט גערעשט מיט אַ שידוך און אַ תּנאים און מ׳האָט זיך געגרײט צו אַ חתונה.

מ׳האָט אַ שידוך געטאָן מיט פײטלען, מיטן עלטסטן זון, גאָר אַ געהױבענעם שידוך, פון אַ שטעטל אַ מײל פיר פון אוהלי, פעסאַטשנע. פעסאַטשנע האָט פאַר־מאָגט אַסך זאַמד און זאַמדגריבער. מיטן שענסטן באַלעבאָס האָט זיך שלום מתחתן געװען.

די כּלה איז געװען אַן אױסגעשטודירטע, אַן אַפּטײקערין, געקענט פיר לשונות און געװען אַ גרױסשטאָטיקע, מחמת זי האָט געשטודירט אין מינסק. מ׳איז געפאָרן, זיך אָנגעקוקט. די מחותּנים האָבן זיך געקענט פון פריער.

דער כּלה איז דער חתן באַלד געפעלן געװאָרן. פײטל איז טאַקע געװען א ישיבה־בחור, אָבער זײער אַ שײנער, שײן געװאַקסן, מיט אַ הױכן, װײסן שטערן, װאָס פון אונטער אים האָבן אַרױסגעשײנט גרױסע, מילדע, גרױע אױגן — און ער האָט גע־האַט אַ שײן, זיס קול צום רעדן.

מ׳האָט באַלד געשריבן תנאים און באַשטימט די חתונה אין פיר חדשים אַרום.

פייטל האָט נישט געוואָלט נישט קיין תנאים, און נישט קיין חתונה און נישט די וואוילגעלערנטע רייכע כלה. ווי אַ שטומער איז ער אַרומגעגאַנגען. פון כלהס צד האָט מען עס אָנגענומען פאַר שעמעדיקייט. די פון חתנס צד האָבן געוואוסט, מיט וואָס סע שמעקט, אָבער מ׳האָט געשוויגן, זיך געמאַכט נישט וויסנדיק.

זינט פייטל איז נאָך אַ קינד געווען, האָט ער זיך געליבט מיט זיינעם אַ שוועס־טער־קינד, מיכליע, פון דערבייאיקן דערפל, טאָקע שלומס אַ ברודערס אַ טאָכטער, אַ שטיל, שיין, דאָרפיש מיידל, וואָס האָט זיך איינגעבאַקן אין האַרצן ביי יעדן, וואָס האָט זי געקענט. פון קינדוויז אָן האָבן זיי זיך ביידע ליב געהאַט, און אַז זיי זיינען אונטערגעוואַקסן, איז די ליבע זייערע אויך אונטערגעוואַקסן און אָנגענומען אירע נאַטירלעכע פאָרמען.

דאָס האָבן שוין אָבער נישט פעשע און נישט מלכה געקענט פאַרטראָגן:

— אַזוי וועט עס נישט זיין. צו אַזאַ זאַך וועט מען נישט דערלאָזן. נישט אויף דעם האָט מען אים געהאַלטן אין דער ישיבה ביז איין און צוואַנציק יאָר — אַז ער זאָל ווערן אַצינד שמעון קבצנס אַן איידעם און אַ דינסטמיידלס מאַן.

שמעון דער דאַכטערוויטשער, כאָטש ער איז געווען שלומס אַ לייבלעכער ברו־דער, האָט אָבער געפירט אין גאַנצן אַן אַנדער לעבן פון זיין ברודער. אַן ערלעכער מענטש, אָן אַמביציעס, האָט קיין פעלד גאָרנישט פארמאָגט, נאָר אַ קליין, נידעריק שטיבל און אַ גאָרטן אַרום שטיבל, נישט ווייט פון דער אָזיערע. דאָס שטיבל איז געווען אָן אַ דיל, מיט אַ נידעריקן דאַך. דאָס ווייב זיינס, כאַשע, האָט נישט געקענט דאַווענען, נאָר זי איז געווען אַ פרומע יידענע. די זעקס קינדער אין שטוב זיינען גע־וועזן דאָס אויג אין קאָפּ אי ביי שמעונען, אי ביי כאַשען.

מ׳האָט די קינדער גערופן מיט פאַרצויגענע נעמען: שרהלע און מיכלינקע און הייהלע און מאָטעלע און חיימקע און ריוועלע.

אין שטיבל איז אַלע מאָל געווען וואַרעם און ליכטיק. דער דיל — ריין פאַרקערט און אויסגעשאָטן מיט געלן זאַמד.

שמעון האָט דערנערט זיין געזינד פון פירן געהילץ און שפּאַלן צום טייך, וואָס מ׳האָט זיי אַוועקגעשיקט פון דאָרט קיין פרייסן. ער איז געווען זייער אַ שווערער אַרבעטער און אַ פרומער ייד. נישט קיין קענער, נאָר דאַווענען און תהילים זאָגן — דאָס האָט ער געקענט און האָט עס געטאָן מיטן גאַנצן האַרצן. זיינע זין האָט ער אַלע געמאַכט פאַר בעלי־מלאכהס: דעם עלטערן פאַר אַ שוסטער, דעם צווייטן פאַר אַ שניידער און דעם יינגסטן פאַר אַ גאַרבער. די טעכטער האָבן גענייט ביי זיך אין דאָרף און אַז ס׳איז געווען ווינציק אַרבעט ביי געניי, איז מען געפאָרן קיין סלוצק אין אַ פרום, באַלעבאַטיש הויז דינען. מיט אַרבעט שעמען זיך איז געווען אַן עברה. און כאָטש שמעון האָט געפירט שפּאַלן מיט אַלע פּויערים צו גלייך, האָט מען פון אים זייער געהאַלטן — אי די יידן, אי די גויים.

די קינדער האָבן זיך געהאַלטן מיט איידלקייט און חשיבות, אויף זיך נישט אַראָפּגעקוקט מחמת זייער פּאַך. די טעכטער האָבן אויסגעזען ווי וואויל־דערצויגענע

קינדער. פון דער מוטער האָבן זיי געהאַט דאָס שיינע אויסזען און די ליבלעכקייט, פון דעם פאָטער — די ערלעכקייט און דעם געזונטן צוגאַנג צום לעבן.

די שענסטע און די ליבסטע פון אַלע איז געווען מיכליע. סע פלעגט זיך מאַכן, ווען פייטל פלעגט אהיימקומען אויף פּסח אָדער אויף יום־טובים, און אַוועק צום פעטער שמעון און צוריקקומען שפּעט ביי נאַכט, מיטן פעטער שמעונס קינדער — פלעגע פּעשע מיט מלכהן וואַכן און לויערן...

און וואָס עלטער די קינדער זיינען געוואָרן, אַלץ אָנגעשטרענגטער זיינען גע־וואָרן די באַציאונגען צווישן שלומס הויזגעזינד און שמעונס טאָכטער. זי האָט אַלע מאָל געשוויגן ווי אַ טויב און זיך געפילט שולדיק.

ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, ביז פּעשע האָט דורך מיכליען אַליין אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל זאָגן איר מאַמען, אַז זי זאָל זיך אַרויסשלאָגן פונעם קאָפּ דעם געדאַנק, אַז זי וועט זיך מיט איר מתחתן זיין; אַז אַזאַ מיידל ווי זי, מיכליע, דאַרף זיך אין שטאָט אויף איר שטעלע אָפּזוכן אַ יונג, איר גלייכן, און צו רו לאָזן איר זון.

מיכליען האָט מען אַוועקגעשיקט אין אַ ווייטער שטאָט אויף אַרבעט. זי איז אָבער דאָרט קראַנק געוואָרן, און כדי צו זיין אויף גוטער לופט, די דאָקטוירים האָבן געהייסן, האָט זי אָנגענומען אַ שטעלע אין אַ וואַלד, נישט ווייט פון דער היים, ווי אַ דינסט אין אַ שאַפערס הויז.

און פייטל איז געווען אַ שטילער בחור, אין זיך אַ פאַרבאַהאַלטענער, אַ פאַר־בענקטער, שטענדיק אַרומגעטראָגן זיך מיט אַן אינערלעכן, ווייטן ניגון. די גרויע אויגן האָבן אַלע מאָל ווי דורך אַ רויך ערגעץ געקוקט, ערגעץ ווייט, כדי נישט זען די נאָענטע ווירקלעכקייט.

דערוויל האָט מען ביי שלומען אין שטוב זיך געגרייט אויף חתונה.

מ'האָט אַראָפּגעבראַכט שניידערס. דריי וואָכן האָבן זיי געמאָסטן און געניית. פייטל האָט זיך געלאָזט מעסטן, און אַז מ'האָט אים געדרייט פון זייט צו זייט און באַוואונדערט ווי אויסגעגאָסן עס פּאַסן אים די בגדים, איז ער געשטאַנען ווי אַ מאַנעקען, אַן אומעטיקער, אַ פאַרטראַכטער, און געקוקט אין דער ווייט.

אין די אָוונטן איז ער פאַרשוואונדן, איז אַהיימגעקומען שפּעט, און זיך געוואָרפן אויפן געלעגער ביז אַ שפּעטער שעה אין דער נאַכט אַריין.

## צו דער חתונה

אז מ'איז געפאָרן צו דער חתונה קיין פּעסאַטשנע, האָט פייטל צום ערשטן מאָל אויף זיין לעבן דורכגעפירט אַ באשלוס: ער איז געזעסן מיט זיינע צוויי קליינע ברי־דערלעך און שוועסטערלעך אין איין וואָגן, און מיכליע — לעבן אים. אַזוי האָט ער געוואָלט. קיין צייט אויף צו קריגן זיך איז נישט געווען. ער האָט זיך איינגע־שפּאַרט און האָט אויסגעפירט.

לאַנג האָט דינהן געעקבערט אין איר קינדישן מוח יענע יאַזדע. וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ בולטער איז פאַר איר אַלץ געוואָרן, אַלץ קלערער און דייט־

לעבער האָט זי באַנומען דעם מיין פון איר ברודערס ווערטער, דורך טרערן געד רעדטע, און מיכליעס ווערטער, אויך דורך פאַרשטיקטע טרערן.

דער וואָגן איז ענג געפּאַקט. דער וועג, איין גריבער, שלעפּט זיך לאַנג און פויל. מע פאָרט אַ שעה נאָך אַ שעה. סע ווערט נאַכט און שפּעט. דינהן קלעפּן זיך די אויגן צום שלאָפן. דער וואָגן וויגט זיך און וואַרפט זיך פון גרוב צו גרוב. ווי דורך אַ חלום הערט זי רייד — — —

— וואָלט מיר שוין פיל ליבער געווען, אז דו וואָלסט מיך איצט געפירט צו מיין לוויה.

— אוי, וואָס רעדסטו? גאָט זאָל אויסהיטן! מע טאָר אַזוי נישט רעדן.

— מע טאָר נישט? קיין זאך טאָר מען נישט... די זינד, וואָס ווערט איצט באַגאַנ־ גען קעגן אונדזביידן, איז גרעסער פון אלע זינד. און דאָס טאָר מען יע?

— וואָס קען מען טאָן? ס'איז אַזוי באַשערט. אַז מיר זיינען אָרעמע און איר... פייטל שלאָגט איר איבער:

— ווער מיר, וואָס מ י ר ? מאַלעצקע — סע שטייט איר נישט אָן. זי קען פּשוט נישט פארליידן, וואָס איך האָב דיך ליב. וואָס אַלע האָבן דיך ליב. וואָס דו ביסט אַזוי שיין.

— מאַכסט זיך נאַריש. איך בין נישט שיין.
שטיל.

— און דער מאַמען שטייט אויך נישט אָן. אַ פריצהטע איז זי. זאָל מיר צוקומען אין געזונט, וואָס דיין מאַמע איז מער מענטש פון איר.

— הער אויף, פייטל. מע טאָר נישט אזוי אויף אַ מאַמען רעדן.

זיי ווערן ווידער שטיל. דינה דרימלט איין. דער וואָגן גיט אַ שפּרונג. זי כאַפּט זיך אויף און הערט פייטלען רעדן שטילערהייט:

— אָבער דו ביסט אויף מיר נישט בייז?

מיכליע זיפצט:

— ניין. ווי קען איך דען זיין בייז אויף דיר? ס'איז דאָך נישט דיין שולד. קענסט דאָך נישט אַנדערש.

—וועסט נישט חתונה האָבן, מיכליע? וועסט אויף מיר וואַרטן?

מיכליע שווייגט. פייטל פרעגט ווידער:

—וועסט אויף מיר וואַרטן?

— וואָס רעדסטו, פייטל?

— נו, יע. וואָס רעד איך? זאָלסט חתונה האָבן. אוודאי זאָלסטו חתונה האָבן. זאָל אַן אַנדערער דיך האָבן, און איך וועל קרענקען אַזוי.

מיכליע, דורך פאַרשטיקטע טרערן:

—הער אויף, פייטל, הער אויף...

נאָך דער חתונה איז פייטל געבליבן אויף קעסט ביי שווער און שוויגער.

ביי שולמען אין הויז איז געוואָרן אַלץ אומהיימלעכער און שיטערער. איטשע איז צו פוס אַוועק קיין סלוצק, זיך אויסגעזוכט אַן אַרבעט אין אַן אייזן־געשעפט, און אין דער פרייער צייט געלערנט וועלטלעכע לימודים. מ׳האָט פון אים געהערט ווי פון אַ דערוואַקסענעם. איטלעכס מאָל, ווען שלום איז געפאָרן קיין סלוצק, האָט ער געבראַכט גרוסן פון איטשען, אַז מ׳האַלט פון אים, מ׳האָט אים ליב אי ביי דער אַרבעט, אי וואו ער לערנט. ער חברט זיך מיט די בעסטע יינגלעך אין שטאָט און ער האָט אַ שיינעם נאָמען.

ביי שלומען אין שטוב איז אָבער געוואַקסן די אומהיימלעכקייט. די אָוונטן זיינען געווען לאַנגע. אין דער שטיל האָט יעדער פאַר זיך געטראַכט: וואָס וועט זיין? געוויינטלעך האָבן געטראַכט און געזאָרגט טאַטע־מאַמע — וועגן א תכלית פאַר די קינדער.

מלכה ווערט עלטער. שדכנים קומען. זי וויל פון קיינעם נישט הערן, דערלאָזט צו זיך קיינעם נישט, האַלט זיך שטייף, איז גרויס ביי זיך. אויף וועמען וואַרט זי עס? ס׳איז שווער צו זאָגן. זי איז שיין, געזונט און יונג. יונגעלייט קלעפּן צו איר, אָבער זי שטויסט זיי אָפּ, באַהאַלט זיך אויס, פירט זיך אויף סטאַטעטשנע.

טאַטע־מאַמע זוכן באַשייד צו אַזאַ האַלטן זיך פון א מיידל אין איר עלטער — און קענען נישט געפינען.

דינה מיט דניאלן רייבן די צייט אין דער היים. זיי דאַרפן אַ חדר מיט אַ רבין. שוין צייט גמרא לערנען.ביידע קינדער מיט גוטע קעפּ. מילא דינה ווי דינה, אָבער דניאל, א ייִנגל — אים מוז מען דאָך לערנען.

דערווייל גייט עס מיט שרהן אין קאַפּוליע אויך נישט אַזוי גלאַטיק: דאָס מיידל ווערט אויסגעצערטער פון וואָך צו וואָך. מע פירט איר בעסער עסן: מער חלה, מער פּוטער. פון ראָדען איז שווער אויסצוגעפינען, וואָס דעם מיידל איז. זי האַלט פון איר שטאָל און אייזן: — אַ טייער קינד. אויף אַלע גוטע לייט געזאָגט געוואָרן. — און ווי אַזוי שרה לעבט דאָרט, ווי זי פאַרברענגט איר פרייע צייט און אירע שבתים — ווייסן די היימיקע נישט. און פאַר וואָס זי זעט אויס אַזוי אויסגעצערט — ווייסט מען אויך נישט.

## שפּרינצע

פון די צוויי נייטאָרינס, וואָס נייען אין איינעם מיט שרהן ביי ראָדעס טיש, איז נאָר איינע אין שרהס עלטער — לוי דעם שוסטערס טאָכטער, אַ מיידל אַ ברען, זינגט לידער פון זאַבאַסטאָווקע און קלייבט זיך פאָרן קיין אַמעריקע. די צווייטע ביים טיש איז ראָדעס אַ פּלימעניצע, שפּרינצע. מחמת איר קליינעם, דעליקאַטן און כמעט קינדערישן אויסזען רופט מען זי שפּרינצעצקע. דאָס איז אַ שטיל, איידל באַשעפע־ניש, רירט קיין מאָל קיין פליג אויף דער וואַנט נישט אָן, זיצט שטיל און שטעכט מיט דריבנע שטעכעלעך דאָס געוואַנט — און אַז זי רעדט שוין ווען צו א מיידל איז נאָר מיט די איידלסטע ווערטער: זייט אַזוי גוט, טייערע, און אַ גרויסן דאַנק. יעדעס וואָרט אירס, וואָס זי רעדט אַרויס, יעדע באַוועגונג פון איר איידעלער האַנט

איז ווי אַ מוסטער פאַר דעם, צו וועמען זי ווענדט זיך, ווי זי וואָלט אָן ווערטער געזאָגט: — אָט אַזוי דאַרף מען טאָן. אַזוי איז ריכטיק.

שפּרינצעצקעס אויסזען איז אין גאַנצן געווען אַ זאַגראַניטשנער, גאָר נישט קיין קאַפּוליער. יעדן טאָג איז זי געקומען צו דער אַרבעט אַ שטייף פאַרשנורעוועטע. טייל האָבן געזאָגט, אַז זי טראָגט אַ שטייף פאַרקנעפּלטן לייב־סטאַניק, און טייל האָבן געהאַלטן, אַז זי טראָגט ממש אַ קאָרסעט, ווי די דאַמען אין די גרויסע שטעט. דאָס קלייד, וואָס איז געווען איינגעקלעפּט אין איר קליינעם גוף, איז געווען פון אַ שוואַרצן געוואַנט, מיט אַ נעט, ווייס קאָלנערל, שטייף געקראָכמאַלט און מיט שטייפע ווייסע מאַנקעטן, וואָס זי האָט אויסגעטאָן צו דער אַרבעט. אונטערן קאָלנערל האָט זי געטראָגן אַ לאַנגן, שמאָלן קראַוואַט פון טונקל־גרינעם זייד, מיט שמאָלע, ווייסע שפּרענקעלעך. אויף הויכע אָפּצאַסן — קליינע לאַקירטע שיכלעך. די האָר — רויט־בלאַנד, אויפגעקאַמט אין אַ הויכער פריזור. צו דער אַרבעט האָט זי געטראָגן אַ ווייס פאַרטעכל, מיט אַסך דינע קרויזלעך אַרום האַלדז. פון אַ קעשענקע האָט אַלע מאָל אַרויסגעשטעקט אַ געבלימט טיכל, וואָס זי פלעגט אָפט איידל אַרויסנעמען און זיך אויסווישן דערמיט די קליינע, העל־גרינע אויגן, וואָס האָבן אַלע מאָל אויסגעזען ווי ערשט נאָך אַ געוויין, און געקוקט מילד און פאַרשולדיקט מחמת דעם. גלייך נאָך דעם פלעגט זי אויסווישן אירע שווערע פענסנע, אין אַ שוואַרצער ראַם געפאַסט און נאָכגעהאָנגען אויף אַ שוואַרץ, זיידן בענדל. אויף דעם זעלבן בענדל איז געווען אָנגעהאָנגען אַ קליין, גאָלדן זייגערל, וואָס זי האָט געהאַלטן אין אַ קליין בוזעם־קעשענקעלע פון איר קליידל. פון לינקן אַרבל האָבן זיך אַרויסגעוויזן די ווייסע שפּיצן פון אַ נאָזטיכעלע.

וועגן שפּרינצען האָבן זיך אַרומגעטראָגן פאַרשיידענע קלאַנגען און מעשׂות. אָבער אין דער אמתן האָט קיינער נישט געקענט זאָגן אויף זיכער וואָס ס׳איז וואָר, וואָס ס׳איז טאַקע אַזוינס מיט איר פאַרגעקומען אין די לענדער וואו זי האָט פאַרבראַכט.

מע ווייסט: זי איז איצט אַלט צוויי און דרייסיק יאָר. אוועקגעפאָרן פון קאַפּוליע איז זי צו אַכצן יאָר. געווען אַן אויפגעקלערטע, אַ היינטוועלטיקע און געלייענט פאַרבאַטענע ביכלעך. אוועקגעפאָרן איז זי קיין מינסק. פון דאָרט האָט מען וועגן איר געהערט, אַז זי איז געוואָרן אַן אַרבעטאָרין, אַ שניידערין — און אַ לערערין אין די אָוונטן אין אַ „בעזפּלאַטנע שקאָלע״, פאַר אַרבעטער. נאָך דעם האָט מען געהערט, אַז זי מיט נאָך אַרבעטער זיינען פאַרפאַלן געוואָרן איין נאַכט ביי אַ פאַרזאַמלונג. נאָך דעם האָט מען געהערט, אַז זי געפינט זיך אין פּעטערבורג און לערנט אויף קורסן. און ווייטער האָט מען געהערט, אַז זי זיצט אין פּעטראָפּאַלאָווסקער תּפיסה. דערנאָך האָט מען ווידער געהערט, אַז זי וואוינט אין פּעטערבורג מיט אַ מאַן, אַ פּאָליטישער פירער, און מ׳האָט געהערט, אַז מ׳האָט דעם מאַן פאַרשיקט אויף סיביר. און אַז ער איז דאָרט געשטאָרבן. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז זי איז אויך געשטאָרבן.

אָבער מיט אַ יאָר זעקס צוריק, אין אַ ווינטערדיקן, קאַלטן טאָג, איז צוגעפאָרן אַ שליטן צו לייבע דעם שמשׂ שטוב, און נעשע לייבעס איז אַרויס אַ קוק טאָן ווער אַזוינס איז עס געקומען צו זיי — און באַלד איז געוואָרן אַן אויפגעלאַף אַרום

שליטן. נעשע האָט געחלשט. מ׳איז געלאָפן אַהיימרופן לייבען פון דער קאַלטער שול. די יונגע האָבן נישט געוואוסט ווער דער גאַסט איז, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַזאַ סומאַטאָכע. די עלטערע האָבן שפּרינצען אויך נישט דערקענט, נאָר אַז נעשע איז צו זיך געקומען און האָט אָנגעהויבן שרייען אויפן קול: — אוי־ווי צו מיינע אַלטע יאָרן! מיין קינד! דאָס איז עס פון דיר געוואָרן! — האָבן זיך די עלטערע אָנגעשטויסן, אַז דאָס דאַרף זיין יענע טאָכטער לייבעס, וואָס וועגן איר האָבן זיך פון צייט צו צייט צעטראָגן פאַרשיידענע מעשות, גלייביקע און נישט־גלייביקע.

מ׳האָט אַראָפּגענומען אַן אייזערנעם קופערט פונעם שליטן, און שפּרינצע האָט באַצאָלט דעם גוי און אים באַדאַנקט — און מ׳איז אַריין אין שטוב. דער עולם, וואָס איז שטיינגעבליבן אין דרויסן, האָט זיך אָנגעהויבן צעגיין, אין פּאָרן. יעדער האָט דעם מיטגייער געהאַט עפּעס איינצורוימען, אין אויער. ס׳האָט זיך אויסגעלאָזן מיטן נוסח:

— אַז אָך און וויי דעם אַלטן טאַטן.

ס׳זיינען אַריבער אַ פּאָר וואָכן, און שפּרינצע איז ווידער געשטאַנען ביי אַ שליטן און באַצאָלט דעם גוי מיט אַ דאַנק — און דער אייזערנער קופערט איז איצט געשטאַנען אין אַ קליין צימערל אויף הקדש־גאַס ביי אַלעקסיי סטרוזש אין הויז, וואו די אַלטע, ציכטיקע קולינע איז אַרומגעגאַנגען אין אַ ברייט, ווייס פאַרטעך און געהיט די ריינקייט פון אירע ווענט, ווי איר מאַן, דער אַלטער סטרוזש, האָט גע־היט דעם פּריסטאַוו הויף און סאַד.

זינט שפּרינצע האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער גויאישער שטוב, האָט לייבע, וואָס איז יאָרן לאַנג געווען אַ ביסל טויב, אין גאַנצן אויפגעהערט צו הערן, און גע־קוקט ווי אַ תם, ווען מ׳האָט גערעדט צו אים. נעשע איז מער געלעגן אין בעט ווי זי איז אומגעגאַנגען. אין דער ווייבערישער שול פלעגן די ווייבער קוקן אויף איר און זיך די אויגן ווישן פון רחמנות.

ס׳איז אַריבער נאָך אַ שטיקל צייט, האָט מען באַמערקט אין די פרימאָרגנס ווי שפּרינצע גייט גיך פון דער הקדש־גאַס גלייך אַראָפּ־באַרג צו ראָדען. און אַז ווייי־בער האָבן געבראַכט אַרבעט צו ראָדען, האָבן זיי געזען ווי שפּרינצע זיצט דאָרט ווי אַ פאַרשנורעוועטע ליאַלקע און נייט.

מחמת בייגעריקייט זיינען איצט באַלעבאָסטעס אָפטער געגאַנגען צו ראָדען נייען און לאָזן זיך מעסטן אויף קליידער. ווייל איצט האָט שוין שפּרינצע געטראָגן אויף איר האַלדז דעם מעסט־אַרשין און אויף אירע הויכע קנאַפּל מיט די לאַקירטע שיכ־לעך האָט זי זיך געהויבן אויף די שפּיצן פינגער, צו דערלאַנגען צו הויך־צעוואַק־סענע ווייבער, אָדער אויסגעשפּרייט אַ ציטונג פּאַפּיר און זיך געשטעלט פאַר זיי אויף אירע דינע, קינדערישע קניען, צו מעסטן די לענג פון די קליידער.

איצט האָבן זיך ביי ראָדען אויפן טיש שוין געפונען אַ פּאָר פאַסאָן־זשורנאַלן. שפּרינצע האָט אויסגעאַרבעט אַ בגד לויטן זעלבן פאַסאָן און אויסזען, ווי דער וואָס אין זשורנאַל.

מערער פון אַלץ האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן איר ווייס טיכעלע, וואָס זי האָט דערמיט געשנייצט די נאָז זייער איידל, און מיידלעך האָבן זי געהאַלטן פאַר

אַ גרוי'סהאַלטערקע, מחמת אירע אידעלע, געציילטע רייד און טאַקע צוליב דעם ווייסן טיכעלע: — אַ בלינדע וואָלט דאָך עס געקענט זען — צו וואָס דען שנייצט מען אַזוי די נאָז אין אַ ווייס טיכעלע, אויב נישט פון גרויסהאַלטעריי? דאָס טיכעלע ווערט דאָך באַלד קויטיק. דאָס וויל זי אונדז ווייזן, אַז זי איז אַ גרויסשטאַטיקע. און צו וואָס טויג איר דאָס זייגערל אויפן שוואַרצן שנירל? נישט כדי מע זאָל וויסן, אַז זי איז נישט אַבי ווער?

און ווייבער האָבן גערעדט, אַז ס'איז אַ סברא, אַז זי האָט געהאַט אַ גוי פאַר אַ מאַן, און אַז זי האָט זיך אַליין אויך געשמדט — ווי נישט, וואָלט זי דען געדאַרפט וואוינען ביים סטרוזש?

און אַנדערע זיינען געגאַנגען אַזוי ווייט מיט זייערע סברות, אַז מע זאָל האָבן געזען לויט ווי זי פירט זיך אויף מיט קליינע קינדער און לויט די מעשות, וואָס מע דערציילט פון איר, אַז זי האַלט איר צימערל פאַרפּוצט מיט א געשטאָפּט קליין הינטעלע אויפן קאָמאָד, און אַ קליינע ליאַלקע אין אַ גרין, זיידן קליידל, מיט בלאָנ־דע האָר, און רויטע קרעלן אויפן האַלדז — און אַז לויט די אַלע סימנים האָט זי אויך שוין מסתמא געהאַט אַ קינד...

און ווייטער האָט מען גערעדט, אַז ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן האָט עס שפּרינצע, פון ציכטיקייט, געזעצט אויפן טעפּל, און נישט געהאַלטן עס אין וויקעלעך עס זאָל טאָן דאָרט זיין באַדערפעניש. און מחמת קיין שיר־ המעלותן זיינען אויף די ווענט נישט געווען, איז דאָס קינד רחמנא־ליצלן באַלד פאַרכאַפּט געוואָרן. און דערפאַר האַלט זי עס די אַלע חפצים, א זכר נאָכן קינד, וואָס זי האָט זיך נאָך אים די אויגן אויסגעוויינט.

ראָדע, וואָס איז געווען נעשעס אַ לייבלעכע שוועסטער און שפּרינצעס מומע, איז זיך באַגאַנגען מיט איר ווי מיט אַ גאָטגעשאַנק: נישט גערעדט צו איר אָן אַ „זיי אַזוי גוט", איר דערלאַנגט ס'גלאָז ציקאָריע מיטן קיכל אין דער פרי, וואַרעמעס און וועטשערע איר דערלאַנגט. אמת, שפּרינצע האָט ראָדען די כלים ניט געלאָזט וואַשן. דאָס האָט זי שוין אַליין געטאָן, — אויף איר אייגענעם, גרויסשטאָטיקן אופן: וואַשן אין דריי וואַסערן, לאָזן אָפּרינען, און דערנאָך — ווישן ביז א גלאַנץ.

## ראָדע

פאַר ראָדען איז שפּרינצעס שווער לעבן געווען ווי אַ באַשטעטיקונג פון איר אייגענעם גורל. די צוויי פרויען האָבן געהאַט אַסך געמיינשאַפטלעכס, וואָס האָט זיי פאַרבונדן צווישן זיך.

ראָדע איז אין גאַנצן געווען מיט צען יאָר עלטער פון איר פלימעניצע שפּרינ־צע.אין דעם קליינעם שטעטל האָבן מענטשן געזוכט סענסאַציע, אויסגעקלערט פאַנטאַסטישע מעשות, כדי די אויסגעהונגערטע פאַנטאַזיע צו דערנערן. וועגן אַזעל־כע ווי שפּרינצע האָט מען צוגעטראַכט וואָס עס איז נאָר אויפן רעיון אַרויף. אָבער ס'איז באַשערט געווען דעם שטעטל קאַפּוליע, אַז אויך ראָדעס לעבן זאָל זיי אין דערווירקלעכקייט צוטראָגן אָט די אַלע אויסטערלישע מעשות, וואָס אידישע טעכטער

האָבן באַגעגנט אין די מעשה־ביכלעך, וואָס זיי פלעגן נעמען אויף פּראָקאָט פֿאַר צוויי קאָפּיקעס, ביי עליע דעם געלן, און זיי לייענען שבת נאָך וואַרעמעס, און זיך פֿאַרגעסן איבער זיי, און פֿאַרגיסן טרערן.

ראָדע איז צו ניין יאָר געבליבן אַ קיילעכדיקע יתומה צווישן אַ שטוב שוועס־טערלעך און ברידערלעך, עלטערע פון איר. א מומע פון סלוצק איז געקומען און צוגענומען ראָדען צו זיך. די מומע האָט געהאַלטן אַ שענק, וואָס סאָלדאַטן פלעגן קומען אהין טרינקען און פאַרברענגען נעכט. ראָדע איז געווען א שיין קינד. די סאָלדאַטן האָבן זי אויף די הענט געטראָגן, איר מתנות געקויפט און זי איז געוואַקסן שיין און געראָטן. די מומע האָט זיך מיט איר געשאפּט אויף אלע וועגן.

אָבער אַז ראָדע איז אַלט געוואָרן זעכצן יאָר, האָט די מומע אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר אירע וועגן, ווי זי פירט זיך אויף מיט די סאָלדאַטן — ווי זי וואָלט זיי־ערע אַ שוועסטער געווען. זי אַליין, די מומע, איז שוין אַלט געווען און געוואָלט די יתונה ברענגען צו אַ תכלית. האָט זי געלאָזט שיקן נאָך אַ שדכן און געהייסן דעם שדכן געפינען אַן ערלעכן חתן פאַר איר פּלעמעניצע. זי איז געווען גרייט אָפּזאָגן דאָס הויז מיט דער שענק פאַר ראָדען, ווייל קיין אייגענע קינדער האָט זי נישט גע־האָט, און זי אַליין מיטן אַלטן וועלן שוין זייערע יאָרן אַזוי דערציען, טאַקע דאָ מיט דער פּלעמעניצע און איר באַשערטן.

האָט לאַנג נישט גענומען, און דער שדכן איז צוריקגעקומען אַ צופרידענער: ער האָט אַ חתן, אַן אַנטיק. און אַזוי ווי דער חתן ווייסט ווער די כלה איז, ער האָט זי נישט איין מאָל געזען און זי איז אים געפעלן, איז וועט מען קענען באלד שרייבן תנאים, און שבת נאָך שבועות איה״ש וועט זיין די חתונה.

שבת צו נאַכט האָט די מומע שרה געהייסן אָנטאָן דאָס בלויע קלייד מיטן ווייסן באַנד אַרום דער טאַליע, און אָנגעזאָגט: אַז סע וועלן קומען לייט אין שטוב אַריין, זאָל זי דערלאַנגען דעם לעקעך און בראָנפן צום טיש, נאָר נישט שפּרינגען ווי אַ ציג, און נישט כאַכאָטשען יעדע רגע ווי איר שטייגער איז, ווען זי איז צווישן גויים.

— דאָ קומט אַן ערלעכער ייד, דיין מאַמעס זכות נעבעך זאָל דיר איצט ביי־שטיין. אזא יונגינק ביימעלע אַוועק פון דער וועלט. נישט באשערט געווען קיין איין קינד צו דער חופה פירן.

און די מומע שרה כליפּעט און ווישט די אויגן.

האָט ראָדע אָנגעטאָן דאָס בלויע קלייד, פאַרקעמט די שיינע קאַשטאַנבריינע האָר, אַ קוק געטאָן אין שפּיגל, זיך צעלאַכט ווי איר שטייגער, און באַלד דערמאָנט זיך, אַז זי טאָר נישט לאַכן — און איז שטיל געבעליבן. ס׳האָט לאַנג נישט גענו־מען, און די טיר האָט זיך געעפנט, און ס׳איז אַריינגעקומען דער שדכן מיטן חתן.

ראָדע האָט נישט באַנומען די גאַנצע סיטואַציע. זי האָט געקוקט אויף די צוויי יידן, דערלאַנגט דעם לעקעך און בראָנפן צום טיש — און נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס די מומע האָט עס איר געהייסן פאַרפוצן זיך. אפשר וועט נאָך ווער קומען. אפשר איינער אַזאַ, וואָס זי, ראָדע, וואָלט געוואָלט אויסזען צוליב אים פאַרפוצט, און זיך געוואָלט צעלאַכן און צוריקהאַלטן זיך... ס׳איז איר געווען נודנע זיך אַרומ־צודרייען צווישן די עלטערע מענטשן.

די טיר האָט זי ווידער געעפנט און סע זיינען אַריינגעקומען דער מומע שרהס קרובים, מיט זייערע ווייבער, מ׳האָט זיך געזעצט אַרום טיש, מ׳האָט גערעדט, גע־שריבן אויף אַ פּאַפּיר, געבראַכן טעלער און זיך געוואונטשן מזל־טוב.

ראָדע האָט נאָך אַלץ אָבער נישט גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. און אַז איינער פון די יידן האָט זיך דערנענטערט צו איר, זי אָנגענומען ביי דער האַנט און איר אַ קניפּ געטאָן אין דער באַק, האָט זי זיך אַרויסגעדרייט פון זיינע הענט אַ באַ־ליידיקטע. אָבער די מומע האָט איר איינגערוימט:

— ס׳איז דאָך מיט מזל דיין חתן — אַ ייד אַ בעל־תורה, ס׳וועט דיר מירטשעם זיין גוט ביי אים.

האָט ראָדע זיך אויף אַ רגע צעלאַכט אויפן קול, און דערמאָנענדיק זיך וואָס דאָ קומט מיט איר פאָר, האָט זי אויסגעשריען:

—איך וויל נישט! אַרויסט פון דאַנען!

און אַז די מומע איז צ ו צ ו איר און אָנגעהויבן זי גלעטן און בעטן אַז זי זאָל זיך באַרואיקן, האָט זי געכאַפּט אַ פאַטשיילע פון אויפן בעט, און מיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר איז זי אַרויס אין גאַס און שוין צוריק נישט געקומען נעכטיקן. די מומע האָט זי אויפגעזוכט און איר געהייסן אַהיימגיין. זי האָט איר דערקלערט, אַז זי איז איצט אַ כלה פאַר ר׳ יאָשע דעם שוחט. דאָס האָט ראָדען נאָך מער דערצאָרנט.

ר׳ יאָשע דער שוחט, אַן אלמן אָן קינדער, מיט אַ גרויסער, רויטער באָרד און אַ גרויסע, רויטע נאָז, אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ פאַרשמאָלצענער קאַפּאָטע, האָט זיך אָנגעהייבן אָפטער ווייזן אין שענקשטיבל אין די אָוונטן, און וואַרטן ביז ראָדע וועט פאַרטיק מיט איר ארבעט. ער פלעגט זיצן ביים אויוון אין קאַמער און זיך צוהערן דורך דער וואַנט, ווי ראָדעס געלעכטער קלינגט איבער דער שענק מיט די סאָל־דאַטן. און אַז זי פלעגט אַריין אין קאַמער און דערזען ר׳ יאָשען, פלעגט זי פאַר־האַקן די טיר און צוריק אַנטלויפן.

די מומע האָט זיך גענומען צו ראָדען, אַז זי מוז זיך אויפפירן לייטישער, ווייל אָט נאָך צען וואָכן און זי וועט מירטשעם ווערן אַ פרומען יידנס ווייב.

ראָדע האָט דערזען, אַז ס׳האַלט שלעכט. זי וועט אָבער מיט דעם יידן נישט חתונה האָבן. און מיט איר יונג האַרץ האָט זי געקענט דאָ מער אויפטאָן ווי מיט איר שכל. האָט זי זיך צונויפגעפּאַקט אַ קליין קלומיקל פון אירע פאָר קליידלעך, און אין א מאַרקטאָג זיך אַרויסגעלאָזן אויפן שליאַך, באַגעגנט אַ קאַפּוליער באַלע־גאָלע, וואָס פלעגט אַ מאָל ברענגען אַ גערוס פון די קינדער, — האָט זי זיך גלייך אַריינגעזעצט אין דער בויד און געהייסן אים פאַררעכענען זי פאַר אַ פאַרשווין קיין קאַפּוליע, און אים דערלאַנגט אַ האַלבן רובל.

אָנגעקומע קיין קאַפּוליע צו איר שוועסטער נעשע אין שטוב, האָט זיך נעשע אַפּריער דערפרייט. נאָר אַז זי האָט אויסגעפונען אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, האָט זי זיך דערשראָקן: ווייל אַז איר מאַן לייבע וועט זיך דערוויסן, וועט ער זי פון שטוב אַרויסטרייבן.

ס׳האָט לאַנג נישט געגומען און ראָדע האָט נעבעך געמוזט גיין זוכן אַן אָרט פאַר זיך, ווייל נעשע אַליין איז געווען אָרעם און אין דעם ענגן שטיבל האָט זי שוין געהאַט עטלעכע אייגענע קינדער, און לייבע האָט געשריען, אַז זי זאָל צוריקפאָרן קיין סלוצק און אַ חופּה שטעלן מיט ר״ יאָשען:

— אַ טייערער ייד. וואָס ווייסט זי, די ציג? באשר, ס׳איז נישטאָ קיין טאַטע־מאַמע, נישטאָ ווער סע זאָל אַזאַ ציג אין צוים האַלטן.

האָט ראָדע זיך אויסגעזוכט אַן אָרט צום דינען, אין אַ באַלעבאַטיש הויז. אָבער דער משפּחה איז עס זייער נישט אָנגעשטאַנען. ביי זיי איז נאָך קיינער קיין דינסט נישט געווען. האָט מען זי אָפּגענומען פונעם דינען און געשיקט זי צו אַ נייטאָרין, און אויפגעהאַלטן האָט זי זיך ווידער ביי נעשען אין דער ענגשאַפט און אָרעמקייט.

לייבע איז געווען אַ שמש און אַ פרומער ייד. ווי אָרעם מ׳איז געווען, האָט ער אָבער אויף יעדן שבת געבראַכט אַן אורח אין שטוב אַריין.

נעשע האָט געשפּאָרט פון אַלץ און אַלעמען פון דער וואָך, אַבי דעם טיש אויף שבת נישט פאַרשעמען. ס׳ איז אַלע מאָל געווען אַ שטיקל פיש מיט כריין, אוז אַ שיינע חלה, מיט אַן אויסגענייטן קידוש־טישטעכל פאַרשפּרייט, די לייכטער האָבן געבלאַנקט פון ריינקייט, און די קינדער — צעצוואָגענע אַרום טיש.

## שמואל-אהרן

איין מאָל האָט לייבע געבראַכט אַ מאָדנעם אורח אויף שבת: אַ בלאָנדער, הויכער יונגערמאַן פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ לענגלעך בלאַס פּנים מיט אויגן, וואָס קוקן שטענדיק אין דער ווייט אַריין, צעבליצט, ווי זיי וואָלטן אייביק געהאַלטן אַ וויכוח מיט איינעם וואָס נאָר ער זעט, און מער קיינער נישט... ביים עסן איז ער פאַרטראָגן אין זיך און ענטפערט אויף אַ פראַגע ווי אַ געכאַפּטער ביי אַ גנבה, נישט זייענדיק זיכער צי האָט ער גוט געהערט. זיין לאַנגע, שוואַרצע קאַפּאָטע האָט זיין אויסזען געמאַכט נאָך אויסטערלישער. זיין גוף, אַן אויסגעצויגענער, און דאָס בלאַסע, לאַנגע פּנים מיט די בלאָנדע פּאות — האָבן אים געגעבן דאָס אויסזען פון אַ מאַרטירער.

ראָדע האָט ביים עסן קיין אויג פון אים נישט אַראָפּגעלאָזט. מע פרעגט, פון וואַנען אַ ייד קומט און וואוהין אַ ייד קלייבט זיך גיין ווייטער, דערוויסט מען זיך, אַז ער ווייסט כמעט נישט פון וואַנען ער קומט אייגנטלעך און נישט וואוהין ער גייט ווייטער. אויף זיינע האַלבע, נישט־דערערדטע ענטפערס האָט זיך ראָדעס יונג האַרץ אָנגעהאַנגען מיט אַלע אירע יונגע ליידן און רחמנותן. זי האָט געהאַלטן איין קוקן אויף אים, ביז ער האָט דערשפּירט איר בליק און געפרעגט לייבען, צי דאָס איז זיין טאָכטער.

ראָדע האָט צום ערשטן מאָל, זינט אירע טעג אין שענק ביי איר מומען, אַ פרייליכן לאַך געטאָן. די קינדער האָבן זיך אָנגעשטעקט מיטן געלעכטער און האָבן זיך אויך צעלאַכט, און דער אורח, נישט וויסנדיק פון וואָס מע לאַכט, האָט עס גענומען אויף זיין חשבון און איז רויט געוואָרן, האָט גענומען פאַרריכטן אויף זיך די קאַ־

פּאָטע, זיך שלעפּן די אַרבל. ראָדע האָט עס באַמערקט און איז אויך רויט געוואָרן — און איז באַלד שטיל געבליבן. לייבע האָט זיך געפילט געקרענקט:

— וואָס פאַר אַ געלעכטער, וואָס?! מע זיצט דאָך ביי אַ יידישן טיש! מ׳איז דאָך דאָ נישט אין קיין שענק.

נעשע האָט זיך געפילט שולדיק און זיך פאַרענטפערט:

— אַ ציג, הייבט זי אָן לאַכן. און קינדער וויסן גאָר נישט, לאַכן זיי אויך, אַז זי וויזט זיי דעם וועג.

דאָ האָט שוין דער אורח דערפילט, אַז מע באַליידיקט ראָדען, האָט ער זי פאַרענטפערט:

—אַז אַ מענטש לאַכט, איז שיין צו הערן.

ראָדען האָבן די ווערטער פאַרקלונגען ווי כישוף־גלעקלעך אין די אויערן.

ווען דער אורח איז נאָך וועטשערע געגאַנגען צוריק אין שול אַריין שלאָפן, איז איר אַ ציטער דורך דורכן לייב: ס׳איז אַזוי קאַלט אין דרויסן, און ער גייט אַזוי לייכט אָנגעטאָן... צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט זי זיך פאַרטראַכט וועגן דער קאַלטער שול — צי איז דאָרט גענוג וואַרעם — און די בענק זיינען דאָך אַזוי האַרט. ווי שלאָפט מען דאָרט?

אויף מאָרגן האָט זי געזאָגט נעשען:

— איך וועל שלאָפן מיט שפּרינצען אין בעט, און אפשר וואָלסטו געבעטן דעם אורח, ער זאָל ביי אונדז נעכטיקן?

— כ׳ווייס? כ׳וועל פרעגן לייבען... אַן איידל קינד. זעט זיך אָן, אַז ער דאַרף זיין אַ לערנער אויך.

— סאַראַ שיינער ער איז, און אַזאַ בלייך פּנים האָט ער, און אַ פאַרטראָגענער. הערט נישט, וואָס מע רעדט צו אים.

— עס קומט פון קענען א סך תורה.

— קען זיין. וועסט פרעגן לייבען? איך וועל שלאָפן מיט שפּרינצען.

שבת האָט מיט ראָדען די גאַנצע שטוב געלויכטן. און אויפן אורח האָט זי גע־קוקט פון אַראָפּגעלאָזטע וויעס.

לייבע האָט אים געבעטן נעכטיקן, אָבער ער האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער וועט שלאָפן אין בית־מדרש.

דער אורח האָט געהייסן שמואל־אהרן. ער איז געבליבן אין קאָפּוליע. אין די שענסטע הייזער האָט מען אים געגעבן טעג. פרומע ווייבער האָבן אים געגעבן אַ העמד אויף שבת איבערבייטן, און ער איז געזעסן און געלערנט. אַלע האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד, אי די עלטערע יידן, מחמת זיין חריפות, אי די יינגערע וואויל־קענערס, מחמת זיין קענטעניש אין פּאָליטיק און אין דער העברייאישער ליטעראַטור.

ביי לייבע דעם שמש אין שטוב איז ער געוואָרן אַן אָפטער אַריינגייער, און קאָ־פּוליע איז אַוועק אויף רעדלעך: ווער איז ער, דער פרעמדער? און וואָס טוט ער דאָ?

סע וואָלטן זיך געפונען פון די שענסטע בעלי־בתים אין שטאָט, וואָס וואָלטן אים געגעבן גענומען פאַר זייערע טעכטער, אָבער ער האָט אָפּגעשטופּט פון זיך אַלע דער־נעענטערונגען: אָדער די שול מיטן לערנען, אָדער שאַך־שפּילן מיט אַ גוטן שפּי־לער און אַ מאָל לייענען אַ העברייאיש בלאַט — און ביי לייבע דעם שמש די אי־בעריקע צייט. נישט אַנדערש, אַז ס׳איז מן השמים, אַז ס׳איז באַשערט אַן אָרעמער יתומה אַזאַ גליק.

לייבע האָט איין מאָל אין אַ שמועס מיט שמואל־אהרנען געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פון אַנצוהערעניש:

— זי איז אויף מיינע הענט... אַ מיידל, אַ יתומה, מענטשן רעדן... סע וואָלט גע־ווען אַ תכלית. די מומע אירע פון סלוצק וועט נאָך אַוודאי געבן אַ הונדערטער נדן אויך. זי פילט זיך אַקעגן איר ווי אַ מוטער, מחמת זי האָט זי ביי זיך אין שטוב אויס־געהאָדעוועט.

שמואל־אהרן האָט שטיל און לאַנג געשוויגן. זיין פּנים איז נאָך בלאַסער גע־וואָרן. די גרויע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין דער ווייט. אַ דינער שמייכל האָט זיך געשפּילט אַרום די זייטן פון זיין מויל. אָן אַן ענטפער איז ער אויפגעשטאַנען, געזאָגט: אַ גוטע נאַכט, און איז אַרויס פון דער שטוב. לייבע האָט אים נאָכגע־טראַכט:

— האָט מסתמא מורא. אַן עלנטער דאָ. ער וועט נאָך זיין אַ רב אין אַ גרויסער שטאָט. אַ טייערער בחור.

סע טוט אים באַנג פאַר ראָדען: ווען ער וואָלט עס זיין אַ רייכער ייד און איר קענען געבן דעם אמתן נדן, וואָלט ער געוואַגט אַנדערש רעדן. אָבער אַזוי, וואָס האָט ער צום בחור געבעך?

אין אַ וואָך אַרום איז דער בחור פאַרשוואונדן. קאַפּוליע האָט ווידער אויפגע־לעבט. טויזנטער קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן וועגן אים: ער האָט פאַרפירט די יתומה און איז אַנטלאָפן; אים איז דאָ נימאס געוואָרן די קלויז מיטן לערנען; ער איז פון מרחקים, האָט אַ טאַטן, אַ גרויסן רב; ער איז געקומען אויסקוקן ווי יידן פירן זיך דאָ און וועט זיי באַשרייבן אין די העברייאישע גאַזעטן...

יעדער איינער האָט זיך דערטראַכט צו זיינעם אַן אייגענעם איינפאַל.

לייבע האָט זיך געפילט ווי אַ באַגנבעטער:

— וואָס הייסט, אַ מענטש פאַרשווינדט אַזוי אָן אַ „זיי געזונט״?...

ראָדע, מיט האַלבע ווערטער, האָט געענטפערט:

— ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז פאָרן, און וועט צוריקקומען. ווען, ווייסט ער ניט. אָבער קומען וועט ער.

אין זעקס וואָכן אַרום האָט זיך שמואל־אהרן צוריק באַוויזן אין קאַפּוליער שול. ער האָט אויסגעזען נאָך בלאַסער ווי פריער און נאָך מער פאַרטאָן אין זיך. די אויגן האָבן געגלאַנצט, ווי עפּעס ברענט אין זיי, ווי געוואָלט אַרויסבאַקומען פון ערגעץ אַ באַשייד צו עפּעס, וואָס עקבערט אים. זיין בליק האָט אויסגעזען ווי פון איינעם,

גאָס ראַנגלט זיך מיט אַלע כוחות אָנצונעמען אַ געוויסן באַשלוס, וואָס איז אויסער זיינע גרענעצן פון ערלעכקייט. און ס׳האָט זיך גענומען מערקן, אַז ער איז גובר. איז ער איין מאָל געקומען צו לייבן און אים געזאָגט, אַז ער האָט באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט ראָדען, און מע זאָל אויסקלייבן דעם פּאַסיקן טאָג.

---

די חתונה איז געווען גאָר אַ פריילעכע, מחמת חתן־כלה זיינען ביידע געווען קיילעכדיקע יתומים, ניט פאַר קיינעמס קינדער געדאַכט. דערפאַר האָבן זיך דאָ מתעסק געווען די גאָר אָנשטענדיקע בעלי־בתים פון דער שטאָט. מ׳האָט אָנגעפילט דעם שולהויף, וואו די חופּה איז געשטאַנען. יונגע מיידלעך האָבן געקוקט אויפן פאַרפאָלק, און ניט איינע האָט זיך געוואונטשן אַזאַ חתן ווי ראָדען איז באַשערט. מ׳האָט געוואָרפן שיין דרשה־געשאַנק. די מומע שרה מיטן קראַנקן פעטער מיכלען זיינען געווען די הויפּט־בעלי־שמחה און האָבן ראָדען געגעבן צוויי הונדערט קערב־לעך נדן — און די מומע האָט מיטגעבראַכט צוויי קישנס, אַ גוטע קאָלדרע, אַ פּע־רינע און אַ ביסל שטוב־באַלעבאַטישקייט: אַ ווייקשאַפּט, אַ זאַלצבערעטל און פיר שיינע טעמבוקאָווע לייכטער: אַז גאָט האָט איר געהאָלפן אויסצוגעבן די מיזינקע איר שוועסטערס, וואָס ליגט נעבעך אַזאַ יונגע אין דער ערד, און אַז גאָט האָט איר ניט באַשערט קיין אייגענע קינדער אויף אויסצוגעבן, איז זאָל איר זיין מיט מזל — זי איז ביי איר פאַררעכנט פאַר אַן אייגן קינד, ביי זיך אין שטוב זי אויסגעהאָדע־וועט.

די מומע האָט אין גאַנצן פאַרגעסן אין דעם שידוך מיט די צוגעוואָרפענע תנאים — און געווישט זיך די אויגן פון נחת, אָנקוקנדיק דאָס שיינע יונגע פּאָר־פאָלק.

ראָדע איז געווען פאַררויטלט, געקוקט פון אונטער אַראָפּגעלאָזטע וויעס, און אַלע מאָל, ווען זי האָט אַ קוק געטאָן אויף שמואל־אהרנען, איז איר אַ לייכטער ציטער אַדורך דורכן לייב, אי פאַר פרייד, אי פאַר מורא. ער איז איר עפּעס היינט פרעמדער אויסגעקומען איידער דעם ערשטן פרייטיק צו־נאַכטס ווען זי האָט אים געזען זיצן ביים טיש. דעמאָלט איז ער איר אויסגעקומען אַזוי באַקאַנט, און איצט איז ער איר ווי אַ ווייטער, וואָס זי האָט צו אים קיין צוטריט ניט. ער האָט אויס־געזען שטאַרק בלייך. אויף אַלעמענס מזל־טובן האָט ער ווי האַלב פאַר זיך געענט־פערט, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און מיט אַ ציטער אין קול. זייטיקע האָבן באַ־מערקט:

— אַ יתום נעבעך. זיך געמוזט דערמאָנען אָן טאַטע־מאַמע.

ס׳האָט פאַרשניטן ביים האַרצן און מ׳איז געווען זייער פאַרזיכטיק און איידל אין די רייד צו אים.

---

מיטן געלט, וואָס די מומע שרה האָט געגעבן, האָט זיך ס׳יונגע פּאַרפאָלק גע־קויפט אַ שטוב. געגעבן אַן אַדערויף און דאָס איבעריקע — וועקסלען, אויף פּופציק רובל אַ יאָר אויסצוצאָלן אין פיר ראַטעס. די שטוב האָט באַטראָפן פינף הונדערט

קאַרבן — אַ גרויסע מציאה. געשטאַנען איז זי אַראָפּ באַרג, ניט ווייט פונעם שול־הויף. איבער איר זיינען געהאַנגען די צוויי אַרויפבאַרגיקע גאַסן: די הקדש־גאַס און די מקווה־גאַס. און אזוי ווי אויף די ארויפבאַרגיקע גאַסן זיינען קיין פורן ניט געפאָרן, זיינען די אַראָפּבאַרגיקע גאַסן געווען גוט פאַר מיסחר פון די דער־פער — אַז מ׳איז געפאָרן צו די יאַרידן, איז אויסגעקומען פאַרבייפאָרן ראָדעס שטוב.

ראָדע האָט זיך גלייך גענומען צו שניידעריי: געקויפט אַ מאַשין אויף אויס־צאָלן און אָנגעהויבן מיט פאַרטעכער פאַר גויעס, מיט ביליקע געבלימטע קליידלעך פאַר שיקסעס. נאָך דעם האָבן באַלעבאָסטעס אָנגעהויבן אַריינברענגען אַ פּאָר מייטקעלעך פאַר אַ קינד אויפצונייען, אַ קאָלדרע פון וואַטע אויסשטעפּן, אָדער אַ סטאַניק צום לייב. יונגע מיידלעך, פון נייגעריקייט, צו זען ווי אַזוי ס׳יונגע פּאָר־פאָלק לעבט זיך באַלד נאָך דער חתונה האָבן אויך אָנגעהויבן אַריינקומען — איינע מיט אַ לייבל, אַ צווייטע מיט אַ בלוזקע, און אַזוי האָט זיך ביי ראָדען איינגעשטעלט אַ פרנסה, טאַקע זייער אַ שווערע, אָבער ראָדע האָט געניית און געזונגען... די שטוב האָט ביי איר געבלאַנקט פון ציכטיקייט. שמואל־אהרן איז געווען אָפּגעהיט ווי דאָס אויג פונעם קאָפּ. ראָדע פלעגט אים נאָכקוקן ווען ער איז פונעם הויז אַרויס, און זיך שפּיגלען אין אים: ער איז אַזוי איידל צו איר. נאָר אומעטיק איז ער מערסטנס.

שבת נאָך וואַרעמעס, אַז ראָדע איז אַרויס מיט שמואל־אהרנען אויף שפּאַציר אויף סלוצקער גאַס אָדער אין יאַנעצקעס וועלדעלע, פלעגן אַלע זיי נאָכקוקן.

— מיט אַזאַ שיינעם מאַן איז שיין צו גיין שפּאַצירן — פלעגן די חברטעס איינע צו די צווייטע זאָגן.

און יונגען האָבן געזאָגט דאָס פאַרקערטע, אַז מיט אַזאַ יונג ווייבל איז גוט צו גיין אין וואַלד אַריין.

שמואל־אהרן האָט די מערסטע צייט פאַרבראַכט אין בית־מדרש, וואו ער האָט זיך באַגעגנט מיט יונגע־לייט, געלערנט, גערעדט פּאָליטיק, און איז געגאַנגען אַ מאָל שפּילן שאַך. ער האָט געשמט פאר אַ גוטן שאַכמאַטיסט. אָפט זיינען יונגע־לייט און מיטליעריקע מענטשן געקומען צו ר׳ודען אין הויז, געאַמפערט זיך מיט שמואל־אהרנען וועגן פּאָליטיק, ביז מ׳איז דערגאַנגען צום שאַך. איז מען געזעסן לאַנגע שעהן איבער די פיגורן, געביסן די ליפּן, געדרייט די יונגע בערדלעך און אונטער־געברומט אַ ניגון.

ראָדע פלעגט זיצן ביים געניי, אַ צעשטראַלטע, אלע ווייל גיבן זיך אַ הייב פונעם אָרט און צולויפן וואו די מאַנסבילן זיצן, אַ קוק געבן ווי סע האַלט אויפן שאַכברעטל. אַלע מאָל האָט זי געזען איר שמואל־אהרנס פיגורן פאַראויס אויפן שלאַכטפעלד.

מיט פרייד אין יונגן האַרצן פלעגט זי נעמען נייען שנעל, שנעל, ווי די שטעך וואָלטן געווען אותיות, און איר נאָדל — אַ פעדער, און דאָס געוואַנט, וואָס זי שטעכט דערין — אַ ווייסער בויגן פּאַפּיר, און זי שרייבט איר ליד פון ליבע און פרייד.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן געניי, האָט זי סערווירט טיי און איינגעמאַכץ, און קיכ־לעך אויף צוצובייסן. די געסט האָבן זי באַגלייט מיט דאַנקבאַרע בליקן, און גע־טיילט זיך מיט דער שטילער פרייד, וואָס הערשט אין דער שטוב פונעם יונגן פּאָרפּאָלק.

אַזוי איז אַוועק אַ גליקלעך יאָר. שמואל־אהרן האָט זיך אָפּגעזוכט אַ פּאָר פּרי־וואַטע לעקציעס אויף רוסיש און העברייאיש. ראָדען איז געפאַלן שווער די אַר־בעט — זי איז געווען אין די הויכע חדשים.

דערנאָך האָט מען געפּראַוועט אַ ברית. דעם זון האָט מען אַ נאָמען געגעבן יצחק־מענדל, נאָך ראָדעס טאַטן און זיידן. מיטן קינד איז צוגעקומען אַ נייע פרייד אין הויז. ראָדע האָט זיך ווידער גענומען צום געניי, צוגענומען אַ לערנמיידל, וואָס האָט אויך אַכטונג געגעבן אויפן קינד. אין שטוב האָט פון קיין זאַך נישט געפעלט. אַז איטשע־מענדעלע איז אַלט געוואָרן אַ יאָר און אַ האַלב, האָט ער שוין געהאַט אַ קליין ברודערל — לייזער.

איצט, אַז ראָדע מיט שמואל־אהרנען זיינען געגאַנגען שפּאַצירן, האָט יעדער געטראָגן אַ קינד אויף די הענט.

## אַ פינצטערע כמאַרע

איין מאָל אין אַן ערב־ראש־השנהדיקן טאָג איז שמואל־אהרן אַוועק אין בית־מדרש, און איז ניט צוריקגעקומען ביז נאָך האַלבער נאַכט. נאָר אָט האָט די טיר אַ סקריפּ געטאָן. זי איז אַראָפּ פונעם בעט, האָט אַרויפגעדרייט דעם קנויט אין לאָמפּ און איז אנטקעגנגעגאַנגען שמואל־אהרנען. דערזעענדיק זיין שטאַרק פאַרענ־דערט פּנים, האָט זי זיך דערשראָקן:

— וואָס האָט געטראָפן?

נאָר זי האָט קיין ענטפער נישט באַקומען. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראָג באַנק, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף ביידע הענט און ווי אַ פאַרשטאַרטער גע־זעסן און געגראָבן זיך מיט די אויגן אין די אייגענע געדאַנקען. ראָדע האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים אויף דער צווייטער באַנק און געציטערט ווי פון קעלט, ביז די טרערן האָבן זיך ביי איר פאַרקנוילט אין האַלדז, און זי האָט זיך פאַרנאַנ־דערגעוויינט.

—וויין ניט — האָט זי שמואל־אהרן געבעטן מיט אַ האַלב־באַפעלערישן טאָן — וויינען וועט גאָר נישט העלפן.

—דיר איז דאָך עפּעס געשען — דו זעסט אויס ווי דו וואָלסט פון אַ פייער אַרויסגעלאָפן.

— איך בין פון א מיאוס פייער ארויסגעלאָפן.

ער שטייט אויף, הייבט אָן נערוועז שפּאַנען איבער דער שטוב און רעדן ווי צו זיך:

— אַ האַנט האָב איך זיי געמוזט געבן, אַז איך וועל מער נישט צוריקקומען אונטער איין דאַך מיט דיר. מיט די קינדער האָב איך זיך ארומגעדרייט אין די גאַסן, ביז די צדיקים, די גאָטס־גנבים, זיינען איינגעשלאָפן.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס רעדסטו? ווי איז מיר — ביסט דאָך קראַנק. גיי לייג זיך אין בעט אַריין.

זי גייט צו צו אים, נעמט אים ביי דער האַנט:

— קום, וועל איך דיר העלפן אויסטאָן די שיך. לייג זיך אַריין אין בעט. אפשר צורופן דעם דאָקטער? ווי איז מיר.

שמואל־אהרן נעמט זי אַרום מיט איין האַנט אַרום די אַקסלען: — קום, וועלן מיר רעדן — און ער פירט זי צו דער באַנק ביים טיש, זעצט זי אַוועק און זעצט זיך לעבן איר. ער איז טויט בלאַס.

— געדענקסט, ראָדע, ווען איך האָב דיר דערציילט, איידער איך בין אַ מאָל אַוועקגעפאָרן, אַז איך האָב עפּעס דאָרט צו באַזאָרגן?

— וואָס פאָלט דיר איין אַ פּאַראַיאָריקער שניי?

— ניין, ראָדע, ס׳איז נישט קיין פּאַראַיאָריקער שניי. הלוואי וואָלט עס געווען אַ פּאַראַיאָריקער שניי.

—נו, איז וואָס?

— איך בין געפאָרן, אָפּגעמוטשעט זיך זעקס וואָכן צייט און קיין זאַך נישט אויסגעפירט. אָבער ווי וועסטו דאָס אַלץ גאָר פאַרשטיין?...

— רעד, שמואל־אהרן, איך וועל פאַרשטיין.

— זאָג מיר צו, ראָדע, אַז וואָס סע זאָל נישט טרעפן, וועסטו שטיין ביי מיין זייט, מיר אַרויסהעלפן קעגן די ברואים, נישט הערן וואָס זיי וועלן דיר הייסן טאָן. סע מוז זיין אַן אויסוועג. מע וועט מוזן זוכן מיטלען. דו זאָלסט זיך נאָר האַלטן שטאָלץ און זיך נישט אונטערגעבן זייערע שטראָפּרייד.

— האָב רחמנות, שמואל־אהרן, האָב איך זיך דען נישט פאַרדינט ביי דיר פאַר דער צייט וואָס דו קענסט מיך, אַז דו זאָלסט מיר געטרויען?

— נו, טאָ הער: געדענקסט, אַז איך בין צום ערשטן מאָל אָנגעקומען אַהער קיין קאַפּוליע?

— אוודאי געדענק איך.

— און איך האָב געזאָגט, אַז איך בין אַ יתום.

——אוודאי האָסטו געזאָגט. איך האָב דאָך דיך ביידע מאָל געפרעגט אויב דו וועסט וועלן אַ נאָמען געבן נאָך דיין טאַטן.

— אָבער נאָך אַ לעבעדיקן טאַטן גיט מען נישט קיין נאָמען.

— וואָס רעדסטו, שמואל־אהרן? דיין טאַטע לעבט גאָר?

— ווען ער וואָלט מיך צו רו געלאָזט, וואָלט איך אים לאַנג פאַרגעסן.

— וואָס איז דען?

— הער, ראָדע, איצט וועל איך דיר דערציילן: — צו זיבעצן יאָר האָט מיך מיין טאַטע פאַרקנסט צו זיינעם אַ גוטן חברס אַ טאָכטער, צו אַ פאַרברענטן, איינגע־שפאַרטן חסיד, זוי ער אַליין איז. מיין טאַטן איז עס געגאַנגען אי אין ייחוס, אי אין געלט. איך בין געווען אין דער ישיבה און געלערנט. אויפן אכצנטן יאָר האָט מען מיך אַהיימגעבראַכט און מיר געזאָגט, אַז איך זאָל וויסן, אַז מע פירט מיך צו דער כלה. ס׳איז געקומען אַ פור. דער טאַטע מיט דער שטיפמאַמען האָבן מיך אויסגעריכט און מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל נישט פאַרגעסן, וואָס פאַר אַ גליק מיר שטייט דאָ פאַר, איך וועל האָבן אייביקע קעסט, קענען לערנען ווי לאַנג איך וועל וועלן, און ווערן רב. איך בין געפאָרן אָן חשק, אָבער אַז איך בין אָנגעקומען אַהין און האָב דערזען די גרויסע פיינע שטוב, מיט דער שיינער באַלעבאַטישקייט, איז מיר אויף דער ערשטער רגע געוואָרן פריילעכער אויפן האַרצן. אַרום אַ שיין־געגרייטן שבתדיקן טיש זיינען געזעסן דער מחותן מיט דער מחותנתטע, און מיך האָט מען אַוועקגעזעצט לעבן מחותן. אַנטקעגן זיינען געזעסן דריי יונגע בחורים, דריי זין, אַלע שיינע און גוט־געוואַקסענע יונגען. אויף דער זייט פון דער מחו־תנתטע זיינען געזעסן דריי טעכטער. די צוויי יינגערע זיינען געווען גאָר שיינע. נאָר איינע האָט אויסגעזען פאַרעלטערט און קראַנק. איין אַקסל איז איר געווען ני־דעריקער פון צווייטן, און דער קאָפּ אַ ביסל אויסגעדרייט אָן אַ זייט, צום נידע־ריקערן אַקסל. די צוויי יינגערע מיידלעך האָבן געהאַלטן אין איין באַדינען מיך און פאַרשעמט געשמייכלט צו מיר, אָבער די קראַנקע האָט זיך געהאַלטן פון דער וויטנס און קיין וואָרט צו מיר נישט אויסגערעדט. דער שבתדיקער טאָג איז גיך אַוועק. אין שול האָט מען מיך אויפגערופן, אָפּגעגעבן מזל־טוב. דער מחותן האָט אויסגעזען צופרידן, די מחותנתטע האָט געקוקט פון מיר צו אירע טעכטער און געזיפצט... שבת נאָך הבדלה בין איך צוריקגעפאָרן אַהיים און זונטיק האָט מען מיך שוין ווידער געשיקט אין דער ישיבה. ד שטיפמאַמע האָט פּלוצעם צו מיר אַרויס־געוויזן פריינדלעכקייט: — ס׳וועט אים דאָרט פון קיין זאַך נישט פעלן: אַ שמאָלצ־גרוב, אָן אַן עין־הרע. אַ קליינינקייט! אַזאַ באַלעבאַטישקייט! — דער טאַטע האָט נאָר געפרעגט, צי סע געפעלט מיר די שול דאָרטן: — ווערסט נאָך דאָרט זיין רב. אַזאַ דעה ווי שלום־בער האָט דאָרט — אַ קליינינקייט! ס׳איז אי תורה און אי סחורה...

שמואל־אהרן האָט אויף די רייד פון זיין טאַטן און זיין שטיפמאַמען קיין וואָרט נישט געענטפערט. אים זיינען נאָר געלעגן אין זינען די צוויי מיידלעך, און וועלכע פון זיי איז זיין כלה. זיי האָבן זיך ביידע געהאַלטן אַזוי פון דער וויטנס און ביידע זיינען זיי אים געפעלן.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען שמואל־אהרנען אַהיימגעבראַכט, אים גע־לאָזט אויפנייען אַ נייע קאַפּאָטע, נייע קאַמאַשן — און מ׳איז געפאָרן אויף חתונה. און אַז שמואל־אהרן האָט צום באַדעקן די כלה דערזען פאַר זיך יענע איינגעהויר־קערטע, קראַנקע מויד, האָט זיך אים פאַרמישט אין קאָפּ. פאַר די אויגן זיינען אים געפלויגן זיגזאַגישע פייערלעך, זוי שפּיזן וואָלטן אים געקראַכן דורך די אויגן אין קאָפּ אַריין... מ׳האָט אים אונטערגעהאַלטן אונטער די הענט, אים געהאָלפן, אים געפירט צו דער חופּה. דער קידושין־רינג איז אים פון די הענט אַרויסגעפאַלן. דעם „הרי את״ האָט ער נאָכגעזאָגט ווי איינער אין היגהערפּלעט.

נאָך דער חתונה זיינען זיך מחותנים צעפאָרן. ווען שמואל־אהרנס טאַטע איז צוגעקומען זיך געזעגענען מיט אים, האָט ער צום ערשטן מאָל זיין לשון באַקומען און געזאָגט:

— טאַטע, איך פאָר אויך אַהיים.

דער טאַטע, כלומרשט תמעוואַטע:

— וואָס הייסט: דו פאָרסט? שווער און שוויגער וועלן דיך דאָ האַלטן אויף קעסט. דו וועסט דאָ לערנען אין דער ישיבה. וועסט דאָ מירטשעם ווערן רב. דיר וועט דאָ גאָרנישט פעלן.

שמואל־אהרן האָט אויף דעם טאַטנס רייד געענטפערט מיט ביטול:

— טאַטע, דו נעמסט מיך אַהיים? דאָ בלייב איך נישט.

דער טאַטע האָט אַ בייזן קוק געטאָן אויף אים, זיך געזעצט אויפן וואָגן און אַוועקגעפאָרן.

שמואל־אהרן איז שוין צוריק אין שטוב נישט אַריין. ער האָט זיך פאַרמאָסטן נאָכצוגיין דעם טאַטנס וואָגן, נאָר דער טאַטע האָט עס באַמערקט, איז אַרויס פון וואָגן און אים געסטראַשעט:

— קער זיך באַלד אום צוריק אין שטוב אַריין, ווי ניט וועל איך דיר דאָס פּנים צעפּאַטשן, דו שייגעץ איינער!

שמואל־אהרן האָט זיך אויסגעדרייט צו אַן אַנדער ריכטונג און זיך געלאָזט גיין מיט האַסטיקע טריט, אין דער נאַכט אַריין, אין דער וועלט אַריין, וואוהין זיינע אויגן האָבן אים געטראָגן, אבי וואָס גיכער און וואָס ווייטער אַוועק פון דער שרעק, וואָס הינטער זיך און פון דער פרעמדער פאַרזעסענער טאָכטער פון דעם רייכן שלום־בער. די גאַנצע זאַך האָט ביי אים איצט אָנגענומען דאָס פּנים פון אַ גע־שפּענסט, וואָס שטייט ווי אַ שאָטן פאַר זיינע אויגן און שרעקט אים, און ער מוז פון דעם אַנטלויפן.

און אַזוי האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן פון דעם געשפּענסט, אַרומגעוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, אין ערגעץ לאַנג נישט פאַרבליבן, אויס מורא אז מע זאָל אים ניט אויסגעפינען — ביז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין קאַפּוליע. ווען ער האָט באַשלאָסן חתונה האָבן מיט ראָדען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט צוריק אַהיים און געפּועלט ביים טאַטן, נאָך לאַנגע נעכט פון קריג און געבעטעריי, אַז ער זאָל זען אויספּועלן אַ גט. דער טאַטע איז געפאָרן צו שלום־בערן, אָבער יענער איז נאָר באַשטאַנען אויף איין זאַך: ער גיט קיין גט ניט. כל־זמן זיין טאָכטער וועט זיין אַן עגונה, וועט ער, דער ימח־שמוניק, קיין תקומה אין ערגעץ ניט האָבן.

שמואל־אַהרן האָט דאַן ביי זיך באַשלאָסן צו נעמען דעם דין אין די אייגענע הענט — און דערפאַר זיצט ער איצט דאָ לעבן איר, לעבן ראָדען. לויטן דין טאָר ער מיט איר אונטער איין דאַך ניט זיין.

ראָדע האָט אים לאַנג און אומעטיק אָנגעקוקט. אַ דינער שמייכל, וואָס קומט פון אומבאַהאָלפנקייט, האָט זיך באַוויזן ארום איר מויל. זי האָט זיך דערמאָנט אין אירע אייגענע תנאים אין סלוצק... זי האָט שטיל, מער מיט די אויגן ווי מיט די ליפּן, אַרויסגערעדט:

— וואָס וועט איצט זיין?

אירע ווערטער זיינען געווען ווי אַ היילונג.

— זיי האָבן זיך דערוואוסט וואו איך געפין זיך. דער רב האָט היינט באַקומען אַ בריוו פונעם לובלינער רב — צוריקצושיקן דעם און דעם צו זיין פרוי, וואָס זיצט אין עגונהשאַפט שוין פיר יאָר צייט. איך וועל מוזן צוריקפאָרן.

— וואָס רעדסטו, שמואל־אַהרן?

— איך וועל צוריקפאָרן נאָך אַ גט.

— נו, דאָס וועסטו מוזן טאָן.

—אָבער פריער וועל איך דיך מוזן אָפּגטן.

— וואָס רעדסטו, שמואל־אהרן?

— לויטן יידישן דין מוז מען אַזוי. ווי ניט, קען איך פון איר קיין גט נישט פאָדערן.

— איז וועלן מיר זיך גטן. און אז דו וועסט ארויסבאקומען פון דאָרט דעם גט, וועסטו צוריקקומען.

— אָבער וואָס וועסטו דערווייל דאָ טאָן אַליין? זיי וועלן דיך פאַרשטיינען, די ווילדע ברואים.

— ווער דאַרף זיי האָבן? איך עס מיין ברויט פון מיינע אייגענע הענט. די גויעס וועט ניט אויסמאַכן. אַבי איך זאָל פּאַר זיי נייען שיין און וואָלוול.

שמואל־אַהרן גייט צו צו איר, נעמט זי אָן פאַר די הענט:

— איך געדענק נישט מיין מאַמען. קיין שוועסטער האָב איך אויך נישט געהאַט. נאָר דו ביסט מיר ווי אַ מאַמע דאַרף זיין און ווי א גוטע שוועסטער דאַרף זיין.

אויף מאָרגן איז שמואל־אהרן אויפגעשטאַנען פאר טאָג צוזאמען מיט ראָדען, איינגעפּאַקט זיינע זאַכן און איז אַוועק אין שול דאַוונען. באלד נאָכן דאַוונען זיינען צו ראָדען אַריינגעקומען איר ברודער לייבע דער שמש און ישראל דער גבאי און איר דערציילט דאָס וואָס זי האָט שוין געוואוסט, און איר באַפוילן צו גיין צום רב.

נאָכדעם ווי שמואל־אהרן האָט אָפּגעגט ראָדען, איז ער אַוועק קיין לובלין. דאָרט האָט מען אים קיין גט נישט געגעבן. צוויי יאָר האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט אין דער פרעמד, ביז שלום־בערס טאָכטער איז געשטאָרבן פון אַ טיפוס. דעמאָלט האָט זיך שמואל־אהרן צוריקגעקערט קיין קאַפּוליע צו ראָדען און די קינדער. דאָס לעבן איז געווען זייער אַ שווערס. מ'האָט די שטוב געוויכט, און אַז זיי זיינען וועז צוזאַמען אַרויס אין גאַס, האָט מען אויף זיי געוואָרפן מיט שטיינער און זיי נאָכגעשריען אַלערליי צונעמענישן. אים האָט מען גערופן צווייווייבערניק און זי האָט מען גערופן קעפּסווייב. זיי האָבן זייער א סך געליטן פון דער אָרומיקייט. זיי זיינען אין ערגעץ און צו קיינעם נישט געגאַנגען. די ווייבער פון שטאָט האָבן געוויכט דאָס הויז, ניט געלאָזט זייערע טעכטער טראָגן קיין אַרבעט צו ראָדען. שמואל־אהרן האָט אַ פּאָר מאָל אָנגענומען אַ שטעלע ווי אַ מלמד אין אַ ווייטערן געגנט, אָבער

אין ערגעץ איז ער קיין זמן נישט אויסגעווען — ערשטנס צוליב זיין אומרואיקער נאטור און צווייטנס ווייל ווי נאָר די בעלי־בתים האָבן זיך דערוואוסט פון זיין עניין, האָבן זיי אים גלייך אַוועקגעשיקט...

דערווייל איז ראָדע געזעסן דורך די נעכט און גענייט. פינף קינדער האָבן זיי געהאַט, פינף בלאָנדע קעפּלעך אויף ציכטיקע קישנס — פיר ייִנגלעך, און דאָס פינפטע קינד — א בת־יחידהקעלע, ריוול, מיט א וואונדערלעך־שיין בלאַס פּנים, מיט פלאַקסענע לאַנגע האָר און טיפע, גרויע אויגן, ווי ביי שמואל־אהרנען. די קינדער האָבן געהאַט גוטע קעפּ צום לערנען. די עלטערע צוויי האָבן שוין קיין רבין ניט געקענט געפינען פאַר זיך אין דעם קליינעם שטעטל. דער עלטערער, איטשע־מענדל איז אַוועק קיין וואָלאָזשין אין דער ישיבה און מ׳האָט וועגן אים גערעדט ווי פון אַ גאָר גרויסן לערנער.

שמואל־אהרן איז זייער אָפּט געווען אין דער היים, ווייל ער האָט די מלמדישע פּרנסות אויפגעגעבן מיט דער צייט און זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט זיינע אייגענע קינדער. און אַזוי ווי אַלע זאַכן טראָגן זיך אָפּ מיט דער צייט, אַזוי איז אויך צו ביסלעך איינגעשלאָפן אין די קאַפּוליער מוחות דאָס, וואָס שמואל־אהרן איז אין זיין יוגנט באַגאַנגען. און מחמת זיינע געראָטענע קינדער זיינען ביי די יונגע חברה געווען גאָר שטאַרק אָנגעלייגטע געסט, פלעגן זיי קומען צו זיי נאָך ביכער און נאָך עצות וועגן לערנען, און ס׳האָט דערגרייכט אַזוי ווייט, ביז גאָר שיינע בעלי־בתים האָבן געשיקט זייערע זין לערנען ביי שמואל־אהרנען העברייאיש אין דער זעלבער צייט ווען ער לערנט מיט זיינע אייגענע קינדער...

שמואל־אהרן האָט דערזען, אַז זיינער אַ זון, לייזער, האָט גרויסע פעאיקייטן, האָט ער אים אויסגעריכט קיין מינסק, וואו יענער האָט זיך געפונען עטלעכע לעקציעס, געלערנט מיט אַנדערע און איז אַליין געגאַנגען אויף קורסן. די קלענערע דריי קינדער — מאָטל און נאָסקע און ריוועלע, זיינען נאָך געווען גאָר יונג און האָבן געלערנט ביים טאַטן.

ראָדע האָט שוין געהאַט דריי אַרבעטאָרינס און, מיט דער הילף פון אירער אַ פלימעניצע, שפּרינצע, האָט די משפּחה געלעבט שיין און רואיק און די אַלטע וואונדן זיינען פאַרצויגן געוואָרן מיט אַ נייער געזונטער הויט. שמואל־אהרן האָט געלערנט אין בית־מדרש, געפירט וויכוחים מיט אַנדערע לערנערס, מ׳איז שוין צו זיי אין שטוב געקומען, געזעסן ביז שפּעט אין די נעכט, געשפּילט שאָך, גערעדט פּאָליטיק און ס׳האָט זיך געפילט אין הויז אַ זיכערקייט, וואָס קומט פון גרויס אחדות. דער עלטערער זון, איטשע־מענדל, האָט דערווייל באַקומען סמיכות אויף רבנות. דער ייִנגערער זון, לייזערקע, האָט פאַרענדיקט דעם אוניווערסיטעט מיט גרויסע אויסצייכענונגען און איז געשיקט געוואָרן דורך דער רעגירונג צו שטודירן אין דער שווייץ.

נאָר א גרויסע ענדערונג איז פאָרגעקומען מיט איטשע־מענדלען: ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויף פּאָליטישע וועגן, פאַרלאָזט דאָס לערנען, און איז באַלד אַרעסטירט געוואָרן אויף אַ פּאָליטישער קלאַגע און איז אָפּגעזעסן אַ האַלב יאָר אין תפיסה. אַז ער איז אַרויס פון תפיסה, איז ער אַהיימגעקומען. ראָדע מיט שמואל־אהרנען

זיינען געווען אין שטענדיקער שרעק יעדן מאָל ווען ער איז פון שטוב אַרויס. מ'איז ניט געווען זיכער, צי וועט ער צוריקקומען, ווייל אין שטעטל איז שוין אָנגעגאַנגען א היפשע באַוועגלעכקייט און מ'האָט אראָפּגעבראַכט „סטראַזשע" — וואַך־פּאָליציי, און אַרעסטן זיינען אָפט פאָרגעקומען.

## בריוו

איינע פון ראָדעס שוועסטער איז מיט יאָרן צוריק אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און דאָרט געלעבט אַ שווער לעבן. און אין ניו־יאָרק האָט געהאַט ראָדע נאָך משפחה. זיי האָבן זיך דערוואוסט פון ראָדעס צרות מיט איטשע־מענדלען — האָבן זיי אים געוואָלט אַרויסראַטעווען פון דער געפאַר, און זיי האָבן אים געשיקט אַ שיפסקאַרטע. ראָדע האָט מיט גרויס מי צונויפגענומען די עטלעכע נייטיקע רובל און אים אויסגעריכט קיין אַמעריקע, וואו ער וועט כאָטש זיין זיכער מיטן לעבן, און זי איז געבליבן אין בענקשאַפט נאָך צוויי זין, צוויי קרוינען פון איר לעבן, איינער אַזש אַיבערן ים.

דער בריווטרעגער איז איצט געוואָרן דער מיטלפונקט אין איר לעבן. זינט אירע צוויי זין זיינען פון איר אַוועקגעפאָרן, האָט זי איר בענקל, אויף וועלכן זי פלעגט זיצן און נייען, אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער, וואָס אַנטקעגן שולהויף — ווייל פון דאָרטן גייט יעדן טאָג דער בריווטרעגער... זי האָט נישט געקענט לייענען, אָבער זי האָט דערקענט לייזערקעס האַנטשריפט אויפן קאָנווערט, און איטשע־מענדלעס. לייזער האָט אַ האַנטשריפט אַ בולטע, מיט גרויסע, שאַרפע אותיות, איטשע־מענדל — אַ קיילעכדיקע, מיט ניט זיכערע, קליינע אותיות, און דער שוועסטערס פון אַמעריקע איז געווען שפּיציק, מיט נערוועזע אותיות, ווי פון אַן אויסגעמאַטערטער האַנט. אַלע דריי האָט ראָדע דערקענט און יעדן בריוו באַזונדער געהאַלטן מיט אַן אַנדער ציטער אין האַרצן, געהאַלטן אַ ווייל־ניקע, זיך איינגעקוקט אין די אותיות און אַלע צוגעטראָגן צום נעגסטן אין שטוב, מע זאָל פאַר איר לייענען.

שמואל־אהרן האָט געהאַט אַ טבע: פריער איבערלייענען דעם בריוו פאַר זיך, און ערשט נאָך דעם — אים לייענען פאַר ראָדען. און דאָס האָט נישט געטויגט... האָט ראָדע זיך אויסגעקליבן אַ לייענערין: שרה האָט פאַר איר געלייענט די בריוו. אמת טאַקע, אַז צום אָנהייב האָט שרה זייער שלעכט געלייענט, אָבער איר גרויסער נייגער האָט איר זייער פיל ארויסגעהאָלפן — זי האָט געהאלטן א בריוו אין האַנט, וואָס ער איז אָנגעקומען פון אַזאַ ווייט, געפאָרן איבער ימען און נאָך דעם אין באַנען... איר פאַנטאַזיע האָט געצונדן איר יונג בלוט. מיט אַלע קראַפטן האָט זי זיך אָנגעשטרענגט צו וויסן וואָס מע שרייבט פון אַזוי ווייט. ראָדע, ווידער, האָט איר געשלעפּט די ווערטער פון מויל, איר אונטערגעהאָלפן אויף אויסנווייניק, זיך אָנגעשטויסן וואָס דאָס קומענדיקע וואָרט דאַרף זיין, און אַזוי, פון די צוויי באַזונדערע נייגעריקייטן, האָבן די בריוו באַקומען דעם געוואונטשענעם טעם און תיקון. און אַזוי האָט זיך געשלאָסן אַ גרויסע פריינדשאַפט צווישן דער פאַרבענקטער מאַמען און דער נייגעריק־פאַרבענקטער שרהן. איינע האָט געבענקט נאָך אירע קינדער און די צווייטע — נאָך דער ווייט, נאָכן חלום פון שיפן און ימען און באַנען

און גרויסע שטעט, פון וועלכע מען קען אַזוי לאַנג פאַנטאַזירן, ביז דער קאָפּ הייבט אָן שווינדלען...

ראָדע האָט געניִיט, געטאָן די שטובאַרבעט און נאָך געפונען געננג צייט צו טראַכטן און בענקען נאָך די צוויי וואָס זיינען נישט לעבן איר. אָבער דאָס לעבן האָט זי אויסגעלערנט אָנצונעמען אַלץ מיט גוטן. זי האָט זיך געפילט ווי איינע, וואָס באַקומט פיל מער ווי זי האָט די ווערט. ווער איז זי דאָס, צו האָבן אַזאַ מאַן? אַ פּראָסטע שניידערין, און וועלכע פרוי אין שטאָט קען זיך עס פאַרגלייכן צו איר? די קינדער זיינען געוועזן איר שטאָלץ, און זי האָט געפילט דערפאַר אַ טיפע דאַנקבאַרקייט צום לעבן. יעדעס קינד איז פאַר איר געוועזן אַ באַזונדערע צירונג. און פאַר יעדן טאָג דאַרף מען גאָט דאַנקען.

דער קאַפּוליער בית־עולם האָט זיך געפונען אַראָפּ באַרג, ביים טויער פונעם שטעטל, און די מערסטע לוויות האָט מען פאַרבייגעטראָגן פאַר ראָדעס הויז. און אין אַ קליין שטעטל זיינען לוויות נישט קיין אָפטע געשעענישׁ. איז אַז עמעצער שטאַרבט, פאַרשפּרייט זיך די נייס, און כמעט גאַנץ שטעטל גייט צו דער לוויה, — פונקט ווי צו די חתונות; ווייל מענטשן זיינען זשעדנע נאָך אָן איבערבייט, וואָס ברעכט די מאָנאָטאָנקייט פונעם גרויען, טאָגטעגלעכן לעבן. מע נעמט אויף מיט אָפענע הענט די סענסאַציע פון אַ לוויה — די אַלטע וויינען, פאַרדינען אַ מיצווה, די יונגע ווערן פילאָזאָפיש און ערנסט, קונדייסים לויפן סתם נאָך און וואונדערן זיך ווי מע טראָגט עס איינעם אין מיטן העלן טאָג אויף די אַקסלען אויף אַ ברעט און יענער ליגט און שוויגט...

## שמואל־אהרן פאַלט איין

ס'איז געוועזן אין אַ תשעה־באב אין דער פרי. ראָדע האָט זיך געאיילט אין קיך, עפּעס צוגרייטן פאַרן אָפּפאַסטן זיך. שפּרינצע און שרה מיט די קלענערע קינדער זיינען געוועזן אין דער בייקאַמער. פּלוצלינג דערזעט שרה דורכן פענצטער, אַז פון שולהויף קומט אַראָפּ אַ גרויסער עולם — ווי אַ לוויה. רופט זי צו ראָדען און פרעגט: ווער איז געשטאָרבן? קיינער האָט נישט געוואוסט. ווייבער און קינדער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום פענצטער צו זען, וואָס אַזוינס דאָ קומט פאָר. דער עולם דערנענטערט זיך אַלץ מער צו דער שטוב. עפּעס זעט עס אויס ווי אַ לוויה, און ניט קיין לוויה. עפּעס טראָגט מען א מענטשן, אָבער ניט אויף קיין מיטה. מ'איילט זיך. מע לויפט. ראָדעס נייגער איז געוואַקסן. זי איז צוגעלאָפן צו דער טיר, אַלע שטוביקע נאָך איר. זי זעט, די מענטשן פאַרנעמען זיך צו איר שטוב. זי צעעפנט די טיר, לויפט אַנטקעגן — דאָס טראָגט מען שמואל־אהרנען! מע ברענגט אים אַריין אין שטוב, מע לייגט אים אַרויף אויפן בעט. דער דאָקטער ראַבינאָוויטש איז שוין דאָ. אויף בידע קוליעס טאַנצט ער אַרום, שטעכט שמואל־אהרנען מיט אַ נאָדל אין די פיס, אין די הענט, שרייט צו אַוורעמל דעם פעלדשער, ער זאָל אים באַלד לויפן ברענגען פון דער אַפּטייק די און די זאַך. מע מאַכט איינשפּריצן, מע לייגט זודיקע קאָמפּרעסן, עס גייט אַוועק אַ שעה און נאָך אַ שעה, — דער עולם צעגייט זיך. עס בלייבן: דער דאָקטער, דער פעלדשער, דער רב, און לייבע מיט נעשען.

מע זיצט, מע רעדט ניט, מע וואַרט. דער דאָקטער שפּרינגט יעדע ווייל צו צום בעט און פון בעט — צוריק צו זיין מעדיצין־זעקל. פּלוצעם רופט ער אויס:

ער באַוועגט מיט דער רעכטער האַנט און מיטן פוס... די לינקע זייט איז אין גאַנצן טויט. פּאַראַליז.

ראָדע לויפט אַלע ווייל אַרויס פון צימער אין קיך, גיט זיך אַ ריס ביי די האָר. עס פאַרקראַמפּן זיך איר די פינגער פון איין האַנט אויף דער צווייטער און זי פאַר־גייט זיך אין אַ שטילער יללה. באַלד גלייכט זי זיך אויס, ברענגט זיך אין אָרדענונג און גייט צוריק אַריין וואו דער קראַנקער ליגט, גייט צו צום בעט, בייגט זיך אַרי־בער, רעדט שטיל צום קראַנקן:

— זעסט מיך, שמואל־אהרן?

ער ענטפערט מיט אַ כאָרכלען, מיט האַלב־פאַרשטענדלעכע ווערטער:

— יע, מיין לעבן.

— דער דאָקטאָר זאָגט, ס׳איז גאַרנישט. וועסט מירטשעם געזונט ווערן.

שמואל־אהרן הערט שוין ווידער ניט, פאַרגלייזט די אויגן אויף אַרויף. אויפן האַלב־אויסגעקרימטן מויל בלעזלט אַ ווייסער שוים. ער מורמלט עפּעס אומפאַר־שטענדלעך. דער דאָקטער האַלט אים ביים האַנט, זוכט זיין פּולס. ראָדע גייט אַרויס, נעמט צוניף די קינדער, בעט זיי אויס אין נייצימער אויף דער קאַנאַפּע און אייף דער ערד, לייגט זיי שלאָפן. זי גייט צוריק, רוקט צו אַ בענקל צו שמואל־ אהרנס בעט, זעצט זיך אַוועק. אַלע צעגייען זיך. זי בלייבט מיט שפּרינצען און מיט לייבען זיצן פאַר דער נאַכט. שרה איז געגאַנגען צו שפּרינצען שלאָפן, אַ פּאַרוויינטע.

אַז שלום מיט פּעשען זיינען געקומען דאַנערשטיק קיין קאַפּוליע און אויסגע־פונען וואָס ס׳איז געשען ביי ראָדען, האָבן זיי געהייסן שרהן זיך פּאַקן.

שרה איז געווען צעשראָקן, זיך געפילט ווי איבעריק אין אַ הויז, וואו אַזאַ גרויס אומגליק איז געשען. איר הויז איז איצט ענג געווען, מחמת שמואל־אהרן האָט פאַרנומען דעם צימער, וואו זי מיט די קינדער זיינען געשלאָפן. צוריק אַהיים קיין אוהלי האָט זיך איר זייער ניט געוואָלט פאָרן. זי האָט ווי אַ פאַרשולדיקטע געפרעגט שפּרינצען, וואָס זי זאָל איצט טאָן, האָט איר יענע געהייסן דערווייל אַהיימפאָרן. האָט זיך שרה גענומען שאַרן איבערן שטוב, צונויפגענומען אירע פאַר זאַכן אין אַ פּעקל און זיך שטום געזעגנט מיט די שטוביקע. ראָדע איז צו צו איר, איר אַ קוש געטאָן:

— וועסט, שרהלע, צוריקקומען. ביסט דאָך ביי מיר מיין רעכטע האַנט.

שרה האָט זיך ארויסגערוקט פון הויז מיטן קלומיק אונטערן האַנט, זיך אריינגע־זעצט אין וואָגן און זיך פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קול, ווי אַ קליין קינד. פּעשע האָט זי פּרובירט איינגעמען, אָבער שרה האָט זיך ניט צוגעהערט.

שלום האָט דערציילט פּעשען, אַז ער האָט געהערט, ווי אַזוי אַלץ איז געשען: אַז גלייך נאָכן דאַוונען האָט שמואל־אהרן געהאַט אַ היציקן וויכוח מיטן רב וועגן אַ תורה־ענין, און פּלוצלינג איז אים ניט־גוט געוואָרן און ער איז אומגעפאַלן. מ׳האָט געמיינט, אַז ער איז טויט, אָבער דער דאָקטער האָט אויסגעפונען, אַז דאָס האַרץ שלאָגט נאָך ביי אים און ס׳איז אַ פּאַראַליז.

# דער סערוועט און דאָס קלייד

אַז שרה איז אַהיימגעקומען, האָבן זיך חברה דערפרייט מיט איר. פון אַ שטאָט — זי וועט שוין האָבן וואָס צו דערציילן — האָט דינה געטראַפּט.

שרה האָט אָבער איבערראַשט די דערוואַקסענע, ווי דאָס קליינוואַרג. ס'האָט איר גענומען לאַנג, ביז זי האָט פאַנאַנדערגעבונדן ס'קלומיקל. מלכה האָט זיך גע־האַלטן אין איין אַרומדרייען אַרום אים און אין איין פרעגן:

—וואָס אַזוינס האָט זי דאָרט?

שרה האָט געהאַט דעם אָנגענומענעם נוסח:

— גאָרנישט. וואָס זאָל דאָס זיין?

סוף־כל־סוף האָט זי די קאָץ פון זאַק אַרויסגעלאָזט. פאַנאַנדערגעבונדן ס'פּעקל — האָט אַ בליאַסק געטאָן פאַר די אויגן אַ וואָלאָטשקענער סערוועט פון צענדליקער קאָלירן צונויפגעשטעלט, און אַחוץ סערוועט — אויך אַ וואונדערלעך־שיין גראַ־נאָטן קלייד מיט בלומען, פון רויטע פּערל אויסגענייט אויפן גאַנצן פאָרנט פון קלייד, און אויף די ברייטע אַרבל אַרום די קאַנטן — אויך בלומען.

מלכה איז געבליבן שטיין ווי געפּלעפט. זי האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם גע־האַלטן אין איין קוקן — פון דעם סערוועט צום קלייד און פון קלייד צום סערוועט, און נאָך דעם — אויף שרהן. שרה ווידער איז געשטאַנען אַ ביסל דעם קאָפּ אַראָפּ־געלאָזט, כדי מע זאָל ניט קענען אַרויסלייענען פון אירע אויגן דאָס פאַרבאַהאַל־טענע, דעם סוד פון די זאַכן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון שטאָט צוריק אין דאָרף אַריין. אין אמתן איז אין שרהס קוק געווען דער אויסדרוק פון שטאָלץ און ניצחון: צי האָט דען מלכה ווען אַזעלכס געזען? קיין מאָל ניט. און גאַנץ אפשר האָט דען ווען געזען אָדער אפילו געחלומט פון אַזאַ זאַך?

מלכהס פאַרגליווערטע פינגער האָבן ביסלעכווייז זיך אָנגעהויבן צו באַוועגן און ווי פון זיך אַליין זיך געצויגן אָנצורירן די וואונדערזאַכן, וואָס זיינען געלעגן פאַר אירע אויגן. לייכט און פאָרזיכטיק האָט זי מיט זיי אַ גלעט געטאָן איבער די פּיל־פאַרביקע קליינע רונדע טעצעלעך פון דעם וואונדער־טישטעך און נאָך דעם — איבער די רויטע פּערלבלומען פון קלייד, און אין דער שטיל, ווי פאַר זיך, געפרעגט:

— ווער האָט עס דיר געגעבן — ראָדע?

דאָ האָט שרה מיט דרייסט אויפגעהויבן איר פּנים צו איר עלטערער שוועס־טער:

— וואָס הייסט: ראָדע? פאַר וואָס זאָל זי עס מיר געבן? און פון וואַנען האָט עס עפּעס ראָדע אויף צו געבן אַזעלכע זאַכן?

— טאָ וואו האָסטו עס גענומען?

שרה מאַכט זיך תמעוואַטע:

— וואו איך האָב עס גענומען? וואָס איז דער חילוק? אבי איך האָב עס.

מלכה האָט צוגערופן פעשען:

— זע, מאַמע, וואָס שרה האָט דאָ.

אַז פעשע האָט עס דערזען, איז זי געוואָרן אַ צעשראָקענע:

— וואו האָסטו עס גענומען?!

שרה, מיט אראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי צו זיך:

— אויסגעאַרבעט.

— וואָס הייסט: אויסגעאַרבעט? אין וואו האָסטו גענומען דאָס געלט אויף דעם?

— איך האָב פאַרדינט.

— וואו האָסטע פאַרדינט?

— אַ ביסל ביי ראָדען.

— און וואו נאָך? ראָדע האָט דאָך דיר ניט געזעלט צאָלן פאַרן ערשטן יאָר.

— זי האָט געוואָלט.

— וואָס הייסט: געוואָלט?

— זי האָט מיר ניט געצאָלט מיט געלט. זי האָט מיר נאָר אויפגענייט ס׳קלייד. די בלומען האָב איך אַליין אויסגענייט.

— אָבער וואו האָסטע גענומען ס׳געלט פאַרן קלייד און פאַרן סערוועט? דאָס באַטרעפט דאָך אַ שטיק גאָלד?

שרה פאַרלוירן:

— איך האָב גענומען.

— אָבער וואו — געגנבעט אין אַ קלויסטער?!

— איך האָב נישט געגנבעט.

ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט מיט דער מיסטעריע, אַז פעשע האָט געסטראַשעט, אַז מע וועט באַלד הייסן שפּאַנען פערד און פאָרן צו ראָדען נאָך אַ דערקלערונג. דאָ האָט שרה געמוזט אויסזאָגן דעם גרויסן סוד, וואָס זי האָט איבער אַ יאָר צייט אויס־באַהאַלטן פון יעדנס אויג, אויסער שפּרינצען און ראָדען:

אַז שרה איז אָנגעקומען אין קאָפּוליע, האָט זי זיך אַריינגעוואָרפן מיט איר גאַנצער קינדישער פּרימיטיווער פאַנטאַזיע און מיט אירע אויסגעהונגערטע אויגן אויסצוקוקן אַלץ וואָס איז שטאָטיק און שיין... איז זי אַוועק מיט אַ מיידל שבת אין יאַנעצקעס וועלדעלע, און אָנשטאָט צו הערן וואָס מע רעדט דאָרט אויף דער „סור־ביראַניע״ פון אַרבעטער, האָט זי מיט אירע אויגן אָפּגעמאָסטן יעדעס מיידל, ווי אַזוי זי גייט פאַרקעמט, און וואָס פאַר אַ קליידל זי טראָגט, און וועלכע שיך זי גייט, און וועלכע סטענגעס אין די האָר און וועלכע קרעלן אויפן האַלדז. זי האָט עס אַלץ מיט די אויגן געגעסן, ווי אַ הונגעריקע עסט ברויט. און פון דעם האָט זי אָנגעהויבן חלומען דורך די נעכט און טעג... אַז זי איז געזעסן ביי דער אַרבעט

האָט זי נאָר געזען פאַר די אויגן די אַלע קליידלעך מיט די בענדלעך און קרעלן; וואָס זי האָט געזען שבת אויף דער „סוביראַניע" אין וואַלד... שפּרינצע האָט עס באַמערקט און איר איין מאָל געבראַכט אַ שנירל רויטע קרעלן, וואָס זי האָט עס שוין ביי זיך זיבּט יאָרן, און אַזוי ווי זי טראָגט איצט נאָר טונקעלע קליידער, האָט זי קיין נוץ ניט פאַר זיי. האָט שרה זיך אַ כאַפּ געטאָן צום קרענצל מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרץ. די פינגער האָבן איר געציטערט. אָבער באַלד האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי קען עס נישט נעמען: ס'איז ניט אירס, און באַצאָלן האָט זי נישט מיט וואָס. זי האָט עס פאַמעלעך צוריקגערוקט... נאָר שפּרינצע האָט איר געגומען איינרעדן, אַז זי גיט עס איר אַ מתנה:

— נו גוט, שרהלע, וועסט מיר באַצאָלן מיט אַ שטיקל פּוטער אָדער מיט אַ שטיקל קעז אָדער חלה וואָס דו באַקומסט פון דער היים.

אויף דעם איז שרה איינגעגאַנגען. און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ מיסחר: שרה פלעגט אַוועקגעבן דעם ביסן פון מויל שפּרינצען, און אַליין אויסקומען מיט וואָס עס איז. ראָדע און שפּרינצע האָבן נישט־איין־מאָל געפּרואווט אָפּשטעלן שרהס האַנדל, אָבער ס'האָט ניט געהאָלפן. זי האָט געפונען אַ וועג, ווי צו פאַרקויפן פון איר שפּייז און זיך קויפן פאַר די עטלעכע קאָפּיקעס דאָס וואָס זי האָט געפונען פאַר וויכטיקער ווי חלה, פּוטער און קעז. זי האָט דערזען ביי אַ מיידל אַ סערוועט, איז זי אַרומגעגאַנגען ווי קראַנק, ביז זי האָט זיך אָפּגעשפּאָרט די ערשטע פופציק קאָפּיקעס, איינגעהאַנדלט אַ ביסל וואָל מיט אַ סידעלקע — און אָנגעהויבן דורך זיך נעכט און דורך די פרימאָרגנס פאַר און נאָך דער אַרבעט דרייען די טעצלעך, שטריקן און לייגן איינס צו איינס: איין וואָך גרינע, די צווייטע — רויטע, און נאָך דעם שוואַרצע און ווייסע און פיאָלעטע — ביז אַזוי לאַנג, און ס'איז אויסגעוואַקסן דער גרויסער וואונדער, וואָס יעדן מאָל, אַז זי האָט אין באַהעלטעניש אַ קוק געטאָן אויף דעם, האָבן זיך פאַר איר צעשפּרייט וועלטן מיט פאַנטאַזיעס, פאַנטאַסטישע לענדער... ראָדע מיט שפּרינצען האָבן באַוואונדערט איר איינגעשפּאַרטן כאַראַקטער און איר ערלעכקייט, ביז עס איז געקומען זייער אָנבאָט וועגן דעם גראַנאַט־קלייד. שרה האָט עס באַלד נישט אָנגענומען. זי דאַרף וואַרטן. זי וועט זיך באַקלערן. נאָר נאָך עטלעכע נעכט ניט שלאָפן, איז זי איינגעגאַנגען דערויף, און אַזוי האָט זי דורך די חלות מיט קעז און פּוטער, וואָס זי האָט פון דער היים באַקומען, זיך דערשלאָגן צום גרויסן, אומשאַצבאַרן פאַרמעגן...

פּעשע האָט זיך אָפּגערופן צו מלכהן:

— איצט זע איך ערשט, פאַר וואָס ס'איז פון איר אַזאַ תל געוואָרן. זיך פאַר־מאָרעט און געהאָרעוועט טאָג ווי נאַכט. און ראָדע האָט עס דערלאָזן און איר אַפילו נישט דערציילט.

דאָ האָט זיך שרה אַריינגעמישט:

— איך האָב זי פאַרשוואָרן, זי זאָל קיינעם ניט דערציילן. זי האָט דיר אַלץ מאָל געוואָלט דערציילן.

אָבער אַלע נייסן ווערן מיט דער צייט אַלט.

מלכה האָט פון דעמאָלט אָן זייער אָפּט און זייער לאַנג געקוקט, מיט פאַר־

בענקטע אויגן, צום קאָמאָד, וואו ס'האָט זיך געפונען דער וואונדערלעכער סער־וועט און צום אַלמער, וואו דאָס גראַנאַט־קלייד איז געהאַנגען, איינגעוויקלט אין אַ ליילעך, אַז קיין שטויב זאָל אויף דעם ניט פאַלן. אמת טאַקע, מלכה איז אויך גע־ווען ניט קיין פאַרשלאָפענע און האָט איר פרייע צייט אוועקגעגעבן אויף אויס־נייען פאַרשיידענע מזרחן, מיט ירושלים־ווענט, אויף האַרטער און ווייכער קאַנווע, און די ווענט פון שלומס שטוב זיינען געווען באַהאַנגען דערמיט, און זי האָט מיט צלם־־שטעך פאַרשיידענע שפּיצן אויסגענייט אויף האַנטעכער, און רוסישע שפּרוכן און פּאָעטישע פראַזן, אפילו אַ טישטעך פון ווייסן, דינעם באַוול אויסגעאַרבעט, אָבער, דעם אמת קאָן מען פאָרט ניט פאַרלייקענען: איר גאַנצע ביז־איצטיקע אַרבעט און איר גאַנצער פאַרמעג האָט אויסגעזען אָרעמלעך אין פאַרגלייך מיט דעם וואָס שרה האָט דאָ איצט אין שטוב אַריינגעבראַכט פון קאַפּוליע.

שרה איז אָבער אין דער היים געווען זייער אומצופרידן, האָט גאָרנישט גע־וואָלט טאָן, ניט אין שטוב, ניט אין פעלד. האָט מען זי געשטעלט היטן די אַרבע־טער, איז זי גלייך פאַרשוואונדן צווישן קאָרן, אויסגעלייגט דעם קאָרן אונטער די פיס, געריסן קאָרנבלומען, געדרייט אַלערליי קרענץ, מיט זיי באַפּוצט די שניטע־רינס, געהייסן שטיין מיטן סערפּ אין איין האַנט און די צווייטע פאַרלייגן אויף דער היפּט און זיי אָנגעקוקט, צי זיי זעען אויס ווי איר געפעלט, ווי זי האָט זיי אויסגע־מאָלן ביי זיך אין דער פאַנטאַזיע... און מיט די קלענערע קינדער האָט זי אָנגע־פירט אלערליי אויסטערלישע שפּילן, האָט זיך פארקליידט פאר א רוסאַלקע, פאַר אַ וואַסערמיידל... די עלטערע אין שטוב האָבן איינגעזען, אַז זי איז קיין מענטש ניט, כאָטש אויפן אויסזען איז זי שוין אַ גרויסע און פיין אַנטוויקלטע מויד. אַז מלכה אָדער פעשע האָבן איר אַ מאָל פירגעהאַלטן, פאר וואָס זי טוט ניט אין הויז גאָר־נישט, פון איר וועט קיין לייט ניט זיין, איז איר ענטפער געווען, אַז דאָ האָט זי ניט וואָס צו טאָן, זי דאַרף פאָרן קיין אַמעריקע. ביז...

איין מאָל האָט שרה ווידער ניט געסטייעט אין הויז. מ'האָט זי אַרומגעזוכט און אין ערגעץ ניט געפונען. ערשט אין אָוונט האָבן דער פעטער שמעון און נאָך דערציילט, אַז פון גאַנץ פרי, ווען זיי זיינען אַרויסגעפאָרן פון וואַלד מיט די ווע־גענער שפּאַלן, איז שוין שרה געשטאַנען ווייט הינטערן דאָרף און געבעטן, מע זאָל זי נעמען אונטערפאָרן קיין קאַפּוליע.

— וואָס איז?

— זי פאָרט צוריק נייען ביי ראָדען.

און אַזוי איז זי ווידער פאַרבליבן ביי ראָדען אין שטוב און איצט איר נאָך מער ווי פריער צו ניץ געקומען, איר פאַרלאָפן אלע וועגן, געהאָלפן אָפּהיטן דעם פאַראַ־ליזירטן שמואל־אהרן און די קינדער, און גענייט.

---

ביי שלומען אין שטוב זיינען די צוויי קלענערע קינדער, דינה און דניאל, אַרומ־געגאַנגען אָן א קנעלונג. קיין רבין האָט מען נישט געדונגען. דינה איז אָפּט אַליין און מיט העניען געזעסן איבערן תנ"ך און איבער די רוסישע כרעסטאָמאַטיעס. אָבער

דניאל האָט זיין פרייע צייט אויסגענוצט אויף שפּילן זיך מיט די דאָרפס־ שקצים־לעך, און ווינציק־וואָס געזאָרגט זיך וואָס די צייט גייט אַוועק אין פּוסט און פּאַס, ווי די מאַמע פלעגט עס רופן. האָט מען דורך די אָוונטן, ווען שלום איז נאָך דער אַר־בעט געזעסן ביים טיש, זיך געעצהט:

— וואָס וועט זיין מיטן יינגל? מע וועט מוזן די קינדער אַוועקפירן קיין קאַ־פּוליע לערנען.

אָבער וואו וועלן די קינדער איינשטיין? ביי ראָדען קען מען איצט נישט. וואו קען מען זיי באַשטעלן? דינה פלעגט זיך צוהערן צו די רייד און בלייבן אַ צע־טומלטע, אַ דערשראָקענע, — פון אַ שטאָט אָדער שטעטל האָט זי נאָר געהערט איטשען אָדער שרהן דערציילן, אָבער אַליין איז זי נאָך אויף איר לעבן אין קיין שטעטל ניט געווען. נאָר איין מאָל, געדענקט זי ווי דורך אַ חלום, ווען זי איז גע־ווען אַ יאָר פיר אַלט און געהאַט דיפטעריע, האָט מען זי אַ האַלב־טויטע געפירט צום דאָקטער אין קאַפּוליע, אָבער פון מיטן וועג האָט מען זיך אומגעקערט מיט איר, ווייל זי האָט זיך אָנגעהויבן ווערגן און מ׳האָט געמיינט אַז זי שטאַרבט. אָבער אַז מ׳האָט זי אַהיימגעבראַכט, האָט מען אויסגעפונען אַז ס׳האָט ביי איר אין האַלדז געפּלאַצט דער געשוויר. נאָך געדענקט זי, אַז אויף מאָרגן איז אין דאָרף געשטאָרבן אַפאַנאַס, אַ יונגער שייגעץ, ערשט נאָך דער חתונה, אויך פון דיפטעריע — דערפאַר וואָס דאָס יונגע ווייבל האָט אים געגעבן עסן הייסע לאַטקעס דעם ערשטן טאָג ווי אים איז בעסער געוואָרן.

און פון דעמאָלט אָן איז זי מער אויפן וועג קיין קאַפּוליע ניט געפאָרן. קאַפּוליע האָט פאַר איר געקלונגען ווי אַ ווייט לאַנד — אַלץ וואָס דינה האָט נישט געקענט דערזען מיט אירע אויגן, איז פאַר איר אויסגעקומען זייער ווייט. דאָרט, וואו דער הימל פאַרגייט, אַהין ציען די וואָלקנס און דאָרט איז די אומענדלעכקייט. אַהין ציט דאָס האַרץ מיט חלום און מיט בענקשאַפט. אָבער חלום זאָל עס בלייבן... פאָרן אויספאָרשן און קומען צו דער ווירקלעכקייט, האָט דינה געציטערט. נאָר אַז זי האָט געהערט, אז מע רעדט וועגן איר און קאַפּוליע, פלעגט זי ארויס אויפן וועג, וואָס פירט קיין קאַפּוליע, זיך שטעלן לעם אַ בוים, מיטן הינטל אויף די הענט, מיט גאָלדעצקע, און קוקן ביז דער קאָפּ פלעגט זיך איר פאַרדרייען און פאַר די אויגן פלעגט איר נעמען שווינדלען: — אַזוי ווייט דאַרף עס זיין, ערגעץ ווייטער ווי דער הימל פאַרגייט. זי קען עס מיטן אויג ניט דערזען. ערגעץ איבער דער אָזיערע. זי וועט פון דאָרט ניט קענען זען די היים. און אַזוי פיל מענטשן פרעמדע זיינען דאָרט פאַראַן!... און זי טוליעט ס׳הינטל צו זיך אין גרויס עלנטקייט. און זי פאַרטראַכט זיך, ווי אַזוי פייטל איז עס אַזוי ווייט אַוועק פון דער היים, און איטשע. אין אַזאַ גרויסער שטאָט איינער אַליין... זינט איטשע איז אַוועקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט, האָט זי מיט אַנגסט געטראַכט וועגן אים...

זי האָט אים איין מאָל געזען ליגן קראַנק, און דאָס בילד איז איר געבליבן פאַר די אויגן. ער איז געפאָרן רייטנדיק פאַרנאַכט פון פעלד, געפירט צוויי פערד. איי־נעם ביים זייט און אויף איינעם איז ער געזעסן. אַריינפאָרנדיק אין דאָרף, האָט זיך אים פאַרוואָלט ווייזן אַ קונץ, האָט ער זיך אויפגעשטעלט אויפן רוקן פון איין פערד מיט איין פוס און אויפן צווייטן מיטן צווייטן פוס, און געהאַלטן די לייצעס

פוןביידע פערד אין די הענט. וואָלט מסתמא אַלץ גוט געווען, ווייל איטשע האָט גוט געקענט זיינע פערד, און זיי אים אויך, די פערד זיינען ביי שלומען געווען ווי אייגענע משפּחה, געגעסן ביי די קינדער פון די הענט. אָבער די הינט פון דאָרף זיינען ניט געוואוינט געווען צו אַזעלכע רייטערס, און האָבן אָנגעהויבן בילן און לויפן נאָך די פערד. האָבן זיך די פערד ספּאָלאָשעט, ארונטערגעוואָרפן איטשען צווישן די פיס און אים מיט די פּאַדקאָוועס צעלעכערט דעם קאָפּ. מ'האָט אים אַהיימגעבראַכט אַ האַלב טויטן און אַ פּאַרבלוטיקטן, אים אַריינגעלייגט אין בעט, אַרומגעוואַשן — און פעשע האָט געגעבן דינהן אַ רויט טיכל, זי זאָל גיין צום אַלטן אַפאַנס אָפּשפּרעכן. דינה האָט דאָס רויטע טיכל געטראָגן מיט ציטעריקע הענט ווי ס'וואָלט געווען איטשעס לעבן. און אַז זי האָט עס אַהיימגעבראַכט און איבערגעגעבן פּעשען און מ'האָט עס איטשען אַרומגעבונדן אַרום קאָפּ, איז זי געווען גליקלעך: זי האָט עס אים געבראַכט די רפואה.

שפּעט אין אָוונט איז זי שטיל צו צו זיין בעט און האָט אים דערזען מיט אַ פאַרשוואָלן פּנים:

— איצט טוט דיר שוין מער נישט וויי?

און אַז ער האָט איר מיט ווייטיק קוים געענטפערט: ס'טוט מיר זייער וויי — האָט זי פאַרחידושט געזאָגט: — ניין, עס דוכט זיך דיר נאָר אַזוי. איצט קען דיר שוין ניט וויי טאָן. אָט איז דאָך די פאַטשיילקע אויף דיין קאָפּ...

איטשע האָט זי דורך בלוט־פאַרלאָפענע אויגן אָנגעקוקט און מיט ביטול אַ שמייכל געטאָן:

— גיי, דינה. ביסט אַ גרויסער נאַר.

דינה האָט זיך אָפּגערוקט און אין האַרצן באַדויערט איטשעס אומדאַנקבאַרקייט. זי האָט אָבער געוואוסט, אַז קיין בייז וועט אים איצט ניט געשען. און ער איז טאַקע געזונט געוואָרן. אָבער זי האָט קיין מאָל מער ניט געקענט אויסמעקן דאָס בילד פון איר זיכרון, ווי זי האָט אים דעמאָלט געזען ליגן.

## מע פאָרט קיין קאַפּוליע

איין מאָל אין אַ דאָנערשטיק, זיינען פעשע מיט שלומען געפאָרן קיין קאַפּוליע, און מלכה האָט אָנגעטאָן דינהן איר שבתדיק קלייד און זי אַריינגעזעצט אין וואָגן. דינה האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן טאַטנס מאַנטל די גאַנצע צייט. מיט יעדן וויאָרסט, וואָס זי האָט זיך דערווייטערט פון אוהלי, האָט זיך ווי אַ תהום געשפּרייט פאַר אירע אויגן. דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט ווי א מיל. שלום האָט עס באַמערקט:

— איז דיר קאַלט?

זי האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס איר איז, נאָר אַבי עפּעס צו ענטפערן, האָט זי געזאָגט: — יע. אַז מ'איז צוגעקומען קיין סטאָנקע, האָט ער זי אויפגעהויבן אויף די הענט, זי אַרומגעדעקט מיטן צודעק וואָס אויפן זיץ פון וואָגן און זי אַריינגעטראָגן צו יאַכען אין הויז. פּעשע איז נאָכגעגאַנגען. אַז יאַכע האָט זיי דערזען, האָט זי זיך איבערגעשראָקן: — וואָס איז?

אַז פּעשע האָט איר דערקלערט, אַז מען פאָרט קיין קאַפּוליע און דינהן איז עפּעס קאַלט געוואָרן, כאָטש ס'איז אין דרויסן וואַרעם, האָט איר יאַכע אָנגעטאַפּט דעם שטערן און דריי מאָל אויסגעשפּיגן:

— ווערעמקרויט געדאַרפט איינגעבן. עפּעס זעט זי אויס גרין אויפן פּנים. ווע־רעם. מיינע האָב איך יעדן סוף־חודש געמוזט איינגעבן ווערעמקרויט.

ביי יאַכען אין שטוב איז אַלץ כמעט ווי אין דער היים: דאָס האַנטפּאַס, דאָס קופּערנע קענדל, די קאַץ מיט קעצעלעך, אונטערן באַלקן הענגט אַ פּאַלעצקע, וואו עס טריקענען זיך גאָמלקעס קעז... יאַכע האָט זיי מכבד געווען מיט אַ ביסל פּרישער מאַסלינקע און אָנגעשניטן אַ פּאָר פּענעצן שאַפּענעם קעז, מ'האָט געזאָגט: א גוטן טאָג, זיך אָנגעגעסן, און געפאָרן ווייטער.

וואָס ווייטער מ'איז אָפּגעפאָרן און וואָס נענטער מ'איז געקומען קיין קאַפּוליע, אַלץ ערגער האָט זיך דינה געפילט. אַז דער וואָגן איז שטיינגעבליבן און מ'האָט איר געהייסן אַרויסגיין, איז זי אַרויס און זיך גלייך אָנגעכאַפּט ביי פּעשעס האַנט. פּעשע האָט זי אָפּגעשטופּט:

— שעמסט זיך גאָר ניט? אַזאַ גרויסע מויד. פאַר וועמען האָסטו דאָ מורא?

מ'איז אַריין צו ראָדען. שרה האָט זיך דערפרייט מיט דינהן, איר געוויזן די ניימאַשין אויף וועלכער זי קען שוין שטעפּן און פון אַ זייט איר אָנגעוויזן אויפן קראַנקן שמואל־אהרן מיטן האַלב־אויסגעקרימטן גרין־בלאַסן פּנים. ראָדע איז צוגע־קומען, איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ:

—איי, דינהלע, ביסט גאָר אַ שעמעדיקע? מע דערציילט דאָך גאָר גרויסע זאַכן וועגן דיר.

שפּרינצע איז אויך צוגעגאַנגען און גערעדט צו איר, אָבער זי האָט ווייניק־וואָס באַנומען וואָס מיט איר קומט דאָ פאָר. זי איז נאָכגעגאַנגען שרהן ווי איינע אין הינערפּלעט, מורא געהאַט צו ענטפערן אַ וואָרט. דערנאָך זיינען זיי אַרויס פון הויז, האָבן זיך אַריינגעזעצט אין וואָגן און — ווייטער געפאָרן.

## אַ מאַרק!...

אַז די פור איז ווידער שטיינגעבליבן, האָט פּעשע געהייסן דינהן אַרויסגיין, נאָר דאָ האָט זי איר שוין אַליין אָנגעזאָגט:

— האַלט זיך אָן אָן מיר. ס'איז דער מאַרק. זאָלסט נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן. היינט איז אַ יאַריד. אַסך מענטשן.

אַז דינה איז אַרויס פון וואָגן און אַ קוק געטאָן אַרום זיך, איז זי פאַרציטערט געוואָרן. זי האָט אירע אויגן ניט געגלייבט. אין תנ"ך האָט זי טאַקע אַזעלכע זאַכן געזען... זי האָט געדענקט דעם אויסזען פון שלמה המלכס פּאַלאַץ, און ווי דער בית־המקדש האָט אויסגעזען, און ווי די פעלקער זיינען געגאַנגען אויף מלחמה, און ווי דבורה איז געגאַנגען און געזונגען פאַרן פאָלק וועגן דעם גרויסן נצחון, און די שטאָט יריחו האָט זי אויך געדענקט. אַלע בילדער האָבן זיך ביי איר פּאָטויפּעט

אין קאָפּ. דאָרט, אין תנ״ך, אין חלום, אין איר לאַנד פון חלומות, האָט פּאַר אַלץ גע־סטייעט. אָרט... אָבער דאָ, אויף דער ווירקלעכקייט, דערזעט זי אַ צווייגאָריקן גרי־נעם מויער און אַ קלויסטער מיט אַ גרויסן שײַנענדיקן גלאָק, וואָס וויגט זיך אויף אַהין און צוריק און קלינגט מיט אַ שרעקלעכן ליאַרעם — פון אַ הויכן קופּאָל, וואָס שפּאַרט אונטער דעם הימל... און געשטעלן איינע צו איינע, מיט מענטשן איינע אויף איינע, און מע טומלט, און אַזוי פיל פורן אין מיטן גאַס איינע ביי איינע, און בהמות צוגעבונדענע צו וועגענער, מיט שרעקלעך אומעטיקע אויגן, און קעלבער געבונ־דענע אויף וועגענער, מיט אויסגעצויגענע העלדזער, פּאַרציען יאָמערדיק אַ פּאָר־בענקטן לאַנגן רוף צו די קו־מאַמעס אין די פעלדער, שעפּסן מעקען, הינער שרייען פון וועגענער, ווייבער דרייען זיך אַרום און טראָגן אַרום לעקעכלעך און באַב און קוישן אייער, און שטופּן זיך און רעדן אלע אויף א מאָל, האלב יידיש, האלב גוי־איש, און מענער דרייען זיך אַרום אַרום די וועגענער — און די מויערן וואָס רינג־לען אַרום דעם מאַרק, הייבן זיך אַלץ העכער און העכער און שווימען פאַר דינהס אויגן אַרויף צום הימל — — — און דער קלויסטערגלאָק קלינגט אַלץ שטאַרקער און בייזער, און אַלץ דרייט זיך אין איין געווירבל: די פורן, די געוועלבן, די מענטשן, דאָס געשריי פון די הינער, דאָס הירזשען פון פערד, דאָס רופן פון די קעלבער — אַלץ ווערט אויסגעמישט אין איין לאַנגן, מוראדיקן טומל — און דער הימל גיט זיך אַ וויג און אַ פאַל אַראָפּ אויף דינהס קאָפּ — —

אַז זי עפנט די אויגן געפינט זי זיך אין אַ מאָדנער שטוב מיט הויכע פּאָליצעס פיל מיט פלעשעלעך... אַרום איר שטייען שלום, פעשע, און אַ מאַן אין אַ ווייסן כאַ־לאַט, אויף קוליעס. זי דערפילט שטאַרקע ריחות. זי קוקט זיך אַרום און דערזעט בילדער ווי דורך אַ חלום. אַ ציטער נעמט זי דורך. עמעץ פרעגט זי שטיל:

— דינהלע, ווילסט עפּעס?

— איך וויל אַהיים.

דער דאָקטער האָט איר דערלאַנגט א פעטשל איבערן האַנט:

— אוודאי אַהיים. איר מעגט פאָרן. ס׳איז איר גאָרנישט.

---

דינה איז געזעסן אין וואָגן און געפילט מיט יעדן שפּאַן פון פערדס פוס, אַז די ערד ווערט זיכערער אונטער אירע פיס. זי האָט דערקענט דעם פלויט פון אַרום דאָרף און די טאָפּאָלנביימער. די שטערן, וואָס זיינען איר נאָר וואָס אַרויס אַנט־קעגן, זיינען געווען אירע אייגענע און גוטע באַקאַנטע און — אָט איז זי שוין פון וואָגן אַרויס און די קליינע גאָלדעצקע שפּרינגט איר ביז די הענט און לעקט זי און באַלעקט זי.

גאָלדעצקע איז צום ערשטן מאָל אין איר לעבן געווען שווערלייביק, און דינה האָט זי אויפגעהויבן צו זיך אויף די הענט און איז מיט איר אַריין אין שטוב. זי האָט מיט גרויס דאַנקבאַרקייט געקוקט אויף די ווענט, וואָס זיינען נאָך אַלץ גע־שטאַנען און זי איצט אַריינגענומען צווישן זיך. אויף אַלע פראַגן פון העניען און

דעם שמידס אַנדערע קינדער, ווי עס געפעלט איר קאַפּוליע, האָט זי פאַרשעמטער־הייט געענטפערט, אַז זי האָט מורא פאַר קאַפּוליע, אַז ס'איז ניטאָ קיין אמת קאַ־פּוליע, אַז זי ווייסט ניט וואָס קאַפּוליע איז...

דעם פּלאַן צו שיקן די קינדער קיין קאַפּוליע לערנען האָט מען דערווייל אויפ־געגעבן.

## דאָס הינטל גאָלדעצקע

גאָלדעצקע, דאָס ווייסע הינטעלע מיטן שוואַרצן שפּיציקן פּיסקל און נעזל, מיטן גראַציעזן, פּיצלדיקן גוף אויף דינע פּיסעלעך, — האָט זיך די לעצטע צייט שווערלעך באַוועגט. זי איז געווען אַן אבן־טוב ביי יעדן פון שלמהס הויזגעזינד און ווער רעדט נאָך ביי קליינוואַרג. און דאָ געפינט זי זיך אין אַזאַ ערנסטן מצב. די גאַנצע שטוב איז געווען פאַרזאָרגט צוליב איר. אָט־דאָס הינטל האָט מען געהאַט געשיקט אַזש פון ניעסוויזש, פון פּאַהוליאַנקער הויף, פון פּעשעס טאַטע־מאַמעס שטוב — פאַר די קינדער אַ מתנה. ס'איז ניט קיין פּראָסט הינטל געווען, און מ'האָט עס שטאַרק אָפּגעהיט, און יאָרן אויסגעהיט פון דעם וואָס ס'האָט איצט געטראָפן.

גאָלדעצקע האָט זיך געפּאָרט מיט אַן איינפאַכן גרעסערן הונט פון געמישטע בלוטן. פאַר איר, וואָס איז געקומען פון אַ באַזונדער דעליקאַטער ראַסע, איז עס געווען אַ סכנה.

די „צייט" איז געקומען. איין מאָל, אין אַ מיטן נאַכט, האָבן זיך דערהערט פאַרשטיקטע ווייגעשרייען, ווי דאָס וויינען פון אַ געפּייניקט קינד. אַז פּעשע איז מיטן לאָמפּ אין האַנט צוגעגאַנגען צום אויסגעבעטן קעסטל אונטערן בעטל ביים אויוון, האָט זי דערזען גאָלדעצקען זיך קייקלען פון זייט צו זייט. מיט אַ בעטנדיק, וויינענדיק קול און מיט בלוט־פאַרלאָפענע אויגן האָט זי אַרויפגעקוקט צו איר באַלעבאָסטע און שטומערהיים געבעטן הילף. פּעשע האָט זיך אַרונטערגעלאָזן צו איר אויף די קני, אוועקגעשטעלט דעם לאָמפּ אויף דער ערד, זי געגלעט איבערן קאָפּ. דאָס הינטל האָט מיט אַ הייסער, טרוקענער צונג געלעקט פּעשעס האַנט. פּעשע איז אַוועק און באַלד צוריקגעקומען מיט אַן אָנגעוואַרעמטן וואָלענעם צו־דעק, זי גוט איינגעדעקט, און איז ווידער אַוועק און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ גרינעם געטראַנק אין אַ פלעשל. גאָלדעצקע האָט מיט פיבערדיקע ליפּן גע־טרונקען פון דעם פלעשל, ווי אַ הונגעריק קינד דער מוטערס פולע ברוסט. פון דער וואַרעמקייט און פון דעם געטראַנק איז זי באַפאַלן אַ מידקייט און זי איז גע־בליבן ליגן שטיל אויף אַ וויילע. אָבער עס האָט לאַנג ניט גענומען און זי האָט ווי־דער אָנגעהויבן וואָיען מיט איר אָפּגעריסן, יאָמערדיק קול, און ס'האָט זי ווידער גענומען וואַרפן.

ביז ס'איז אויפן פּיצל ווייסן קערפּערל אַוועקגערונען אַ הייסע, רויטע פּליסי־קייט: איר ציכטיק־ווייסע פעל איז באַגאָסן געוואָרן מיט בלוט, און זי האָט זיך אַנט־בונדן. איינציקווייז האָבן אָנגעהויבן פון איר אַרויסקומען קליינע, ווייסע און גע־פלעקטע הינטעלעך, מיט גראָבע קיילעכדיקע קעפּלעך און פאַרריסענע נעזער. פינף אין צאָל זיינען זיי געקומען און נאָר איינס האָט געהאַט אַ קליין, שפּוציק דעליקאַט פּיסקל, מיט פאַרשאַרפטע אויערן, ווי דער מוטערס. גאָלדעצקע איז געלעגן אַ טויט־

מידע און געקוקט — דאַ אַרויף צו פּעשען, וואָס איז געשטאַנען איבער איר, דאַ אַראָפּ צו אירע קינדער וואָס האָבן זיך געגורעט אַרום איר און געזוכט אין דער פינצטער, מיט פאַרמאַכטע אויגן און מיט אָפענע מיילער. זי האָט זיי מיד באַלעקט יעדעס באַזונדער און שטיל געקוויטשעט, האַלב מיט ווייטיק, האַלב מיט פרייד, ווי איינער וועמען עס לאָזן פּלוצלינג אָפּ גרויסע ווייען און ער קען זיי נאָך אַלץ ניט פאַרגעסן.

אויף מאָרגן פרי, אַז דאָס הויזגעזינד האָט זיך דערוואוסט וואָס ס״איז געשען דורך דער נאַכט, האָט מען זיך אַלע געלאָזט גיין אויף די שפּיץ פינגער צום קעסטל, וואו גאָלדעצקע איז געלעגן. מ׳האָט זיך שטיל אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַרן קעסטל, ווי אין אַ געבעט, און מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס האָט מען באַטראַכט די מוטער מיט אירע פינף קינדער. זי איז געלעגן אַן אויסגעצערטע און פאַרוואונדיקט געקוקט צו די הינטעלעך, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פּישטשען, ווי די פייגל וואָס זוכן אַרום זייערע פאַרלאָרענע נעסטן, געפּישטשעט און געשטויסן מיט די רונדע קעפּלעך דער מוטער אין די ליידיקע זייטן. דורך האַלב אָפענע אייגעלעך האָבן זיי געוואָלט געפינען פאַר זיך אָרט אַרום אירע ליידיקע ברוסטן.

פעשע האָט זיך אויפגעהויבן פון איר קניען, אַוועק — און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ טעלערל מילך. די קינדער האָבן זיך צערוקט צו די זייטן. פעשע האָט איר דאָס טעצל מיט מילך צוגערוקט נאָענט צום מויל. זי האָט אַ פּאָר מאָל אַ לעק געטאָן מיט דער טרוקענער צונג, באַנעצט די פאַרשפּיצטע מאָרדעצקע און אַרויפגעקוקט צו פעשען מיט פאַרטרערטע אויגן, ווי איינער וואָלט געזאָגט: — אַ גרויסן דאַנק, אָבער איך קען ניט. מער ניט.

פעשע האָט נאָך אַ ווייל געקניט איבערן קעסטל, געלאָזט שטיין דאָס טעצל אָן אַ זייט און אויפגעשטאַנען:

— ס׳איז אַ ביטערער צער. די הינטעלעך וועלן פון הונגער אויסגיין, און זי אַליין איז אַ פאַרבײַיאיקע.

דיה האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ ווינקל, פון וואַנען זי האָט געקענט אַרויסקוקן און אַריינקוקן גלייך אין קעסטל מיט די הינטעלעך, געשטאַנען אַ פאַרקלעמטע און קיין אויג ניט אַראָפּגענומען פון איר גאָלדעצקען. דניאל איז צו צו איר:

— וואָס טויג דאָס שטיין דאָ? קום, מיר וועלן איר פּרוּוון געבן אַ ביסל קאַלט וואַסער. קום.

זיי זיינען ביידע אַוועק צום ברונעם און האָבן מיט שווערער מי אַריינגעלאָזט דעם עמער און אים צוריק אַרויסגעשלעפּט מיט קלאָר, פריש וואַסער. דינה האָט דערלאַנגט גאָלדעצקען אַ שערבעלע מיט וואַסער צום מויל. זי האָט געלעקט דאָס קאַלטע וואַסער, ווי זי וואָלט געשטילט אין זיך אַ גרויסן דאָרשט און דערפילט זיך אַ ביסל דרייסטער. איז דניאל גלייך אַוועק און באַלד צוריקגעקומען מיט אַ ציגעלע צוקער, גאָלדעצקעס באַליבטער מאכל. גאָלדעצקע האָט באַלעקט דניאלס הענטל,געוואָלט אַריינזעצן אירע שפּיציקע, ווייסע ציינדלעך אין דעם ציגעלע צוקער, אָבער זי האָט עס באַלד אויפגעגעבן און מיד און אומעטיק אַרונטערגעלאָזט

דעם קאָפּ צו די הינטלעך אַרום איר, וואָס האָבן זי נאָך אַלץ געשטויסן אין די זייטן און געזוכט דערנערונג אין אירע פאַרברענטע קליינע ברוסטנאָפּלען.

אַלץ שוואַכער און שוואַכער איז געוואָרן זייער מאָנען. ווי קליינע מייזלעך האָבן זיי געפּישטשעט. די מוטער האָט אַ פאַרחלשטע געקוקט אויף זיי, זיי געגומען לעקן און מיט דעם ווי געוואָלט שטילן זייער הונגער, און אַליין אויך געוויינט ווי אַ גע־פּייניקטער בשעתן פּייניקן. די הענטעלעך זיינען געווען צו יונג. מע זאָל זיי קענען קאָרמענען. זיי האָבן נאָר געקענט דעם נאַטירלעכן וועג געשפּייזט צו ווערן — און יענער קוואַל, פון וועלכן זייער לעבן איז געווען אָפּהענגיק, איז געווען טרוקן. ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז וואָסיל, דער שענקער, האָט געעצהט, מע זאָל צו־נעמען די הינטלעך און זיי דערטרינקען — און די מוטער וועט מעגלעך צו זיך קומען. אויף אָט־די רייד זיינען זיינען אים די קינדער באַפאַלן: — וואָס הייסט צונעמען די הינטלעך פון דער מוטער און דערטרינקען?! ווי קען עס גאָר אַ מענטשן איינפאַלן אַזאַ ווילדער געדאַנק?!

דינה האָט זיך צעוויינט אויפן קול.

דניאל האָט זי געטרייסט. אין דעם פאַל האָט ער זיך דערפילט מעשה מאַנס־ביל לגבי דינהס ווייבערישע טרערן און איר אומבאַהאָלפנקייט:

— וויין ניט, נאָר איינער. ער וועט ניט רירן די הינטלעך. זיי וועלן מאָרגן קע־נען אַליין טרינקען מילך פון טעצל און זיי וועלן זיך אַלע אויסהאָדעווען און מיר וועלן האָבן זעקס הינטלעך.

און ער האָט איינגעצויגן דינהן אין אַ שמועס, וואָס פאַר אַ נעמען מע זאָל צוטראַכטן פאַר די הינטלעך. דינה איז באַשטאַנען, אַז מע זאָל זיי אַלע רופן גאָל־דעצקע. אויף אָט דער נאַרישקייט האָט זיך דניאל צולאַכט ווי אַ גרויסער:

— וואָס הייסט, אַלע גאָלדעצקע? גיי, דינה, ביסט אַ משוגענע. וועט מען אַ רוף טאָן די מאַמע, וועט זי צולויפן מיט אלע פינף הינטלעך נאָך זיך. אַ שיינעם פּלאַן...

— אוי, דניאל וועט דאָס זיין שיין!

— משוגענע! וואָס וועט זיין שיין?

— אַז מע וועט אַ רוף טאָן „גאָלדעצקע״, און ס׳וועלן אָנקומען זעקס הינטע־לעך, זיך צעשטעלן אויף די הינטערשטע פיסלעך און פראַווען סלוזשבע... ניין, דניאל?

— וואָס דיר קען זיך וועלן! אָט האָב איך שוין אפילו נעמען פאַר אַלע פינף הינטלעך: איינער וועט הייסן מישקאַ, און איינער פּרינץ, און איינער קאָסי, און איינער באָסי...

— און דאָס סאַמע קלענסטע, וואָס זעט אויס פונקט ווי גאָלדעצקע?

—וועלן מיר עס רופן „שפּילקע״.

— שיפּלקע — שמילקע! פאַר וואָס ניט „גאָלדעצקע״?

—נאָך אַ טויטן גיט מען אַ נאָמען. גאָלדעצקע לעבט דאָך נאָך!

דינה אַ צעשראָקענע:

— נו, גוט, זאָל זיין שפּילקע. אַ דאגה דאָס.

יענעם טאָג איז דאָס הויזגעזינד מער געשטאַנען אַרום קעסטל מיט די הינט־לעך, ווי וואו אַנדערש. אַ גאַנצן טאָג האָט פּעשע זיך געעסקט אַרום די הינטלעך, געפּרוּווט זיי דערנערן, אָבער אַלע מיטלען זיינען ניט געווען גענוג. גאָלדעצקע האָט אין פאַרצווייפלונג געוויינט און געבעטן, מע זאָל ראַטעווען אירע קינדער, זיי געלעקט, געמינטערט מיט אירע לעצטע קרעפטן, געהויבן זיי מיט איר פּאַר־שפּיצט פּיסקל. די הינטלעך זיינען אָבער אַלץ שוואַכער געוואָרן.

איידער דאָס הויזגעזינד איז אוועק שלאָפן, האָט מען אין קעסטל איבערגעלאָזן וואַסער, און מילך מיט ברויט, איינגעווייקט אין אַ טעצל, און איבערגעדעקט גאָל־דעצקען מיט אַ וואַרעמען צודעק. פּעשע און די גרעסערע אין שטוב האָבן געוואוסט, אַז די הינטלעך וועלן ביז טאָג ניט דערלעבן. דניאל האָט מיט זיין פעסטן גלויבן איינגערעדט דינהן, אַז מאָרגן פרי וועט זי שוין זען ווי די הינטלעך וועלן שוין האָבן אָפענע אויגן און וועלן שוין אַליין טרינקען די מילך פון טעצל.

---

אין מיטן נאַכט, ווען דאָס גאַנצע הויזגעזינד איז געשלאָפן, האָט זיך פּלוצעם דערהערט אַ מוראדיק יאָמערן פון גאָלדעצקען. זי איז מיט אירע דינע, ציטערדיקע פיסלעך געגאַנגען פון בעט צו בעט און געיאָמערט און געוועקט און צוריק געלאָפן אין קיך און ווידער צו די בעטן, וואו די שטוביקע זיינען געשלאָפן. פּעשע האָט אויפ־געדרייט דעם קנויט פון לאָמפּ, און מיטן לאָמפּ אין האַנט איז זי נאָכגעגאַנגען דעם הינטל. אַריינקומענדיק אין קיך, האָט זי דערזען אַ בילד, וואָס האָט אויפגעציטערט איר מוטערהאַרץ. זי האָט זיך אַזוי צעוויינט, אַז אַלע זיינען אויף איר געוויין באַלד אַרויסגעלאָפן פון די בעטן צו איר אין קיך אַריין. דאָרט זיינען זיי געבליבן שטיין פאַר דער שוועל, ווי פאַרשטיינערטע. אויף אַ ווייס טישטעך אין מיטן שטוב אויף דער ערד זיינען געלעגן אויסגעלייגט אין דער ברייט, אין אַ גלייכער שורה, אַלע פינף הינטלעך — טויט. ס׳קליינע מוטערהינטל, וואָס האָט דורך דער נאַכט מיט די אייגענע אויגן געזען זיי שטאַרבן, האָט אַראָפּגעשלעפּט אַ ווייס טישטעך וואָס איז געלעגן צונויפגעלייגט אויפן ראָג פון טיש, עס אויסגעשפּרייט אויף דער ערד און דערויף אויסגעלייגט זיינע הינטעלעך — און זיי באַקלאָגט...

ס׳האָט זיך ביי קיינעם קיין וואָרט נישט געפונען אין מויל, עפּעס צו זאָגן. ס׳האָט זיך דערפילט די אומבאַהאָלפנקייט פון רייד אין אָנגעזיכט פון אַזאַ טיפן צער פון אַ קליין הינטל. אַלע זיינען געשטאַנען און שטילערהייט זיך געווישט די טרערן פון די אויגן...

דניאל האָט באַלד אויף מאָרגן מאָרגן געגראָבן אַ קבר פאַר זיינע פינף הינטלעך, זיי אַריינגעלייגט אין אַ לאַנג קאַרטאָנען קעסטל און זיי געבראַכט צו קבורה. נאָך דעם — אויסגעזוכט אַ לאַנג ברעטל, און מיט אַ שטיק קאַלך אויסגעשריבן מיט גרויסע קרומע יידישע אותיות די נעמען פון אַלע הינטלעך, ווי ער האָט געהאַט אָפּגעמאַכט ביי זיך, און דאָס ברעטל אונטערגעשפּאַרט מיט שטיינער פון ביידע זייטן, אַז סע זאָל ניט אומפאַלן.

דינה האָט עס ניט געקענט צוזען. זי איז אַרומגעגאַנגען און געשלונגען די טרערן, וואָס האָבן זי געשטיקט.

און גאָלדעצקע איז אַלץ אַרומגעלאָפן זוכן אירע הינטלעך. דורך די נעכט האָט זי קיינעם ניט געלאָזט שלאָפן מיט איר געוויין. ס׳ האָט גענומען אַ דריי טעג און נעכט, ביז זי האָט אויפגעהערט צו זוכן, און איז געבליבן ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן. אַז דינה האָט איר צוגעבראַכט עסן, פלעגט זי אַן עפן טאָן די פאַרטרערטע אויגן, זי אָנקוקן און זיך ניט צורירן צום עסן. האָט דניאל באַשלאָסן, אַז דערפון וועט קיין גוטס ניט אַריסקומען און ער האָט זי מיט גוואַלד אַרויסגענומען פון איר קעסטל און זיי מיטגענומען אין פעלד, וואו די שעפסן האָבן זיך געפּאַשעט. דאָרט פלעגט ער זי אָנרייצן, זי זאָל נאָכלויפן נאָך די קליינע שעפּסעלעך, וואָס וואַנדערן אַוועק פון די מאַמעס. די ערשטע צוויי טעג האָט ער קיין סך ניט אויפגעטאָן מיט איר. אָבער אַז ער האָט זי אַהיימגעבראַכט, האָט זי גענומען אַ ביסל מילך, און אַזוי, ביסלעכווייז האָט גאָלדעצקע צוריקגעקראָגן אירע פאַרלוירענע כוחות. די שטוביקע האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, ווי אַ חולה מסוכן וואָלט מיט אַ מאָל געזונט געוואָרן.

דינה האָט אָפט נאָכגעטראַכט וועגן די פינף הינטעלעך, און ווען קיינער האָט ניט געזען איז זי צוגעגאַנגען אַ קוק טאָן צי שטייט נאָך דאָס ברעטל מיט די נעמען. און אַז זי איז איין מאָל געקומען נאָך אַ רעגענדיקער נאַכט און געפונען די נעמען פאַרוואַשענע און אָפּגעמעקטע, האָט עס איר טיף ווייט געטאָן און זי האָט געקלערט: פאָרט איז בעסער צו זיין אַ מענטש ווי אַ הונט... ווייל אַז אַ מענטש שטאַרבט, פאַרגעסט מען אין אים ניט אַזוי גיך, ווי מען פאַרגעסט אין הינטלעך, וואָס זיינען ניט לאַנג געשטאָרבן... זי האָט מער ניט געקענט אַזוי זאָרגלאָז שפּילן זיך מיט גאָלדעצקען ווי ביז איצט. עפּעס איז דאָס פּיצל הינטל געוואָרן ביי איר ווי אַן אַנדער וועזן. עס האָט דאָך דורכגעלעבט אַזאַ גרויסע טראַגעדיע אין לעבן.

## גאָלדעצקע פאַרגעסט

אָפט פלעגט דינה נעמען גאָלדעצקען צו זיך אויף די הענט און איר לאַנג אַריינקוקן אין די אויגן און וועלן דאָרט אויסגעפינען, צי טראַכט דאָס הינטל פון דעם וואָס מיט אים האָט געטראָפן, צי טראַכט עס ווען פון יענע פינף הינטעלעך... נאָר גאָלדעצקע פלעגט מיט אַן אומגעדולדיקער באַוועגונג אַ שפּרונג טאָן פון דינהס הענט און נאָכלויפן דער גרויסער גרויער קאַץ, וואָס איז אויך געווען אַ בן־בית אין שלומס הויז, פון אַן אַלטן ייחוסדיקן דור און פון דער פּאָהוליאַנקער שטוב, וואָס גאָלדעצקע אַליין האָט פון דאָרט געשטאַמט. די קאַץ פלעגט אַרומגיין מיט אַ געמאָסטענעם טראָט, ווי זי וואָלט גאָר אַ גרויסע חזקה געהאַט אויף דער גאַנצער באַלעבאַטישקייט פון שלומס הויז. און אַז גאָלדעצקע פלעגט זיך נאָך איר אַ יאָג טאָן און וועלן זיך שפּילן מיט איר, פלעגט זי מיט אַ געוויסער באַליידיקונג איר געבן אַ שטויס אָפּ פון זיך מיט איר פּאָדערשטן פוס, ווי איינער זאָגט: מאַך זיך ניט נאַריש. זעסט דאָך אַז מיר ליגן ניט אין קאָפּ די שטותערייען.

נאָר אַז אָט־די גרויסע דיקע קאַץ מיט איר וואַרעמער פעל איז געשלאָפן פאַרן שוועל אויף דער זון, אָדער אַ מאָל ווינטער אין קיך, ניט ווייט פון דער קאַכלנער

הרובעביים קאַמין — און גאָלדעצקע פלעגט זיך צורוקן צו איר און זיך איינגורען אין איר פעל, פלעגט יענע זי לאָזן זיך צושפּאַרן ביי איר זייט.

איז אַז דינה האָט דערזען, ווי זאַרגלאָז גאָלדעצקע שפּרינגט־נאָך דער קאַץ און וויל זיך מיט איר פאַרטשעפּען אין א שפּיל, האָט זי ביי זיך באַשלאָסן, אז וועגן אירע הינטעלעך האָט זי שוין מסתמא לאנג פארגעסן, און ווי האָט געטראַכט וועגן די גויעס וואָס קומען אין די באַגינענס אויף די מאָהילקעס ניט ווייט הינטער שלומס הויז — איידער זיי גייען אַוועק אויף זייער טאָג אַרבעט, שפּאַרן זיי אָפּט אָפּ אַ ווייַלינקע, לויפן צו צו די קברים פון זייערע נאָענטע און וויינען איבער זיי מיט אַזעלכע אומעטיקע טענער און מיט אַזעלכע איידעלע, האַרצרייסנדיקע ווערטער... זיי רעדן צו די טויטע וועגן זייערע אייגענע שווערע לעבנס און באַקלאָגן זיך פּאַר זיי אויף זייערע גורלות — און צלמען זיך איבער און גייען אַוועק...

אין די אָוונטן הערט מען ווידער די זעלבע אומעטיקע טענער פון איבער די קברים. די מאַמעס און די פרויען אָדער די געליבטע שפּאַרן אָפּ אַ האַלבע שעה פון צווישן טאָג און אָוונט און גייען זיך דורכרעדן מיט זייערע נאָענטע אין די מאָהי־לעס. עס ציען זיך שטילע, אומעטיקע קלאַנגען פון איין זייט מאָהילע און פון דער צווייטער זייט. כמעט איבער יעדער מאָהילע קניט א געשטאלט און רעדט ערלעכע, איידעלע רייד און זעט, צי די מאָהילע איז אָפּגעהיט, צי אויפן צלם ביי דער אי־קאָנע איז דאָס פאַרטעכל ריין און צי איבערן קבר איז דאָס גראָז ריין... ברייטע זיידענע גראָזן, ווי געשטרייפטע סטענגעס, וואַקסן אין מיטן קבר און אַ רונדע, קליינע בייט מיט טונקלרויטע סאַמעטבולמען אין דער מיט, און אַרום די זייטן — טויזנט־אויגיקע, צאַרטע נאָסטולקעלעך פון פאַרשיידענע פאַרבן. און אַז עס ווערט טונקל און די שטערן ווייזן זיך אין הימל, הייבן אָן די פרויען אויפשטיין פון איבער די קברים, צלמען זיך און גייען שטיל, מיט שנעלע טריט, אַהיים: זיך אָפּגעזעגנט מיט די נאָענטע אויף איבער נאַכט, זיי איבערגעלאָזן אונטער דער וואַך פון אַ שטילן אָוונט־הימל מיט ציטעריקע, גרינע שטערן...

דינה איז אַלע מאָל געשטאַנען אין סאָד הינטערן הויז און האָט געקענט הערן די טענער און די ווערטער וואָס זיינען געקומען פון די מאָהילעס. ס׳איז פאַר איר געווען אַ וואונדערלעך אָוונטליד, וואָס פאַרבינדט אין אַן אייביקייט די לעבנס פון דער מאָהילע מיט די וואָס גייען אַרום אין דאָרף און רעדן צו זיי אין אַזעלכע אומע־טיקע און ערלעך־שיינע ווערטער. איר גאָלדעצקע איז ניט אַזוי... און ס׳איז איר געווען גאָר אַ גרויסער שאָד...

## איטשע — אַן אַנדערער

איין מאָל, אַ פרייטיק פאַר נאַכט, איז איטשע גאָר פּלוצלינג אַהיימגעקומען פון סלצק. אויף דער פראַגע, וואָס ס׳איז געשען, האָט ער געענטפערט, אַז גאָרנישט. דער פעטער שמעון איז געווען אין סלוצק, איז ער מיט אים אַהיימגעקומען מ׳האָט ערשט אויסגעפונען די ריכטיקע סיבה, ווען ער האָט זיך שוין מער ניט צוריקגע־קערט קיין סלוצק, נאָר איז געבליבן אין דער היים. שלום איז געווען אין סלוצק און זיך דאָרט אַלץ דערוואוסט:

חנה יאָשעליעוויטש, די באַלעבאָסטע פונעם אייזנסקלאַד, וואו איטשע האָט זיך אויפגעהאַלטן, האָט אים ליב געהאַט ווי אַן אייגן קינד, צוליב זיין קלוגשאַפט און איידלקייט. קיין אייגענע קינדער האָט זי ניט געהאַט. דורך דעם יאָר און אַ האַלב, וואָס ער איז געווען ביי איר אי אין שטוב, אי אין געשעפט, איז ער איר אַזוי נאָענט געוואָרן, אַז זי פלעגט אים ניט אוועקלאָזן אויף אַ שבת אָדער יום־טוב אהיים, און אַז ער האָט זיך אָנגעהויבן חברן מיט סטודענטן און אַוועקגיין מיט זיי, איז חנה אויפגעזעסן ביז די שפּעטסטע שעהן און האָט געוואַרט ביז ער איז געקומען, און ערשט דאַן פלעגט זי גיין שלאָפן. לעצטנס אָבער איז זי געוואָרן שטאַרק אומרו־איק און באַזאָרגט איבער אים: — אין סלוצק זיינען פאָרגעקומען אַרעסטן, מ׳איז באַפאַלן הייזער, געמאַכט אָבלאַוועס, געזוכט אומלעגאַלע ליטעראַטור — און חנה האָט געהייסן איטשען, ער זאָל אַהיימפאָרן אויף אַ ווייל, ביז עס וועט זיך איינשטילן אין שטאָט.

איז איטשע געבליבן אין דער היים. דינה האָט זיך פון אָנפאַנג זייער דער־פרייט מיט אים, אָבער עס האָט לאַנג ניט גענומען און זי האָט דערפילט, אַז ס׳איז ניט דער זעלבער איטשע וואָס געווען. וועגן גאָט און וועגן תורה וויל ער שוין מער ניט רעדן, און אַז איר איז שוין ווען יע געלונגען אים אַריינצוציען אין אַ געשפּרעך, האָט ער גערעדט אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע רייד און געפרעגט אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען איר געווען פרעמד און אומפאַרשטענדלעך. למשל, איין מאָל האָט ער זי געפרעגט, צי טראַכט זי ווען פון דעם, וואָס די גויים אַרבעטן ביי זיי אויף די פעלדער דורך די זומערן און דורך די ווינטערן און פאַרטרינקען ביי זיי ביזן לעצטן העמד, און לעבן אין אַזא פינצטערניש און קענען ניט לייענען, ניט שרייבן, און וויסן ניט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט... צי טראַכט זי ניט, ווי אומגע־רעכט מ׳איז אָקעגן זיי...

דינה האָט אויף אים אויסגעשטעלט אירע גרויסע אויגן, אין פאַרוואונדערונג:

— ווער איז אומגערעכט?

— ווער? די פריצים. דער טאַטע.

דינה האָט זיך פאַרטראַכט.

— דער טאַטע איז זייער גוט צו זיי. זיי האָבן אים אַלע ליב.

— אַסך וויסן זיי. מיט וואָס איז דער טאַטע גוט צו זיי?

— און מיט וואָס איז ער שלעכט צו זיי? אַז זיי אַרבעטן, באַצאָלט ער זיי.

— פיל באַצאָלט ער זיי?

— פיל מע דאַרף.

— פיל מע דאַרף? ווען ער וואָלט זיי באַצאָלט פיל מע דאַרף, וואָלטן זיי גע־לעבט ווי מיר, און מיר — ווי זיי.

דינה איז געבליבן שטיין אַ צעמישטע און האָט געקוקט אויף איטשען. דער־נאָך האָט זי אַרויסגעשטאַמלט:

— מסתמא דאַרף דאָך אַזוי זיין.

איטשע קרימט איר נאָך:

— אַזוי גאָר! סע דאַרף אַזוי זיין...

— האָסט דאָך מיר א מאָל געזאָגט, אז גאָט טוט אַלץ, און מסתמא אז גאָט וואָלט וועלן, וואָלט דאָך אַנדערש געווען...

— גיי, ביסט א נאַר! וואָס האָט עס צו טאָן מיט גאָט?

און ער איז אַוועק פון איר.

דינה איז געבליבן אַ דערשלאָגענע. איצט ווייסט זי שוין גאָרנישט... און ס׳איז איר געוואָרן זייער אומעטיק. אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן. ס׳איז איר געוואָרן שווער אויפן האַרצן, ווי איינעם, וואָס פאַרלירט פּלוצלינג גאָר אַ טייערע זאַך. איטשע האָט דאָך איר א מאָל אַזוי קלאָר און פאַרשטענדלעך געמאַכט דעם גאַנג פון גאָט און וועלט. און איצט, פּלוצלינג...

וואָס לענגער איטשע איז געבליבן אין דער היים, אַלץ פרעמדער זיינען איר געוואָרן זיינע וועגן. ביז איין מאָל —

## אין אַ שבת פרי

ס׳איז געווען שבת. ר׳ יאָשע דער אָטקולעוויטשער איז געקומען צום מנין. ער, מיט זיין זון און מיטן איידעם, זיינען תמיד שבת געקומען צו שלומען דאַווענען. זיי איז אויסגעקומען דורכצוגיין שלומס וואַלד, וואו עס האָבן געאַרבעט גויים ביים האַלץ האַקן. האָט שלום אַרויסגעשיקט איטשען, ער זאָל זען, צי זיי אַרבעטן אַלע, און אים אָנגעזאָגט, אַז ביז צום דאַווענען, זאָל ער זיין צוריק אין שטוב.

ר׳ יאָשע איז יענעם שבת אַריין צו שלומען אין שטוב אַ צעקאָכטער און גלייך אָפּגערופן שלומען אין אַ זייט:

—וואָס איז דאָס מיט דיר, שלום? אַזוי ווייט איז עס שוין ביי דיר דערגאַנגען? דיין איטשע שטייט אין וואַלד צווישן די העקער, איצט־אָ, מיט אַ האַק אין די הענט, און האַקט האָלץ מיט אַלע גויים צוגלייך... און אַזאַ שייגעץ! — אַז ער האָט אונדז דערזען, האָט ער די האַק ניט אַוועקגעלייגט, נאָר ווייטער געשטאַנען און געהאַקט. און אַז איך בין צוגעגאַנגען און אים געהייסן אַוועקלייגן די האַק, האָט דער שייגעץ געהאַט די העזה מיר צו ענטפערן: אז איך מעג היטן ווי אַנדערע אַרבעטן פאַר די יידן אום שבת, מעג איך אַליין אויך אַרבעטן, ווייל אַנטרייבן אַנדערע איז אויך אַן אַרבעט. — דאָס האָט דיר די גרויסע שטאָט אָנגעאַרבעט — האָט ר׳ יאָשע צוגעגעבן, קוקנדיק מיט רחמנות אויף שלומען — אַ צייט! די וועלט ווילן זיי איבערמאַכן, די שקצים. א שיינע וועלט וועט עס זיין, מע זאָל זי נאָר זיי אין די הענט איבערגעבן...

שלום איז געשטאַנען, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, דאָס פּנים רויט פון שאַנד, און האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, ווי ס׳וואָלט אים דאָס לשון אָפּגענומען. דערווייל זיינען יידן אָנגעקומען פון די שכנותדיקע דערפער, און פון פייסע דעם שמיד זיינען אויך אַריין די מאַנסבילן, און ס׳איז שוין צייט געווען זיך שטעלן דאַווענען.

שלום, וואָס האָט געדאַרפט דאַוונען פאַרן עמוד, האָט זיך ניט געאײַלט... ער האָט מיט אומרו געקוקט צו דער טיר. און אַז די טיר האָט זיך געעפנט און איטשע איז אַרײַנגעקומען, איז שלום מיט אַ געלאַסענעם טראָט צוגעגאַנגען צו אים און אַן אַ וואָרט אויפגעהויבן די האַנט און אים פאַרפאָרן אַזאַ פּאַטש אין באַק, אַז דער בחור איז באַלד פאַרגאָסן געוואָרן מיט בלוט. דאָס איז געווען צום עשטן און לעצטן מאָל אין זײַן לעבן, וואָס שלום האָט געהויבן זײַן האַנט אויף אַ קינד. יענעם שבת, נאָך הבדלה, האָט פעשע, אַן אומעטיקע, צעוויפגעפּאַקט איטשעס אונטערוועש מיט אַ פּאָר העמדער, אַרײַנגעלייגט אַ פּאָר קעזלעך און קיכלעך — און זונטיק פרי איז ער מיט אַ פאַרשוואָלן פּנים אַוועק קיין דאַכטערוויטש צום פעטער שלום, און מיט אים, אין זעלבן טאָג, צוריק קיין סלוצק.

פעשע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטע, געקלאָגט אויף איר מזל, אויף איר דאָרפיש, פינצטער לעבן. פון דעם פעטער שלום האָט מען אָפּגענומען אַ גערוס, אַז חנה האָט אַזש געוויינט פאַר פרייד, ווען זי האָט דערזען איטשען צוריק, און אַז ער האָט אָנגעזאָגט דורכן פעטער, אַז ער זאָל זאָגן דער מאַמען, אַז צוריק אויף די קורסן וועט ער מער ניט גיין, אַז ער בלייבט פון איצט אָן אַ פּריקאַשטשיק ביי חנהן אין אייזן־געשעפט.

ביי שלומען אין שטוב האָט קיין זאָרג ניט געפעלט.

## קלאַנגען און אומרוען

אָבער אַחוץ וואָס מ׳איז געווען פאַרוואָרפן מיט זאָרגן וועגן די קינדער, זײַנען צוגעקומען אַנדערע און זייער ערנסטע זאָרגן. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפרייטן קלאַנגען וועגן אומרוען אין דערפער און שטעטלעך. געקומען גויים זונטיק פון די קלויסטערס און דערציילט, אַז זיי האָבן געהערט רעדן און דערציילן, אַז דאָרט און דאָרט האָט מען געשלאָגן יידן און צעראַבירט זייער פאַרמעגן — און די „קאַנצעליאַריעס” האָבן עס דערלאָזט. אַנדערע זײַנען געגאַנגען אַזוי ווייט און דערציילט, אַז זיי האָבן געהערט דערציילן, אַז פאַר יעדן יידן וואָס מ׳האָט דערהרגעט, האָט די רעגירונג געצאָלט אַ רובל מיט אַ פלעשל בראָנפן... אין די דערפער, וואו די פּאָר יידישע משפחות האָבן זיך געפונען זינט לאַנגע יאָרן, האָט די בייס אָפּגעקלונגען מיט גרויס שרעק און אומעט. די יידן האָבן גוט געקענט זייערע גויאישע שכנים און האָבן געוואוסט ווי לייכט מע קען זיי איבעררעדן צו שלעכטן. זיי האָבן דערפילט דעם עלנט נאָך שטאַרקער ווי ביז איצט, און געטראַכט דורך די טעג און נעכט וועגן אַן אויסוועג.

אויף שבועות איז צו שלומען געקומען צו גאַסט די שנור, לאה. געקומען איז זי אַליין, אָן פּייטלען. פון דעם שיינעם, געזונטן, רונדן פּנים איז געוואָרן אַ תל. די נאָז — פאַרשפּיצט און אויסגעצויגן. די באַקן — איינגעפאַלן. די ליכטיקע אויגן אין הויכן רבנישן שטערן אונטער די דיק־געקרויזטע קאַשטאַן־האָר — מיד און אויסגעלאָשן. מ׳האָט געזען: דאָס יונגע ווייבל האָט געליטן. פּייטל איז געווען קאַלט צו איר, ווי אַ וואַנט. זי האָט אויף איר יונג־מיידלשן, שעמעוודיקן אופן געמאַכט פאַרוואורפן דער שוויגער און דער שוועגערין, מלכהן:

— אַז מ'האָט געוואוסט ווי שטאַרק זיי האָבן זיך ליב געהאַט, האָט מען זיך ניט געטאָרט אַריינמישן... איצט איז אים שלעכט, און מיר — נאָך ערגער.

זי איז אַריינגעלאָפן אין שלאָפצימער און פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך. מ'האָט דערהערט אַ פאַרשטיקט כליפּען, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון שלאָפצימער. פּעשע האָט אין פאַרביטערונג ווי פאַר זיך אַליין גערעדט:

— געווען אַ משוגענער און געבליבן אַ משוגענער. וואָס וואָלט אים געפעלט, וואָס? א ווייבל מיט אלע מעלות — אי שיין, אי קלוג, א שיינע משפחה און א שיינע פרנסה.

מלכה לייגט צו אַ וואָרט:

— אַנדערש לוינט זיך אים נישט, נאָר די דינסטמויד. און זי זיצט און טראַכט נאָך נישט פון חתונה האָבן. די מומע כאַשע וועט זי לאַנג נאָך האָבן אויף איר קאַרק.

— דו שוויג בעסער. און וואָס איז מיט דיר אַליין? ווילסט דאָך אויך פון קיין שידוך ניט הערן. אויף וועמען וואַרטסטו?

מלכהס פּנים ווערט רויט. אירע אויגן בליצן אויף מיט צוויי עקשנותדיקע טרערן:

— דאָס איז קיינעמס געשעפט ניט. איך האָב דאָ ניט קיין חתנים.

— האָסט דאָ ניט קיין חתנים? ווינציק שלאָגט מען אָפּ די שוועלן? אַז קיינער שטייט איר ניט אָן.

— איך האָב דאָ קיין חתן ניט.

— ווערסט וואַרטן אויף שמואל דעם פעטער רובטשעס פון אָדעס?

— נו, איז וואָס, אַז איך וועל וואַרטן?

— וועסטו זיצן אין גרויען צאָפּ אַריין.

— איז וואָס?

— אַנדערש ניט. ווי אָדעס? יענער שרייבט איר, מיינט זי תורת משה.

—אָ, זאָל שוין זיין געענוג!

פּעשע, מיט אַ זיפץ:

— ניט באַשערט קיין נחת פון קינדער. אָט איז אַלטע פייסעס אַ כלה געוואָרן. און וואָס פעלט? אַ פיינער בחור, אַ בעל־מלאכה. זי וועט וואוינען אין אַ שטאָט און לעבן ווי אַ מענטש.

— נו, איז איר גוט.

— אוודאי איז איר גוט. איז דאָך דיר מיישקע צו די פיס געפאַלן, און מאיר האָט זי דגעבעטן.

מלכה, מיט כעס:

— וואָלסט עס זייער וועלן. דיר שטייט עס אָן, אז מאיר דעם גאַנטאַרס זון זאָל

זיין מיין חתן. ס'וואָלט טאַקע זייער שיין געווען. מאיר דינט ביי מיין טאַטן אין וואַלד, און זיין זון, דער רימער, זאָל זיין דיין איידעם.

— אַזאַ יאָר אויף מיר, סאַראַ בחור ער איז. אַלטע וועט פאַר אים לעבן ווי אַ גרעפין. און דוכט מיר, אַז ווען ער קומט, פאַרברענגט ער מער דאָ מיט דיר, ווי מיט איר.

— ער זינגט שיין, זינגען מיר אין איינעם. אָבער וואָס קער זיך עס אָן? פעשע, מיט אומגעדולד:

— נו גוט. דו וואַרט אויף אַדעס.

— אוודאי וועל איך וואַרטן:

די טיר פון שלאָפצימער עפנט זיך. לאה קומט אַרויס, דאָס פּנים אָפּגעוואַשן, די האָר פאַרקעמט, זינגט זיך עפּעס אַ ציגיינעריש לידל. זי גייט צו צום פענצטער, קוקט אַרויס:

— זינט ווען שטייען עס ביי אייך די ציגיינער?

— זיי שטייען אין וואַלד שוין באַלד צוויי וואָכן.

— אַזוי?

— גאָט צו דאנקען, זיי פאָרן שוין אַוועק. שוין ארומגענומען דאָס דאָרף ווי ס'באַדאַרף צו זיין, פאַרט מען שוין ערגעץ אַנדערש וואו אויף קעסט.

— סאַראַ זאָרגלאָז פאָלק. שטענדיק בין איך זיי מקנא. זינט איך בין אַ קינד געווען, האָט מיך אלע מאָל געצויגן צו זיי. אלע זייערע לידער קען איך. אז זיי פלעגן שטיין אין פעסאָטשנער וואַלד, פלעג איך דאָרט זיין ווי אָן אייגענע. די מאַמע האָט אַלע מאָל געשריען, אַז ניט אַנדערש, אַז איך האָב ציגיינעריש בלוט אין זיך... אַז אַ כישוף האָבן זיי מיר אָנגעטאָן... און אַז איך האָב געלערנט אין מינסק, האָבן מיך אַלע גערופן ציגאַנקאַ וואָראָזשקאַ. איך האָב זיי אַלעמען געוואָראָזשעט און קאָרטן געוואָרפן. אַך, איז דאָס אַ פריי לעבן...

— אויך מיר וואָס מקנא צו זיין!...

די טיר עפנט זיך. עס קומען אַריין ציגיינערקעס, בעטן מע זאָל זיי לאָזן לייענען פון האַנט. פעשע גיט זיי עפּעס אין האַנט, און הייסט זיי גיין. גייען זיי צו צו מלכהן. זי וואָלט וועלן, אַז די ציגיינערקעס זאָלן איר זאָגן איר מזל... נאָר זי גיט אַ קוק אויף פעשען און ענטפערט: — איך גלויב ניט אין די זאַכן... לאה אָבער שפרינגט צו צו די ציגיינערקעס ווי איינע פון זיי, נעמט אָן די עלטערע ציגיינערקע ביי דער האַנט און שלעפּט זי אַוועק אין שולקאַמער. דאָרט גיט זי זיך אַ זעץ אַוועק אין מיטן קאַמער אויפן דיל, פאַרלייגט די פיס הינטער זיך, אונטער דעם ברייטן קליידל, און זעט אויס ווי אַ שטיפעריש, פאַרשייט קינד. זי גיט אַ שלעפּ די ציגיינערקע, אַרונטער צו זיך אויפן דיל, נעמט אַרויס פון קעשענע אַ זילבערנע מטבע און גיט עס איר און שטרעקט אויס די רעכטע האַנט מיט דער דלאָניע אַרויף:

— אַ נו, — פאַוואָראָזשים, מאַטושקאַ.

די ציגיינערקע קוקט זי שאַרף אָן, לייגט איר געלע דאַרע האַנט מיט די שווער־באַרינגטע פינגער אַרויף אויף לאהס שטערן, פאַרשאַרט איר די געגרויזטע קאַש־טאַן־גריווע אויף אַרויף און קוקט איר אַריין אין די אויגן אַריין:

— אָ, טעכטערל — ס׳איז דיר אומעטיק, ס׳הערצעלע דיינס וויינט...

לאה גיט אַ ציטער און טרייסלט אַראָפּ פון זיך די אָנגעוואָרפענע שרעק:

— נו וואָס, מאַטושקע? האָב איך ערגעץ אַ בחור מיט אַ שוואַרצער גריווע, מיט ברענענדיקע אויגן, וואָס ער שלאָפט ניט דורך די נעכט און וואַרט אויף מיר? וועל איך צו אים פאָרן מיט דער באַן און מיט אַ שיף אין אַ לאַנד אין זאַגראַניצע?

די ציגיינערקע האַלט שוין לאהס האַנט אין אירער און מיט דער צווייטער פירט זי איבער די אויסגעקאַרבטע ליניעס פון לאהס דלאָניע און לייענט אַרויס פון די שורות איר מזל:

— דו וויינסט דורך די נעכט — זאָגט זי איר. — דיין דאָליע איז אַ שלעכטע. דער, וואָס דו האָסט אים ליב, האָט דיך ניט ליב. פאַר דיר שטייט אַ לאַנגער, לאַנ־גער וועג איבער אַ שוואַרצן ים...

לאה האָט אַרויסגעכאַפּט די האַנט פון דער ציגיינערקעס געלע הענט, אַרויסגע־נומען נאָך אַ מטבע, צוגעוואָרפן דער ציגיינערקע און אַ זאָג געטאָן:

—איצט וואַרף מיר קאָרטן...

פּעשע און מלכה האָבן זיך צוגעקוקט פון אַ זייט. זיי זיינען געשטאַנען ווי צע־מישטע און ניט געוואוסט ווי אויסצוטייטשן דעם מאָדנעם קאַפּריז פון איינער, וואָס האָט זיך געלערנט אין אַ גרויסער שטאָט און וואָס טראָגט אין דער וואָכן אַ היטעלע מיט הענטשקעס גלאַט אַזוי זיך, אפילו ווען אין גאַס איז וואַרעם...

— — — די קליינע דינה שטייט אַ פאַרציטערטע איבער לאהס שלעכט מזל און גלייבט אין יעדן וואָרט פון דער ציגיינערין. לאה קוקט מיט אומגעדולד ווי די ציגיינערין לייגט די קאָרטן — איר קאָרט, מלך — אין דער מיט, און אַרום לייגן זיך שווארצע צענטלעך, שווארצע טייז, שווארץ און שווארץ... די ציגיינערין דרייט מיטן קאָפּ... נאָר דאָ גיט לאה פּלוצלינג אַ כאַפּ די קאָרטן און גיט זיי אַ שליידער אַוועק פון זיך:

— אַוועק, דו מכשפה! ארויס! — און גיט זיך אַ צי אויס אויפן דיל אין איר לענג און פּראלט ארויס אין אַ היסטעריש געלעכטער, ביז זי צעוויינט זיך און בלייבט ליגן אין ספּאַזמעס. די ציגיינערין בייגט זיך איבער איר און גלעט זי איבערן קאָפּ: — אָרעמע, אָרעמע.

פּעשע רופט זיך אָן:

— גיי שוין. זיי וואַרטן דאָרט אויף דיר.

די ציגיינערין גייט ארויס און פּעשע גייט צו נענטער צו לאהן:

— וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן — גיין צוהערן זיך צו אַזעלכע זאַכן... מע טאָר אפילו ניט. גאָט זאָל היטן.

זי שפּייט אויס. לאה בלײבט ליגן אַ װײל. דערנאָך הײבט זי זיך שװער אויף פון דיל, גלײכט אויס אויף זיך ס׳קלײדל, גײט פּאַמעלעך צו צום קאָמאָד מיטן שפּיגל, קוקט אויף זיך... דינה שפּירט איר נאָך און עס ציטערן איר די פּיס. לאָה באַמערקט דינהן, גײט צו, נעמט זי אַרום, דריקט זי צו זיך:

— װאָס דינהלע? ביסט נאָך אַ קלײן מײדעלע. דיר איז נאָך גוט.

דינה קוקט זי אָן און װײסט איר ניט װאָס צו ענטפערן. אָבער זי דריקט זיך צו לאהן און נעמט זי אַרום און ציטערט שטיל.

— דינהלע, דו האָסט מיך ליב?

— איך װײס ניט.

— אַזוי גאָר? איז װער דען װײסט?

— אַז איר זײט עפּעס אַזאַ מאָדנע.

— זעסט, דינהלע, האָסט טאַקע געטראָפן. איך בין אַ מאָדנע, אַ מאָדנע.

## אין קאַפּוליע

גלײך נאָך שבועות האָט מען דינהן מיט דניאלן אַװעקגעפירט קײן קאַפּוליע אין חדר, און זײ אָנגעדונגען בײ עליע דעם געלן, אַ רבי, װאָס האָט געלערנט אי גמרא — מיט ײנגלעך, אי געגעבן רוסישע אוראָקן נאָכן לערנען. אויף סטאַנציע האָט מען זײ אָנעדונגען בײ שאַיע דעם װאַסערטרעגער, אַרויף באַרג, און שרה האָט געניײט בײ ראָדען אַראָפּ באַרג. אַזױ אַז שאַיע דעם װאַסער־טרעגערס שטיבל איז כמעט װי אַריבערגעהאַנגען איבער ראָדעס שטיבל. דינהן מיט דניאלן איז דער אי־בערבײט אין זײער לעבן געװען שטאַרק ניט צום האַרצן און שרהן איז ניט לײכט אָנגעקומען ביז זי האָט זײ אײנגעבראַכן צו ביסלעך. זי פלעגט זײ אין די ערשטע פרימאָרגנס פירן אין חדר אַרײן, און עסן פלעגן די קינדער גײן צו ראָדען, װאו זײ האָבן שוין אין אײנעם מיט שרהן געגעסן דאָס װאָס מ׳האָט זײ געבראַכט פון דאָרף און דאָס אויסגעקאָכטע, װאָס ראָדע האָט שוין פאַרגרײט אין אײנעם מיט איר אײגן קאָכן.

דניאל האָט זיך לײכטער אײנגעלעבט מיט די קינדער אין חדר, אַלע ײנגלעך. דינה איז געװען דאָס אײנציקע מײדל צװישן די ײנגלעך בײם טיש. נאָכן לערנען איז דניאל אַװעק מיט די ײנגלעך אין גאַס זיך שפּילן, און דינה האָט שוין אַלײן גע־טראָפן און איז אַװעק צו ראָדען. די ערשטע טעג איז זי געזעסן אַ שטילע אין אַ װינקל און מיט אומעטיקע, פאַרחידושטע אויגן געקוקט אויף שמואל־אהרנען, װי ער ליגט מיט אַ האַלב־אויסגעקרימט, צעװײטיקט פּנים, עפּעס װי האַלב לאַכנדיק און האַלב װײנענדיק, מחמת זײן פּאַראַליז; און אויף שפּרינגען מיטן הױכן קעל־נערל, מיטן שטײף־פאַרשנורעװעטן, כמעט קינדערישן קערפּער, מיט די רױטע קלײנע אויגן, װאָס טרערן פון הינטער די שװער־באַרײמטע גלעזער און זי מוז זײ אָפט אַראָפּנעמען און נוצן צװײערלײ טיכעלעך — אײנס אויף אויסװישן די גלעזער און דאָס צװײטע פאַר די פאַרטרערטע אויגן. די ערשטע טעג זײנען דינהס בליקן

ניט אַראָפּ פון די צווייִ אויסטערלישע פיגורן — זי האָט זיי באַטראַכט ווי ניט קיין לעבעדיקע וועזנס, נאָר עפּעס אַזעלכע זאַכן, וואָס זיינען דאָרט געווען צוגעגרייט פאַר איר, אויף צו באַטראַכטן און צו חידושן זיך. שרה האָט באַמערקט, ווי דינה זיצט ווי אַ פאַרשטאַרטע און נעמט די אויגן ניט אַראָפּ פון זיי — האָט זי איר איין מאָל געזאָגט, אַז ס'איז ניט שיין אַזוי. האָט דינה פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן זיצן אין אַ ווינקל פון קיך און ניט אַריינקוקן אין קאַמער, וואו שפּרינצע האָט כסדר געשטאָכן מיט אַ קליין נעדעלע די דריבנע שטעכעלעך; און ניט צום ווינקל, וואו שמואל־אהרן איז געלעגן. אַזוי איז איר געווען נאָך שווערער און נאָך אומעטיקער.

ביז איין מאָל איז שפּרינצע צו איר צוגעקומען און זי אָנגענומען ביים האַנט. דינה האָט אויפגעציטערט, ווי פון אַ חלום וואָלט מען זי אויפגעוועקט.

— דינהלע, אפשר וואָלסטו וועלן איך זאָל דיך אויסלערנען ווי אויסצונייען אַ לעכל?

דינה, ניט וויסנדיק וואָס צו ענטפערן, האָט אי אַ דערפרייטע, אי אַ צעשראָ־קענע אַרויסגעשטאַמלט:

— כ'וואָלט אוודאי געוואָלט.

— נו, טאָ קום, דינהלע, וועל איך דיר וויזן.

דינה איז איר נאָכגעגאַנגען. שפּרינצע האָט גענומען אַ בענקל, אַוועקגעשטעלט ניט ווייט פון דעם בענקל וואו זי אַליין איז געזעסן, אַרויסגענומען פון אַ קעסטעלע אַ פינגערהיטל, פון אַ נאָדלטעשל האָט זי אַרויסגענומען אַ נאָדל, פאַרצויגן מיט אַ ווייסן באַוול, גענומען אַ שטיקל בלויע סאַטינענע שמאַטקע, צונויפגעלייגט אין צווייען, פאַרסטריגעוועט אַרום די ברעגן — און מיט אַ קליין שערעלע דורכגע־שניטן אַ לאַנג לעכל, אַ שפּאַלט אין מיטן. זי האָט דעם פינגערהוט אָנגעטאָן אויף דינהס פינגער:

— זעסט? — איך האָב געוואוסט, אַז עס וועט דיר פּונקט פּאַסן. ניט צו קליין.

און האַלטנדיק דאָס בלויע שטיקל סאַטין צווישן זיך און דינהן, האָט זי מיט דער נאָדל אָנגעהויבן שטעכן אַרום דעם דורכגעשניטענעם שפּאַלט און פאַרוואַרפן ביי יעדן שטאָך דעם ווייסן פאָדעם אַרום דער נאָדל, מיט אַ שלייף — ביז ס'האָט זיך באַקומען אַ גלאַטיק, לאַנג, דין, ווייס פּאַסיקל אין מיטן פון דעם בלויען סאַטין. דינה, וואָס האָט אין דער היים שוין געהאַט געזען איר מוטער און אירע שוועסטער אין די ווינטערדיקע אָוונטן זיצן און העפטן און האָט שוין אַליין אויך געקענט האַלטן אַ נאָדל אין האַנט, האָט די אַרבעט לייכט איבערגענומען. אמת, איר אַרבעט האָט זיך ניט געקענט פאַרגלייכן מיטן מוסטער, וואָס שפּרינצע האָט פאַר איר געמאַכט. נאָר זי האָט געהאַלטן אין איין שטעכן און לערנען זיך אויף פאַרשיידענע שמאַט־קעלעך וואָס שפּרינצע האָט איר געגעבן, און אַזוי האָט זיך פאַר איר אָנגעהויבן אַ נייַ לעבן אין קאַפּוליע, ביי ראָדען אין שטוב. זי איז געוואָרן שפּרינצעס רעכטע האַנט, איר אויסגענייט לעכלעך אין פּראָסטערע בלוזקעס אָדער לייבקאַפּטלעך, און אַז זי איז היימישער געוואָרן אין שטוב, האָט זי אָנגעהויבן צוצוגיין צו שמואל־אהרנס בעט אויך, אים דערלאַנגען אַ פּאַפּיראָס, אָנצינדן, און האַלטן אים פאַר אים

ביז ער האָט עטלעכע מאָל אַ צי געטאָן, און אים אָוועקגעלייגט, אים דערלאַנגען אַ גלאָז וואַסער, און אַ מאָל דעם שאַך מיטן שאַך־ברעטל.

מאָטל, ראָדעס דריטער זון, וואָס איז איצט געווען דער עלטסטער אין דער היים און איז געווען אין גאַנצן אַ צוויי יאָר עלטער פון דינהן, האָט איר געוויזן ווי אויסצושטעלן די פיגורן אויפן שאַך־ברעטל פאַר שמואל אהרנען. ביסלעכווייז האָט זיך שמואל־אהרן אזוי צוגעוואוינט צו דינהס הילף, אַז דורך דער צייט ווען זי איז געווען אין חדר, פלעגט ער זי האַלטן אין איין רופן. און פאַר דינהן איז ראָדעס שטוב געוואָרן דער איינציקער אָנהאַלט אין איר אומצופרידן קינדעריש לעבן. דעם חדר האָט זי ניט ליב געהאַט. די לימודים האָבן זי ניט שטאַרק אינטערעסירט.

די שטוב, וואו זי פלעגט דאַרפן נעכטיקן איז פאַר איר געווען ווי אַן אָפּקומעניש. שאַיע דער וואָדאָוואָז איז געווען אַ טויבער און זיין ווייב נעכע איז געווען אַ הויכע, אויסגעטריקנטע, ברייט־ביינערדיקע יידענע, וואָס האָט אַלע מאָל געהוסט, געשנייצט די נאָז און געבורטשעט, קיין מאָל ניט געווען צופרידן. קיין קינדער האָט נעכע ניט געהאט און זי האָט אליין פיינט געהאט קינדער. אַז זי פלעגט אַ קוק טאָן מיט אירע קאַסאָקע אויגן צו דינהס ווינקל, פלעגט זיך דינהן אָפּרייסן אין האַרצן. נאָר אַנדערש איז געווען מיט דניאלן: ער איז געווען אַ שטיפער, און פון אַלץ האָט ער געשלאָגן רווח. מיט נעכען פלעגט ער זיך אזוי רייצן: ביי איר אין קאַטוך האָבן זיך געפונען צוויי הינער, און דער קאָטוך איז געווען אי זייער אַ לאַנגער, אי זייער אַ נידעריקער, כמעט ביי דער ערד. איז אַז די הינער פלעגן אַ מאָל לייגן אַן איי, פלעגט זי בעטן דניאלן, אַז ער זאָל אַריינקריכן אין קאַטוך און איר דערלאַנגען דאָס איי. איין מאָל האָט ער דאָס איי מיט אַ כיוון אַרויסגעלאָזט פון דער האַנט און ס'האָט זיך צעגאָסן איבערן שטיינערנעם דיל. האָט נעכע יענע נאַכט ניט אויפגעהערט צו שעלטן. אַ צווייט מאָל האָט ער דערלאַנגט צוויי אייער פון קאַטוך און האָט אויסגעשריען: — אוי, סאַראַ גרויסע אייער! — איז נעכע אַ פאַרציטערטע געוואָרן און געשפּיגן, און געשריען, אַז דער ממזר וועט חלילה אַן עין־הרע געבן און די הינער וועלן זיך אויפהערן לייגן און וואָס וועט זי דאַן טאָן אָן אַן איי אין שטוב? — און כך הווה: די הינער האָבן זיך אויפגעהערט לייגן און נעכע איז אַרומגעגאַנגען אין איינע צרות, געשפּראָכן די הינער אַן עין־הרע, ניט געלאָזט דניאלן צוגיין צום קאַטוך.

איין מאָל, אין מיטן נאַכט, אַז דניאל מיט דינהן זיינען געשלאָפן אויף דער הרובע, האָבן זיי דערהערט שרעקלעכע קולות, און איידער זיי האָבן זיך נאָך אויסגעטשוכעט פון זייער קינדערישן שלאָף, האָבן זיי דערפילט אויף זיך שטיקער פון טעפּ און טעלער און שייטלעך האָלץ. די קינדער זיינען מער טויט ווי לעבעדיק געלעגן עטלעכע מינוט, ביז זיי האָבן באַנומען וואָס דאָ טוט זיך. דערנאָך האָט דניאל דער ערשטער זיך אראָפּגערוקט פון דער הרובע, די קליידער אין די הענט, און שטיל גערופן דינהן:

— דינה, דו לעבסט?

דינה האָט מיט אַ פאַרשטיקטן אָטעם געענטפערט:

— איך ווייס ניט.

— וואָס הייסט, דו ווייסט ניט? נעם די קליידער, טו זיך אָן.

— וואו וועלן מיר גיין? ס'איז דאָך נאַכט.

— האָב ניט קיין מורא, דינה. איך וועל דיך ברענגען צו ראָדען.

דינה איז געלעגן אין איינע שרעק, און מורא געהאַט זיך רירן פון אָרט. דער־ווייל איז דאָס געשלעג אין הויז אַ ביסל שטילער געוואָרן. פון קלעפּ און פון צע־בראָכענע טעפּ און שייטלעך האָלץ איז עס איבערגעגאַנגען צו קללות און זידלערייַ און ביז צו נעכעס הייזעריק שלוכצן:

— דו, שיכור איינער! אויף טויט האָט ער מיך שיר־ניט דערהרגעט, פינצטער מזל מיינס. עלנט ווי אַ שטיין בין איך. וואָלט איך געווען אין מיין שטאָט, וואָלטן דאָך אים מיינע ברידער אין לייַלעכער פון שטוב אַרויסגעטראָגן — וואָלט ער שוין געוואוסט ווי צו שלאָגן זיך, דער טויבער יאַש, דער שיכור.

פון שאַיעס זייט לאָזן זיך הערן איינציקע אָפּגעריסענע ווערטער:

—שלאַק. שטיין. קאַסאַקע צויג. ווער דאַרף דיך דאָ? שוין לאַנג געדאַרפט גטן און פטור ווערן. מיינע קדישים, וואָס זי האָט מיר דאָס געהאַט. סטערווע.

פון נעכעס זייט ווערן די ווערטער אַלץ שטילער, ביז זי פאַרגייט זיך אין אַ לאַנגן, האַלב וויינענדיקן, האַלב זיך בעטנדיקן מאַנאָלאָג־געשעפּטשע:

—אַ געשטראָפטע בין איך... פון מיין מאַמעס בויך האָב איך באַדאַרפט אויס־רינען. צו אַזאַ גראָבן יונג באַדאַרפט אָנקומען... קיין טראָפּן נחת אין מיין לעבן ניט געהאַט. אוי־ווייַ און ווינד, אוי־ווייַ און ווינד...

און מיט אָט־די ווערטער ווערט שטיל אין שאַיע דעם וואַסערפירערס שטוב. זי איז אין מיטן נאַכט ווי דורך אַ פּאַגראָם באַפאַלן געוואָרן פון אייגענעם צער און צאָרן, וואָס האָט זיך דורך די שווערע פריידלאָזע טעג און נעכט אָפּגעשפּאָרט ביים טויבן וואַסערטרעגער אויף זיינע אויסגעבויגענע פּלייצעס, און ביי זיין ווייב נעכע מיט איר פאַרקרימט מזל, וואָס האָט אין איינעם מיט איר קאַסאַקן קוק געקרימט זיך אויף איר לעבן.

יענעם פרימאָרגן זיינען דינה מיט דניאלן אַוועק אין חדר אָן אָנבייסן. דניאל האָט געקוקט אויף דינהן מיט מיטלייד, געפּרוווט זי טרייסטן:

—ווייסט, דינה — ס'יז דאָך הייַנט דאָנערשטיק. נאָכן לערנען וועלן מיר גיין גלייך אין מאַרק און וועלן דאָרט זען פורן פון דער היים, אפשר די מאַמע מיטן טאַטן אויך.

— נו, איז וואָס? אַהיים קען מען דאָך סיי־ווי ניט פאָרן. מאָרגן גייט מען דאָך אין חדר.

— יע, אָבער מאָרגן וועלן מיר דאָך פאָרן אַהיים אויף שבת.

דאָס האָט שוין דינהן אַ ביסל דערוואָרעמט.

— זאָל מען כאָטש שיקן די פור. ניט אַלע פרייטיק קומען זיי נאָך אונדז.

— נו, איז וועלן מיר גיין צו פוס. ווי ניט, וועלן מיר פאָרן מיטן פעטער לייבע.

דינה ווערט ווידער אומעטיק:

— איך האָב מורא צו גיין פאַרביי קייליע, און נאָך דעם דורך דער ביבאַלאָטע. אלע מאָל זיינען דאָרט דאָ ציגיינערס און הינט.

אויף מאָרגן, פרייטיק, אַז די קינדער זיינען פריי געוואָרן פון חדר און די פור איז ניט געקומען, האָבן זיך דינה מיט דניאלן געלאָזט אין וועג אריין, אהיים אויף שבת, אַ מהלך פון אַכט וויאָרסט, וואָס אַז מע לאָזט זיך אַרויס האַלב גייענדיק און האַלב אונטערלויפנדיק — אי פון קינדערישער בייגעריקייט, אי זייער אָפּט פון מורא, אַז ציגיינער זאָלן ניט צוכאַפּן אָדער זאָלן די הינט ניט אָנרייצן — מאַכט מען דעם וועג אין צוויי שעה צייט. נאָר אַ מאָל, אַז מע פאַרגעסט זיך און מע פאַררעדט זיך און מע זעצט זיך אָפּרוען און מע קלייבט יאַגעדעס, קומט מען אָן אַהיים שוין באַלד צו ליכט־בענטשן...

יענעם פרייטיק זיינען דינה מיט דניאלן אַוועק אויפן וועג אַהיים גלייך נאָכן חדר, אפילו ניט אריין צו ראָדען זאָגן שרהן, אז מע גייט אַהיים. דאָס וואָלט סיי־ווי קיין נוצן ניט געבראַכט, ווייל שרה איז גאָר זעלטן ווען אַהיימגעפאָרן אויף שבת.

אַז מע גייט אַרויס פאַר־פרי און מען גייט ביים וועלדל, וואָס פירט פון שטעטל גלייך קיין סטאַנקי, קען מען יע אַ מאָל אָנגעגענען דעם פעטער לייבע, וואָס פאָרט יעדן פרייטיק מיט אַ ליידיקער דראַבינע פון קאַפּוליע אַהיים, נאָך דעם ווי ער לייגט אָפּ דאָס פאַרקויפטע געהילץ. כאָטש זיין נעמען די קינדער אונטערפאָרן, ענ־דיקט זיך תמיד מיטן אייגענעם נוסח: — גוט־מאָרגן, קינדער. — גוט־יאָר, פע־טער. נעמט אונדז אונטערפאָרן אַהיים. — גוט, קינדערלעך, אָט קומט און גייט ביי מיין זייט.יונגע פיס דאַרפן זיך לערנען ווי צו גיין. ס'איז געזונט פאַר די ביינער, קינדער: אַ סקאַטינע דאַרף מען שאַנעווען — אַ שטומע זאַך. מע דאַרף זי אָפּהיטן. גיסטע דער בהמה אַ גוט בינטל היי, גיט זי דיר צוריק אַ דאָניעצע מיט גוטער מילך. שאַנעוועסטע דיין פערד דורכן ווינטער, וועט עס דיר אָפּדינען דורכן זומער. אַ שיינער טאָג, קינדער. ס'איז דאָך אַ חיות אויף גאָטס ערד אין אַזאַ טאָג...

און אַזוי האָט ער איינגענומען די קינדער, און זיי זיינען טראָט ביי טראָט אים נאָכגעגאַנגען ביי דער זייט פון דער פור ביז דורכן וועלדל און ביז צו זיין הויז, וואו די מומע יאַכע איז אַלע מאָל אַרויסגעקומען פאַרשפּרייט מיטן ברייטן, ווייסן פאַר־טעך אויף איר פעסטן, ברייטן בויך און היפטן און דערלאַנגט די קינדער עפּעס אין מויל אריין און אָנגעזאָגט: — גייט, קינדער, פון דאַנען גלייך אהיים, בלייבט ניט שטיין ביי די יאַגעדעס אין וואַלד, איר זאָלט ניט פאַרשפּעטיקן צו ליכט־בענטשן און די מאַמע זאָל זיך ניט דאַרפן קלעמען...

## שווערע וואָלקנס

דער זומער איז אַוועק, און מיט די האַרבסטיקע טעג האָבן זיך שווערע וואָלקנס אָנגעצויגן אי איבערן דאָרפיקן הימל, אי איבער שלומס שטוב — דער טויער צום דאָרף. מאַרקאָ, וואָס אויף זיין נאָמען שלומס גאַנץ פאַרמעגן איז געווען איבער־געשריבן, איז קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער קרענק. מ'איז געפאָרן אין אַ גרוי־

סער שטאָט צו אַ גרויסן דאָקטער, און יענער האָט דערקלערט, אַז מאַרקאָ ליידט אויף אַ ראַק אין האַלדז און אַז קיין רפואות זיינען פאַר דעם ניט פאַראַנען.

שלומס הויז האָט עס געטראָפן ווי אַ דונער. שלום איז כמעט יעדע וואָך אים געפאָרן מבקר־חולה זיין, אים געבראַכט פאַרשיידענע געטראַנקען און איינגעמאַכצן, וואָס פעשע פלעגט מאַכן און פאַרשרויפן אין גלעזערנע סלאָיעס. יעדע וואָך איז שלום צוריקגעקומען פון מאַרקאָן אַלץ אומעטיקער. ער האָט שוין אפילו געפּרואווט מיטן קראַנקן פאַרפירן אַ שמועס וועגן זיין פעלד און יענעמס וועקסלען, אָבער יענער האָט אַ מידער און אַ קראַנקער קוים פאַרשטאַנען וועגן וואָס שלום רעדט דאָ און האָט נאָר אַלע מאָל געענטפערט: — כל זמן איך לעב, שלום, וועט דיר פון מיין האַנט קיין שלעכטס ניט געשען.

און אַז מאַרקאָ איז אין אַ זונטיקדיקן טאָג געשטאָרבן, איז נאָכן פּאָכאַראָן, וואָס האָט געדויערט גאַנצע פינף טעג, שלום צוריקגעקומען ווי פון גאָר אַ נאָענטער לוויה. זיין האָב־ און־גוטס איז איצט געבליבן אין די הענט פון אומערלעכע זין און טעכטער און אַן איידעם מאַרקאָס. איצט איז נאָר געבליבן צו שווייגן און צו וואַרטן און צו זאָרגן דורך די טעג און נעכט, און דער טראָט אויף דער ערד האָט פאַר־לאָרן די זיכערקייט, ווי די ערד וואָלט אַרויסגעשוואומען פון אונטער די פיס.

## אַ חתונה

דערווייל איז אָבער אַלץ געגאַנגען ווי ביז איצט, און אין אוהלי האָט מען זיך געריכט אויף א חתונה — אַלטע, פייסע דעם שמידס בת־יחידה, האָט חתונה פאַר מיישקען, מאיר דעם גאָנטאַרס זון. מאיר, אַ ייד אַן ערלעכער און אַ פשוטער, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, האָט זיך יאָרן לאַנג אויפגעהאַלטן ביי שלומען אין הויז און געמאַכט גאָנטעס, מיט נאָך גאָנטאַרעס, אין שלומס וואַלד. געהאַט האָט ער דעם איינעם זון, און איז געווען אי דער טאַטע און אי די מאַמע, ווייל די מוטער איז אין קימפּעט געשטאָרבן. און האָפן האָט דער אַלטער פאָטער געהאָפט, אַז זיין זון, אי אַ שיינער, אי אַ געראָטענער, וועט נאָך אַ מאָל מיט גאָטס הילף ווערן שלום אוהליערס אַן איידעם — ווייל מלכה, שלומס עלטערע טאָכטער, איז אים געווען ווי אַן אייגן קינד, איינגעבאַקן אין האַרצן. נאָר אַז מיישקע פלעגט קומען זען דעם טאַטן, איז כאָטש מלכה פלעגט זיך זייער שיין באַגיין מיט אים און זינגען מיט אים אַלערליי לידער, האָט זי עס עפּעס ווי מיט אַ כיוון צונויפגעפירט, אַז מיישקע זאָל אַ חתן ווערן פאַר אַלטען, אַ וואויל און שטיל מיידל — אָבער זי קומט פאָרט ניט צו מלכהן. דער גוטער יאָר ווייסט זי — מסתמא האָט זי עפּעס אַנדערע האָפענונ־גען, מסתמא דאָס שוועסטערקינד מיט דער לאַנגער פאַלערינע. זינט ער איז דאָ געווען ביים פריזיוו און זינט ער איז צוריקגעפאָרן, איז די מלכה גאָר אַן אַנדערע געוואָרן, לעבט נאָר אין חלומות און שרייבט נאָר בריוולעך. ניט איין מאָל האָט זיך פעשע באַקלאָגט פאַר אים, פאַר מאירן, ווי פאַר אַן אַלטן גוטן פריינד, אויף דעם וואָס די מויד האָט זיך אַריינגענומען אין קאָפּ פוסטע זאַכן, אַז פון דעם וועט סיי־ווי גאָרנישט ארויסקומען...

און איצט, אַז די חתונה איז געווען אין אוהליער דאָרף, און אַזוי ווי אַחוץ פּייסע דעם שמידס הויז און שלום דעם אַרענדאַרס זיינען קיין אַנדערע יידישע היי־זער ניט געווען, איז שוין ממילא שלומס הויז געוואָרן דעם חתנס צד. מ׳האָט זיך אָנגעהויבן דאָ גרייטן ווי אויף אַן אייגענער חתונה: געניייט נייע קליידער, געראַמט, געוואַשן, געקאָכט, צוגעהאָלפן ביי פּייסען אין שטוב מיט אַלץ וואָס נייטיק, און די חופּה און די וועטשערע זיינען געווען ביי שלומען אין שטוב. אין שולקאַמער זיינען געשטאַנען לאַנגע געדעקטע טישן, און דער ענגלייכטער — באַלויכטן אויף אַלע רערן מיט גרויסע סטריגאַווע ליכט. שכנים זיינען זיך צונויפגעקומען פון אַלע דער־בייאיקע דערפער. שלומס הויזגעזינד איז זיך צונויפגעפאָרן. פייטל איז געקומען מיט לאהן פון פּעסאַטשנע, איטשע איז געקומען פון סלוצק, שרהן מיט דינהן און דניאלן האָט מען געבראַכט פון קאַפּוליע. אַלע זיינען געווען פאַרפּוצט אין נייע קליידער. די חתונה האָט זיך געצויגן גאַנצע פינף טעג, ביז די מחותנים זיינען זיך איינציקווייז און ביסלעכווייז צעפאָרן און ביי שלומען אין שטוב איז געבליבן ווי נאָך אַ חתונה. פייטל מיט לאהן זיינען צוריקגעפאָרן קיין פּעסאַטשנע און די קלע־נערע קינדער האָט מען צוריקגעפירט קיין קאַפּוליע.

איטשע איז צו דער חתונה געקומען אַן אויסגעוואַקסענער, ווי אַ יונגער בוים, שלאַנק און שיין, מיט אַ הויכן קאָפּ שוואַרצע קוטשעראַווע האָר, מיט אַ ברוין, רונד פּנים און מיט זייער ערנסטע אויגן. געהאַלטן האָט ער זיך זייער שטיל, גע־ענטפערט נאָר וואָס מ׳האָט אים געפרעגט, שטענדיק מיט אַ שאַרפן און קלוגן ענטפער, כאָטש געזאָגט האָט ער עס גוטמוטיק און שמייכלענדיק. און דורך דער צייט, וואָס ער איז ניט געווען פאַרנומען מיטן העלפן אין שטוב, האָט ער געהאַלטן אָפן צו צוויי ביכער פאַר אַ מאָל און אין זיי עפּעס געזוכט און פון זיי עפּעס אַרויס־גענומען און פאַרשריבן אויף לאַנגע, שמאָלע בויגנס פּאַפּיר. דערנאָך האָט ער די ביכער צוריק באַהאַלטן אין אַ קאָמאָד. און אַז דינה האָט געוואָלט אַריינקוקן וואָס דאָרטן איז, פלעגט ער זי גוטמוטיק אָפּרוקן פון זיך:

— גיי, דינה, וועסט ניט פאַרשטיין.

דינה האָט זיך געפילט באַליידיקט. אַלע מאָל זאָגט ער אַז זי וועט ניט פאַר־שטיין. זי ווייסט, עס האָט מסתמא ווידער צו טאָן מיט גאָט, ווי דעמאָלט, ווען זי איז נאָך אַזאַ קליינע געווען און ער האָט איר דערקלערט, אַז אין אַלץ איז פאַראַן גאָט. זי וועט וואַרטן. זי וועט לערנען, פּונקט ווי ביז אַהער. זי וועט נאָך אַ מאָל קענען לייענען אין צוויי ביכער פאַר אַ מאָל, ווי איטשע, און פון זיי עפּעס אַרויסשרייבן אויף לאַנגע, שמאָלע בויגנס פּאַפּיר, ווי ער... דערווייל שטייט זי מיט גרויס דרך־ארץ פאַרן הויכן שיינעם ברודער, וואָס קומט פון אַ ווייטער שטאָט און ער פאַר־שטייט זאַכן, וואָס זי קען נאָך איצט ניט פאַרשטיין. אַלץ וואָס זי קען אַרויסרעדן, זאָגט זי מיט אירע אויגן, וואָס קוקן אויף אים און גלעטן אים. נאָר ער קוקט זיך אויף זיי קוים אום, ווייל ער איז פאַרנומען מיט גרעסערע, מיט טיפערע ענינים.

קאַרל מאַרקסן לערנט ער. אַ נייע וועלט וויל ער בויען און דער וועג איז — אַ געוואַגטער און אַ וואונדערלעכער פאַר אַזעלכע יונגע, שלאַנקע הירשן־פיס, פאַר אַזאַ שיינעם געקרויזטן, יונגען קאָפּ האָר, אונטער אַזאַ זוניקן און צוזאָגנדיקן הימל. דורך דער וואָך, וואָס איטשע האָט פאַרבראַכט אין דער היים, איז ער פאַר יעדן

פון די אַרומיקע ווי אַ נייע אַנטפּלעקונג אויפגעשוואומען. מ׳האָט אין אים דערזען עפּעס אַזעלכס, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרגעסן. נאָך זיין צוריקפאָרן קיין סלוצק האָבן שבת ביים מנין אַלע גערעדט וועגן אים און וועגן זיינע וועגן. און שלום אַליין, פאַר וועמען איטשעס וועגן זיינען ניט געווען קלאָר און פאַרשטענדלעך, האָט אויך מיט אַ געוויסן שטאָלץ איבערדערציילט וואָס מע דערציילט וועגן איטשען אין סלוצק: אַ גאַנצער מאַכער איז ער אין אַזעלכע שולן פאַר די אַרבעטער, וואו מע לערנט נאָר ביי נאַכט, און זיין באַלעבאָסטע ציטערט איבער אים...

אַז אַלע קינדער זיינען זיך צעפאָרן און אין שטוב ביי שלומען האָט ווידער אָנגעהויבן צו הודיען די דאגה: וואָס וועט זיין? — האָט זיך פּעשע באַרעכנט, אַז זי איז שוין לאַנג ביי זיך אין דער היים ניט געווען, און אַזוי ווי דער וועג איז איצט אַ גוטער און קיין צו פיל אַרבעט איז אין די ווינטערדיקע טעג אויך ניטאָ — איז וואָלט אַ פּלאַן געווען, אַז מע זאָל זיך דורכפאָרן אַהיים, זען זיך מיט טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען שוין אויך נישט יונג, און שוין טאַקע אין דער אייגענער צייט דורכ־רעדן זיך, זיך האַלטן אַן עצה מיטן טאַטן, מיט די ברידער: וואָס מע זאָל טאָן וועגן פאַרמעגן, וואָס ליגט איצט אַזוי אויף הפקר ביי פרעמדע אין די הענט.

האָט מען געשפּאַנט צוויי פערד, זיך וואַרעם אָנגעטאָן, מיטגענומען שפּייז, און זיך געלאָזן אין וועג אריין. דאָס פאָרן פון אוהלי קיין ניעסוויזש און פּאָהוליאַנקע האָט גענומען צוויי טעג. איבערנעכטיקן איז אויסגעקומען אין וועג, ביים פּעטער מעסעלע, וואָס האָט געוואוינט אין אַ דאָרף פּונקט האלב וועג. דערווייל האָט מען זיך געזען מיט משפּחה, זיך נאָכגעפרעגט און גערעדט וועגן אייגענע, וועגן די גזרות וואָס ווערן האַרבער און שווערער פון טאָג צו טאָג. אָנגעקומען קיין פּאָהוליאַנקע איז מען פריייטיק ארום האלבן טאָג. די אַלטע גיטעלע, פּעשעס מאַמע, האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דער טאָכטער און מיטן איידעם. ר׳ מרדכי, וואָס איז שוין אַלט גע־ווען הונדערט און צוויי יאָר און איז נאָך אַלץ געזעסן אין שטיבל און געלערנט, איז אַרויס פון שטיבל אַ גלייכער און אַ וייסער ווי אַ באַשנייטער בוים און אַ צע־שטראַלטער געגעבן דעם איידעם „שלום״, זיך צעקושט מיט זיין בת־יחידה און גע־פרעגט וואָס מע מאַכט און געענטפערט מיט אַ דאַנק דעם, וואָס די הענט ניט גע־וואַשן, פאַרן געזונט: — הלוואי אויף ווייטער ניט ערגער. ביי אַ מענטשן אין זיינע יאָרן איז יעדער טאָג אַ געשענקטער...

## ר׳ מרדכיס לעצטער שבת

דער שבת איז געווען אַ געהויבענער, ווייל מיט שלומען איז שוין דער פּעטער מעסל, ר׳ מרדכיס ברודער, אויך מיטגעפאָרן געוואויר ווערן וואָס מע טוט.

— ביי אַזאַ עלטער איז טאַקע וואָס מע זאָל ניט אָפּרייסן מיט גוואַלד, דאָס האָט מע ניט — אַזוי האָט געטענהט דער פּעטער מעסל צום ווייב און קינדער, וואָס האָבן אים אָפּגערעדט פון לאָזן זיך אין וועג אַריין אין קאַלטע טעג. עס זיינען אויך געקומען ר׳ מרדכיס צוויי זין פון האַראָדישטש — זען וואָס טאַטע־מאַמע טוען, און אַרום טיש, ביי די שבתדיקע סעודות, איז געווען אי שבתדיק, אי יום־טובדיק.

גיטעלע האָט געטראָגן דאָס שבתדיקע שטערנטיכל, מיטן אַטלעסענעם קלייד, מיט דער שנור פּערל. ר׳ מרדכי אַליין האָט זיך געפּילט אויפגעלייגט, געשמייכלט צו יעדן באַזונדער און געזונגען זמירות מיט אַלעמען אין איינעם. שבת צו נאַכטס האָט ער געמאַכט הבדלה אויפן גרויסן זילבערנעם כוס מיט ווייך, געוואונטשן אַלע־מען אַ גוט־וואָך — נאָך דעם איז ער אַריין צו זיך אין שלאָפצימער און געלאָזט רופן צו זיך דעם איידעם.

— הער, מיין קינד, ביסט דאָך א מאנסביל, זע, אז די ווייבער זאָלן זיך ניט איבערשרעקן און ניט מאַכן קיין ליאַרעם. גיי רוף אַריין ברוכן, דעם מילנער. די שעה איז געקומען. איך וויל זאָלסט אַריינרופן די קינדער...

שלום האָט אים געהאָלפן אַראָפּציען די שיך און אויסטאָן די קליידער, אים אַריינגעלייגט אין בעט, אַריינגערופן די שטוביקע:

— דער שווער פילט זיך ניט מיט אַלעמען און בעט מע זאָל אַריין און מע זאָל זיך פאַרהאַלטן שטיל...

און אַז מ׳איז אַלע אַריין אין זיין חדר, האָט מען אים געטראָפן אַ מילדן און אַ רואיקן ליגן מיטן פּנים ארויף, די שנייוויסע באָרד אויסגעלעגט. מיט אַ רוף פון דער האַנט האָט ער צוגערופן זיין שכן ר׳ ברוכן — און אים געהייסן אים פירזאָגן ווידוי, און ער האָט אים נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט — ווייל טאָמער וועט ער שטרויכלען אין אַ וואָרט. ער האָט נאָכגעזאָגט מיט אַ שטיל, דייטלעך קול. ביים לעצטן וואָרט ווידוי, האָט ער צוגעמאכט די אויגן, ווי אַ קינד ביים איינשלאָפן. ר׳ ברוך מיטן פעטער מעסל האָבן זיך אָנגעבויגן איבער אים און דייטלעך אויסגע־רופן: ברוך דיין־אמת. אַלע איבעריקע האָבן אונטערגעהאַלטן: ברוך דיין־אמת.

אַז שלום מיט פעשען האָבן זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָט זיך פעשע געזעצט שבעה. נאָר איידער זי האָט זיך אוועקגעזעצט שבעה, האָט זי איבערן אָרון־קודש אונטערן באַלקן פאַרשטעקט אַ קליין פּעקעלע. וואָס דאָס איז — האָט זיך דינה דערוואוסט ערשט ווען די מומע יאַכע און די מומע רייכל און אַנדערע ווייבער זיי־נען געקומען מנחם־אָבל זיין די מאמע, און די מאַמע האָט זיי איבערגעגעבן אַלע פּרטים פון דעם זיידנס טויט, און וואָס פאַר אַ לוויה ער האָט געהאַט, אַז גאַנץ ניעס־וויזש, סיי יידן, סיי גויים, האָבן אָנגעפילט די גאַסן, וואו מ׳האָט געטראָגן דעם בר־מנן. מאַמעס האָבן קראַנקע קינדער אויף די הענט געטראָגן, זיך דערשטופּט וואָס נענטער און געבעטן, אז דער זכות פון דעם גרויסן צדיק זאָל ביישטיין זייערע אומגליקלעכע עופעלעך, קאַליקעס זיינען נאָכגעשפּרונגען אויף קוליעס, פון הקדש זיינען אַלע אָרעמעלייט אַרויסגעקראָכן און נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה. די לייוונט, מיט וועלכער מ׳האָט אים געוואַשן און די זייף, האָט מען אויף שטיקלעך צעשניטן, אין נענטערע משפּחה האָט עס מיטגענומען אויף אַ סגולה, חלילה...

דינהס אויגן האָבן זיך אָפּגעווענדט פון דער מאַמעס ליפּן, פון וואַנען זי האָט זיי ביז איצט אויף קיין רגע ניט אַוועקגענומען, און זיך פאַרהויבן אַרויף, צום אָרון־קודש, און צום באַלקן, וואָס איבערן אָרון־קודש, און צום קליינעם פּעקעלע, וואָס איז דאָרט פאַרשטעקט. לאַנג האָט זי געקוקט דערויף. אין איר קינדערישן דמיון און אין האַרצן איז צוגעקומען אַ גרויס פאַרמעגן: דאָס הויז און דער אָרון־קודש

און דער באַלקן איבערן אָרון־קודש זיינען ביי איר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הייליקייט. זי האָט אין איר אויסגעפונען אַ כישוף־ראָד, און אין דער מיט — איר זיידע מיטן גוטן, ליכטיקן פּנים, מיט דער ווייסער באָרד, מיט די לאַנגע ווייסע פּאות, מיט דער לאַנגער שוואַרצער קאַפּאָטע אויפן איידעלן, שלאַנקען גוף, מיטן לאַנגן גאַרטל, וואָס האָט ארומגענומען זיינע שמאָלע לענדן און נאָכגעהאָנגען מיט לאַנגע פראַנדזן ביז צו די פּיאַטעס, מיט די ווייכע פּאַנטאָפל. אַלץ האָט זי קלאָר געזען פאַר זיך. דער זיידע איז געשטאָרבן. איצט האָט זי שוין געוואוסט, וואָס דאָס וואָרט „געשטאָרבן" הייסט. „געשטאָרבן" הייסט: זיך אָפּשיידן נאָר אין גוף פון די לעבעדיקע, און די נשמה גייט גלייך אין הימל אַריין, וואו אַלע נשמות וואַרטן אויף איר, פון וואַנען מע וועט זיך שוין קיין מאָל ניט דאַרפן שיידן איינע פון דער צווייטער. דער הייליקער זיידע איז איצט נאָך הייליקער געוואָרן. ער איז אַוועק אין הימל צווישן די מלאכים... אָבער זיין הייליקייט איז אויך דאָ געבליבן צווישן די לעבעדיקע. דאָס קליינע פּעקעלע דאָרט איבערן ארון־קודש אונטערן באַלקן איז איצט געווען אַ סגולה קעגן אַל־דאָס בייז, וואָס אַ לעבעדיקן מענטשן קען ווען באַפאַלן.

## ריווע ווערט אַ כלה

ריווע דער מומע יאַכעס איז קיין קענערקע ניט געוואָרן. די גאַנצע מי, וואָס דער פעטער לייבע האָט אויף איר געלייגט, פירנדיק זי אין די חדרים אַריין, און דער מומע יאַכעס רייד, אַז זי מוז זיך אויסלערנען דאַוונען און אַ יידיש בריוול אָנשרייבן — האָבן ניט געהאָלפן. פאַר די מלמדים האָט זי ווינציק־וואָס דרך־ארץ געהאַט און אַז מע פלעגט פון איר לאַכן און זי רופן „פאַרשטאָפּטער קאָפּ", האָט עס זי ווינציק־וואָס געאַרט. זי האָט זיך געהאַלטן ביי זיך תקיף:

אַלע אירע חברטעס: טאַדאַסיע און אַליענע און קאַטערינע — קענען אויך ניט שרייבן. און אָט האָט יודעס, איר עלטערע שוועסטער, חתונה געהאַט קיין באָברויסק, און קען אויך ניט שרייבן...

יאַכע האָט מורא געהאַט, אַז די מיזינקע אירע זאָל ניט פאַרגרעבט ווערן און חלילה צו שאַנד קומען אין דאָרף צווישן די שיקסעס מיט די שקצים, האָט זי זי אַוועקגעשיקט קיין באָברויסק צו די עלטערע קינדער.

אָפּגעווען איז ריווע אַ ווינטער אין באָברויסק, אויף פּסח אהיימגעקומען, און ניט אַליין — זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך אַ חתן, אַ שטילן, איידעלן, בלייכן בחור, וואָס האָט נאָכגעשפּירט יעדע באַוועגונג אירע, מיט פאַרבענקטע שוואַרצע אויגן. און ריווע, צו זעכצן יאָר, איז שוין געווען אין גאַנצן אַנטוויקלט, מיט אַ הויכן בוזעם, פיינע ווייגנדיקע היפטן, מיט אַ פול, טונקל פּנים מיט רויטע באַקן און רויטע ליפּן, מיט געדיכטע, קוטשעראַווע האָר און מיט גרויסע, שוואַרצע אויגן. פון שעמען זיך האָט זי ניט געוואוסט — געגאַנגען אליין מיטן חתן צו אלע מומעס און פעטערס, און צו די פאַדרושקעס — די שיקסעס, און זיך געפּלייסט, אַז זי האָט שוין אַ חתן...

נאָך פּסח איז דער בלייכער בחור, אַלטער, אהיימגעפאָרן אַ פאַרבענקטער, און אויף שבת נאָך שבועות האָט מען ריווען אַוועקגעפירט קיין באָברויסק מיט אַן אויס־

שטייער פון קישנס און פּערענעס און עטלעכע קערבלעך נדן, און דאָרט איז געווען די חתונה. ריווע איז געבליבן וואוינען אין אַ גרויסער שטאָט צווישן אירע ברידער און אירע שוועסטער. שרייבן אַהיים צו טאַטע־מאַמע האָט געשריבן ניט ריווע, נאָר — אַלטער, דער בלייכער בחור מיט די שוואַרצע אויגן, וואָס איז איצט געווען איר מאַן. קיין אָפטע בריוו זיינען ניט אָנגעקומען, נאָר יעדער בריוו האָט דערפאַר געבראַכט אַ ידיעה מיט אַ מזל־טוב: מיר לאָזן אייך וויסן, אַז ריווע האָט מיט מזל געבוירן אַ זון; און אין אַ צווייטן בריוו איז געווען די גוטע בשורה, אַז „מיר זיינען שוין גאָט צו דאַנקען טאַטע־מאַמע פון צוויי טייערע קינדערלעך" — און אַזוי נאָך עטלעכע בריוו.

## דער פעטער יאַנקל

דער פעטער יאַנקל, שלומס יינגסטער ברודער, איז געווען אַ ייד אַ קבצן, פון אַלע זיינע יאָרן, נאָר אַ ייד אַ לופטיקער. זיין הויכער, לייכט־באַוועגלעכער גוף האָט אַראָפּגעטרייסלט פון זיך די טעגלעכע זאָרגן, וואָס האָבן געלויערט אויף אים פון אַלע זייטן. זיין קאָפּ מיט די שוואַרצע דיכע האָר איז ניט לאַנג געבליבן רוען אויף אַן אָרט. יעדע מינוט האָט ער זיך געדרייט און ארויסגעקוקט מיט די גוטע, כמעט שטיפערישע אויגן, ווי איינער ביים דערוואַרטן, אַז פון ערגעץ פליט אַ רייטער און פירט פאַר אים אַ גוטע בשורה... זיין גאַנץ לעבן האָט ער געוואַרט, אַז די גוטע בשורה זאָל פון ערגעץ אָנקומען... זיין גלאַנציקע, שוואַרצע באָרד האָט זיך תמיד געהאַלטן אין באַוועגן, תמיד האָט ער זי געריררט אָדער געפּוצט מיט זיינע אײדעלע פינגער, און עפּעס צוגעזונגען דערביי.

געוואוינט האָט ער אַלע זיינע יאָרן אין דאָכטערוויטש אין דער אַלטער קרעטשמע, וואָס איז געווען איבערגעבליבן פון טאַטע־מאַמע. די קרעטשמע איז געשטאַנען אונטערגעשפּאַרט פון אַלע זייטן אויף הילצערנע, אַלטע פּאַטפּאָרעס. דער דאַך איז געווען מער לעכער ווי שטרוי. אין שטוב איז געווען דחקות. די שיינע אײדעלע רייכל, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ מיוחסדיקער משפחה, איז מער געלעגן ווי אַרומגעגאַנגען. זי האָט געליטן אויף דער דאָר. אין די יונגע יאָרן איז זי יעדן זומער געפאָרן צו טאַטע־מאַמע אויף דאַטשע אין אַ סאָסנאָוון וואַלד, און געטרונקען קאָמיש. אָבער מיט די יאָרן זיינען טאַטע־מאַמע אָפּגעשטאָרבן און דאָס פאַרמעגן איז אַריבער צו אַ קאַרגן ברודער מיט אַ שלעכטער שוועגערין.

רייכל האָט כמעט יעדן יאָר געבוירן אַ קינד. די אָרעמקייט איז געוואָרן שטאַרקער, און אירע כוחות — שוואַכער, זי האָט אין שטילקייט געלעבט מיט איר בויט, פאַר קיינעם זיך ניט געקלאָגט, נאָר פאַרקערט: אַז טאָמער איז פעשע געקומען, אָדער אַן אנדערער פון דער משפחה, מיט עפּעס צו הילף, האָט מען ניט געוואוסט ווי אַזוי אָנצובאָטן, אַז דער אײדעלער רייכל זאָל עס ניט ווײ טאָן.

יאַנקל, ווידער, האָט אַלע מאָל אַרומגעשוועבט אַ גלייביקער און אַ יום־טוב־דיקער. ער איז געווען באַליבט ביי די גויים פון דאָרף און אפילו פון די אַרומיקע דערפער. אין די יאָרן, אַז מ'האָט נאָך פאַרקויפט שנאַפּס אין די קרעטשמעס, האָט שלום אַלע מאָל צוגעשיקט אַ קייפל שנאַפּס, און יאַנקל האָט געהאַט פרנסה דערפון. דאָס וואָס ס'האָט אויסגעפעלט צום ברויט, האָט אַ גוי אָדער אַ גויע געבראַכט

אונטערן פעלץ אָדער אונטערן פאַרטעך: — נאַ, יאַנקל, אַ בינטל פלאַקס, אַ שיסל הירזש, און אַ מאָל אַ צענדליק אייער אויך. און יאַנקל, אַן אויפגעלייגטער איז תמיד געווען דער גוט־ברודער, מיט וועמען מ'האָט געקענט טרינקען אַ לחיים. און אַז ער איז געקומען אין אַ שכנישן דאָרף, האָבן אים די גויים באַלד דערשמעקט און אים גערופן צו אַ גלעזל בראַנפן, ווי א גוטן גאסט, און פון יאַנקלס זייט איז קיין מאָל קיין מניעה ניט געווען: ער האָט תמיד געהאַט צייט אי אויף אַ גלעזל בראַנפן מיט אַ גוטן שכן, אי אפילו אויף צו פאַרציען עפּעס אַ ניגון אין איינעם מיט די פּויערים אַרום טיש ביים גלעזל. און עס האָט אויך געטראָפן, אַז ווען די מיטטרינקער זיינע האָט זיך איינגעגעבן אים אריינצומישן נאָך א גלעזל צווישן די צוויי וואָס זיינען געווען זיין געזויינטלעכע פּאָרציע, האָט ער זיך נאָך א לאנג בעטן געלאָזט איינרעדן און געטאַנצט די ראַסקאָמאַרושקע. פריער האָט עולם געפּאַטשט מיט די הענט און געזונגען און אים צוגעגעבן חשק. דערנאָך האָט ער פאַמעלעך און שטיל אַראָפּגע־נומען די קאַפּאָטע און דאָס היטל, די באָרד צענומען אויף צוויי טיילן — און מיט פאַמעלעכע, ריטמישע באַוועגונגען צוגעפּאַטשט מיט די הענט צום טאַקט פון די פיס און דעם צוזינגען פון די אַרומיקע, דערנאָך שנעלער און שנעלער, זיך דרייענדיק אויף די שפּיצן פון די שיך, צי אויף די אָפּצאַסן, אַרום טיש אין אַ ראָד — און אַזוי ביסלעכווייז, ביז דער טיש איז שוין געשטאַנען אין א זייט, האַרט צום וואנט, און די פּויערים אַרום די ווענט, אויף בענק און אויף טיש, און מ'האָט געזונגען און גע־פּליעסקעט, און יאַנקל איז פארוואנדלט געוואָרן אין א וויכער, וואָס האָט זיך גע־דרייט אין אַ ראָד, דאָ אויף די שפּיצן פינגער און דאָ אין פּריסאַדקעס ביי דער ערד...

נאָך אַזאַ מעשה איז יאַנקל אויפן קומענדיקן טאָג אַרומגעגאַנגען אַ ביסל אַ פאַרשולדיקטער און האָט מיט בעטנדיקע אויגן געקוקט צו דער איידעלער רייכל און איר געפּרואווט פאַררעדן די גרויע ווירקלעכקייט מיט שיינע לופטפלענער, און רייכל האָט אַ שטילע און אַ מידע געטראַכט בשעת־מעשה פון די קינדערלעך, וואָס זיינען ווי באַב אָן אַן עין־הרע אין שטוב, איינע אונטער די אַנדערע.

און אויף אים, אויף יאַנקלען, האָט זי געקוקט ווי אויף נאָך איינעם פון אירע קינדער, אָן פאַרוואורף:

— יאַנקל, איך טראַכט אַלץ: וואָס וועט עס פון אייך אַלעמען ווערן?...

ביי אזעלכע רייד איז יאַנקל געבליבן א פארלוירענער, ווייל ביי זיך האָט ער גוט געוואוסט, וואוהין די ווערטער צילן. אָבער אויף לאַנג האָט ער זיך ניט פאַר־לוירן:

— וועסט זען, רייזל, דעם זומער וועל איך דיך אַוועקפירן אויף דאַטשע אין פעסאַטשנער וואַלד, וועסט טרינקען קומיש, וועסט דאָרט געזונט ווערן. וועסט זען.

נאָר רייכס איז ניט געזונט געוואָרן.

איין מאָל, ערב־פּסח, איז זי זייער שלאַף געוואָרן, און דער דאָקטער האָט אָפּ־גערופן פּעשען אין אַ זייט און איר אָנגעזאָגט, אַז דאָס מאָל וועט רייכלס קימפּעט אָן אַ געפאַר ניט דורכגיין, און דערפאַר עצהט ער, מע זאָל זי ביי צייטן אַוועקפירן קיין סלוצק אין דער באָלניצע. עס האָלט מיט איר זייער שמאָל.

פעשע איז אַהיימגעקומען, איבערגערעדט די זאַך מיט שלומען, און אויף מאָרגן האָט מען געשפּאַנט פערד און וויך געבעט אַ וואָגן, און אַוועקגעפירט רייכלען קיין סלוצק, אין דער באַלניצע אַריין. זי איז דאָרט אָפּגעלעגן אַ זעקס וואָכן, און ביים געבוירן איר אַכט קינד איז זי פון אַ בלוט־שטורץ געשטאָרבן.

יאַנקל איז צוריקגעקומען פון סלוצק אויף שלומס פערד און וואָגן, און פעשע האָט אַהיימגעפירט דאָס עופעלע, אַ יינגעלע מיט אַן אויסגעהונגערט גופל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שרייען און זוכן מיטן מיילכל אין דער לופט, און וואָס ס'איז געקומען נאָענט צום מויל, האָט עס זיך געקלאַמערט אַן דעם און געזויגן.

די עלטסטע ביי יאַנקלען אין שטוב איז געווען ביילע, אַ מיידל פון פערצן יאָר, אַ הויך־געוואַקסענע, אַ סטראַינע, אַ שטאַלצע און אַ שטילע. זי האָט איצט אַלץ באַנומען מיטן פאַרשטאַנד פון אַ דערוואַקסענער. כמעט שטילערהייט האָט זי זיך איינגעשפּאַנט אין שפּאַן. נאָך ווען די מאמע האָט געלעבט איז שוין ביילען אויסגעקומען צו זיין די באַלעבאָסטע אין שטוב: קאָכן, ראַמען, נאָכקוקן די קלענערע קינדער, אויסוואַשן און אפילו פאַררכיטן אַ בגדל אויך. איצט איז זי מיט אַ מאָל געוואָרן ערנסטער און אויף זיך גענומען די ראָלע פון אַ מוטער.

אין שטוב האָט זיך כמעט קיין זאַך נישט געביטן. אַז יאַנקל פלעגט אַהיימקומען פון דאָרף אָדער פון אַ דערבייאיק שטעטל אין די פּאַרנאַכטן, האָט ער געפונען דאָס ביסל געקעכץ וואַרטן אויף אים. די קינדער זיינען שוין אַלע געשלאָפן. אויב ער איז פאַר פרי געקומען, זיינען די קינדער געווען אין גאַס, געשפּילט זיך מיט יונגוואַרג פון דאָרף, געריסן אויפּס פון אַ שכנס סעדל, געקומען פון דערבייאיקע פעלדער און וועלדער, אַ מאָל מיט יאַגעדעס, מיט שוואָמען, מיט ניס, מיט קאַשטאַנעס.

אַזוי כמעט אַן קיין איבערבייט.

ביז איין מאָל איז יאַנקל אַוועקגעפאָרן אויף אַ יאַריד אַזש קיין פּאַליעשע, האָט זיך דאָרט אָפּגעזאַמט גאַנצע צוויי וואָכן און פון זיך ניט געלאָזט הערן. דערפאַר אָבער האָט זיין צוריקקומען אויפגערודערט ניט נאָר זיין אייגענע אָנגעפּאַקטע שטוב, נאָר דעם גאַנצן אָרום: — ער איז אָנגעקומען אין אַ דאָנערשטיק און מיט זיך האָט ער מיטגעבראַכט אַ מיטליעריקע קורצע יידענע מיט רויטע קרענקלעכע באַקן, מיט פאַרטערטע אויגן און מיט הענט, וואָס זיינען געווען אויסגעפּאַרבט מיט די זיבן פאַרבן פון אַ רעגנבויגן. מיט אָט דער יידענע זיינען אין יאַנקלס ענגער שטוב אַריין צוויי יינגלעך און אַ הויך, דאַר, איינגעהויקערט מיידל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין הוסטן. צו דער פור איז געווען צוגעבונדן אַ קליינגעוויקסיקע בהמה מיט לאַנגע אייטערס און האַלב־לבנהדיקע הערנער אין דער ברייט. אין וואָגן איז געלעגן אַ קאַלב, פיר געבונדענע הינער און קלומיקעס מיט שמאַטעס, און אַלטע טעפּ מיט טעלער. דאָס האָט זיך יאַנקל איינגעהאַנדלט אַ מציאה אויפן יאַריד. גוטע־ברידער האָבן ביי אַ גלעזל בראַנפן אים צוגעשאַרט אַ קניה, ער זאָל מיט ליידיקן זיך אַהיים ניט אומקערן.

פון דעמאָלט אָן איז יאַנקלס שטוב פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום. קריינע די פאַרבערקע, אַזוי האָט געהייסן יאַנקלס ניי ווייב, איז יעדן טאָג אויפגעשטאַנען מיט נייע זאָרגן און נייע צרות. זיבן יאָר איז זי אָפּגעזעסן אַן אלמנה, זיך אויסגע־

שלעפּט אויף אַלע יאַרידן, געזוכט וואָס צו פאַרבן און געצויגן דאָס שטיקל דאַר ברויט פאַר די דריי יתומים. האָט זי זיך געזוכט צו פאַרגרינגערן איר לעבן — און איז אַריינגעפאַלן. זי דאַרף יעדן אין דער פרי אַרויס איבער די שכנישע דערפער זוכן אַרבעט, אַלטע בגדים איבערצופאַרבן, און אַז זי קומט מיטן פּאַק אַ פאַרמוטשעטע אַהיים, באַפאַלט מען זי פון אַלע זייטן: זיינע קינדער האָבן אירע צעשלאָגן, אירע יינגלעך האָבן זיינע קלענערע מיידלעך צעהרגעט. די שטוב פלעגט גיין אויף רעדלעך, איינער האָט איבערגעשריען דעם צווייטן , און עסן איז ערשט ניט געווען וואָס. יאַנקל, וואָס איז קיין מאָל ניט געווען קיין שטובזיצער, האָט איצט אין גאַנצן אָנגעהויבן אויסצומיידן די שטוב זיינע — און איז פארפאלן געוואָרן אויף אַ חודש און אַ מאָל אויף צוויי, און קריינע האָט געהאַט דאָס גיהנום און זיך פארשאָלטן די יאָרן מיט די טעג און די וואָס האָבן זי אזוי אומגליקלעך געמאכט, איר צוגערעדט און איר פאַראויסגעזאָגט גאָלדענע גליקן...

מיט קריינעס אָנקומען אין יאַנקלס שטוב איז יאַנקלס קינדער געוואָרן גאָר ביטער. די עלטערע קינדער האָבן עס דערפילט צום טיפסטן. איז פּעשע אַוועקגעפאָרן צו רייכלס משפּחה. א שוועסטער האָט צוגענומען חיה־סאָרקען, א מיידל פון אַ יאָר זיבן. אַ ברודער, אַ רייכער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין קינדער, האָט צוגענומען גאָשקען, אַ יינגל פון ניין יאָר. הערשעלען, דאָס עלטסטע יינגל האָט מען אַוועקגעגעבן פאַר אַ בעל־מלכה קיין קאַפּוליע. מיכלען, אַ יינגל פון אַ יאָר עלף, האָט מען צוגענומען צו שלומען אין וואַלד, ער זאָל זיך דרייען אַרום די גאַנטאַרעס און מיט דער צייט ווערן אַ גאַנטאַר.ביילע, די עלטסטע, האָט זיך אין אַ שיינעם טאָג אויפגעהויבן, זיך פאַרפּאַקט אירע פּאָר שמאַטעס און איז אַוועק פון דער היים — פריער מיט אַ גוי אונטערגעפאָרן קיין קאַפּוליע, פון קאַפּוליע — קיין סלוצק, און דאָרט האָט זי זיך געשטעלט דינען ביי איר מוטערס קרובים. אין אַ צוויי יאָר אַרום איז זי אַוועקגעפאָרן פון דאָרט קיין מינסק און געוואָרן אַ דינסט ביי אַ יידישן דאָקטער אין שטוב, וואו מ׳האָט קיין יידיש ניט געטאָרט רעדן, נאָר רוסיש און דייטש און פראנצייזיש. זי איז אָפּגעווען פיר יאָר אין מינסק און דערנאָך איז זי אהיימגעקומען.

אָנגעקומען אין דאָרף איז זי ווי אַ גרויסשטאָטישע, אַ פּאַניענקע: מיט שיינע קליידער, מיט א זאָנטיק, מיט לאַקירטע שיכלעך אויף הויכע קנאַפּל, א פּאַליערינע, אַ הוט, און הענטשקעס. און רעדן האָט זי גערעדט נאָר רוסיש. און אין די פאַרנאַכטן, אַז זי איז געגאַנגען אויף שפּאַציר, האָבן אַלע איר נאָכגעקוקט ווי אַן אויסטערלישן פויגל מיט גאָלדענע פעדערן, וואָס האָט עפּעס על־פּי טעות פאַרבלאָנדזשעט אַהער.

אָנגעקומען איז זי אין דאָרף אויף אַ שבועות, און געהייסן האָט עס, אַז זי האָט זיך פאַרבענקט אַהיים און אַז דער דאָקטער מיט זיין פאַמיליע זיינען אויפן זומער אַוועקגעפאָרן קיין זאַגראַניצע — וועט זי דעם זומער פאַרבלייבן אין דער היים און וועט נאָך די יום־טובים צוריקפאָרן. ביילען איז שוין אָבער געווען אומעטיק אין דאָרף און אין איר טאַטנס הויז, וואו די מומע קריינע איז איצט געווען די באַלעבאָסטע איבערן דלות. און אין א קורצער צייט איז זי טאַקע אוועק צום פּעטער שלום, דאָרט פאַרבראַכט אַ פּאָר וואָכן און איז אַוועק קיין קאַפּוליע צו איר מוטערס

שוועסטער צו גאַסט. אויך דאָרט איז איר שפּאַצירן אין די פּאַרנאַכטן איבער די גאַסן, מיט איר אַנטוויקלטער פיגור און מיט איר גלאַנציקן געבלומטן זאָנטיק געווען אַ סענסאַציע — ווי אין דאָרף צווישן די שיקסעס און שקצים. אויך דאָ האָבן איר נאָכגעקוקט יונגע מיידלעך מיט בחורים, און אַז מ׳האָט זיך דערנענטערט און זיך באַקאַנט מיט איר, האָט מען צו איר גערעדט אויף רוסיש. אָפט האָבן איר יונגעלייט אונטערגעטראָגן די רוסישע גאַזעטן צום לייענען, און ביילע פלעגט זיך שטאַרק דערפרייען דערמיט:

— דאָס ברענגט מיך צוריק אַהיים, צוריק אין שטאָט מיט איר לעבעדיקייט...

אַזוי איז דער זומער אַוועק. און אַז ביילען איז אָנגעקומען אַ בריוו פון איר באַלעבאָסטע, דער דאָקטערשע, פון מינסק, האָבן די מומעס מיט די פעטערס און שוין דער טאַטע, יאַנקל, אויך בתוכם, זיך אָנגעהויבן צו באַטראַכטן: — וואו איז דער תכלית? אָפּגעדינט אין דער פרעמד אַזאַ צייט — און ווידער צוריקפאָרן זיין אין דער פרעמד אַ דינסט? ווי לאַנג איז דער שיעור? טאַקע אַ שיין מיידל, אָבער א יתומה, א דינסטמיידל — און אין א פרעמדער שטאָט.

און די מומע ברכה, רייכלס שוועסטער, האָט שוין געהאַט אַ פלאַן פאַרטיק אין קעשענע: ברײנע, די בעקערין, האָט אַ מויער אויפן הויכן מאַרק און אַ גאָלדענע פּרנסה, און אַ זון, אַן איין־און־איינציקן. איבער הונדערט יאָר גייט איבער אי די מויער, אי גאָר דאָס פאַרמעגן צום זון. וועלכע יידישע טאָכטער וואָלט עס זיך ניט געוואונטשן אַזאַ גליק? דער בחור אַליין איז אַ שיינער, אַ פאַרדינער, האָט אַ פּאָר גאָלדענע הענט — אַ רימער, מאַכט די בעסטע כאָמאָטן. איין שטיקל חיסרון איז דאָ: אַ טויב־שטומער איז ער. חלילה ניט פון געבוירן. פון אַ פאַל איז עס אים געקומען, נאָך ווען ער איז אַ קליין יינגל געווען. אָבער ווער איז זי דען אַזוינס? אַ יתומה, וואָס האָט געדינט אין דער פרעמד. נדן האָט דער טאַטע פאַר איר אָנגעגרייט? דאָ קומט זי אָן אויף אַלעם פאַרטיקן. אַל־דאָס גוטס פאַרמאָגט דאָס הויז. אַזאַ מויער אין מיטן הויכן מאַרק — אַ קלייניקייט! ברײנע וועט אייביק ניט לעבן. שוין אַן עלטערע יידענע.

און אגב האָט זי טאַקע אַליין געשיקט דעם שדכן צו ברכהן:

— די פלימעניצע אייערע — האָט געזאָגט געצל, דער שדכן — איז געפעלן געוואָרן ברײנען. אַ געזונטע מויד — וועט ביי איר קענען דעם עול אַראָפּנעמען פון די הענט אויף די אַלטע יאָרן. און יודלען איז זי אויך געפעלן. יודל איז אַ קלוגער יונג, אַ גוטער פאַרדינער. זי וועט ביי אים לעבן אַ גוט לעבן און אָן אַ גראָשן נדן וועט ער זי נעמען — אָט ווי זי שטייט און גייט. און די חתונה וועט פּראַווען ברײנע אַליין, אויף אירע הוצאות. און לייכטער דער כלה וועט זי אויך קויפן.

ביילע האָט ניט געוואָלט הערן, זיך פאַרפאַקט, און איז צוריקגעפאָרן צום טאַטן אין דאָרף אַריין, וואו אירע קליידלעך זיינען געהאַנגען איבער אַ בעט, פאַרוויקלט אין אַ ליילעך. דאָס האָט זי גערעכנט פאַרפּאַקן אין איר טשעמאָדאַן, זיך צעזעגענען מיט די שוועסטערלעך און ברידערלעך און זיך צוריקקערן קיין מינסק. אָבער אין דער היים האָט מען איר גענומען צורעדן און איינרעדן — דער טאַטע, די מומע קריינע, די מומע פעשע — אלע האָבן זיך אָנגעזעצט אויף איר: אז זי האָט איצט חתונה

מיט יודל ברײנעס, װערט זי שױן אַ באַלעבאָסטע איבער אַ מױער מיט אַ גרױסער בעקערײ. זי װעט לעבן װי גאָט האָט געבאָטן, װי אַלע ײדישע טעכטער — מיט אַן אײגענער הײם, מיט אַ מאַן, און גאָט װעט העלפן און זי װעט האָבן קינדער. װאָס דען —װידער װערן אַ דינסט בײ אַ דאָקטער אין מינסק און באַדינען די דאָקטער־קע און האָדעװען יענעמס קינדער?...

ביילע האָט זיך אַזױ לאַנג געראַנגלט, ביז זי איז מיד געװאָרן און געזאָגט אַ פּאַרװײנטע דעם טאַטן, אַז ער מעג טאָן װי ער װיל, זי האָט שױן מער קײן כוחות ניט פון אַלעמענס רײד. און װער װײסט? אפשר איז איר אַזױ באַשערט?...

אין אַ שבת־צו־נאַכטס זײנען מחותנים געקומען פון קאַפּוליע, און בײ שלומען אין שטוב איז געװען דער לעקעך־און־בראָנפן. מ׳האָט געשריבן תנאים, און די חתונה איז אָפּגעלײגט געװאָרן אױף אַ חודש שפּעטער. דער חתן איז אױף יעדן שבת געקומען אין דאָרף צו ביילען און יעדעס מאָל געבראַכט מתנות: אַ זײגערל, אַ פינגערל, קאַרעלן, קאָנפעקטן. ביילע האָט עס אַלץ צוגענומען מיט פאַרטרערטע אױגן. זי איז מיט אים געגאַנגען שפּאַצירן און שבת נאָך װאַרעמעס געגאַנגען צו גאַסט צום פעטער שלום און צום פעטער שמעון און צו דער מומע יאַכנע און צו דער מומע גאָלדע. אומעטום האָט מען זײ זײער פײן אױפגענומען, געקוקט אױף ביילען װי אױף אײנעם װאָס האַנדלט מיט שכל — כאָטש אַ ביסל איז יע אַ רחמנות אױף איר, װאָס זי פאַרבינדט אירע מײדלישע, יונגע יאָרן מיט אַ טױב־שטומען, װאָס איז איר ניט צום הארצן...

די חתונה איז געװען אין קאַפּוליע בײ ברײנען אין שטוב, און אַזױ איז שױן ביילע געבליבן אין דער רױטער מױער אױפן הױכן מאַרק. זי האָט שװער מיטגע־אַרבעט מיט דער שװיגער, געקנאָטן די דײזשעס, געבאַקן דאָס ברױט — און קונים האָבן געלױבט די יונגע שנור אי פאַר אירע רונדע ברױטן, װאָס זײנען געװען גוט אױסגעקנאָטן, אי פאַר איר פרײלעכקײט; מיט יעדן האָט זי געלאַכט און זיך גע־פרײט מיט יעדן קונה װי מיט אַ גוטן גאַסט. יודל האָט געאַרבעט בײ די כאָמעטן און יעדן פאַרנאַכט געלאָפן אַהײם אַ צופרידענער, מיט פעקלעך אונטערן אָרעם און אין די קעשענעס.

צום יאָר נאָך דער חתונה האָט ביילע געבױרן אַ מײדעל,ע און זי האָט צוגע־נומען צו זיך דאָס קלענסטע שװעסטערל אירס, זיך צו פאַרנעמען מיטן קינד — —װען זי אַלײן איז פאַרנומען מיטן באַקן און פאַרקױפן ברױט.

יאַנקל איז איצט געװאָרן גאָר אַן אָפטער גאַסט בײ ביילען, און פלעגט תמיד אַהײמקומען מיט ברױט און בײגל און אַ פּאָר קאָפּיקעס אין קעשענע אױך.

## אַ שרפה אין קאַפּוליע

שבת־צו־נאַכטסן האָט מען בײ ברײנען פון קײן שלאָפן ניט געװאוסט. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געהײצט דעם אױװן און געזעצט אין אױװן אַרײן די קײלעכדיקע לאַבנס ברױט, די געפלאָכטענע קױלעטשן, די בײגל און די אַלערלײ לעקעכלעך, װאָס מ׳האָט געדאַרפט פאַרן זונטיקדיקן יאַריד. די פױערים פון די אַרומיקע דער־

פער פלעגן קומען אין שטאָטישן קלויסטער און אָפּשטעלן די פורן פאַרן גרויסן הויף פון בריינעס רויטער מויער און גיין דורכן זייטיקן טויער אין הויף אַריין און פון דאָרט — צו דער בעקעריי, וואָס איז געווען צוגעבויט צום הינטערשטן טייל פון דער מויער.

אין די שבת־צו־נאַכטסן שטייט ביילע מיט פאַרקאָטשעטע ווייסע אַרבל איבער אירע יונגע, געזונטע אָרעמס, מיט אַ ווייס טיכל איבער די טונקעלע, געדיכטע האָר און די פלאַמען פון אויוון שפּיגלען זיך אויף אירע לענגלעכע, חן־געגריבלטע באַקן. אַלע מאָל איז זי אויפגערוימט און וואַך — מיט אָנגעשפּיצטע אויערן. צו יעדן סקריפּ פון דער טיר גיבן זיך אירע שיינע אויגן אַ וואָרף, ווי זי וואָלט אימעצן דער־וואַרט. און אַריינגעקומען איז מען צו ביילען אפילו שפּעט ביי נאַכט — איינער האָט פאַרגעסן ברויט אָנגרייטן אויף אָנבייסן, אַ צווייטער — גלאַט אַזוי, זיך אַ ביסל פאַרווײַלן און כאַפּן מיט ביילען אַ שמועס, זיך אַ וויצל טאָן, ווייל זי איז פאַרבליבן אַ „גרויסשטאָטיקע״, אפילו שטייענדיק דאָ אין בריינעס בעקעריי.

בריינע האָט זיך איצט אָנגעהויבן צו ביסלעך אָפּרוען, אויסרוען אירע אַלטע אויסגעהאָרעוועטע ביינער. זי פלעגט שוין ניט קענען לאַנג שטיין ביים אויוון און האָט זיך אָפּט צוגעלייגט כאַפּן אַ דרימל.

---

צווישן אַלע קונים און אַריינגייערס האָט זיך געלאָזט מערקן אַ יונגער פּאַ־ליאַק. ער פלעגט קומען שפּעטער פון אַלעמען און אַוועקגיין דער לעצטער.

ניט איין מאָל האָט בריינע געפרעגט ביילען:

— וואָס וויל ער דאָ, דער פּאַניטש? גיט טאַקע צו לייזן, אָבער וואָס האָט ער דאָ צו שטיין און דרייען זיך אונטער די פיס?

ביילע האָט ניט געענטפערט גאָרנישט, געמאַכט זיך ווי ניט זי מיינט מען.

סע פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז דינה מיט דניאלן זיינען ניט געפאָרן אַהיים אויף שבת, איז אין אַזעלכע שבת־צו־נאַכטסן פלעגט דינה זיין ביי ביילען זיך שפּילן מיט ביילעס מיידעלע און שפּילן אין צייכן מיט חיה־שרהן, ביילעס שוועסטערל — מיט איר האָט זיך דינה געפּילט גוט און היימיש. ביידע האָבן זיי גערעדט פון זייערע היימען, געבענקט נאָכן דאָרף, נאָך דער שטילקייט, נאָך די סעדלעך מיט די קאַרשן און אַגרעסן. אזוי פלעגן זיי רעדן ביז שפּעט אין די אָוונטן — און דינה פלעגט שוין בלייבן נעכטיקן, און שלאָפן מיט חיה־ שרהן אין איין בעט.

איין מאָל אין אַזאַ שבת־צו־נאַכטס, אַז דינה איז געשלאָפן מיט חיה־שרהן האָבן זיך מיט אַ מאָל דערהערט שרעקלעכע קולות, ביילעס קולות:

— שטייט אויף! גיכער! טוט זיך אָן! לויפט! עס ברענט!

און ביילע כאַפּט דאָס קינד פון וויגל, וויקלט עס איין, לויפט דאָ צו יודלען, דאָ צו דינהן מיט חיה־שרהן:

— גיכער, קינדער, גיכער, שוויגער, האָט רחמנות, גיכער! לויפט! מיר ווערן פאַרברענט!

דינה איז אַראָפּ פון בעט: וואָס טוט זיך דאָ? דורך דער פינצטערניש, וואָס איז געשטאַנען פאַר די פענצטער, האָט זי דערזען: שווערע קנוילן רויך, דורכגענומענע מיט לאַנגע פייערדיקע צונגען, און ס׳האָט זיך געהערט אַ קנאַקן אין רויך און פייער.ביילע האָט געהאַלטן אין איין שרייען: — גיכער! לויפט! מיר זיינען פאַר־פאַלן! דער דאַך וועט באַלד אַראָפּפאַלן!

האַלב נאַקעטע, מיט די קליידער אין די הענט, האָט מען זיך געלאָזט צו דער טיר. אין דער אָפענער טיר, דורך וואַנען דאָס הויזגעזינד האָט זיך געשפּאַרט, האָט אַ טראָג געטאָן אַ וואָלקן רויך מיט פייער. מיט פאַרכלינעטע אָטעמס האָט מען זיך קוים דורכגעשפּאַרט צום הויף און צו דער גאַס. ביילע איז געלאָפן פון שטוב צו שטוב, געקלאַפּט אין טירן און פענצטער: שטייט אויף! עס ברענט! איר וועט פאַר־ברענט ווערן אין די בעטן! שטייט אויף! — ברײנע און יודל זיינען אויך געלאָפן און געקלאַפּט אין די פענצטער.

דאָס איז געוועזן אין א שפעטהארבסטיקער נאכט. דער ווינט האָט געפייפט און געבושעוועט אין אַלע זייטן און געטריבן די שווערע קנוילן רויך מיט די פייער־צונגען איבער די דעכער און יעדעס מאָל האָט זיך דערהערט אַ נייער קנאַק, ווי פון טויזנטער בייטשן — נאָך אַ דאַך האָט זיך אָנגענומען. און אַזוי פון דאַך צו דאַך. די שווערע קנוילן פייער האָבן באלד ארומגעוויקלט דעם גאנצן היכן מאַרק און ס׳איז געוואָרן ברענענדיקער טאָג אין מיטן דער פינצטערניש פון דער נאַכט. דער ווינט האָט פרעך געפייפט, געבושעוועט, און ווי מיט לאַנגע פייערדיקע אָרעמס אַרומגענומען די שטאָט פון אַלע זייטן, און דורכן פייער און ווינט האָבן זיך צע־טראָגן אין דער נאכט אריין די מוראדיקע קלאַנגען פון די קלויסטערגלאָקן, פרי־ער פאַמעלעך, דערנאָך גיכער און שטאַרקער, ביז ס׳האָט פאַרטויבט די לופט.

די „פאַזשאַרנע קאָמאַנדע״ וואָס האָט יעֶדע צוויי וואָכן געמאַכט רעפּעטיציע און פלייסיק געקראָכן אויף לייטערס, אין מעשענע היטלען, מיט רויטע אַפּאַליעטן און געלע, גלאַנציקע קנעפּלעך — האָט זיך איצט גענומען צו דער אַרבעט. אָבער די פייערלעשערס האָבן זיך ווינציק־וואָס אָנגעזען... ס׳איז אַלץ גוט געווען אין אַ שיינעם, זוניקן טאָג, ווען יונגוואַרג איז נאָכגעלאָפן און זיך צוגעקוקט, ווי די „פאַזשאַרנע קאָמאַנדע״ מאַכט קונצן. אָבער אין אַזאַ פינצטערער נאַכט, אַנטקעגן אזא צעווילדעוועטן ווינט, וואָס ברעכט ביימער און רייסט מיט פייערדיקע הענט די דעכער, האָט די „פאַזשאַרנע קאָמאַנדע״ געהאַט גאַר אַ נעבעכדיק אויסזען. מ׳האָט דווקאַ זיך יע צוגעכאַפּט, ווי איינער ביים טרינקען זיך, וואָס כאַפּט זיך אָן אָן אַ שטרוי:

— שאַ— לאָזט!— האָט מען געהערט געשרייען — טרעט אָפּ! אָט־אָ פאַרט די „פאַזשאַרנע״! — אָבער באלד האָט מען זיך מייאש געווען און מ׳איז ווידער גע־לאָפן צו די ברינעמער און ווידער געשלעפּט וואַסער אין עמערס און אין צובערס און געגאָסן אויף די טאַנצנדיקע פלאַמען. אָבער ס׳איז געווען ווי בוימל אויף פייער... די קנאַקנדיקע פייערצונגען האָבן עס ווי מיט אַן אָפלאַכן אויפגעכאַפּט, פאַרשלונגען, און זיך באַלעקט דערמיט.

ס׳האָט נישט לאנג געדויערט, און עולם האָט אויפגעגעבן דאָס לעשן. מ׳האָט דערפליט, אַז מענטשלעכע הענט וועלן די שרפה ניט אָפּשטעלן און מ׳האָט זיך גע־

נומען יעדער איינער וואָס איינעם איז נאָך געבליבן, צום ראַטעווען — אי די לע־בנס אין די שטיבער, אי די שטומע צינגער אין די שטאַלן. ס׳האָט זיך דערהערט אין די ברענענדיקע גאַסן דאָס געשריי פון אויפגעוועקטע הינער, דאָס מרוקען פון פאַרשלאָפענע בהמות און פון קעלבער, דאָס געשריי פון פיצלעך קינדער, וואָס דערשראָקענע מאַמעס האָבן געטראָגן אויף די הענט. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן באַ־וויזן געשפאַנטע פורן מיט פעק און פעקלעך, מיט וויינענדיקע ווייבער און קינדער אויף די וועגענער, ווי אויף הויכע, צעבראָכענע ספּראַנזשינעס, און אַלץ האָט זיך געהויבן — דאָ אין דער לופטן, און דאָ, מיט אַ זעץ, אַראָפּ.

דינה האָט זיך געשפּאַרט צווישן די מענטשן אין די ברענענדיקע גאַסן און האָט זיך אָפּגעריסן פון ביילעס הויזגעזינד. איר ציל איז איצט געווען — צו שייע דעם וואַדאָוואָזס הויז, אויפוועקן דניאלן, זען צי לעבט ער נאָך, אָדער איז ער שוין אַ פאַרברענטער, און זען: וואָס האָט מען געטאָן מיט דעם פאַראַליזירטן שמואל־אהרן? וואו איז שרה? וואו איז שפּרינצע?

זי לויפט איבער די גאַסן, שטויסט זיך אָן אויף פורן, אויף מענטשן, אויף פעקלעך, פאַלט, בלייבט ליגן אַ פאַרחלשטע. מע שטויסט זי. זי וויל אויפשטיין, לויפן, זי שרייט פון שרעק, ווי פון אַ קאָשמאַר:

—דניאל! וואו ביסטו?...

אַ קליינע האַנט נעמט זי פעסט אָן:

—דינה, אָט בין איך. שטיי אויף. מיר וועלן לויפן אַראָפּ באַרג, צו ראַדען.

דינה גלייבט ניט אירע אייגענע אויגן.

— דינה, קום גיכער, לאָמיר לויפן צו ראַדען העלפן פּאַקן, און אַרויסטראָגן שמואל־אהרנען פון שטוב.

— וואו איז שרה?

— זי איז דאָרט. זי העלפט פּאַקן. און איך בין דיך געלאָפן זוכן. קוים געפונען. די שרפה האָט זיך דאָך אָנגעהויבן פון ביילעס הויז. געמיינט, אַז דו ביסט פאַר־ברענט געוואָרן.... לויף גיכער, דינה. שרה וויינט. זי ווייסט ניט, אַז איך האָב דיך געפונען...

אַז די קינדער זיינען צוגעקומען צום שולהויף, איז פאַר זיי דער גאַנצער אַראָפּ־באַרג געלעגן ווי אין אַ פייערבעט. אַלע שטיבלעך האָבן געפלאַקערט. אין דער ליכטיקייט פון די פלאַמען האָבן זיי דערזען ראַדעס שטוב, וואָס האָט נאָך דער־ווייל ניט געברענט, און שמואל־אהרנען, ליגנדיק אויפן בעט אין דרויסן, פאַר דער שטוב, האַרט ביים וועג. איבער ראַדעס שטוב — אַרויף־באַרג — זיינען געשטאַ־נען שמאַלע, אָרעמע בעטלעך מיט מענטשן, — דאָס האָט מען אַרויסגעטראָגן די קראַנקע פונעם הקדש־שטיבל. און איטשינקע קאַמינאַר, דאָס ייִנגל מיט דער פּאַ־ליקער, וואָס האָט זיך אַלע יאָרן אויפגעהאַלטן אין הקדש, מחמת קיינער האָט אים אין אַ שטוב ניט געקענט האַלטן צוליב זיין חולאת, איז געלעגן אויף דער ערד לעבן די בעטן און ווי אַ שלאַנג זיך געוואָרפן אין קאָנוואולסיעס...

אַז דינה מיט דניאלן זיינען צוגעקומען נענטער צו ראַדעס הויז, איז זיי שפּרינ־צע אַנטקעגנגעלאָפן: — אָט זיינען זיי דאָך! — און שרה האָט געכליפּעט און צוגע־

דריקט אָן אַ וואָרט די קינדער צו זיך. דאָס פייער האָט זיך דערוויל אַלץ גע־שפרייט. מ׳האָט אויף צוגעפירטע פורן אַרויפגעלייגט די קראַנקע, שמואל־אהרנען אויך, און מ׳האָט זיך מיט געמאָסטענעם טראָט געלאָזט נאָך די וועגענער און — אַרויס פון שטעטל. נאָך די פורן מיט די קראַנקע זיינען געגאַנגען פוסגייערס און — ווידער פורן מיט פעק, און אויף די פעק — ווייבער מיט קינדער, מיט געבנדז און קעץ און הינער, און נאָך זיי זיינען געגאַנגען די מאַנסבילן און געפירט בהמות מיט קעלבער, אויף שטריק.

אזוי האָט זיך קאַפּוליע ארויסגעקליבן פון אירע ווענט, באַלייט פון רויך און פלאַמען, דורך אַ פינצטערער נאַכט אין וועג אַריין, וואוהין די אויגן וועלן טראָגן.

אַ שפּראָץ אויף טאָג האָט אָנגעהויבן צו רעגענען. רייטערס און וועגענער זיי־נען אָנגעקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, און פאַרנומען די נשרפים, זיך איינגעטיילט — וויפל אין איין שטאָט אָדער דאָרף, און ווער אין אַ צווייטער. אַזוי ביז טיף אין טאָג אַריין.

## קאַפּוליער קומען צוריק, נאָר ביילע פעלט

קאַפּוליער איינוואוינער זיינען לאַנג אין דער פרעמד ניט פאַרבליבן. מ׳האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים און געוואוינט צו פיר משפחות אין איין הויז — אין די הייזער, וואָס זיינען געבליבן גאַנץ. ס׳איז געוואָרן אויס דיינע, מיינע. מ׳האָט אויפ־געשטעלט הויז נאָך הויז, אַבי עס זיינען געשטאַנען ווענט מיט אַ צוזאָג אויף אַ דאַך, מיט לעכער פאַר טירן און פענצטער, האָט מען זיך שוין אריינגעצויגן און געפירט באַלעבאַטישקייט.

ראָדעס הויז איז שטיינגעבליבן. דער הקדש אויך, אַחוץ וואָס ער האָט איצט אויסגעזען נאָך אָפּגעריסענער און צעבראָכענער ווי פריער.

דער פונדאַמענט פון ביינעס מויער איז געשטאַנען אין מיטן הויכן מאַרק ווי אַ סטראַשידלע. די ציגל זיינען געווען שוואַרץ, פאַררויכערט, די טירן־ און פענצ־טער־לעכער האָבן פון אַלע זייטן געפירט ווי צו שוואַרצע היילן. די בעקעריי איז אין גאַנצן געווען אָפּגעברענט, ביז צו דער ערד. ביינע האָט זיך דאָרט אַרומגע־דרייט דורך די טעג, דאָ מיט אַ גלעזער געדונגען זיך, דאָ מיט אַ סטאָליער.

יודל, דער טויבשטומער, אי אַרומגעלאָפן אַ פינצטערער, מיט ווילדע אויגן, רויטע פון ניט שלאָפן, און האָט אַרומגעזוכט זיין ווייבל און זיין טעכטערל. ביידע זיינען זיי פאַרשוואונדן, ווי אין וואַסער אַריין. ער איז שוין געווען ביים שווער זוכן, נאָר יאַנקל האָט אַ פאַרשעמטער און אַ צעווייטיקטער צעפירט מיט די הענט אויף יודלס שטום פרעגן, און געדרייט מיטן קאָפּ אויף ניין: — ער ווייסט ניט, — כאָטש ביי זיך אין האַרצן האָבן זיי ביידע געוואוסט דאָס וואָס זיי האָבן געוואָלט פון זיך באַהאַלטן. ביידן האָט געטיאָכקעט אין האַרצן...

## די מומע גאָלדע מיט אַלטקען שטאַרבן אין איין חודש

ניט נאָר קאַפּוליע איז דורך יענעם האַרבסט פאַרבליבן אַ קיפּיטל טרויעריקע געשיכטע, וואָס מ׳האָט געדענקט לאַנגע יאָרן, נאָר אין דאָרף דאַכטערוויטש איז

אויך געשען עפּעס אַזעלכס, וואָס האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן אַרום. און אַז מ׳האָט גערעדט פון אומעטיקע זאַכן, האָט מען טיף און לאַנג אָפּגעזיפצט אויפן אומגליק, וואָס דאָרט איז געשען.

מייסל איז געווען אַ ייד אַ למדן, און אַ ביסל אַ היינטוועלטיקער. דערצו איי־גנטלעך האָט ער געשטאַמט פון די ווייטע געגענטן און איז אָנגעקומען אַהין און שוין געבליבן אַ תושב — נאָר דורך אַ צופאַל. אַ יונג בחורל, איז ער אָנגעקומען קנעלן קיין דאַכטערוויטש צו ר׳ חיימען, שלומס טאַטן. צווישן אַ גרויס הויזגעזינד מיט יונגוואַרג האָט זיך אויך געפונען גאָלדע, ר״ חיימס יינגסטע טאָכטער, אַ טונקל, קורץ־געוויקסיק מיידל מיט גרויסע, שווארצע אויגן, מיט א ברייטן פעסטן גע־שטעל, א פלינקע און אַ רעדערקע. זי האָט גערעדט אַזוי גיך, אַז נאָר זי אַליין האָט פאַרשטאַנען, וואָס זי רעדט... מ׳האָט איר גיט געקענט נאָכפאָלגן. אַלע האָבן זי גערן געהאַט פאַר איר פריילעכקייט און פאַר איר פלאַפּלען, וואָס מ׳האָט דערפון געלאַכט און געהאַט הנאה. זי האָט זיך קיין מאָל ניט באַליידיקט און הילכיק מיט־געלאכט. מייסל איז געווען א יתום און אַן אָרעם יינגל. גאָלדע איז אים געפעלן גע־וואָרן. האָט ר׳ חיים איבערגערעדט וועגן דעם מיט זיין קלוג ווייב שרה, און ס׳איז געוואָרן אַ שידוך.

נאָך דער חתונה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מייסל איז א גרויסער בעל־כעסן. מ׳האָט עס געפּרוּווט פאַרענטפערן דערמיט, וואָס ער איז אַ כוהן, אָבער גאָלדען איז פון דעם נישט בעסער געוואָרן. ער האָט זי אָפט געזידלט און באַעוולט פאר פרעמדע אין די אויגן. די צוויי יאָר, וואָס דאָס פּאָרל איז געזעסן אויף קעסט, האָט מייסל גאָר נישט געטאָן. און אַז דער שווער האָט איין מאָל געפרעגט: — מייסל, וואָ רעכנסטו צו טאָן? — האָט ער אויף דעם געענטפערט, אַז ער וויל פאָרן קנעלן ערגעץ, אַוועק פון דער היים.

און אַזוי איז געווען. מייסל איז אַוועק קנעלן. גאָלדען האָט דער פאָטער אויס־געבויט אַ שטיבל אין עק דאָרף ביים גאָרטן, און דאָרט האָט זי געוואוינט.

איר לעבן איז געווען אַ שווערס. מייסל איז נאָר צוויי מאָל אין יאָר אַהיימגע־קומען, אויף יום־טובים. גאָלדע האָט יעדע אַכצן חדשים געבוירן אַ קינד. מיט מייסלס פאַרדינסטן האָט זי ווינציק וואָס געקענט אויפטאָן. דאָס ביסל, וואָס ער האָט פאַרדינט, האָט ער איר אויך ניט אין גאַנצן אַוועקגעגעבן. ער האָט זיך ליב געהאַט צו פוצן. און אַז ער איז אַהיימגעקומען אויף אַ יום־טוב, האָט ער אַלע מאָל געהאַט עפּעס נייס, מיט וואָס זיך אויסצופּיינען פאַרן דאָרף: אַ מאָל מיט אַ נייער קאַ־פּאָטע, אַ מאָל מיט אַ שיין שטעקעלע, אַ מאָל מיט אַ מאָדנעם פּאָרטאַבאַק, וואָס עפנט זיך פון צוויי זייטן... צו גאָלדען און צו די קינדער האָט ער זיך באַצויגן ווי אַ פרעמ־דער, און פאַרן קלענסטן פאָרוואורף איז ער בייז געוואָרן, זיך געוואָרפן און זיך גע־האַלטן פאַרן מאַרטירער, וואָס איז נעבעך אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ, און אים איז ענג... די קינדער האָבן געקוקט אויף דעם טאַטן, וואָס קומט צוויי מאָל אַ יאָר צו גאַסט אַהיים, ווי אויף אַ בייזן פּריץ, וואָס מע דאַרף פאַר אים שטאַרק מורא האָבן.

גאָלדע אַליין, די פריידיקע, איז גיך פאַרעלטערט געוואָרן. טעג פלעגט זי זיך אַרומשלעפּן איבער די דערפער, זוכן עפּעס צו פאַרדינען, אַ מאָל ביי אַ גויע אָפּקויפן

אַ טוך אייער, אַ מאָל אַ טאַליקע פּאַדעם אָדער אַ בינטל פלאַקס — און עס ברענגען צום ברודער, צו שלומען, און נעמען דערפאַר א ברויט, א פונט גרויפּן, א ביסל גאַזע פאַרן לאָמפּ. זי האָט געהאַט א שטאַלצע נאַטור און ניט געוואָלט, אז דער ברודער זאָל איר געבן און געבן — ווי זי פלעגט עס אַליין זאָגן: אַ לעכערדיקן זאַק איז שווער אָנצושטאָפּן.

די קינדער זיינען געוואַקסן אין שטוב ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, אַלע געראָטענע און שיינע, מיט שווארצע אויגן און קוטשעראַווע האָר. נאָר איינע, די עלטערע טאָכ־טער, אַלטקע, איז געווען געראָטן אין טאַטן: מיט אַ לענגלעך, בלאַס פּנים, אַ הויכן שטערן, מיט טיפע, ווייט־פאַרטראַכטע אויגן.

גאָלדע האָט דורך די יאָרן פון מאַטערניש, פונעם ארומשלעפּן זיך איבער די דערפער, זוכנדיק דאָס שטיקל בידנע ברויט, זיך אָפּגעשפּאַרט אַ קרענק: זי האָט באַקומען אַזאַ הוסט, וואָס האָט איר פאַרהאַלטן דעם אָטעם, און דער קאַפּוליער פעלדשער האָט עס אַ נאָמען געגעבן „זאַדישקע". קיין רפואה האָט ער נישט פאַר־שריבן, נאָר אָנגעזאָגט, אַז זי מוז זיך שטאַרק אָפּהיטן, לעבן אַ גרינג לעבן. נאָר גאָלדע פלעגט, נאָך אַ טאָג אויסמעסטן די דערפער, אהיימקומען א פאַרשטיקטע פון הוסט, און ניט קענען אָפּכאַפּן דעם אָטעם. דערצו האָבן איר אָנגעהויבן געשוואָלן צו ווערן די פיס אַרום די קנעכל.

אַז מייסל איז אויף פּסח אַהיימגעקומען, האָט זיך זיין שוואָגער שלום מיט אים גוט דורכגעשמועסט און אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער מוז אויפגעבן דאָס קנעלן אין דער פרעמדער און זיך זוכן אַ פּרנסה אַרום דער היים, אַז ער זאָל קענען אַראָפּנעמען פון גאָלדען דעם שווערן עול פון חיונה. נאָר מייסל האָט געטענהט, אַז ער האָט זיך ניט צו וואָס צו נעמען. האָט זיין שוואָגער געהאַט אַ פאַרטיקן פּלאַן: ער זאָל ווערן אַ סעדער. געווענג יידן ציען חיונה פון אַזאַ פּרנסה. ער האָט, זאָלן זיין געזונט, געווענג אייגענע חברה, וואָס וועלן העלפן אי היטן, אי אַרומקלייבן ס'אויפּס, אי פירן פאַרקויפן. ס'וועט אים ניט זיין שווער. איי, די עטלעכע קערבלעך? איז וועט ער אים אויסבאָרגן. ס'וועט גיין אַ גאַנג. אָט ווייסט ער, שלום, פון צוויי פיינע סעדער טאַקע ניט ווייט פון דאַנען, אין אָסטראָוואָק. זיי טראָגן יעדן יאָר אַריין פיי־נעם רווח. קיינער האָט נאָך דאָרט ניט דערלייגט. ער, שלום, קען זיך גוט מיטן באַלעבאָס. ער וועט מיט אים, מיט מייסלען, צופאָרן, אָט טאַקע נאָך היינט, און געבן אָן אַדעריוף, און — זאָל זיין אין אַ גוטער שעה.

מייסל איז מיטגעפאָרן מיט שלומען ווי צו אַ פרעמדער חתונה, אָבער פון דע־מאָלט אָן איז ער געוואָרן אויס מלמד און געוואָרן אַ סעדער און ווי־ס'איז געצויגן חיונה.

גאָלדע האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אין רעגנדיקע אָדער קאַלטע טעג איז זי גאָר פון בעט ניט אַרויס. דאָס עלטסטע מיידל, אַלטקע, איז געווען שטאַרק צוגעבונדן צו דער מאַמען און זי שטאַרק אָפּגעהיט. אפילו דורך די נעכט, ווען גאָלדען איז געווען שווער צו ליגן אין בעט, פלעגט זי זיצן לעבן איר, איר מאַכן העכער דעם צוקאָפּנס, איר דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער.

גאָלדע פלעגט מיט אַ ווייטן בליק באַטראַכטן איר שטילע, איידעלע טאָכטער,

און אַן ווערטער אָפּזיפצן. דאָס האָט באַדאַרפט מיינען: אוי, מיין קינד — ס'וואָלט גוט געווען כאַטש דיך צו אַ תכלית ברענגען, איידער איך מאַך די אויגן צו.

מייסל פלעגט אָפּט אָוועקנעמען אַלטקען פון הויז, אויף עטלעכע טעג זי מיט־נעמען אין איינעם פון די סעדער, אַכטונג געבן אַז מע זאָל ניט גנבענען. נאָר אַלטקע פלעגט מיט אומגעדולד ציילן די טעג. זי האָט געבענקט צוריק אַהיים.

איין מאָל האָט גאָלדע צוגערופן אַלטקען צו זיך און איר געהייסן אָנטאָן דאָס שבתדיקע קליידל און זיך צוקעמען די האָר:

— היינט וועלן קומען מחותנים.

אַלטקע איז פאַרציטערט געוואָרן. איר שטענדיק בלאַס פּנים איז אין גאַנצן געוואָרן ווי קאַלך.

— מאַמע, מע דאַרף ניט.

— וואָס הייסט: מע דאַרף ניט? איך האָב קוים געפּועלט ביים טאַטן, אַז מע זאָל דיר דעם שידוך רעדן. זאָל נאָר זיין אין אַ גוטער שעה. זאָלסט נאָר דעם חתן גע־פעלן ווערן.

יענעם אָוונט זיינען געקומען מחותנים פון הינטער סלוצק — מיט אַן אלמן, אַ יישובניק, א היוכער, מיט ברייטע פּלייצעס און מיט שווערע, נאָכהענגענדיקע הענט.

ער איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און ווען קיינער האָט ניט באַמערקט, האָט ער געוואָרפן בליקן אויף אַלטקען, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט אין די ווינ־קעלעך פון שטוב און זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען.

מ'האָט אָפּגעשטעלט די חתונה אויף האַרבסט, ווען מע וועט פאַרטיק ווערן מיטן אַראָפּנעמען פון די סעדער. אַז די מחותנים זיינען אַוועקגעפאָרן, האָט גאָלדע, אַ צופרידענע, קראַנקערהייט, אָנגעהויבן צוגרייטן אַ גאַרדעראָבע פאַר אַלטקען: אי־בערשיטן די פעדערן אין קישנס און קישעלעך, זוימען לייוונט אויף ליילעכער. אַלץ האָט זי געטאָן מיט די לעצטע כוחות, קוים אויף די פיס געשטאַנען.

אַלטקע אַליין האָט זיך באַצויגן צו דער גאַנצער זאַך ווי איינע אין אַ חלום. זי האָט שטילערהייט, אַ בלאַסע, נאָכגעפאָלגט מיט אירע טיף־שוואַרצע רינגען אַרום די אויגן — דער קראַנקער מאַמען, ווי יענע הוסט און האַלט זיך ביים האַרצן און קען דעם אָטעם ניט כאַפּן.

—

איין מאָל, אַז אַלטקע מיטן פאָטער זיינען געווען אין אָסטראָוואָק, איז אַ רייטער געקומען פון דער היים און זיי אַהיימגערופן. גאָלדע איז מיט אַ מאָל זייער קראַנק געוואָרן, און אויף מאָרגן איז זי געשטאָרבן. נאָך שבעה איז אַלטקע געבליבן אין שטוב און איבערגענומען די באַלעבאַטישקייט. איר חתן האָט זיך דערוואוסט פון גאָלדעס טויט און איז געקומען צו פאָרן אויף אַ שבת, גערעדט מיט אַלטקען, זי גע־טרייסט, און איר צוגעזאָגט, אַז ער וועט זי באַלד צונעמען צו זיך אַהיים און איר וועט זיין גוט. און ער וויל, אַז טאַקע באַלד נאָך שלושים זאָל זיין חתונה. אַלטקע האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ס'איז אוממעגלעך איבערצולאָזן דאָס הויז אַזוי גיך נאָך דער מאַמעס טויט — וואָס וועט דער טאַטע מיט די קינדער טאָן אַליין, אָן א באַלעבאָסטע אין שטוב? נאָר דער חתן איז אהיימגעפאָרן מיט א צוזאָג פון מייסלען, אַז נאָך שלושים וועט זיין חתונה.

ס'איז געווען אַ פריהאַרבסטיקער טאָג. אַלטקע איז צוגעגאַנגען קיין אוהלי צום פעטער שלום זיך אַ ביסל דורכרעדן מיט דער מומע פעשע — און פון דאָרט וועט זי שוין צוגיין אָדער צופאָרן קיין אָסטראָוואָק, וואו זי דאַרף נעכטיקן און היטן דעם סאָד. פעשע האָט גוט באַטראַכט אַלטקען און איר אויסגערעדט, וואָס זי קוקט נאָך זיך ניט נאָך, וואָס זי איז אַזוי אויסגעבלייכט. אלטקע האָט אויף דעם גאָרנישט גע־ענטפערט, נאָר זיך צעוויינט. פעשע האָט געהייסן מלכהן צופאָרן מיט אַלטקען קיין אָסטראָוואָק און דאָרט מיט איר איבערנעכטיקן, און אויף מאָרגן זאָלן זיי בײדע צו־ריקקומען. זי האָט אַריינגעלייגט אין אַ קאָשיקל עפּעס עסן און שטיל אָנגעזאָגט מלכהן, זי זאָל זען מיט איר רעדן און אויסגעפינען וואָס זי דריקט אַזוי און זי אַ ביסל צעשטרייען — ס'איז דאָך אַ מורא צו קוקן אויף איר.

איז מלכה געפאָרן מיט אַלטקען, אויף אַ קליינער, וויגנדיקער בריטשקע, גע־שפּאַנט אין בולאַנעם פערד, וואָס קיינער האָט פאַר אים קיין מורא ניט געהאַט. דער דריי־וויאָרסטיקער מהלך צווישן אוהלי און אָסטראָוואָק איז געווען אין גאַנצן דורך וואַלד. און ס'איז געווען אַ שטילער, האַרבסטיק־זוניקער טאָג, פול מיט פאַר־טרוילעכקייט — און ביי די צוויי יונגע שוועסטערקינדער האָבן זיך אויפגעשלאָסן די הערצער. מלכה, מיט אַ פּאָר יאָר עלטער פון אַלטקען און אַ מער וועלטלעכע, האָט אויך געהאַט אירע סודות, און אַלטקע האָט נייגעריק אויסגעהערט וואָס איר שוועסטערקינד האָט איר געהאַט צו דערציילן. פאַר אַלטקען איז מלכהס פאַרבאָ־האַלטענער סוד געווען אַ נייס און קוים באַגרייפלעך. זי האָט נישט געוואוסט, אַז מלכה פירט אַ ליבע מיטן שוועסטערקינד פון אָדעס, דער וואָס איז געווען צום פרי־זיוו, מיט די לאַנגע שאַטינע האָר, מיט דער ברייטער, שוואַרצער פאַלערינע... זי, אַלטקע, האָט גאָר מורא געהאַט צו קוקן אויף אים. אַזאַ מאָדנער, אַזאַ גרויסשטאָ־טיקער... וואָס מיינט זי עס, מלכה, אז ער וועט זי נעמען קיין אָדעס און וועט מיט איר טאַקע חתונה האָבן? זי, וואָלט מורא געהאַט צו פאָרן אין אַזאַ גרויסער שטאָט און אַזוי ווייט פון דער היים... און אז מלכה האָט איר געזאָגט, אז אויב איסאַק זאָל נאָר נאָך איר שיקן, וואָלט זי תיכף געפאָרן, און אָט וועט זי אַלטקע, דאָך אויך באַלד דאַרפן פאָרן אין דער פרעמד, ס'איז טאַקע ניט אָדעס, ס'איז אַ דאָרף הינטער סלוצק, אָבער ס'איז דאָך אויך ניט אין דער היים — איז אַלטקע בלייך און פאַר־שטומט געוואָרן... דערנאָך האָט זי אָנגעכאַפּט מלכהן ביי דער האַנט, איר טיף אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין און אַרויסגעשאָסן וויינענדיק:

— איך וועל ניט חתונה האָבן... איך וועל ניט אַוועקפאָרן פון דער היים. איך האָט פאַר אים מורא, פונקט ווי פאַר מיין טאַטן... איך האָב מיין גאַנץ לעבן מורא געהאַט פאַר אים, זינט איך בין נאָך אַ קינד געווען, זינט כ'האָב זיך איבערגעשראָקן...

— וואָס האָסטו זיך איבערגעשראָקן? וואָס האָט דיר דיין טאַטע געטאָן?

— מיר האָט ער גאָרנישט געטאָן, אָבער דער מאַמען. ער האָט זי געשלאָגן, און זי איז געלאָפן זיך באַהאַלטן ביי אונדז אין בעט... איך בין געשלאָפן מיט נעשקען און מיט יודעסן.. זיי זיינען נאָך געווען גאָר קליינינקע... זי האָט זיך באַהאַלטן הינ־טער מיין פלייצע, איז ער אַריינגעלאָפן, זי פאַר די האָר אַרויסגעשלעפּט פון בעט... און זי האָט געוויינט, זיך געבעטן, ער זאָל אויף איר רחמנות האָבן, ער הרגעט זי

אַוועק, די קינדער וועלן יתומים בלייבן — האָט זי געוויינט. און ער האָט זי מיט די פיס געטראָטן און געהאַלטן אין איין שלאָגן... דעמאָלט איז די מאַמע קראַנק געוואָרן... נאָר ער פלעגט זי אַלץ שלאָגן... אַז איך וועל חתונה האָבן, וועט מיין מאַן מיך אויך שלאָגן... איך וועל ניט חתונה האָבן... הערסט, מלכה? איך וועל ניט!..

מלכה, אַ צעשראָקענע, האָט געפּרואווט זי באַרואיקן:

— גיי, ביסט אַ נאַר, אַלטקע. דיין מאַן וועט דיך ניט שלאָגן.

— זינט די מאַמע איז געשטאָרבן, האָב איך מורא צו בלייבן אַליין אין שטוב. ביי נאַכט קומט זי מיר צו חלום און זי וויינט פאַר מיר און קלאָגט זיך... אַלע מאָל זע איך זי, ווי זי ווערגט זיך מיטן הוסט, און איך וויל איר העלפן... און איך קען נישט.

אַלטקע בלייבט אַ ווייל שטיל, און כאַפּט ווידער אָן מלכהן ביי דער האַנט:

— כ'האָב אָפּגערעדט מיט מיין מאַמען אין חלום, אַז איך וועל ניט חתונה האָבן. איך האָב פאַר איר געוויינט און איר דערציילט, ווי איך האָב מורא, אַז ער וועט מיך שלאָגן, ווי דער טאַטע האָט זי געשלאָגן... האָט זי מיר אָפּגעווישט די טרערן און מיר געזאָגט: — איך וועל דיך צונעמען צו זיך, וועט דיך קיינער ניט שלאָגן.

מלכה ציטערט:

— וואָס רעדסטו, אַלטקע? ווי האָסטו גערעדט מיט דיין מאַמען? — זי איז דאָך טויט.

— ס'איז גאָרנישט. איך רעד מיט איר יעדע נאַכט...

מלכה האָט זיך אַרומגעזען, אַז זיי זיינען שוין פאַרבייגעפאָרן דעם סאָד, האָט זי זיך ווי פון אַ שלעכטן חלום אויפגעכאַפּט:

— אוי. אַלטקע! זעסט ווי מיר זיינען פאַרפאָרן?

זיי האָבן אויסגעקערעוועט דאָס וועגעלע און זיינען אַריינגעפאָרן אין הויף פון סאָד, האָבן געשפּאַנט דאָס פערד און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

אונטער דיביימער זיינען געלעגן אַראָפּגעפאַלענע עפּל. זיי האָבן גענומען קלייבן די עפּל אין די קאָשיקעס און טראָגן אין ביידל אַריין. אַרומגעקליבן דעם „אָפּפאַד", האָבן זיי זיך צוגעזעצט און ביידע אומעטיק נאָכגעקוקט דעם פאַרגייענדיקן טאָג. מלכהס געדאַנקען האָבן זיך געצויגן צו דער ווייט. צו די פלאַמען פון דער פאַרגייענדיקער זון. אַלטקע איז געזעסן מיט פאַרשטאַרטע אויגן און ס'איז איר אַליין שווער געוועזן צו וויסן, וואָס זי וויל. ס'איז איר געוועזן זייער טריב אויף דער נשמה.

— מע דאַרף אַריין צוגרייטן וועטשערע — האָט מלכה אַ זאָג געטאָן.

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן, אַוועק צו מאַקסימען אין פּירהויז. דאָרט איז שוין די מאַקסימעכע געשטאַנען אַרום אויוון, זיך געפּאָרעט מיטן מילכיקן נאָכן מעלקן. דערזעענדיק די מיידלעך, האָט זי זיך פאַרריכט דאָס ברייטע ווייסע פאַרטעך, זיי אָפּגעגעבן גוט־נאָוונט און זיי געפרעגט, צי דאַרפן זיי עפּעס אויף וועטשערע. — מילך וועלן זיי דאַרפן — האָט זיך מלכה אָנגערופן. און ס'איבעריקע האָבן זיי מיטגעבראַכט פון דער היים. אַ ביסל שפּעטער זיינען פון צווייטן סאָד אָנגעקומען מייסל מיט זיינע דריי יינגלעך, און מיט זיי — צוויי הראַזעוווער אויפּס־סוחרים.

— זיי וועלן דאָ איבערנעכטיקן, און מאָרגן פרי אָנקוקן וואָס ס׳איז דאָ צו קויפן.

די מיידלעך האָבן גיך אָנגעשיילט קאַרטאָפל, צעשניטן אַ הערינג און געבעטן די מאַקסימעכע, זי זאָל אָפּקאָכן אייער. זיי האָבן פאַרשפרייט אַ טישטעך אויפן טיש און מ׳האָט אַלע אין איינעם געגעסן וועטשערע. שלאָפן איז מען געגאַנגען אין שייער, אויפן פרישן היי. אין דער פרישער האַרבסטיקער לופט איז מען באַלד איינגעשלאָפן. מלכה מיט אַלטקען האָבן געמאַכט זייער געלעגער ווייט פון די מאַנסבילן,ביים צווייטן עק שייער.

די מיידלעך האָבן לאַנג גערעדט, איידער זיי זיינען איינגעשלאָפן. די מאַנסבילן האָבן שוין פון לאַנג געכראָפּעט, אַלטקע האָט געהאַלטן אין איין רעדן... זי האָט מורא איינצושלאָפן, ווייל זי האָט מורא פאַר דער מאַמען... זי זעט זי אַלע מאָל אין חלום אַזאַ פאַרמוטשעטע. מלכה האָט זי איינגענומען מיט שטילע רייד, אַז זי טאָר ניט אַזוי טראַכטן, זי דאַרף בעסער טראַכטן פון די לעבעדיקע, און אַז עס וועט איר נאָך גוט זיין. זאָל זי בעסער לייענען „קרישמע“ און זאָגן „המפּיל“, וועט זיך איר גאָרנישט חלומען. און אז עס וועט זיך איר יע חלומען, וועלן עס זיין גוטע חלומות...

אַלטקע האָט שטייף אַרומגענומען מלכהן, און זיי האָבן ביידע אויפן קול גע־לייענט „קרישמע“ און שטיל געשעפּטשעט דעם „המפּיל“.

## יענע זייט וואַנט . . .

אַלטקע איז די ערשטע איינגעשלאָפן. מלכהן איז געווען א ביסל אומהיימלעך פון די אַלע רייד, וואָס זי האָט זיך היינט אָנגעהערט פון אַלטקען, אָבער, אַ צופרידענע וואָס אַלטקע שלאָפט שוין, האָט זי זיך אָפּגערוקט פון איר, זיך איינגעדעקט, און איז אויך איינגעשלאָפן. זי האָט ניט געקענט געניי וויסן, ווי לאַנג זי איז אַזוי געשלאָפן, צי מינוטן, צי שעהן — נאָר זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף דורך אַ מוראדיקן געשריי, וואָס האָט ווי מיט אַ מעסער דורכגעשניטן די פינצטערניש אויפן הויכן געפּאַק פון היי. מלכה איז געבליבן ליגן פאַרחלשט. דערנאָך האָט זי זיך אויפגעזעצט און דערהערט, אז אַלטקע שרייט עס. זי האָט זי באַלד גענומען וועקן און שלעפּט צו זיך, נאָר יענע האָט זיך ניט גערירט פון אָרט — ווי מיט קייטן וואָלט זי געווען צוגעבונדן צו דער וואַנט. זי האָט זי ניט געקענט אויפמינטערן.

אַלטע האָט געשריען מיט ניט־מענטשלעכע, ווילדע קולות.

עס האָט ניט גענומען לאַנג, און די מאַנסבילן, מיט אַ לאַמטערן, זיינען שוין געשטאַנען איבער אַלטקען, זי געריבן מיט שפּירט, זי געוואָלט אויפזעצן און זי אַראָפּטראָגן אין שטוב, זי דערוואַרעמען, אָבער יענע האָט מיט ניט־מענטשלעכע קרעפטן זיך געווערט און געשריען, אַז מע שלעפּט זי פון יענער זייט וואַנט: — אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט זי זיך געראַנגלט, אָבער איצט איז שוין צו שפּעט. — און זי קען שוין מער פון דער וואַנט ניט אָפּטרעטן...

עס זיינען אַרויפגעקומען פון הויז מאַקסים מיט זיין גויע, מיט אַ זון און אַן איידעם, און מ׳האָט זיך אַלע גענומען זי אויפהייבן און אַראָפּטראָגן. זי איז געווען

ווי אָנגעגאָסן מיט בליי און ווי צוגעשמידט צו דער וואַנט און ניט געלאָזט זיך אָנ־רירן. מיט גרויס מי האָט מען זי אַראָפּגענומען אין שטוב, זי אַריינגעלייגט אין אַ בעט, איר געלייגט הייס וואַסער צו די פיס, — נאָר זי האָט געהאַלטן אין איין ציטערן און אין איין שרייען.

פאַר טאָג האָט מען זי אַהיימגעפירט, אַריינגעלייגט אין גאָלדעס ליידיק בעט, געבראַכט אַ דאָקטער, און נאָך אַ דאָקטער — נאָר זי האָט אָפּגעשריען דריי מעת־קיין טראָפּן וואַסער צום מויל ניט צוגעלאָזן — און אויפן דריטן טאָג, פּונקט צוועלף אַ זייגער ביי נאַכט, האָט זי זיך אַ זעץ געטאָן אין בעט, אַ קוק געגעבן ווייט איבער זיך, אויסגעשטרעקט די הענט, ווי זי וואָלט אימיצן געוואָלט אַרומנעמען, איז אַ פאַל געטאָן אויף צוריק — און איז געשטאָרבן.

אָן אַ שיעור מעשות האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך — יעדער איינער האָט געהאַט עפּעס אַנדערש צו דערציילן וועגן דער געשעעניש, יעדער איינער האָט עס אַנדערש אויסגעטייטשט און זוער ווייסט ווי לאַנג מע וואָלט נאָך גערעדט און דערציילט וועגן אָט־דעם אומגליק, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן אין דעם פאַרוואָרפענעם דאָרפישן שטיבל — ווען עס קומט ניט אונטער קיין אנדער אומגליק מיט נאָך אַ גרעסערער סענזאַציע — גרעסער מיט דעם, וואָס די געשיכטע האָט געהאַט צו טאָן מיט ליבע און לעבן, אנשטאָט מיט אומעט און טויט.

## אַ גרויסע שרעק — אַן אָפּקומעניש

דאָס איז געשען אין אַ שטוב, וואָס איז געווען אין גאַנצן אויף איין וויאָרסט אָפּגערוקט פון מייסלס אומגליקלעך הויז. אין דעם הויז האָט געוואוינט דער בכבודיקער, שיינער ייד, מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד — ר׳ שיע דער מילנער. ר׳ שיע האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער ייחוסדיקער משפחה. אַליין געווען אַ למדן אַ ייד. ער האָט געהאַלטן אין אַרענדע די וואַסערמיל פון דעם דאַכטערוויטשער פּריץ און דערפאַר האָט ער טאַקע געוואוינט אין „הויף״, אין אַ גרויס, שיין הויז. זיין ווייב שרה איז געווען אַ קליין־געוויקסיקע, פרומע יידענע מיט קורצזיכטיקע אויגן. קינדער זיינען אין הויז געווען נאָר צוויי: שימשל, אַ בחור פון אַ יאָר צוויי־און־צוואַנציק, אַ זון, און הינדע, אַ מיידל פון אַ יאָר זיבעצן, זייערס אַן אייניקל פון זייער עלטסטער טאָכטער, וואָס איז געשטאָרבן אין קימפּעט, ווען אָט־די הינדע איז געבוירן געוואָרן. הינדע איז געווען אַ בלאָנדע, אַ ליכטיקע, אַ שלאַנקע. זי האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פאַניענקע, געלערנט אין איינעם מיטן פּריצס קינדער, גע־טאַנצט און געזונגען מיט זיי, און אַרומגעגאַנגען מיט זיי אויף שפּאַציר, אין הי־טעלעך, אונטער געשפּיצטע זיידענע זאָנטיקעס...

ביי זיידע־באָבע איז הינדע געווען דאָס אויג אין קאָפּ. מ׳האָט געציטערט איבער איר, מורא געהאַט זאָל זיך אָנקוקן אויף איר. — די מאַמע אויסן אויג — פלעגט שרה ווישן די קורצזיכטיקע פאַרטרערטע אויגן. ר׳ שיע פלעגט פון אַ זייט זי באַטראַכטן און אין זיך טיף אָפּזיפצן. ער האָט מורא געהאַט צוצולאָזן נענטער די געדאַנקען, וואָס קריכן אים אין קאָפּ דורך די נעכט, ווען עס שלאָפט זיך אים ניט: — אַ יתומה, אָן טאַטע־מאַמע — ווער ווייסט, צי גייט זי אויפן ריכטיקן וועג. אָבער מיט די

פריצים און ווידער מיט די פריצים. מע וועט דאַרפן זען וואָס גיכער זי חתונה מאַכן.

שימשל איז אַרום דינהן אַרומגעגאַנגען אַן אומעטיקער, אַ פאַרבענקטער. יעדן בליק, וואָס זי האָט אים געשענקט, האָט ער ווי אַ דאַרשטיקער געשלונגען. ער פלעגט איר נאָכגיין פון דער ווייטן, ווען זי פלעגט אַרומגיין מיט די יונגע פריצים. אַז זי פלעגט זיך אָנטאָן אין איר ווייסן קלייד מיט די ראָזע באַנדן און גיין אין די פאָקאָיעס טאַנצן מיט די יונגע פריצים, פלעגט ער זיך אַרומדרייען פאַר דער שטוב, ווי אַ שאָטן אין אַ לאַנגער, שוואַרצער קאַפּאָטע... און אַז הינדע איז גאַר שפּעט אַרויסגעקומען אַ פריידיקע, באַגלייט פון איינעם פון די פּאַניטשן, פלעגט זיך שימשל באַהאַלטן הינטער דער וואַנט און זיי נאָכגיין פון דער ווייטנס, מע זאָל אים ניט באַמערקן. צוקומענדיק ניט ווייט פון מיל, האָט ער זיך באַהאַלטן הינטער אַ קוסט, און פון דאָרט צוגעזען, ווי זיין שוועסטערקינד קושט זיך מיטן גויאישן פּאַניטש. אין אַזעלכע נעכט איז שימשל ניט איינגעשלאָפן, זיך געוואָרפן אויפן געלעגער, ווי געביסן פון שלאַנגען. אויף צו מאָרגנס האָט ער ניט געגעסן, אַרומגעגאַנגען אַ טויט־קראַנקער. שרה איז אים נאָכגעגאַנגען, אים אַראָפּגעבויגן צו זיך, באַרירט מיט די ליפּן זיין שטערן: צי האָט ער ניט חלילה קיין היץ.

ניין, קיין היץ האָט ער ניט געהאַט, אָבער זינט דער נאַכט, וואָס ער האָט געזען הינדען זיך קושן מיטן גוי, איז ביי אים דער שלאָף פאַרשוואונדן. ער האָט נאָכגעשפּירט איר יעדן טראָט. הינדע, פאַרטאָן אין איר יונגער פרייד, האָט פאַר זיך קיין זאַך ניט געזען. זי איז אַרומגעגאַנגען ווי פאַרשיכורט פון איר אייגענער פרייד, אָן חשבונות. זיידע־באָבע האָבן אויך אויפגעהערט צו שלאָפן. אַלע דריי זיינען געלעגן אָן שלאָף און האָבן געטראַכט פון איין זאַך.

הינדע האָט אויך ניט געקענט איינשלאָפן — פון גליק. דער הויכער פּאַניטש איז איר געשטאַנען פאַר די אויגן, באַשאָטן זי מיט צערטלעכע רייד...

אַ לאַנגע צייט האָבן די אַלטע געטראָגן דעם ווייטיק אין זיך און געציטערט אַריבערברענגען דאָס ערשטע וואָרט איבער די ליפּן. נאָר דער שטומער זיפץ פון איינעם צום צווייטן אויף די וואַכיקע געלעגערס האָט געשריען פון דעם סוד, וואָס ביידע ווייסן. דורך די טעג האָבן שרהס פאַרטרערטע אויגן אויסגעמיטן ר׳ שיעס שטעכיקן קוק, וואָס האָט ווי אַן עקבער געבויערט אי אין זיין אייגן האַרץ, אי אין אירן.

איין מאָל, אַ שבת נאָך מיטאָג, אַז הינדע האָט זיך גענומען אָנטאָן אויף אַרויס־צוגיין אויף שפּאַציר, האָט זי ר׳ שיע צוגערופן און איר געהייסן בלייבן אין שטוב: ער און די באָבע דאַרפן עפּעס מיט אירריידן.

הינדע האָט פריילעך אַ קוק געטאָן צום זיידן:

— ניין, זיידעניו. איצט דאַרף איך גיין. מע וואַרט אויף מיר.

— ווער וואַרט אויף דיר?

הינדע רויטלט זיך:

— וואָס איז דער חילוק? פּיאָדער וואַרט אויף מיר.

ר' שיע שטרענג:

— וועט שימשל אים גיין זאָגן, אַז דו דאַרפסט איצט זיין אין שטוב.

— נייִן. איך דאַרף גיין.

ר' שיע ווייזט מיטן פינגער צו שימשלען:

— גיי, מיין זון, זאָג אַז הינדע קען ניט קומען — און דו, הינדע, קום אַהער.

הינדע גייט צו צום זיידן, וואָס זיצט ביים טיש, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט. שרה זעצט זיך אַוועק לעבן הינדען.

— האָב ניט קיין מורא, דער זיידע וועט דיר גאָרנישט טאָן.

ר' שיע הייבט אויף דעם ווייסן, אַלטן קאָפּ, קוקט אויף הינדען:

— זאָג נאָר, הינדע, שוין צייט, מיין איך, צו רעדן מיט דיר וועגן אַ תכלית... ביסט נאָך טאַקע יונג, אָבער אַ יידיש קינד דאַרף גיין אויף יידישע וועגן...

ער בלייבט שטיל, פאַרטראַכט זיך — און רעדט ווייטער, מער פאַר זיך ווי צו הינדען:

— ווער ווייסט? פאַרהאַוועט בין איך טאָג ווי נאַכט... געדאַרפט מער נאָכקוקן... און די באָבע דיינע — (קוקנדיק צו שרהן) — האָט דיר צו פיל נאָכגעגעבן... און איצט? ס'איז בעסער פאַרהיטן פון אַ קרענק, איידער היילן אַ קרענק...

הינדע, שטיל, אָבער אומגעדולדיק:

— וואָס טו איך דען, זיידע? וואָס זאָרגט איר זיך אַזוי? איך בין ניט קראַנק. עס פעלט מיר גאָרנישט.

— נייִן, ביסט, גאָט צו דאַנקען, געזונט און שיין, אָבער פאַראַן פאַרשיידענע קראַנקהייטן — בעסער אַז מע זאָל פון זיי ניט וויסן...

ער זעט, אַז הינדע קוקט צו דער טיר, שטעלט ער זיך אויף און רוקט צו זיין שטול נענטער צו הינדען:

— געדענקסט ניט — ניט דיין מאַמען, דיר אויף לאַנגע יאָר, און ניט דיין טאַטן. אָבער דיין טאַטע עליו־השלום האָט געהאַט אַ שוועסטער, לייטשע האָט זי געהייסן, איז זי אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. לייטשען געדענקסטו דאָך.

— נו, איז וואָס?

— זי שרייבט, אַז איר לעבט זיך דאָרט גאַנץ גוט — זי האָט דאָרט חתונה גע־האַט, איר מאַן איז אַן איידעלער מענטש און פאַרדינט גוט — און זיי האָבן שוין אָן אַן עין־הרע עטלעכע קינדערלעך... איז שרייבט זי, אַז זי וואָלט זייער וועלן, אַז מיר זאָלן דיך שיקן קיין אַמעריקע — דו וואָלסט ביי איר זיין ווי אַן אייגן קינד... מיר האָבן ביז איצט מיט דיר ניט געוואָלט רעדן דערוועגן — די באָבע האָט ניט געהייסן. ביסט ביי אונדז, הינדע, ווי אַן אייגן קינד אין שטוב, אויף די עלטערע יאָרן. און שימשל איז דיר טאַקע אַ פעטער, אָבער עס איז פאַראַן אַ דין, אַז אַ פעטער מעג חתונה האָבן מיט אַ פּלימעניצע...

הינדע קוקט זיך אַרום צעשראָקן און שטאַמלט ניט־דרייסט:

— ניין, זיידע, ניין... איך האָב שוין אַ חתן... איך דאַרף קיין אַמעריקע ניט פאָרן. — מיר וועט זיין גוט דאָ אויך...

ר׳ שיע מיט שרהן בלייבן פאַרציטערטע, ווי מע וואָלט זיי מיט עפּעס אַ שווע־רער משא דערלאַנגט איבער די קעפּ.

ר׳ שיע קומט צו זיך דער ערשטער:

— וואָס רעדסטו, קינד? ווער איז דיין חתן, מיינסט שימשלען?

שרה כאַפּט זיך אָן אַ שטרוי:

— אוודאי מיינט זי שימשלען. ס׳וועט זיין אין אַ גוטער, מזלדיקער שעה... וועסט בלייבן מירטשעם די באַלעבאָסטע איבערן גאַנצן ביסל האָב און גוטס... — זי ווישט זיך די אויגן — מיין איינציק שטיקל האָפענונג אויף די אַלטע יאָרן... זיך געזעגנט אויסגעוויינט די אויגן דורך די נעכט, אַז דיין יונגע מאַמע נעבעך זאָל אין איר קבר חלילה ניט פארשעמט ווערן... אַז מ׳איז ברוך־השם פאַרוואָרפן צוליבן שטיקל ברויט אַליין צווישן גויים... געוואָלט דיר נאָכגעבן, ס׳זאָל דיר ניט זיין אומעטיק — ביים פריץ אין שטוב, מיט די קינדער געהאָדעוועט זיך... אָבער מיט גאָטס הילף וועט נאָך אַלץ גוט זיין...

הינדע קוקט מיט אומגעדולד צו דער טיר:

— איצט מעג איך שוין גיין?...

— מעגסט שוין גיין — זאָגט ר׳ שיע — גיי, מיין קינד, גיי זוך אָפּ שמשונען און קומט ביידע אַהיים צו שלש־סעודות...

— ניין, שימשל וועט אַליין אַהיימקומען... איך וועל גיין שפּאַצירן... — און זי לאָזט זיך גיין צו דער טיר.

— וועסט אויך אַהיימקומען מיט שימשלען, דו הערסט?!

הינדע גייט אַרויס. ר׳ שיע שפּאַנט איבער דער שטוב און צופּט זיך ביי דער באָרד, ווי ער זאָל פון איר מוזן אַרויסבאַקומען אַ באַשייד אויף דער האַרבער קשיא, וואָס לאָזט אים ניט רוען. ער גייט צו צום טיש, זעצט זיך אַוועק ניט ווייט פון שרהן. זי זיצט איבער אַ גראָבן טייטש־חומש, די ברילן אַראָפּגערוקט אויף דער שפּיץ נאָז, צוגערוקט די אויגן נאָענט צו די אותיות, און זוכט די ווערטער, וואָס ס׳איז איר שווער צו געפינען: — אוי, גאָטעניו! — און ווישט זיך די אויגן מיטן ווייסן פאַרטעך.

— הערסט, שרה, געזעגט האָט מען דאָ געוואָרט. שוין אפשר צו לאַנג. אָבער מען וועט אין גיכן, אם ירצה השם, שרייבן תנאים, און אויף ל״ג בעומר אָפּשטעלן די חתונה — הערסט?

— איך הער. וואָס דען טו איך? זאָל נאָר זיין אין אַ מזלדיקער שעה...

זי וויל זיך פאַרטרויען פאַרן ברעמענדיקן, הויכן מאַנסביל, וואָס איז איר שטרענגער און גוטער מאַן, נאָר עפּעס קען זי ניט אָנהייבן. זי איז געבליבן קעגן אים דאָס אייביק־ שעמעוודיקע קינד. עס פעלן איר תמיד די ערשטע ווערטער אויף אָנצוהייבן רעדן. און ר׳ שיע איז שוין געוואוינט צו איר שטאַמלען און ער באַפעלט:

— וועסט צוגרייטן לעקעך און בראָנפּן און מע וועט פאַרבעטן עטלעכע שכנים און מע וועט שרייבן תנאים. שימשל וועט בלייבן אַ היימיקער, וועט מער ניט צו־ריקפאָרן לערנען. ער וועט זיך צו ביסלעך באַקענען מיט דער אַרבעט אַרום דער מיל, און לערנען וועלן מיר שוין ביידע אין איינעם... אין די אָוונטן.

שרה ווישט זיך די אויגן:

— זאָל נאָר זיין אין אַ גוטער שעה... זאָל נאָר אונדזער יונגער טאָכטערס זכות איר ביישטיין...

— נו, ווייס איך וואָס. אַ יונגע ציג... מע וועט זי לערנען דרך־ארץ. וועסט איר באַשטעלן אַ פאַרוק. איר די צעפּ אָפּשערן. ניט לאָזן זי גיין מיטן הוילן קאָפּ. וועסט נאָכקוקן. זי קומט פון אַ יידיש הויז... זי וועט מירטשעם זיין אַן ערלעכע יידישע טאָכטער. זאָל זי נאָר חתונה האָבן און זאָלן נאָר קומען קינדער, וועט זי אַן אַלע נאַרישקייטן פאַרגעסן. אַ יונגע ציג — שפּרינגט עס... נישקשה, מע דאַרף האָבן ביטחון.

— פון דיין מויל אין גאָטס עווערן. איך וועל געבן אויף מאיר בעל־נס, איך וועל פאסטן תעניתים — אז דאָס וואָס איך האָב ביז איצט פארזען, זאָל ער, ווע־מענס נאָמען איך וויל ניט דערמאָנען, מיר העלפן פאַרריכטן.

צו שלש־סעודות איז שימשל אַליין געקומען. וואו הינדע איז? ער האָט זי ניט געזען.

יענע נאַכט איז הינדע אַהיימגעקומען זייער שפּעט. ר׳ שיע האָט אויף מאָרגן אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל פון שטוב ניט אַרויס. הינדע איז געבליבן זיצן אין שטוב און איז ניט אָפּגעטראָטן פון פענצטער. געהאַלטן אַ בוך אויף די קני און געקוקט דורכן פענצטער. אַזוי זיינען אַריבער עטלעכע טעג. דערנאָך האָט מען געהייסן הינדען זיך אָנטון, מיטנעמען אַ פּאָר קליידלעך — זי וועט פאָרן מיט דער באַבען קיין סלוצק זיך לאָזן נייען קליידער, ווייל זי וועט באַלד אַ כלה ווערן פאַר שימשלען, און טאַקע באַלד נאָך די תנאים וועט איה״ש זיין חתונה.

הינדע האָט פאַרשעמט געקוקט פון אַ זייט אויפן זיידן און געפּרואווט רעדן, אָבער אירע ווערטער האָבן זיך פאַרלוירן אויפן זיידנס סומנעם פּנים... זי האָט אַן אומעטיקע צונויפגעלייגט אירע פּאָר קליידלעך און איז אַרויס מיט דער באָבען פון שטוב. פאַר דער שטוב איז געשטאַנען אַ געשפּאַנטער וואָגן, און אַן אַנטרייבער, דער פאַראָבעק פון מיל, אַנטאָש, האָט געהאָלפן די צווי פרויען זיך אַריינזעצן און — מ׳איז געפאָרן.

אַז אַנטאָש איז פאַרטיק געוואָרן אַהיימצופאָרן, איז הינדע צו צום וואָגן, אים אַריינגערוקט אַ פאַרמאַכטן בריוו אין האַנט און אַ גיכן זאָג געטאָן:

— גיב איבער. פאַרגעס ניט.

— פּ׳וועל איבערגעבן דעם פּאַניטש, נאָר מע טאָר ניט, הינדולאָ. דער זיידע וועט בייז זיין, וועט טרייסלען מיט דער באָרד.

הינדע דריקט אַנטאָשן די האַנט:

— דער פּאַניטש וועט דיך באַלוינען, אַנטאָש.

זי איז צוריק אַריין אין שטוב וואו די באָבע שרה האָט אויף איר געוואַרט. עטלעכע טעג האָט זיך שרה אַרומגעפירט מיט הינדען איבער די סקלאַדן. אָנגע־נומען אַטלעס און ריפּס אויף קליידער, געגאַנגען צו דער שניידערין מלכה כאַ־ראַש, די געהויבנסטע נייטאָרין אין שטאָט, און ביי איר באַשטעלט דאָס געניי. שרה איז געבליבן אין סלוצק און געוואַרט ביז די נייטאָרין וועט פאַרטיק ווערן מיטן אָנפּאַסן, און דערנאָך וועט מען אַהיימפאָרן. זי איז געווען אַלט און מיד. און אַז הינדע האָט געעצהט דער באָבען, אַז זי זאָל בלייבן אין שטוב, — זי וועט אַליין צולויפן אָנפּאַסן די קליידער, האָט זיך שרה געלאָזט איבעררעדן. הינדע האָט זיך יעדעס מאָל געזאַמט, און איז צוריקגעקומען אַ צופרידענע, אַן אויפגערעגטע.

די עטלעכע נעכט וואָס זי איז געשלאָפן מיט דער באָבען אין דער פרעמד, זיינען זיי ביידע כמעט ניט איינגעשלאָפן. הינדע האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייטן, זיך געוואָרפן. דורך די טעג איז זי ניט געווען אין שטוב. און אַז זי איז אַהיימגע־קומען און שרה האָט זי גערופן עסן, איז זי ביים טיש געזעסן ווי אַ נעכטיקע... שרה האָט ביי זיך געטראַכט, אַז דעם קינד מוז זיין שווער דער געדאַנק וואָס זי דאַרף אין גיכן חתונה האָבן מיט איר שימשלען, און זי האָט מיט איר מורא געהאַט צו רעדן וועגן דעם, נאָר מיט אירע קורצזיכטיקע בליקן האָט זי זי געצערטלט ביים צוטראָגן איר אַ בעסערן ביסן:

— עס, מיין קינד, ס׳וועט מירטשעם אַלץ גוט זיין...

דער באָבעס שטילע ווערטער פלעגן הינדען אויפוועקן ווי פון אַ חלום. מיט אַ לייכטן ציטער פלעגט זי ווי אַראָפּטרייסלען פון זיך די רעיונות, וואָס האָבן זי גע־פייניקט.

ס׳איז געקומען דער טאָג, ווען מ׳האָט געדאַרפט אַהיימפאָרן. די קליידער זיי־נען אַלע געווען פאַרטיק און פאַרפּאַקט. אַנטאָש איז געקומען מיטן פערד און וואָגן נאָר הינדע איז ניטאָ.

— וואו איז הינדע?

אָט וועט זי מסתמא באַלד אַריינקומען.

פון רגעס ווערן מינוטן, פון מינוטן — שעהן, און הינדע איז ניטאָ. דער טאָג שטייט ניט, ס׳ווערט פאַרנאַכט, מ׳האָט זי שוין געזוכט אין אַלע פאַרטראַכטע ער־טער: ביי דער נייטאָרין, ביי אַ חברטע, ביי אַ קרובה — אין ערגעץ איז זי ניטאָ. די באָבע האָט אָנגעהויבן ברעכן די הענט און חלשן.

ס׳אזוי געוואָרן נאַכט און ס׳איז געוואָרן מאָרגן אין דער פרי — און הינדע איז ניטאָ.

שרה האָט זיך קוים אַ לעבעדיקע אַריינגעזעצט אין וואָגן און געהייסן אַנטאָשן פאָרן אַהיים אפשר איז הינדע גאָר אַוועק אַהיים? וואָס קען זי, אַן אַלטער שאַרבן, טון? איר קלעמעניש איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי איז געזעסן ווי אין אַ חלום און האָט ניט געקענט זיך קלאָר מאַכן, צי איז עס וואָר, אָדער טאַקע אפשר אַזאַ וויס־טער חלום, וואָס וועט באַלד אַריבער — זי דאַרף נאָר די אויגן עפענען און דריי מאָל אויסשפּייען, אויף אַלע וויסטע וועלדער, און אַלץ וועט זיין ווי ס׳איז געווען

— — — הינדע גייט אַרום און זינגט, אָדער פּוצט זיך ביים שפּיגל, אָדער זיצט ביי זיך אין אַלקער און לייענט אַ מעשה־ביכל...

דער וואָגן האָט זיך געהוידעט ווי אַ וויג, וואָס פּאַרוויגט אַן אַנגעוויינט קינד.

— זי איז איינגעשלאָפן. אויפגעכאַפּט האָט זי זיך ערשט, ווען דער וואָגן איז גע־בליבן שטיין ביי דער מיל. זי האָט דערזען איר מאַן מיט שימשלען צוגיין מיט פרע־גנדיקע אויגן, און האָט זיך אָנגעהויבן דערמאָנען, וואָס דאָ האָט געטראָפן... זי האָט אָנגעהויבן רייבן די פאַרוויינטע, קורצזיכטיקע אויגן און זיך אויפן קול פאַנאַנדער־געוויינט.

ר׳ שיע איז צו צו אַנטאָשן:

— וואָס איז?! וואו איז הינדע? וואָס וויינט זי?

— יעי באָגו, פּאני שיע, ביע זנאַיו...

— וואָס הייסט, דו ווייסט ניט?!

— אוי, אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן! פון אונטער די הענט איז זי מיר אויס־געראַנען. גאַנץ שטאָט איבערגעקערט — און ווי אין וואַסער אַריין!...

— וואָס הייסט? ביים רב ביסטו געווען? געפרעגט אַן עצה? ביי פּאָליציי געווען?

— פינצטער אין די אויגן איז מיר געווען... איך האָב זיך נישט געוואוסט פאַר וואָס צו כאַפּן... און עפּעס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי איז אַהיימגעפאָרן.

ר׳ שיע בלייבט שטיין, צופּט זיך די באָרד און מורמלט עפּעס צו זיך אַליין.

— גיי אַרויס פון וואָגן. איכ׳ל זיך אַריינכאַפּן צום פּריץ אויסגעפינען וואו פעדאָר איז...

---

צוריקגעקומען איז ר׳ שיע אין גאַנצן אַ פאַרענדערטער· ווי נאָך אַ לאַנגער קרענק. ער האָט זיך געשטעלט דאַוונען מעריב. געשטאַנען ווי פאַרמישפּט צום טויט. נאָך מעריב געהייסן שרהן פאַרפּאַקן דעם טלית און עפּעס אין וועג אַריין און געהייסן אַנטאָשן שפּאַנען פערד. געזאָגט ·„אַ גוטע נאַכט״ שרהן און שימשלען, אַ קוש געטאָן די מזוזה — און אַרויס פון שטוב. שרה איז אים נאָכגעגאַנגען מיט אַ בעטנדיק, געבראָכן קול:

— וואוהין פאָרסטע? ווייסט עפּעס?..·

ר׳ שיע רעדט צו זיך אין דער באָרד אַריין:

— גאָטס שטראָף אויף מיינע אַלטע יאָרן. מ׳איז ביי גאָט אין די הענט... און אפשר וועט נאָך אונדז גאָט העלפן זי אויסלייזן פון גויאישע הענט... — און ער קריכט אין וואָגן אַריין און פאָרט אָפּ.

---

ר׳ שיע איז געווען אין דער פרעמד גאַנצע צוויי וואָכן צייט. די מיל און די שטוב זיינען געשטאַנען ווי שטומע. שימשל און שרה האָבן זיך ווי שאָטנס אַרומ־

געדרייט, ניט גערעדט איינער צום צווייטן און אפילו אויסמיידנדיק איינער דעם צווייטנס בליק. אַרום דער שטומקייט פון מיל און שטוב האָבן זיך אַרומגעטראָגן שטומע סודות וועגן דעם אומגליק, ווי פאַרשאָטנטע ביימער אַרום טייך וואָלטן זיי פון זיך אַראָפּגעטרייסלט פון זייערע צווייגן און זיי איבערגעגעבן דעם ווינט, און ער האָט זיי צעווייעט איבערן גאַנצן געגנט צו די שכנותדיקע שטיבער. אַלט און יונג האָבן עס גענומען אויף די צינגער — און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ שושקעריי, ביז דער גאַנצער געגנט האָט אָפּן דערפון גערעדט. מ׳האָט צוגעשאָקלט מיט די קעפּ מיט באַדויער אויף דעם, וואָס ס׳איז זיך פאַרלאָפן אין אַן ערלעך יידיש הויז. יידישע מאַמעס האָבן אָנגעהויבן היטן זייערע קינדער, זיי זאָלן חלילה ניט אַראָפּ פון רעכטפאַרטיקן וועג. גויים האָבן מיטגעפילט מיטן ערלעכן, אַלטן מילנער און געשאָלטן אין טאַטן אַריין די פּריצים מיט זייערע הולטאַיסקע זינדלעך.

אין אַ פאַרטאָג האָט זיך ר׳ שיע, דער מילנער, אומגעקערט אַהיים. זיין אויס־זען האָט זיך אַזוי געביטן אין די פּאָר וואָכן, אַז ס׳ איז אים געווען שווער צו דער־קענען. זיין שטענדיק זיכערער בליק האָט איצט געוואַנדערט, געזוכט, זיך ניט אָפּ־געשטעלט אויף קיין רגע ביי איין זאַך, עפּעס ווי פון אַלע ווינקלען וואָלטן אויף אים געלויערט סכנות. אָבער אויף לאַנג האָט ער זיך ניט פאַרלוירן. ס׳איז אויך געווען אַן אַנטשלאָסנקייט אין זיין בליק, ווען ער האָט זיך געווענדט צו שרהן:

— מע וועט דאַרפן צופאָרן צו שלומען קיין אוהלי און זיך דורכרעדן מיט יאַנקלען און שימעונען און פייסען און וועלוולען. אם ירצה השם שבת ביי נאַכט מוז מען צוריק זיין אין סלוצק. איך וועל מיטנעמען פון דאַנען די יידן, און אַז מע וועט דאַרפן, זיינען סאַראַן געגנוג יידן אין סלוצק... אויב גאָט וועט מיר אָפּגעבן מיין קינד אויף אַ שטילן אופן — איז מה־טוב. נאָר אויב מע וועט מוזן, וועלן מיר מלחמה האַלטן... און דו, שרה, פּאַק צונויף אירע עטלעכע קליידלעך און העמדער.

שרה האָט אַן ווערטער און אַ וויינענדיקע געטאָן וואָס איר מאַן האָט באַפוילן.

יענע נאַכט האָבן זיך פון ר׳ שיעס הויז אַרויסגעלאָזן אין וועג דריי פורן און אין זיי — אַ צענדליק שכנותדיקע יידן, אי עלטערע, אי מיטליעריקע, און אַ פּאָר יונגע, געזונטע חברה. זונטיק אין אָוונט זיינען שוין די יידן געווען צוריק אין זיי־ערע היימען, אַ חוץ ר׳ שיען און שלום אוהליער. דער גאַנצער געגנט איז אַרומ־געגאַנגען מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם, זיך געשושקעט און געוואַרט אויף אָט די צוויי.

ערשט אויפן קומענדיקן דאָנערשטיק זיינען אָנגעקומען די צוויי דערוואַרטע פורן. ר׳ שיע האָט קוים דערשלעפּט זיין אויסגעמאַטערטן גוף צום בעט, און גע־הייסן שרהן אים צולייגן גאָרטשיצע צום האַרץ, אַ שנאַפּס און אַ זויערע אוגערקע צום פאַרבייסן: — נאָך אַזאַ שטיקל אַרבעט, ווי זיי האָבן אָפּגעטאָן, קומט אים אַ גו־טער שנאַפּס — און זאָל זי פאָרן געזונטערהייט... איבערגעפּעקלט די גרענעץ, גע־קויפט אַ שיפקאַרטע, אַרויפגעזעצט אויף דער שיף, און היידאַ קיין אַמעריקע. דאָרט וועט זי פאַרגעסן אַלע נאַרישקייטן... ווי זי האָט עס געוויינט און ווי זי האָט עס געקושט דעם זיידן!... דעם קאָפּ האָבן זיי איר פאַרדרייט: מאָנאַסטיר, שמד... אָבער די מינוט, וואָס די טיר האָט זיך אויף איר פאַרמאַכט, האָט זי אָנגעהויבן שרייען און וויינען, אַז זי וויל אַהיים... האָט מען איר צוגעזאָגט טויזנטער גליקן,

אָבער זי האָט זיך געהאַלטן ביי אירן· אַ גליק וואָס דער מאַנאַסטיר איז אונטער דער שטאָט.. אַז די מאַנאַשקעס האָבן דערזען אַזוי פיל יידן, האָבן זיי זיך דערשראָקן, און זי אַליין, דערזעענדיק דעם זיידן, האָט געגומען מאַכן קולות... און איידער וואָס־ווען, איז זי שוין געווען מיט אונדז אויפן וואָגן און היידאַ!

— זאָל עס נאָר די אַלטע לייט גלאַט אָפּגיין.·. פון אים איז אַ תל געוואָרן...

פעשע האָט טיף אָפּגעזיפצט.

---

פון הינדען איז אָנגעקומען אַ בריוו, פון אַמעריקע, אַז זי איז מיט איר מומען, און איר איז, א דאַנק גאָט, גוט, נאָר וואָס זי בענקט זייער נאָך אירע זיידע־באָבע און זי בעט זיי, אַז זיי זאָלן איר מוחל זיין דאָס, וואָס זי וועט זיך אַליין ניט מוחל זיין, וויפל זי וועט לעבן.· און איר פעטער שימשלען בעט זי אויך, ער זאָל איר מוחל זיין. און ניו יאָרק איז אַזאַ גרויסע שיינע וועלט, אַז נאָר אין אַ חלום קען מען אַזוינס זען... און זי גייט שוין אין אַ נאַכטשול און זי האָפּט זיך אויסלערנען ענגליש, און אַז די מומע מיטן פעטער מיט זייערע טעכטערלעך גריסן האַרציק. שימשל האָט געלייענט דעם בריוו· ביים ענדיקן לייענען האָט ר׳ שיע אויסגערופן:

— אַ דאַנק דיר, גאָט... שבתך ומשענתך המה ינחמוני...

שרה האָט אַרויסגענומען דעם בריוו פון איר זונס האַנט, אים באַטאַפּט פון אַלע זייטן און אים צוגעטראָגן צו די ליפּן:

— מיין קינד, מיין קינד... ניט באַשערט געווען מיר אויף די אַלטע יאָרן אַ ביסל נחת...

נאָך איידער מ׳איז רעכט צו זיך געקומען נאָך אָט דער געשעעניש, איז אין דאָכ־טערוויטשער הויף ווידער געשען אַ זאַך, וואָס האָט פאַר אַ שטיק צייט פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע ביי אַלעמען.

## מאַריאַ אַנדרייעוונאַ און איר טאָכטער פאַולאַ

ביי קיריאַקאָוון אין הויף האָט זיך אויפגעהאַלטן זיינע אַ ווייטע משפחה — אַן אלמנה מיט אַן איינציקער טאָכטער, אַ יונג מיידל, מיט לאַנגע בלאָנדע צעפּ און אַ שלאַנקער, גראַציעזער פיגור. די מוטער אירע איז געווען די קלוטשניצע און האָט געהאַט אונטער איר השגחה כמעט די גאַנצע ווירטשאַפט. אָבער אַליין האָט זי וויג־ציק פאַרמאָגט, גאָר ווינציק. איר צימער האָט זי געטיילט מיט איר טאָכטער און פון איר קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט — געוואַכט איבער איר און זי געלערנט אַלע איי־דעלע וועגן פונם לעבן, געגאַנגען מיט איר יעדן אין־דער־פרי און פאַר־נאַכט אין קליינעם הויף־קלויסטערל, געקניט מיט איר פאַר דער הייליקער מאַריע און זי גע־בעטן אויסשפּרייטן איר שוץ און איר ליכט איבער איר איינציק, פאַרלאָזט שעפעלע... און אַלע מאָל געזאָגט מיט איר אין איינעם אַ תפילה פאַר איר טויטן מאַן, איר טעכ־טערלס פאָטער, אין גן־עדן.

די בלאָנדע פאולאַ איז געוואַקסן ווי אַ צאַרטע, אָפּגעהיטע, ווייסע בלום. אונ־טערן שלייער פון ליבשאַפט און פרומקייט וואָס די מוטער אירע האָט געשפּרייט איבער איר, איז זי געוואַקסן ווי אין אַ שענערער, העכערער וועלט... זי איז אַרומגע־גאַנגען אַ שטילע און אַן איידעלע, געטראָגן מערסטנס ווייסע קליידער, אויף איר ווייסן, לאַנגן, מיידלישן האַלדז איז געהאַנגען אַ דין, שוואַרץ שנירל, וואָס פון אים האָט זיך אַ גאָלדענער צלם אַראָפּגעלאָזט אויף איר האַרצן, צווישן אירע שטייפע ברוסטן. די הויפיקע האָבן זי ליב געהאַט מיט א באזונדערער ליבשאַפט. די דינער האָבן אויף איר געקוקט ווי אויף אַ הייליקער. די קינדער פון קיריאַקאָווס הויז האָבן זי אויך באַהאַנדלט מיט איידלקייט און געפילט ביי זיך, אַז כאָטש זיי זיינען דאָ אין דער אמתן די בעלי־בתים, איז אָבער עפּעס דאָ אזוינס אין פּאַולאַן, וואָס זיי קענען ניט דערלאַנגען מיט דער גאַנצער גרייס פון זייערע בעלער און זייערע פּאָ־קאָיעס.

פּאולאַ האָט פאַרבראַכט איר צייט מיט לייענען פון דער ביבל, און ווען די מו־טער איז פאַרטיק געוואָרן מיט איר אַרבעט, פלעגט מען זיי ביידן זען גיין פאַרביי די מאָהילעס אין קלוסטער אריין; אזוי יעדן פאר־נאַכט, און יעדן אין־דער־פרי, איידער דער מוטערס ארבעטס־טאָג האָט זיך אָנגעהויבן.

מ׳האָט געוואוסט אין הויף, אַז פאולאַ גרייט זיך צו ווערן אַ מאָנאַשקע. נאָר אַזוי ווי זי איז נאָך צו יונג און דער מוטער איז שווער זיך צו שיידן מיט איר, איז לייגט מען עס אָפּ, ביז פּאולאַן וועט ווערן נײַנצן יאָר. דערווייל וואַכט די מוטער איבער איר ווי איבער עפּעס אַ העכער וועזן, וואָס איז איר פאַרטרויט געוואָרן...

ביי דער מוטער און ביי איר טאָכטער איז די צייט געגאַנגען שטיל, און מיט תכליתדיקער האָפענונג. דער קלויסטער און די טעגלעכע אַרבעט האָבן אויסגעפילט די טעג. דער קלויסטער, מיט די וואונדערלעכע חלומות וועגן יונגן, געקרייציקטן גאָט, וואָס זי, פּאולאַ, וועט זיך באַלד־באַלד אויף אייביק מיט אים פאַרבינדן און קענען קניען פאַר אים אין איינעם מיט נאָך צענדליקער יונגע מאָנאַשקעס אין היי־ליקער תפילה — האָבן אויסגעפילט אויך אירע, פּאולאַס, טעג און נעכט, און זי איז אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ חלום...

איין מאָל, אין אַ פאַר־נאַכט, גייענדיק פון קלויסטער אַהיים, דורך די שפּעט־האַרבסטיקע, נאַקעטע לאָנקעס, האָט די מוטער פעסטער צוגעדריקט פּאולאַס אָרעם צו זיך און איר געזאָגט אַז זי וועט מוזן אַוועקפאָרן אין אַ גרעסערער שטאָט אויף אַ שטיקל צייט — עפּעס טוט איר וויי אַ זייט שוין אַ לענגערע צייט, און דער דאָק־טער האָט געזאָגט, אַז זי וועט מוזן זיך לאָזן אָפּערירן. זי אַליין וואָלט שוין אפשר לאַנג פאַרגעסן דערין, כאָטש עס טוט איר טאַקע וויי און ביי נאַכט קען זי דערפאַר ניט שלאָפן, אָבער אי דער דאָקטער, אי די גרעפין קיריאַקאָווא, וואָס זי איז איר משפחה, לאָזן זי ניט אָפּ. זי מוז פאָרן. מ׳האָט שוין רעזערווירט אַ פּלאַץ אין אַ שפּיטאָל און באַשטעלעט אַ גרויסן כירורג. איר, פּאולאַן, האָט זי פריער ׳וועגן דעם ניט געוואָלט זאָגן גאָרנישט, נישט געוואָלט איר פאַרשאַפן קיין אומזיסטע זאָרגן. אָבער איצט, אַז זי מוז שוין פאָרן, האָט זי באַזאָרגט אַז פּאולאַ זאָל גיין וואוינען אין די פּאָקאָיעס, אין איינעם מיט די טעכטער פונעם הויף, און דאָרט עסן און שלאָפן. און די גרעפין פאַרלאַנגט, אַז די שליסלען זאָל זי קיינעם דערווייל ניט איבערגעבן

אַחוץ איר פּאולאַן. די עטלעכע טעג וואָס זי בלייבט נאָך דאָ, וועט זי איר ווייזן, ווי אומצוגיין מיט די שליסלען, און אַז זי וועט צוריקקומען אַ געזונטע, וועט מען נע־מען טראַכטן וועגן צוגרייטן זי, פּאולאַן, צום מאַנאַסטיר.

אין עטלעכע טעג אַרום איז די מוטער אָפּגעפאָרן, און פּאולאַ איז אַריבער וואוי־נען מיט קיריאַקאָווס משפּחה, אין די פּאַקאָיעס.

מאַריאַ אַנדרייעוונאַ האָט אויסגעדריקט זאָרג אין יעדן בריוו, וואָס זי האָט גע־שריבן איר טאָכטער: די דאָקטוירים זאָגן, אַז זי מוז דערווייל בלייבן אין שפּיטאָל. פריער האָט מען גערעכנט אויף וואָכן, דערנאָך אויף חדשים.

די גאַנצע זאָרג אין דער מוטערס בריוו איז געווען מער וועגן איר קינד ווי וועגן זיך. אין יעדן בריוו האָט זי זי דערמאָנט וועגן קלויסטער — צי גייט זי אַהין צוויי מאָל אַ טאָג, צי זאָגט זי אַ תפילה פאַרן פּאָטער.. און זאָל זי איצט אויך זאָגן אַ תפילה פאַר איר, אַז זי זאָל וואָס גיכער געזונט ווערן און קענען צוריקקומען און וואָכן איבער איר קינדס לעבן, ביז זי וועט עס קענען איבערגעבן אין זיכערע הענט, אויף אייביק...

פּאולאָס בריוו צו איר מוטער זיינען צו ערשט געווען פּינקטלעך און רעגלמע־סיק... מאַמינקע, איך בין היינט געווען אין קלויסטער, כ'האָב אָנגעצונדן אַ ליכט פאַר דיין געזונט. דער הייליקער גאָט, וועמען מיר ליבן אַזוי, וועט אונדז העלפן. דו וועסט אין גיכן געזונט ווערן און צוריקקומען צו מיר. איך קוש דיך און בעט גאָט פאַר דיר.

אָבער פּאולאָס בריוו זיינען געקומען צו דער מוטער ווי צעשראָקענע געגנדז... עפּעס האָט פון זיי אַרויסגעשריען פון דעם ניט־דערשריבענעם און ניט־דערזאָגטן. און דאָס האָט די מוטער אויף איר קראַנקן־בעט נאָך מער קראַנק און אומרואיק געמאַכט. זי האָט זיך געראַנגלט מיט די דאָקטוירים, זיי זאָלן זי לאָזן אַהיימפאָרן, אָבער — אומזיסט. זי שפּילט זיך מיטן לעבן, אויב זי בלייבט ניט אין שפּיטאָל וויפל מע הייסט איר.

פּאולאָס בריוו זיינען אַלץ זעלטענער געקומען. און וואָס זעלטענער זיי זיינען געקומען, אַלץ געדיכטער און שוואַרצער איז דער נעפּל געהאָנגען איבער זייערע שורות, און ווי חלפים האָבן די ניט־דערשריבענע רייד אַרויסגעגלאַנצט פון צווישן זיי, און דער מוטער איז מיט יעדן טאָג געוואָרן ערגער. דער שפּיטאָל האָט זי גע־האַלטן ווי א געפאַנגענע, קעגן איר ווילן, ווי איר פינצטערער גורל וואָלט עס אַזוי געוואָלט.

ביז פון פּאולאַן זיינען מער קיין בריוו ניט געקומען.

מאַריאַ אַנדרייעוונאַ האָט געשריבן הארצרייסנדיקע בריוו דער גרעפין קיריאַ־קאָוונאַ, זי טויזנט מאָל מחילה געבעטן פאַר איר עזותקייט — — ' ניט פאַר זיך בעט זי, נאָר פאַר איר איינציק אויג אין קאָפּ, פאַר איר יתומהלע, פאַר איר ליכטי־קער, אָרעמער פּאולאַן. זי ווייסט ביי זיך אין האַרצן, אַז די איידעלע גרעפין, וואָס איז אַליין אויך אַ מאַמע, וועט מיט גאָטס הילף איר ענטפערן אויף איר בקשה און איר אָנשרייבן עטלעכע ווערטער און איר מודיע זיין וואָס איר טייבעלע פּאולאַ טוט, צי איז זי כאָטש געזונט, און פאַר וואָס זי שרייבט איר ניט.

אָבער אַנשטאָט אַן ענטפער פון דער איידעלער גרעפין, איז געקומען דער דאָק־טער, זי באַטראַכט און פאַרזיכטיק, ווי האַלב פאַרבייגייענדיק, אַ זאָג געטאָן:

— ניט אַזוי גוט... וואָלסט נאָך זייער נייטיק געדאַרפט בלייבן, אָבער ס'איז דאָ אַ בריוו — פון דער גרעפין, אַז מע זאָל דיך אַהיימשיקן.

מאַריאַ אַנדרעיעווונאַ איז ביי די ווערטער ווי צעמישט געוואָרן. אַ פרייד און אַ שרעק האָבן זי מיט איין מאָל אַרומגענומען. אָבער ס'האָט ניט לאַנג גענומען, און פון די צוויי געפילן איז געוואָרן איין געפיל: פון שרעק, — עפּעס איז געשען מיט איר איין און אייניציקער, מיט איר עלנטער פּאָולאָן!...

אַ וואַקלדיקע האָט זי זיך אויפגעהויבן פון בעט, מיט דער הילף פון אַ דער־באַרעמדיקער שוועסטער, זיך אויפגעשטעלט, אָפּגעפאַלן אויף צוריק, זיך גע־שטאַרקט, ווידער זיך אויפגעשטעלט, געבעטן אירע קליידער, און האָט זיך אָנגע־טאָן. מ'האָט זי אַריינגעזעצט אין אַ פירשטול, זי אַראָפּגעפירט צו אַ דראָזשקע, זי אַריינגעזעצט אין דער באַן — און אַזוי איז מאַריאַ אַנדרעיעווונאַ אָנגעקומען אין קליינעם שטעטל, פון וואַנען די באַן איז ווייטער ניט געגאַנגען. ביי דער באַן־סטאַנציע האָט זי אָפּגעוואַרט אַן אלטער באַדינער פונעם הויף. דערזעענדיק מאַריאַ אַנדרעיעווונאַ קוים אַראָפּגייענדיק די טרעפּלעך פון דער באַן, אונטערגעהאַלטן פונעם באַן־באַאַמטן, האָט ער זיך, מיטן היטל אונטערן אָרעם, איבערגעצלמט אַ דערשראָקענער און זי גענומען פאַרזיכטיק פירן צו דער פור, וואָס איז געשטאַנען גרייט. זי האָט אים קוים נאָכגעשלייכט. ער האָט זי אַריינגעזעצט אין וואָגן, איר איינגעדעקט די קני מיט אַ וואָלענער קאָלדרע, זיך אַליין ארויפגעזעצט אויפן פאַ־דערשטן זיץ, און גענומען די לייצעס אין האַנט. נאָר איידער ער האָט באַוויזן אַ וויאָקע צו טאָן צו די פערד, האָט זי מיט אַ ציטערנדיק קול אים אַ רוף געטאָן:

— וואַסיל?

— יע, מאַריאַ איוואַנאָוונאַ, מיט וואָס קען איך דיר דינען?

מיט גרויס מי האָט זי ווידער אַרויסגעבראַכט זיין נאָמען איבער אירע טויט־בלאַסע, פאַרשטייפטע ליפּן:

— וואַסיל... און ווייטער איז ניט געגאַנגען: ווי פון שרעק פאַר דעם, וואָס וואַסיל וואָלט איר געהאַט צו ענטפערן, וואָלט זיך די פראַגע אָפּגעשטעלט, געבליבן שטעקן ווי אַ ביין אין איר האַלדז.

דער אַלטער וואַסיל האָט זיך, זיצנדיק, ווידער אַ מאָל פאַרנייגט פאַר דער קראַנקער, זיך האַלב אויסגעדרייט צו איר, אַראָפּגענומען דאָס היטל, געמאַכט דעם צייכן פון דעם קרייץ אין דער לופט, און ווי פאַר זיך געזאָגט:

— זאָל דער וואָס איז געשטאָרבן פאַר אונדזערע זינד, דיר העלפן...

מאַריאַ אַנדרייעווונאַ איז געבליבן זיצן ווי פאַרשטיינערט, נאָר טרערן, ווי גלי־ענדקע גרויסע טראָפּנס, זיינען איר גערונען פון די באַקן אויף אירע הענט, וואָס זיינען געלעגן מאַכטלאָז אין איר שויס.

צוגעפירט זי צו איר שטיבל, וואָס איז געשטאַנען צוגעבויט צו די גרויסע פריצישע פּאַקאָיעס, אין מיטן פון אַ סאָד, — איז די גרעפין אַליין אַרויס זי באַגע־

געגען און איר געהאָלפן אַרויס פון וואָגן. און אַז מאַריאַ אַנדרייעוונאַ האָט זיך גע־נייגט און געדאַנקט דער גרעפין פאַר דעם גרויסן כבוד, האָט זי די גרעפין גענומען אונטער דער האַנט און זי אַריינגעפירט אין איר קליינעם שטיבל, וואו עס זיינען געשטאַנען צוויי ריין־פאַרבעטע בעטן און אַלץ איז געווען ווי זי האָט עס איבער־געלאָזט.

די גרעפין האָט געהייסן מאַריאַן אויסטון אירע וועגקליידער און זיך צולייגן אויף דער סאָפקע. אַ דינער איז באַלד אַריין מיט אַ גלאָז ווייַן און מיט וואַסער אויף אַ טאַץ. מאַריאַ אַנדרייעוונאַ האָט ווי אַ פאַרהיפּנאָטיזירטע געטאָן אַלץ וואָס די גרע־פין האָט איר געהייסן. אָבער אין אַ ווייל אַרום האָט זי זי אַ פרעג געטאָן:

— איך בעט דיין פאַרגעבונג, גרעפין — וואו איז מיין פּאַולאַ? וואָס באַ־האַלט זי זיך פאַר דער מאַמען?

די גרעפין האָט צוגערוקט איר שטול נאָענט צו דער סאָפקע, וואו מאַריאַ אַנדרייעוונאַ איז געלעגן, און גענומען איר פיבערדיקע האַנט אין אירער:

— ווייסט, אַז מיר זיינען אַלע ביי גאָט אין די הענט, מאַריאַ. גאָטס ווילן ווערט געטאָן — און מיר קענען זיך ניט אַנטקעגנשטעלן...

מאַריאַס האַנט האָט אַ ציטער געטאָן אין דער גרעפינס. זי האָט זיך אַ הייב געטאָן, אַרויסגעצויגן איר האַנט פון דער גרעפינס:

— דו מוזסט מיר באַלד זאָגן, וואָס מיט מיין קינד איז געשען. איך האָב זי גע־לאָזט אויף דיינע הענט. ווי ניט, וואָלט איך קיין מאָל ניט געפאָרן... — און זי איז צוזאַמענגעבראָכן, זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער גרעפינס פיס, זי אַרומגענומען אַרום אירע קני און גענומען יאָמערן.

די גרעפין האָט זיך פאַרזיכטיק באַפרייט פון מאַריאַס קלאַמערנדיקע הענט און איר געהאָלפן אויפשטיין און זיך צוריק אַוועקזעצן אויף דער סאָפקע:

— וועסט זיך האַלטן ווי אַ מענטש, מאַריאַ אַנדרייעוונאַ, וועל איך דיר קענען זאָגן וואָס ס׳איז געשען... ס׳איז דאָ אַ בריוו...

מאַריאַ, אַ טויט־מידע, האָט געשטרעקט אירע פאַרלוירענע הענט צו דער גרעפין:

— פאַרגיב אַן אָרעמער מאַמען... גיב, גיב מיר דעם בריוו. וואָס האָב איך דען קעגן איר געזינדיקט? גיב מיר דעם בריוו, האָב רחמנות אויף דיין אָרעמער דינסט.

די גרעפין האָט אַרויסגענומען אַ צעקנייטשטן בריוו פון איר טאַש, נאָר איי־דער זי האָט אים געגעבן מאַריען, האָט זי זיך צוגעבויגן צו איר און געמאַכט אַ צלם איבער איר:

— זאָל דיר אונדזער באַשיצער העלפן::: דאָס האָב איך פון איר האַנט אַרויס־גענומען, ווען זי האָט זיך געראַנגלט מיטן טויט. אין אירע ווייען האָט זי מיך גע־בעטן, איך זאָל עס דיר איבערגעבן און אַז דו זאָלסט איר מוחל זיין.

מאַריאַ האָט ווי ניט מיט אירע אויגן געשלונגען יעדן אות פון די עטלעכע שורות און אָבער און ווידער א מאָל, ווי איינער וואָס גלייבט זיך אַליין ניט, צי איז ער וואַך, צי ס׳איז נאָר א חלום אין א חלום — און ער וויל זיך אַליין אויפ־וועקן און באַפרייען זיך פון דעם שרעקלעכן קאָשמאַר, וואָס שטיקט אים...

פאַר אירע אויגן האָבן זיך געוואַקלט קרומע, צעדרייטע שורות: — פאַרגיב מיר, טייערע מאַמע — איך האָב מער נישט געקענט — — — איך בעט גאָט, אַז ער זאָל צונעמען מיין נשמה צו זיך — — — איך האָב זיך ניט געקענט ווערן — די הענט וואָס האָבן מיך פאַראומגליקלעכט, זיינען געווען ווי אייזערנע קייטן קעגן מיינע שוואַכע מיידלישע הענט — — — פאַרגיב מיר טייערע מוטער — — — און האָב מיך ליב און זאָל מיר גאָט פאַרגעבן מיינע זינד — — —

מ׳האָט מאַריען געפירט אין דער פריצישער קאַרעטע אין פריצישן קלויסטערל אַריין, וואו פאולאַ איז געלעגן, באַדעקט מיט בלומען. אונטער דער איקאָנע מיט ליכט האָט זי אויסגעזען, מיט אירע צעפלאָכטענע האָר, ווי די הייליקע מאַגדאַלענאַ.

און דריי טעג נאָך דער „פאַכאַראָנע" פון פאַולאַן האָט מען אין אַ פרימאָרגן געטראָגן צום „פאַכאַראָן" אויך די מאַמע אירע, מאַריא יעפימאָוונאַ. און איבערן קבר פון ביידע האָט מען געשטעלט איין גרויסן צלם, מיט אַ טאַבליצע איבער ביידע קברים — אַז זיי זיינען געווען געטרייע, באַליבטע דינער פון דעם גרויסן הויז פון די קיריאַקאָווס.

דער צווייטער פאַניטש, מיט די שוואַרצע קוטשעראַווע האָר און מיט די ברייטע פלייצעס, וואָס האָט זייער אָפט געהאַט הוליאַנקעס אין הויף, און ביי אַזעלכע הוליאַנקעס פלעגן זיך די דאָרפישע מיידלעך מוזן באַהאַלטן אויף די בוידעמער און פאַרשפאַרן די טירן — ער איז פלוצלינג אַוועקגעפאָרן קיין זאַגראַניצע אויף גאַנצע צוויי יאָר...

## נאָך דער שרפה

צוליב דער קאַפּוליער שרפה זיינען אַלע דריי קינדער געבליבן זיצן אין דער היים, כמעט דעם גאַנצן ווינטער.

די ערשטע צוריקצופאָרן איז געווען שרה. פאַר פסח איז ביי ראָדען געווען אַסך געניי, און זי האָט אָנגעזאָגט מיט פעשען, אַז זי וואָלט זייער וועלן, אַז שרה זאָל קומען צו דער אַרבעט. שרה האָט די נייס אויפגענומען מיט פרייד. אַ פאַרנודעטע איז זי געזעסן אין דאָרף, געהאָלפן מלכהן נייען, שטריקן און אויסנייען — אָבער די טעג זיינען איר געווען איבעריק. זי האָט געבענקט נאָך ראָדעס הויז, נאָך די בריוו פון די ווייטע לענדער, נאָך שפּרינצען, נאָך דעם פאַראַליזירטן שמואל־אהרן...

קאַפּוליע האָט זיך צוריק אויפגעבויט און איז געוואָרן שענער. די שולן האָט מען באַדעקט מיט גלאַנציקע, רויטע און גרינע, בלעכענע דעכער. מער מויערן זיינען צוגעקומען. ביים ברונעם פונעם שולהויף איז געשטאַנען אַ שפּאָגל־ניי ראָד מיט אַ נייעם עמער.

ביי ראָדען האָט זיך באַוויזן מער אַרבעט. די סטאָליערס, וואָס האָבן געבויט און געאַרבעט אַרום די הייזער, האָבן זיך באַדונגען מיט ראָדען, איר צוצובויען צום פירהויז נאָך אַ קאַמער.

— זי וועט עס ווי עס איז אויסצאָלן. און אַז זי וועט קענען שמואל־אהרנען האַלטן אין אַ באַזונדערער קאַמער, וועט עס זיין בעסער אי פאַר אים, אי פאַרן גאַנצן הויזגעזינד.

שמואל־אַהרנס בעט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן ביים פענצטער, וואו ער האָט געקענעט זען מענטשן פאַרבייגיין און פורן פאַרבייפאָרן.

ביי שלומען אין שטוב האָבן די צוויי אינגערע קינדער ווידער ניט געהאַט וואָס צו טון — און ס'איז קיין תכלית ניט צו האַלטן אַ יינגל און אַ טאָכטער אָן אַ רבין. האָט מען ווידער אָנגעהויבן קלערן וועגן פירן די קינדער אין שטעטל אַריין אין חדר.

שייע דעם וואַסערטרעגערס הויז איז אַוועק מיט דער שרפה. צוריק האָט שייע עס ניט געקענט אויפבויען, האָט ער פאַרקויפט דאָס שטיקל ערד, און אַליין איז ער מיט זיין הויכער, דאַרער יידענע אַוועק וואוינען אין שכנות ביי אַ צווייטן. האָט פעשע זיך געהאַלטן אַן עצה מיט ראָדען וועגן די צוויי קלענערע קינדער, און ס'איז געבליבן, אַז מע זאָל זיי ברענגען צו איר, צו ראָדען, ווייל איצט איז צוגעקומען נאָך אַ קאַמער אין שטוב — וועט מען זיך שוין אַן עצה געבן. און עסן וועלן זיי אין איינעם מיט שרהן. אין טעפּל, וואו מע קאָכט פאַרן געזינד, וועט מען צולייגן נאָך עטלעכע גרויפּן און צוגיסן נאָך אַ לעפל וואַסער, און מע וועט חלילה פון הונגער ניט שטאַרבן. ס'וועט שוין אַלץ גוט זיין.

האָט מען דינהן מיט דניאלן צוריקגעפירט קיין קאַפּוליע אויפן נייעם זמן.

דאָס מאָל איז דינה צוריקגעפאָרן כמעט ווי מיט חשק, כאָטש ס'איז איר יעדן מאָל שווער געווען אָפּצורייסן זיך פון דער היים. נאָך יעדער זאַך האָט זי באַזונדער געבענקט, אָבער זי האָט איצט געקוקט צום שטעטל ווי צו איינעם וואָס מע לאָזט אי־בער מסוכן קראַנק, און מע דערוויסט זיך אַז ער איז געזונט געוואָרן, און עס גלייבט זיך ניט און מע וויל עס זען מיט די אייגענע אויגן.

יענע נאַכט, ווען זי האָט פאַרלאָזן דאָס ברענענדיקע שטעטל, איז איר געשטאַ־נען פאַר די אויגן ווי אַ פייערדיק געשפּענסט: די ברענענדיקע שטיבלעך, די גע־פּאַקטע פורן, די וויינענדיקע מאַמעס און קינדער, דאָס געשריי פון עופות, קעלבער און בהמות, דאָס אַרויסגיין פונעם שטעטל אין דער נאַכט אַריין... און וואו איז ביילע היינגעקומען, מיטן קליינעם מיידעלע מיט די רויטע געקרויזטע הערלעך און לאַכנ־דיקע גרינע אייגלעך? זי וועט פאָרן און זען מיט די אייגענע אויגן ווי קאַפּוליע זעט איצט אויס...

אין חדר איז מען אַוועק צום אייגענעם מלמד. דאָס וואוינען ביי ראָדען איז די קינדער זייער געפעלן. מיט שרהן אין איינעם האָבן זיי זיך געפילט היימישער. דינה איז זייער נוצלעך געווען אין שטוב. מיט דער גאַנצער פרומקייט האָט זי באַ־דינט שמואל־אַהרנען און פאַרלאָפן ראָדען אַלע וועגן, אים צו העלפן. שפּרינצע האָט דינהן געהאַלטן ביי איר זייט און געלערנט איידעלע שטעך פון שענערן גע־ניי, ווי אויסצוהעפטן אַ שענער לעכל אין אַ העמד, אָדער אין אַ בלוזקע אויסנייען מיט וויסן זייד אַן איידל שטענגל מיט אַ בלומען־קעפּל.

דינה האָט זיך אויך דערנענטערט צו ראָדעס עלטערן יינגל, מאָטל. ער איז געווען מיט צוויי יאָר עלטער פון דינהן. ביי ראָדען איז ער געווען דער דריטער זון, נאָר אַזוי ווי די צוויי עלטערע זיינען נישט געווען, איז ער איצט געווען דער עלטסטער אין שטוב. מיט אים פלעגט דינה גיין קלייבן בעראָזעווע בלעטער אין

וואַלד. פון די בלעטער האָט מען געמאַכט וואַנעס שמואל־אהרונען, פאַר אַ סגולה צום פּאַראַליז.

גייענדיק מיט מאָטלען, פלעגט זי אים דערציילן פון איר היים, פון זייער וואַלד, מיט זייערע פייגל, מיט זייער קרעניצע. מיט אַזאַ שטאָלץ האָט זי גערעדט פון איר גרויסן פאַרמעגן, אַז ער פלעגט אויף איר קוקן מיט אַ געוויסן רחמנות... ער איז זיך מיט איר באַגאַנגען ווי אַ דערוואַקסענער ברודער מיט אַ קליין, נאַריש שוועס־טערל. ביסלעכווייז האָט ער איר אָנגעהויבן דערציילן פון דעם וואָס ער ווייסט — ער האָט שוין געלערנט אין סלוצק און ער לייענט גראָבע ביכער און ער איז אַ ציוניסט און לייענט אין דעם טאַטנס בלעטער און ער ווייסט ווער הערצל איז — און אַזוי, ביסלעכווייז, זיינען זיי געוואָרן חבר. זי האָט געוואָלט אים אַריבערפירן די גרעניצן צו איר לאַנד פון וואונדער, און ער זי — אין זיינער. ער האָט אויף אירע רייד רעאַגירט ווי אַ גרויסער, וואָס גיט נאָך אַ קליין קינד אין זיין שפּיל, ביז ער פאַרשפּילט זיך און ווערט אַליין אַ קינד. און זי האָט אין זיינע רייד געזען ווייטע, ניט־פאַרשטענדלעכע, ניט־דערגרייכבאַרע, אָבער וואונדערלעכע וועלטן...

מאָטל פלעגט אָפּט מיטנעמען דינהן אויף זיינע שפּאַצירן אין וואַלד, ווען ער פלעגט גיין אַהין מיט זיינע צוויי חברים: הערשל דעם רבס, אַ בלאָנד, שיין, איידל יינגל, און שמואל־לייבל, ר׳ ישראלס איינִיקל, אַ שמאָל יינגל, מיט אַ ווייס, לענגלעך פּנים, מיט שוואַרצע, פלינקע אויגן און מיט מיידלישע, ווייסע, לאַנגע הענט.

די דריי יינגלעך זיינען געווען די וואוילסטע יינגלעך אין שטאָט. אַלע האָבן גע־קוקט אויף זיי מיט גרויס דרך־ארץ. דינה איז מיט זיי געוואָרן ווי א שוועסטער. זיי האָבן זי מיטגענומען מיט זיך אויף זייערע שפּאַצירן, און אז זיי האָבן א מאָל זיך געהיצט צווישן זיך, פלעגן זיי אָפּט אַ קוק טון אויף איר, ווי זי קוקט זיי אָן אַ צע־שראָקענע — און פלעגן זיך צעלאַכן פון איר צעשראָקנקייט:

— שרעק זיך נישט, דינה, מיר קריגן זיך נישט. דאָס דיסקוטירן מיר... וועסט עלטער ווערן, וועסטע אויך פאַרשטיין...

נאָר אַז זי פלעגט קלייבן מיט מאָטלען אַליין, פלעגט זי אַ פאַרשעמטע אים אַ פרעג טון, פאַר וואָס זיי רעדן צווישן זיך, ער מיט הערשלען און שמואל־לייבלען, אַזעלכע מאָדנע, אומפאַרשטענדלעכע רייד, און צי מוזן זיי עס אַלע מאָל אַרויס־שרייען, ווען זיי רעדן...

איין מאָל איז דינה געגאַנגען מיט מאָטלען ברענגען אַ צובער וואַסער פון שול־הויף. גייענדיק מיטן צובער וואַסער אַראָפּ באַרג, איז דינה געשטאַנען פּאַרויס און מאָטל פון הינטן. האָט דער צובער זיך אַראָפּגערוקט אויף די צוויי שטעקנס אין גאַנצן צו דינהס זייט. האָט דינה פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט און איז געפאַלן, און דער צובער וואַסער — אויף אירע פיס. ס׳איז געווען ניט ווייט פון הויז. דער לינ־קער פוס איז איר באַלד שטאַרק געשוואָלן געוואָרן. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז אַ ביין איז צעשפּאָלטן, און האָט דעם פוס תיכף געגיפּסעוועט. און דינה איז געבליבן ליגן אין בעט. עס האָט איר שטאַרק וויי געטאָן. אָבער זי האָט ניט גע־וויינט און ניט באַקלאָגט זיך. מאָטל האָט זיך געפילט אַזוי שולדיק פאַר וואָס ער איז ניט געגאַנגען פאָרויס און פאַר וואָס ער האָט געלאָזט דינהן פאַלן, אז דאָס

אַליין האָט שוין דינהן געלאָזט פאַרגעסן אין איר שאַרפן ווייטיק... יעדן מאָל. אַז ער איז צוגעגאַנגען צום בעט זי פרעגן, צי סע טוט איר ווי, האָט זי מיט אַ שמייכל געענטפערט, אַז ס׳איז איר גאָרנישט, עס טוט איר גאָרנישט ווי...

אויף שבת האָט מען דינהן צוגענומען אַהיים, וואו זי האָט געדאַרפט בלייבן צוויי חדשים צייט אין בעט.

די ערשטע וואָך איז זי געלעגן אין גרויסע ווייען. פרייטיק פאַר נאַכט האָט זי דורכן פענצטער איין מאָל דערהערט דניאלס קול, רעדנדיק מיט מאַטלען. באַלד איז מאָטל אַריין אין שטוב און געפרעגט פעשען, צי ס׳איז רעכט וואָס ער איז גע־קומען. פעשע האָט אים זייער פריינדלעך אויפגענומען.

— אַז עס איז רעכט, אַז אירע דריי קינדער זאָלן זיין ביי זיין מאַמען, איז מער ווי רעכט, אַז ער, מאָטל, זאָל אַ מאָל קומען צו זיי.

די אינגלעך זיינען אַריין אין קאַמער צו דינהן. זי איז פאַר פרייד רויט גע־וואָרן און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. מאָטל האָט איר דערלאַנגט די האַנט:

— וואָס מאַכסטע, דינה?

זי האָט אַ פאַרשעמטע אים געגעבן די האַנט און גאָרנישט געענטפערט. דער־נאָך האָט זי געפרעגט דניאלן:

— האָסט אים געוויזן די קעלבלעך אין שטאַל? און דעם גרויסן באַרנבוים אין סאָד? און די קלאדקע, וואו מיר הוידען זיך?

— וואַרט. מיר זיינען דאָך נאָר־וואָס געקומען.

— געגאַנגען צו פוס?

— ניין, מיטן פעטער לייב אונטערגעפאָרן.

אַלע דריי האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט אויפן קול.

— אָבער ער אַליין גייט דאָך אויך צו פוס...

— מיר האָבן געקליבן יאַגדעס גייענדיק, און געגעסן...

— און פאַר די קייליער ציגיינער מיט די הינט ניט מורא געהאַט?

— ניין. וואָס זאָל איך מורא האָבן? מיר גייען זיך אָפט דורך קיין קיליע שבת, איך מיט הערשלען מיט שמואל־מאירן. מיר גייען צו רב עליעס קינדער און מיר קענען זיך מיט די ציגיינער.

פון יענעם שבת אָן איז מאָטל געקומען אויף יעדן שבת קיין אוהלי, און אָפט מיטגעבראַכט זיינע צוויי חברים.

דינה איז אין צוויי חדשים צייט געזונט געוואָרן און איז צוריקגעפאָרן קיין קאַפוליע.

## די טאָטערן היילן...

איין מאָל, זיצנדיק ביים פענצטער אין ראָדעס שטוב, האָט דינה דערזען אַן עולם מענטשן לויפנדיק פון שולהויף אַראָפּ באַרג, און דניאל מיט נאָך חדר־יינגלעך לויפן נאָך. אַז זי האָט זיך בעסער צוגעקוקט, האָט זי דערזען ווי עס לויפט אַ יונגע פרוי

אין אַ צעריסן העמד, מיט צעלאָזענע, לאַנגע האָר — און נאָך איר לויפט נאָך אַ מאַן מיט אַ פאַרשמירט פּנים און מיט פאַרשמירטע הענט, און שמייסט מיט אַ שווע־רען רימען איבער דער פרויס האַלבֿ נאַקעטן גוף. די פרוי שרייט און וויל זיך אַרויסרייסן פון די מענטשן און קינדער, וואָס רינגלען זי אַרום. דינה האָט אָנגע־הויבן וויינען אויפן קול. שרה מיט שפּרינצען און מיט ראָדען זיינען צוגעלאָפן — און זיי זיינען אַלע דערשראָקענע אַרויס אין גאַס.

די יונגע פרוי איז געווען שרה דער משוגענערס יינגסטע טאָכטער. זי איז, גייענדיק צו קינד מיט איר ערשט קינד, משוגע געוואָרן, האָט זי דער מאַן מיטן פאָטער געבראַכט צו די קאַפּוליער טאָטערן, אַז זיי זאָלן פון איר אַרויסשלאָגן דאָס משוגעת.

די טאָטערן פלעגן גיסן אויף די קראַנקע מיט עמערס וואַסער און פלעגן זיי שלאָגן מיט נאַסע, גראָבע רימענס. די יונגע קימפּעטאָרין איז געווען זייער אַ שטאַרקע. אַז מ׳האָט אויף איר אַרויסגעגאָסן אַן עמער וואַסער, האָט זי זיך דער־שראָקן און אַז מ׳האָט זי גענומען שמייסן, האָט זי אומגעוואָרפן די צוויי טאָטערן, וואָס זיינען געשטאַנען איבער איר און איז אַנטלאָפן — און דאָס האָט מען זי איצט געטריבן צוריק, אַראָפּ באַרג, צו דער קדר־גאַס, וואו די טאָטערן האָבן געוואוינט און געאַרבעט ביי זייער גאַרבעריי. (דאָרט האָט געשטיקט אַ שטענדיקער שווערער ריח פון אויסגעאַרבעטער פעל און ס׳האָבן שטענדיק זיך געטראָגן קולות פון גע־שמיסענע קראַנקע. דאָרט איז אויך געשטאַנען זייער קליין געבעטהויז, מיט דער האַלבער לבנה אויפן שפּיץ פונעם קופּאָל.)

דינהן האָט דאָס געזעענע אַזוי אויפגערודערט, אַז זי איז ווידער קראַנק גע־וואָרן, און זי האָט געמוזט אהיימפאָרן אויף עטלעכע וואָכן. דניאל פלעגט איר דערציילן, אַז ער גייט מיט די חדר־יינגלעך אין טאָטערישן געסל און ער הערט ווי די משוגעים שרייען דאָרט, ווען מען שלאָגט זיי.

— און שרה דער משוגענערס טאָכטער האָבן זיי אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז מ׳האָט פון איר דאָס גאַנצע משוגעת אַרויסגעטריבן — און מ׳איז געקומען און זי צוגענומען אַהיים... זי איז געזעסן אויפן וואָגן אַ בלייכע און שטיל ווי אַ טויב... דינה האָט זיך געפרייט, וואָס יענע איז געזונט געוואָרן, אָבער זי האָט נאָך אַלץ ניט געקענט שלום מאַכן מיט די טאָטערן, מיט זייערע גראָבע, נאַסע רימענס און מיט די עמערס קאַלט וואַסער, וואָס מע גיסט אויף די קראַנקע.

##ביילע זוכט זיך אָפּ

דער פעטער יאַנקל איז איין מאָל געקומען אַ פאַרסאָפּעטער צו שלומען:

— איך בין געווען אין קאַפּוליע — און אָט וואָס איך האָב באַקומען אויף פּאָטשט — אַ בריוו פון ביילען פון נעוו־יאָרק, פון אַמעריקע. זי איז דאָרט מיטן קינד און מיטן בלאָנדן פּאַניטש — ס׳איז איר גוט — זי שיקט מיר פינף און צוואַנ־ציק דאָלאַרן... אָט איז דאָס געלט...

און ער נעמט אַרויס פון קעשענע אַ טייסטער מיט אַסיגנאַציעס און ווייזט.

— איז וואָס שרייבט זי פון אַמעריקע? וואָס הייסט, אַזוי אַוועק מיט אַ גוי, און שוין —? — נעם לייען. ניט זי אַליין, נאָר ער שרייבט אויך. ער וויל, זאָגט ער, ווערן אַ ייד. מע זאָל זען, בעט ער, ארויסקריגן א גט פון יודלען, וועט ער זיך מגייר זיין און וועט מיט איר חתונה האָבן. און זי שרייבט, אז ער איז צו איר בעסער ווי אַן אייגענער טאַטע, און אַז ער האָט זי ליב און ער איז זייער אַן איידעלער מענטש, און צום קינד איז ער זייער גוט. גיי ווייס.

און יאַנקל האָט שוין אויף דעם סמך פון דער גוטער בשורה געמאַכט אַ לחיים מיט עטלעכע גוטע־ברידער אַרום טיש און איז אַהיימגעגאַנגען שפּעט ביי נאַכט אַ יום־טובדיקער און א באַנייטער.

## כמאַרעס רוקן זיך אָן

ביי שלומען אין שטוב איז געווען ערב־פּסח. ווי אלע יאָר, האָט מען גערוימט און געשייערט און געכשרט צום מצה־באַקן און מ'האָט געשטעלט די וועגענער ענגער אין די סטאָדאָלעס, צו מאַכן אָרט פאַר די שכנישע פורן וואָס וועלן אָנקומען צום מצה־באַקן.

אָבער זינט אַ פּאָר יאָר האָט זיך א סך געביטן דאָס אויסזען פון שלומס הויף און שטוב. מ'האָט די פּרנסה פון די שנאַפּסן צוגענומען און זינט שלום האָט איבערגע־שריבן זיין גאַנץ פאַרמעגן אויף מאַרקאָן, דעם שליאַכטשיץ, איז דאָס גאַנצע הויז־געזינד, סיי די בעלי־בתים, סיי די דינער, אַרומגעגאַנגען ווי אָן אַ באָדן אונטער די פיס, ווי מע זאָל זיך ריכטן, אַז היינט, מאָרגן — און דאָס וואָס ס'הענגט אַזוי שווער אין דער לופט, וועט זיך אַראָפּלאָזן איבערן קאָפּ. דאָס געמיט פון די שטוביקע האָט זיך געלאָזט פילן אויפן גאַנצן אַרום פון הויף.

און ניט נאָר אָט־די זאָרגן, נאָר אויך אַנדערע זאָרגן האָבן אויסגעשפּרייט זייערע שווארצע שלייערן איבער שלומס שטוב. פייטלס לעבן אין פּעסאַטשנע, מיט לאהן האָט זיך ניט פאַרבעסערט. לאה איז געווען אויף דער צייט, נאָר זי איז אַרומגע־גאַנגען מיט אַ פאַרוויינט פּנים און זיך געוואונטשן ניט דערלעבן צו געבוירן. פייטל, אַ שטילער און אַ פאַרביסענער, איז אַרומגעגאַנגען ווי אויף אַ פרעמדער וועלט, געטאָן זיין אַרבעט אין קראָם ווי אַן אָנגעשטעלטער און פלעגט אַהיימקומען שפּעט ביי נאַכט.

פון איטשען האָט מען אלץ געהערט אזעלכע גרוסן, וואָס האָבן טאַטע־מאַמע פאַרשאַפט שלאָפלאָזע נעכט.

דער בחור, נאָך קיין גאַנצע זעכצן יאָר ניט אַלט, איז געווען אַנטוויקלט ווי אַ דערוואַקסענער, סיי אין אויסזען, סיי אין באַנעמונג. דער הויכער יינגלישער, שווארצער קאָפּ, מיטן הויכן שטערן און מיט די פינקלדיקע, קלוגע אויגן, איז איצט געזעסן אויף אַ פּאָר ברייטע, געזונטע אַקסלען — איטשע איז אויסגעוואַקסן ווי אַ שיינער, גלייכער בוים.

אז שלום איז געקומען פון סלוצק, פלעגט ער האָבן וואָס צו דערציילן פון איטשען. אים, איטשען אַליין, האָט מען איצט זעלטן־ווען געזען אין דער היים און אפילו אין

סלוצק גופא, וואו ער האָט געזאָלט אַרבעטן און לערנען. די פרוי ראַזאָווסקע האָט אַלע מאָל זיך באַקלאָגט פאַר שלומען, ווי איר אייגן קינדס לעבן וואָלט געשטאַנען אין סכנה:

— וואָס טוט מען, ר׳ שלום מיטן קינד? אַלט און קראַנק בין איך געוואָרן פון אים. וואָס וועט זיין פון אום? אַלע לעבער פאַרשטאָפּן זיי מיט אים. וואו נאָר אַ פאַרזאַמלונג, וואו אַ געפערלעכע שליחות — אין מינסק, אין ריגע, אין באָברויסק — אויף דער גאַנצער וועלט שיקט מען אים אַרום, און וואָס איך צעבעט זיך ביי אים און וואָס איך צערעד ניט — קוקט ער אויף מיר ווי ער וואָלט נאָך געווען גערעכט. און אַז איך שטיי צו אים צו, ער זאָל מיר זאָגן, וואָס ער טראַכט זיך, צי ווייסט ער דען ניט ווי סע וועט זיך אויסלאָזן, שמייכלט ער: — אימיצער דאַרף דאָך עס טאָן... און אַז אַן אַנדערן וועט טרעפן דאָס וואָס מיר קען טרעפן?... גיי רעד מיט אים.

ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פעשע האָט געשריבן וועגן איר צרה צו אירע ברידער קיין אַמעריקע און — זיי האָבן געשיקט אַ בריוו מיט אַ שיפסקאַרטע. און ווי שווער ס׳איז ניט געווען פאַר שלומען מיט פעשען אַוועקצושיקן אַזאַ יונג קינד איבערן ים, האָבן זיי דאָך באַשלאָסן, אַז אַרום יום־טובים־צייט וועלן זיי אים שיקן — מיט נאָך אַ קאָמפּאַניע מענטשן, וואָס האָבן זיך געקליבן פון סלוצק קיין אַמעריקע.

אַז שלום איז געווען אין סלוצק עטלעכע וואָכן פאַר פסח, האָט ער אָנגעזאָגט איטשען, אַז ער מוז אויף פסח אַהיימקומען: די מאַמע האָט אָנגעזאָגט, אַז ער מוז קומען און ער, דער טאַטע, באַפעלט אים אויך.

איטשע האָט אין זיין שטילן און זיכערן טאָן געענטפערט:

— ביז פסח איז נאָך דאָ צייט... אַז איך וועל קענען אַוועקפאָרן, וועל איך אוודאי קומען...

אין די קלענסטע שטעטלעך, אפילו אין די דערפער, האָט זיך דעמאָלט געקאָכט ווי פאַר אַ שטורעם. אומעדום האָט מען אָפּגעהאַלטן געהיימע פאַרזאַמלונגען.
מ׳האָט אַלע מאָל געפונען פּלאַקאַטן אויף די פויערישע הייזער: — רוסיש פאָלק! באַפריי זיך פון דיין יאָך! די צייט איז רייף! טו עס איצט! מיר זיינען מיט אייך אין אייער קאַמף. ברידער! צו אויפשטאַנד!

געהיימע הענט האָבן געטאָן די אַרבעט אומגעזען. אומעדום האָט מען זיך געסודעט, געזשומעט ווי די בינען אַרום אַ בינשטאָק. ווי פון הימל אַראָפּ האָבן זיך פלוצלינג געוויזן רייטערס מיט אנטבלויזטע שווערדן ביי די זייטן פון די בלוי־ מיט־רויט־געשטרייפטע הויזן. מ׳האָט זיך געסודעט: — מ׳האָט מורא פאַר אַן אויפשטאַנד... דער קייסער האַלט ביים אַרויסלאָזן נייע דעקרעטן... מע וועט באַפרייען אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע... ס׳וועט זיין סוואָבאָדע...

אין די קליינע שטעטלעך און אין די דערפער זיינען אָנגעשוואומען אַלערליי אומגלייבלעכע משונהדיקע נייעס — די עכאָס פון די גרויסע, ווייטע שטעט זיינען פאַרטויבט געוואָרן און געוואָרן אויסטערלישע קלאַנגען, ביז זיי האָבן זיך דערטראָגן צו די פאַרוואָרפענע ווינקלען...

אוהלי איז געווען אַ צענטער פון די רעוואָלוציאָנערע נייסן. דער געגנט האָט פאַרמאָגט אַסך וואַלד. איינער פון די גרעסטע וועלדער ביי אוהלי האָט געהערט צום רייכן וואַלד־סוחר יעקב גורעוויטש — אַ פּראָסטער ייד, א מאָל געווען אַן אָקסן־טרייבער און איז דורך אַ סיבה רייך געוואָרן און געוואָרן אַ וואַלד־סוחר. ער האָט געהאַט דריי זין מיט איין טאָכטער. אויף די זומערן פלעגט ער ברענגען די גאַנצע פאַמיליע אין אָט־דעם סאָסנאָווון וואַלד אַריין. זיין פרוי, די קליינע, אויסגעדאַרטע ציפּקע, מיט די רויטע קליינע אייגעלעך, פלעגט אַרומגיין פאַרפּוצט לויט פאַריזשער מאָדע און רעדן אַ שטאַרק־געבראָכענעם רוסיש. יעקב אַליין, אַ גרויסער ייד, מיט אַ ברייטן בויך און מיט ברייטע פּלייצעס, האָט געטראָגן אַ גלאַנציקן צילינדער, און אַ שטעקן, און האָט אויסגעזען ווי אַ רייכער קצב. ער האָט זיך אָבער געהאַלטן מיט אַלעמען גוט־ברודער און ליב געהאַט צו טרינקען אַ לחיים מיטן ערשטן פויער, וואָס ער האָט אָנגעגעגנט. דאָס האָט אים געמאַכט באַליבט ביי די פויערים און ביי די אַרומיקע יידן אויך. מ׳ האָט אין אַ נויט געקענט זיך ווענדן צו אים. ער האָט כמעט קיינעם ניט געאירצט. ער פלעגט אָפּט פאָרן קיין זאַגראַניצע און דאָרט דורכפירן גאָר גרויסע געשעפטן, מיט פרייסן — וועגן שפּאַלן און אַנדער געהילץ, גאַנצע וועלדער. מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ מיליאָנער.

זיין איין און איינציקע טאָכטער, פאַניע, וואָס איז אגב געווען די מיזינקע, פלעגט רייטן אויף אַ שלאַנק, ברוין פערד. אירע צוויי גוואוערנאַנטקעס, די דייטשע און די פראַנצייזישע, זיינען געריטן פון ביידע זייטן אויף צוויי לייכטפיסיקע פערדלעך. פאַניע האָט גערעדט אָדער פראַנצייזיש, אָדער דייטש, און זיך געהאַלטן ווי אַן עכט־פריציש קינד. דערפאַר אָבער זיינען די דריי זין, סטודענטן פון מינסקער גימנאַזיע, געווען אין גאַנצן איבערגעגעבן דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אַז זיי זיינען געווען אין וואַלד, האָבן זיי מיט די העקער אין איינעם געהאַקט און געשניטן דאָס געהילץ, זיי געגעבן פּאַפּיראָסן צום פאַררייכערן און זיי דערציילט פון די נייע געזעצן און פון די נייע דעקרעטן, און זיי מיטגעגעבן בראָשורן אַהיים... זיי פלעגן אויך אַליין גיין צו די פויערים אין די הייזער און מיט זיי פאַרברענגען דורך די אָוונטן. דער עלטסטער, נאָום, איז שוין געווען אַ באַווייבטער און שוין גע־האַט אַ קינד, אָבער ער האָט זיך געהאַלטן ווי אַ יינגל און געווען שטאַרק איבער־געגעבן דער אידיי. זיין פרוי, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ בלאָנד יינגל, מיט קורץ־געשוירענע האָר און איז געווען אַ רבס אַ טאָכטער, פלעגט העלפן פאַרשפּרייטן פּראָפּאַגאַנדע. אין מינסק האָט זי געהאַט אַ נאָמען אין דער באַוועגונג.

ביי שלומען אין שטוב זיינען זיי אַלע געווען ווי היימיקע. יעקב מיט שלומען האָבן זיך ניט געאירצט, געווען חבר פון קינדוויז אָן.

די זין האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף איטשען, האָבן פון אים זייער געהאַלטן, און זיי זיינען אָפּט אין איינעם געפאָרן אין פאַרשיידענע שטעט און דער־פער צו טון פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט. אַלע מאָל האָבן זיי געבראַכט גריסן פון אים צו שלומען און אַלץ צוגעגעבן: — פון אים וועט ווערן אַ גרויסער מענטש... אַ געבוירענער פירער...

דורך זיי האָבן זיך עס פאַרשפּרייט די קלאַנגען וועגן דעם אָנקום פון דער באַפרייאונג; מע דאַרף אַלע פאָרן קיין מינסק צום גרויסן יום־טוב, באַגעגענען די

באַפרייטע פּאָליטישע קעמפּערס. און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט איז אין דער היים ניט געבליבן — מ׳איז געפאָרן אין די גרעסערע שטעט צו באַגעגע־נען דעם יום־טוב... יעקב גורעוויטשעס דריי זין מיט דער בלאָנדער שנור זיינען אויך אוועק קיין מינסק. פון די קלענערע שטעטלעך זיינען אַרבעטער געגאַנגען אין מחנות, זינגענדיק די מאַרסעליעזע — צו די גרעסערע שטעט. פון די דערפער איז מען געפאָרן אויף פורן אין די קלענערע שטעט, זען דעם בייז־וואונדער פון דעם באַטיושקאַס גרויסהאַרציקייט, ווי ער וועט באַפרייען זיין נאַראָד.

אָבער יידן, וואָס זייערע קינדער זיינען געווען פאַרמישט אין דעם יום־טוב, האָבן זיך ניט געפרייט, נאָר פאַרקערט — זייערע הערצער האָבן געציטערט מיט אַ פאָרגעפיל פון אומגליק... די אַלטע זיינען געבליבן זיצן אַרום די אויוונס און אויף די פריזבעס ביי די הייזער, און געוואַרט, אַז די קינדער זאָלן צוריקקומען נישט־געשעדיקט פון די גרויסע שטעט מיט די גרויסע בייסן.

און ווי אַן ערד־ציטערניש וואָלט אויפגעטרייסלט דעם גאַנצן אַרום — האָט זיך דורכגעשניטן די בלוטיקע בייס, אַז מ׳האָט פאַרנאַרט אַרבעטער אין די שטעט, זיי פאַרזאַמלט אויף בריקן און אין מיטן די מאַרקן, אַנגעשטעלט רעדנערס, אויפגע־העצט דאָס פאָלק ביז צום העכסטן עקסטאַז — און אַרומגערינגלט די פּלעצער מיט רייטער און מיט האַרמאַטן, און געשאָסן און אויפגעריסן די בריקן, און טויזנטער זיינען אין די טייכן געפאַלן, און בלוט האָט געפלייצט איבער די גאַסן...

אזוי אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ביז אַלץ איז פאַרשטילט געוואָרן, נאָר א ריח פון בלוט און געברענט פלייש האָט זיך געהערט אין די גאַסן. דערנאָך האָט די גנע־דיקע מאַכט ווידער געלאָזט "עם נאַראָד גיין אויף די מאַרקן און דערקענען די טוי־טע און זיי ברענגען צום „פּאָכאָראָן”, די גאַסן זאָלן אָפּגערייניקט ווערן. האָט זיך דער עולם ניט געלאָזט בעטן לאַנג. נאָר אַנשטאָט יונגע טריט מיט געזאַנג, זיינען איצט געקומען געבויגענע, קלאָגנדיקע מאַמעס און טאַטעס — זוכן די צעריסענע קינדער. שווער איז געווען צו דערקענען אַן אייגן קינד. מערסטע האָט מען נישט דערקענט.

יעקב גורעוויטש האָט געפונען נאָר זיין יינגסטן זון, בנימינען, אַ לעבעדיקן. די צוויי עלטערע זין מיט דער שנור האָט מען געפונען מיט דורכגעלעכערטע קעפּ.

## איטשע צאַנקט

מיט יעקב גורעוויטשעס יינגסטן זון איז אויך צוריק אהיימגעקומען איטשע. ער איז געווען מיט אים אין איינעם אויפן מינסקער מאַרק. קאָזאַקן זיינען געריטן איבער די צוויי יונגען, אָבער זיי זיינען ארויס לעבעדיקע.

איטשע איז אַהיימגעקומען אין גאַנצן אַן איבערגעביטענער, און אַ הוסט האָט זיך אים צוגעוואָרפן. און ביים הוסטן האָט ער זיך צוגעהאַלטן ביי דער ברוסט. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז דאָס קומט פון א שטאַרקן קלאַפּ: — דאָס האַרץ איז אים ניט אויפן אָרט.

איטשע האָט זיך אַוועקגעלייגט.

די וואָלקנס, וואָס זיינען געהאָנגען איבער גאַנץ רוסלאַנד, זיינען וואָס אַ מאָל שווארצער און געדיכטער געוואָרן. אין די אַרעסטן דורך די נעכט האָט מען יונגען צוגענומען פון די בעטן און מער האָט מען זיי שוין ניט געזען. אין די שטעט און שטעטלעך איז מען נישט געגאַנגען צו דריי אין איינעם אויס מורא — מע זאָל ניט פאַרדעכטיקן און צונעמען.

איבער שלומס הויז האָט זיך אָנגערוקט אַ נאַכטיקע פינצטערניש.

שרהן מיט דינהן און דניאלן האָט מען אַהיימגעבראכט פון קאַפּוליע. מ׳איז געזעסן דורך די טעג און נעכט מיט פאַרמאַכטע פענצטער און טירן, און מורא געהאַט פאַר יעדן קלאַנג פון דרויסן. אין שטוב, אויף אַ שמאָל, לאַנג בעט, איז איטשע געלעגן, און האָט געברענט ווי אַ ליכט — אַלע מאָל זיך אויפגעכאַפּט, מיט אַ ברענענדיקן קוק אין דער ווייט, און דעם יונגן, שטאָלצן חאָפּ פאַרוואָרפן אויף אַרויף: — די צייט איז געקומען ... קומט, ברידער!... מאָנט, וואָס אייך קומט!.!

ביז גרויסע טראָפּנס שווייס פלעגן זיך אים שטעלן אויפן ברענענדיקן שטערן, און מלכה פון איין זייט און שלום — פון דער צווייטער, פלעגן אים נעמען באַרו־איקן און אים פּרוואוון צוריקלייגן אויפן קישן. אָפּט פלעגט ער פאַרשטעלן דאָס פּנים מיטביידע הענט און שרייען ווי ניט מיט זיינע כוחות: — ברידער! — קאָ־זאַקן, האַרמאַטן! לויפט! — ביז ער פלעגט בלייבן אָן כוחות, אַ באַגאָסענער מיט שווייס, און בעטן אַ ביסל וואַסער.

מלכה איז ניט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט, סיי טאָג, סיי נאַכט. פּעשע איז אַרומ־געגאַנגען אָן כוחות און זיך אָפּט אַליין אַוועקגעלייגט און ניט געקענט אויפשטיין. שלום איז אומגעגאַנגען מיט אַ פאַרשוואַרצט פּנים, געפאַסט תּעניתים און געזאָגט תּהילים זיצנדיק דורך די נעכט ביים קראַנקנס בעט.

דינה האָט פאַרנומען איר אַמאָליק אָרט אויף דער קאַכלנער הרובע, דאָס איי־גענע אָרט וואָס אַ מאָל, ווען זי איז נאָך גאָר אַ קליין קינד געווען און ווען אירע קינדערשע אויגן האָבן געזען איר קליין שוועסטערל, פריידעלען, שטאַרבן. אומבאַ־מערקט פון די מידע שטוביקע פלעגט זי זיך דאָרט אַוועקזעצן און די אויגן ניט אראָפּנעמען פון איטשען... זי האָט געטראַכט רעיונות, פאַר זיך אַליין ניט־פאַרשטענד־לעכע. ס׳איז פאַר איר ניט קלאָר געווען דער גאַנצער אַרום: זי האָט נאָר געזען איר גרויסן ברודער, וואָס ער האָט איר דער ערשטער דערציילט וועגן וועלט און לעבן און גאָט, — ווי ער ליגט איצט אין גרויסע ייסורים און שרייט, און שרעקט זיך, און רעדט אַזעלכע מאָדנע רייד...

...איז איר אַרויף אויפן זינען, ווי ער איז אַמאָל געלעגן מיט אַ צעבלוטיקטן קאָפּ, ווען די פערד האָבן אים אַראָפּגעוואָרפן... און זי איז געגאַנגען צום אַלטן אַפּאַ־נאַסן אים, איטשען, אָפּשפּרעכן — און ס׳איז אים בעסער געוואָרן... ווייסט זי ניט, וואָס מע וואַרט דאָ?... מע דאַרף נאָך וואַרטן? און וועט מען זי ווידער שיקן מיט אַ פּאַטשיילע, זי זאָל לויפן אָפּשפּרעכן? אַפּאַנאַס איז שוין געשטאָרבן... אָבער זי וועט גיין צו שרה־רחלען. שרה־רחל וועט נאָך בעסער אָפּשפּרעכן... און זי, דינה, וועט אים ברענגען די פּאַטשיילע און זי אים אַרויפלייגן אויפן קאָפּ, וועט אים בעסער ווערן...

זי זיצט אַ גאַנצן טאָג און היט יעדן אָטעם זײַנעם. זי זעט ווי שווער אים איז. זי האָט ניט מיט וועמען צו רעדן, וועמען צו פרעגן. אפשר זײַנען אַלע אַזוי פאַר־אומערט, אַז מ׳האָט גאָר פאַרגעסן אין אים...

עס ווערט פאַרנאַכט. דינה רוקט זיך שטיל אַראָפּ פון דער הרובע, גייט צו צום קאָמאָד, עפנט אים געהיט, נעמט אַרויס דער מאַמעס קאָפּטיכל מיט די פּראַנדזן, באַהאַלט עס אונטערן קליידל, גנבעט זיך אַרויס, און לויפט צו פייסע דעם שמיד, און — גלייך צו שרה־רחלען הינטערן אויוון, וואו זי זיצט אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט, דער זאַק מיט די פרענטעלעך אַרויסגעלאָזן פון די הענט. דינה פאַר־שטייט, אַז זי שלאָפט, זעצט זי זיך לעבן איר און לייגט אַרויף איר הענטל אויף שרה־רחלס האַנט. יענע כאַפּט זיך אויף:

— ווער איז עס? העניעלע, דו?

— ניין. דאָס בין איך — דינה.

— דינהלע?

— יע.

— וואָס טוט איטשע?

— אָט דאָס בין איך עס טאַקע געקומען צו אייך — אַז איר זאָלט אים אָפּ־שפּרעכן. ער איז שוין זייער קראַנק...

— זאָל אים גאָט העלפן. וואָס זאָגט דער דאָקטער?

—איך ווייס ניט. אָבער איר קענט דאָך אָפּשפּרעכן.

— נו, אוודאי קען איך. די מאַמע האָט דיך געשיקט, דינהלע?
דינה טראַכט.

— די מאַמע איז קראַנק און זי וויינט כסדר — בין איך אַליין געקומען.

— נו, גוט, דינהלע. דו נעם מאַך מיין זאָק, און איך וועל אָפּשפּרעכן.

זי נעמט ביי דינהן דאָס טיכל, גייט אריין אין קאָמער, טאַפּנדיק די ווענט, זאַמט זיך אַ פינף מינוט, קומט אַרויס צוריק:

— נאַ, דינהלע, גיי בינד עס אים אַרום אויפן קאָפּ, און זאָל ער האָבן אַ רפואה.

דינה נעמט דאָס טיכל זייער געהיט, לייגט עס אַרונטערן אונטערן קליידל אין בוזעם, און לויפט אַהיים.

אריין אין שטוב, האָט זי זיך ווידער אוועקגעזעצט אויף דער הרובע, וואַרטן אויף דער גינציקער צייט.

מלכה גיט איטשען אַ רפואה אין אַ לעפל, דעקט אים איין:

—שלאָף איין, איטשע, שלאָף איין.

איטשע שלאָפט איין. מלכה טרעט אָפּ מיט שטילע טריט צום טישל, דרייט איין דעם קנויט אין לאָמפּ און גייט אַרויס. דינה רוקט זיך שטיל אַראָפּ פון דער הרובע, נעמט ארויס דאָס טיכל פונעם בוזעם, גייט שטיל צו צו איטשען, לייגט עס אים אַרום קאָפּ און קוקט אויף אים אַ לאַנגע צייט. ער אָטעמט שטיל. זי פילט זיך

גליקלעך: פון דעם טיכל אַרום קאָפּ איז אים שוין בעסער... מאָרגן וועט ער געזונט ווערן, וועט זי אים פרעגן, צי ווייסט ער כאָטש, אַז זי האָט עס אים געזונט געמאַכט...

דערנאָך האָט זי געלייענט קריאת־שמע מיט גרויס כוונה און איז אַוועק שלאָפן. און ס׳ האָט זיך איר געחלומט ווי איטשע איז געזונט געוואָרן. און ווי זי האָט אים דערציילט אַז זי איז עס געווען די, וואָס האָט אים געזונט געמאַכט.

אויף מאָרגן פרי איז די היץ אַראָפּ, אָבער דער דאָקטער האָט געהייסן ווייטער געבן די האַרצטראָפּנס, און אין אָוונט וועט ער ווידער קומען.

דינה איז אויפגעשטאַנען, זיך געוואַשן אין איילעניש, אָפּגעזאָגט ברכה, און איז צוגעגאַנגען צו איטשעס בעט. ער איז געלעגן מיט אַ געל, בלאַס פּנים, נאָר די אויגן האָבן געברענט. ער האָט זי באַמערקט און זי צוגערופן צו זיך.

— איטשע, ס׳איז דיר שוין בעסער?

— איך ווייס אַליין נישט... ווייסט, דינה, איך וויל דיר עפּעס זאָגן, אָבער דו וועסט ניט פאַרשטיין...

— זאָג, איטשע — איך וועל פאַרשטיין, וועסט זען, אַז איך וועל פאַרשטיין. זעסט, דיר איז היינט בעסער. דאָס בין איך דאָך נעכטן געגאַנגעני אַליין, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, און דיר אָפּגעשפּראָכן ביי שרה־רחלען, און דיר אַרויפגעלייגט דאָס טיכל אויפן קאָפּ, איז דיר בעסער געוואָרן. וועסט געזונט ווערן.

איטשע שמייכלט:

— וואָס וועט עס פון דיר זיין, דינה? ביסט דאָך שוין אַ גרויס מיידל, שוין באַלד צוועלף יאָר, און ביסט נאָך אַזאַ נאַרישע.

דינה, אַ באַליידיקטע:

— וואָס בין איך פאַר א נאַרישע? איך וויל דיך געזונט מאכן.

איטשע נעמט זי אָן ביי דער האַנט:

— איך וועל שטאַרבן, דינה.

דינה, אַ פאַרציטערטע:

— וואָס רעדסטע, איטשע? וועסט ניט שטאַרבן. מע קען דאָך דיך אַרומוואַשן מיטן זיידנס זייף און לייוונט. דאָס איז דאָך אַ גרויסע סגולה. די מאַמע האָט דאָך דערציילט, אז מ׳האָט עס אלע געריסן פאר א סגולה וועגן. זעסט? אָט ליגט אלץ אונטערן באַלקן איבערן ארון־קודש.

מאַכט איטשע מיט א ווייטיקדיקן שמייכל:

— אבי איך האָב געוואָלט דיר עפּעס אָנזאָגן.

— וואָס, איטשע? זאָג. איך וועל קיינעם נישט אויסזאָגן. ווייסטאָך, אַז איך וועל ניט אויסזאָגן.

— יע, איך ווי׳ס. וועסט זיין אַ גוטע רביצין...

דינה, אַ דערפרייטע:

— יע?! איך וועל זיין א רביצין?
נאָר זי ווערט אומעטיק:

— ניין, איך וועל ניט זיין קיין רביצין... מאָטל רייכערט אום שבת. ס'איז אַ גרויסע עבירה — יע, איטשע?

מלכה קומט צו:

— גיי, דינה, איך דאַרף אים איצט געבן די רפואה.
איטשע גיט שוואַך אַ מאַך:

— ס'וועט ניט העלפן, מלכה.

— מאַך זיך ניט נאַריש. היינט איז דיר בעסער. די היץ איז אַראָפּ. דער דאָק־טער וועט ווידער זיין אין אָוונט. זעסט? ס'איז דאָנערשטיק. די מאַמע האָט געמאַכט די חלה. וועסט נאָך מאָרגן קידוש מאַכן.

## איטשעס לעצטער קידוש

אויף מאָרגן, פרייטיק, איז דאָס גאַנצע הויז ווי אויפגעריכט געוואָרן. איטשע האָט זיך געפילט בעסער. פאַר נאַכט האָט ער געבעטן, מע זאָל אים אַרומוואַשן און אים בייטן דאָס העמד — ער וויל מאַכן קידוש.

— שוין לאַנג אַז איך האָב קיין קידוש ניט געמאַכט.

דינה האָט אַ גליקלעכע געקוקט אויף איטשען און אין האַרצן האָט זי גע־בענטשט שרה־רחלען.

מ'האָט פאַר איטשען אָוועקגעלייגט צוויי חלות. דעם טיש האָט מען צוגערוקט צו אים, און ער האָט געמאַכט קידוש גלייך נאָכן טאַטן, און אַלע האָבן געענטפערט: אָמן. ביים עסן די יויך איז ער מיד געוואָרן און זיך אָוועקגעלייגט. ער האָט אָנגע־הויבן ציטערן און שווער אָטעמען. דערווייל זיינען אָנגעקומען מומעס מיט פעטערס פון די אַרומיקע דערפער, און פון פייסע דעם שמיד זיינען אַלע געקומען — מבקר חולה זיין. געהערט, אַז איטשע פילט זיך בעסער, איז מען געקומען.

אָבער איצט, דערזעענדיק אים, זיינען אַלע געבליבן שטיין צעטומלט און מ'האָט אָנגעהויבן וויינען אין די ווינקעלעך. די מענער האָבן געהייסן גלייך שיקן נאָכן דאָקטער. האָט וואַסיל געשפּאַנט פערד און איז אַוועק קיין קאַפּוליע.

איטשע האָט אַלץ שווערער און שווערער געאָטעמט. עס האָבן זיך דערהערט פאַרשטיקטע יללות פון פעשען און פון די מומעס. פעשע האָט געבראָכן די הענט: — וואָס זאָל זי טאָן? מלכה איז אַלע מאָל צוגעגאַנגען, געבעטן:

— מאַמע, הער אויף. ער בעט, מע זאָל ניט וויינען.

דינה איז געזעסן אויף איר אָרט, אויף דער הרובע, און געציטערט, און אַלץ געקוקט צום באַלקן, וואו די הייליקע זייף מיט די ווייסע שמאַטקעס ליגן, — און געוואַרט, און זיך געחידושט וואָס מע נוצט עס ניט... זי האָט ניט געקאָנט איינזיצן. זי האָט זיך אָנגענומען מיט מוט, צוגעגאַנגען צו דער מאַמען:

— מאַמע, פאַר וואָס וואַשט מען אים ניט מיט דער זייף, וואָס דו האָסט געבראַכט פונעם זיידן?

— אוי, וואָס דרייסטו אַ קאָפּ? וואָס פאַר אַ זייף איז דיר איצט איינגעפאַלן?

— אָט יענע זייף, וואָס איבערן אָרון־קודש, אונטערן באַלקן, וואָס מ׳האָט געוואַשן דערמיט דעם זיידן, ווען ער איז געשטאָרבן.

פעשע האָט זיך צעיאָמערט:

— ווייִנד איז מיר, אַזאַ יונגער בוים... אַוועקגעהרגעט האָבן זיי אים מיר... טאַטע אין הימל, האָב רחמנות...

און זי הייסט דער מומע חאַשען זיך שטעלן און אַראָפּנעמען די זייף:

— אפשר וועט ער זיך מרחם זיין איבער מיין קינד אין דיין זכות, טאַטע... ביסט דאָך געווען אַזאַ צדיק...

די מומע חאַשע שטעלט זיך אויף אַ בענקל, נעמט אַראָפּ אַ פּעקעלע. מען נעמט אַ שיסל וואַסער, און חאַשע נעמט מיט אַ ווייס שטיקל לייוונט וואַשן איטשעס פּנים, דערנאָך די הענט.

— ער וועט זיך פאַר דיר מיען, דיין זיידע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן... וועסט מירטשעם געזונט ווערן.

דינה איז געשטאַנען הינטער חאַשען די גאַנצע צייט און נאָכגעפאָלגט יעדן ריר אירן: איצט וועט איטשע געזונט ווערן...

זי גייט צו צום בעט און נעמט אים אָן ביי דער האַנט:

— איטשע, ווייסט ווער איך בין?

— פאַר וואָס זאָל איך ניט וויסן?

— און קענסט רעדן?

— זעסט דאָך...

— און... און קענסט זען?

איטשע ענטפערט, ווי אָפּצוקומען:

— אוי, וואָס פרעגסטו נאַרישקייטן? אַז איך שטאַרב — דאָס קען איך זען.

— ניין, דו שטארבסט ניט. אַז דו קענסט זען און רעדן, וועסטו ניט שטאַרבן. און מ׳האָט דיך שוין אָפּגעוואַשן מיטן זיידנס זייף.

מלכה גייט צו:

— גיי אַוועק. אָט איז דער דאָקטער געקומען.

דער דאָקטער האָט איטשען באַטראַכט, געזעסן אַ ביסל, און איז אַוועק. מ׳האָט פּעשען אַרויסגעפירט פון צימער. מלכה מיט שלומען, מיטן פעטער שימעון און דער מומע כאַשע, זיינען געבליבן אַרום בעט. ג

איטשע האָט שווער געאָטעמט און איז איינגעשלאָפן, אַלע זיינען אַרויס פון צימער, נאָר מלכה איז געבליבן זיצן ביים בעט. דינה איז געזעסן מיט ברייט־אָפענע

אויגן און אַראָפּגעקוקט אויף איטשעס פּנים. מיט אַ מאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך פּלוצלינג אויפגעזעצט, געבעטן מלכהן אַ טרונק. ער האָט אָנגענומען אַ מויל וואַסער און אַ פּאַל געטאָן צוריק אויפן קישן. מלכה האָט גלייך אַ רוף געטאָן די שטוביקע פון צווייטן חדר — און מ׳האָט איטשען איבערגעדעקט מיטן ליילעך איבערן פּנים.

און אַ יאָמער האָט זיך צעטראָגן איבער דער שטוב און דורך די פענצטער אין נאַכטיקן דרויסן אַרויס:

---

זונטיק פרי האָט מען איטשען אַוועקגעפירט קיין קאַפּוליע צו קבורה. שלום האָט דורך דער גאַנצער צייט קיין איין טרער ניט געלאָזט. מיט פאַרקראַמפּטע ליפּן איז ער ארומגעגאנגען. ער האָט געפאסט א תענית. אזוי האָט ער זיך געפירט זינט זיין מאַמע איז געשטאָרבן: ער האָט צו יעדן יאָרצייט איר געפאַסט. איצט איז צוגעקומען נאָך אַ יאָרצייט. ביים אָנטאָן די תכריכים האָט ער קיין אויג ניט אַראָפּגענומען פון איטשען. ס׳איז שווער געווען צו וויסן צי קוקט ער נאָך, אַז מע זאָל אַלץ טאָן ווי מע דאַרף, אָדער קוקט ער נאָר דערפאַר, וואָס ער קען ניט אַראָפּנעמען די אויגן פון דעם טויטן יונגן פּנים, וואָס ער קוקט דערויף צום לעצטן מאָל.

מ׳האָט זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט, געמאַכט אָרט פאַר שלומען, דערלאַנגט אים דעם ווייסן גאַרטל, און אים מיט אַ נייג מיטן קאָפּ געגעבן צו פאַרשטיין, ער זאָל דעם גאַרטל אַרומבינדן אַרום דעם טויטן, אויף תכריכים. האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער מיטה, און ווי אַ פאַרשטייפטער הילצערנער מאַריאָנעט מיט פאַרגליווערטע הענט אַרומגעבונדן דעם גאַרטל אַרום דעם טויטן, זיך אָפּגערוקט — און ווידער אין דער שטיל געקוקט.

אויפן בית־עולם האָט מען דערלאַנגט שלומען דאָס גראָב־אייזן, ער זאָל אַרויפשיטן די ערשטע דריי לאָפּעטעס ערד אויפן מת. האָט ער מיט שטייפע הענט אים אָפּגערוקט אין אַ זייט. ער איז געשטאַנען ווי געליימט און געקוקט צום קבר. אַרויפגעשאָטן די ערשטע ערד אויף זיין יונגן זונס פּנים, און אַ קברות־מאַן האָט דערנאָך האָט מען אים געהייסן זיך דערנענטערן און זאָגן דעם ערשטן קדיש. ער איז געשטאַנען ווי איינער, וואָס גייט אַרום אין שלאָף. די שוואַרצע באָרד האָט אויסגעזען ווי אַ וואָלקן אַרום זיין בלאַסקייט. זיינע ליפּן האָבן גענומען ציטערן, די ארומיקע האָבן געזען, אז ער וויל עפּעס זאָגן — נאָר קען ניט. גיט ער זיך אַ וואַקל און אַ פאַל... ס׳ווערט אַ טומל:

— וואַסער! געחלש׳ט! גיכער! דערלאַנגט אַ ביסל שנאַפּס!

מע גיסט אויף אים וואַסער, מע רייבט אים און מע גיסט אים בראָנפן אין מויל אריין. ער עפנט ברייט די אויגן, דערמאָנט זיך וואָס עס טוט זיך מיט אים, וויל זיך אויפשטעלן. אידן נעמען אים אונטער די הענט. ער שטעלט זיך אויף און, ווי מיט אַ פרעמד קול, זאָגט ער דעם ערשטן קדיש.

מיט דער זעלבער שטומקייט קומט ער אַהיים, לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, טוט אויס די שיך און זעצט זיך שבעה.

קיין סך צייט אויף אָפּצוגעבן זיך מיט איין אומגליק איז ביי שלומען אין שטוב ניט געבליבן. אַחוץ וואָס פּעשע האָט געהאַלטן אין איין קלאָגן און חלשן, און וואָס שלום אליין איז ארומגעגאנגען ווי אויף א פרעמדער וועלט, און די גערוסן פון פייטלען מיט לאהן זיינען געווען שלעכטע: אַז לאה ליגט מער אין בעט ווי זי גייט אַרום, איז דינה שטאַרק קראַנק געוואָרן: דער דאָקטער האָט ניט געוואוסט. וואָס מיט איר איז. אַז מ׳האָט זי צו רו געלאָזט, איז זי געלעגן ווי אַ טויטע. זי איז וואָס אַ מאָל שוואַכער געוואָרן און האָט אָפּט געחלשט. מ׳האָט זי געפירט צו אַ גרויסן דאָקטער קיין סלוצק, און נאָכדעם קיין מינסק. זי האָט כמעט דעם גאַנצן זומער אָפּגעקרענקט.

צו האַרבסט צו האָט מען צוריקגעפירט די קינדער אין שטעטל. צו דער אַר־בעט, און אין חדר אַריין. די לופט איז אַ ביסל שטילער געוואָרן. מ׳האָט זיך גענן־מען שטעלן אומזיכערע טריט. צוריק צום נאָרמאַלן לעבן. דאָס געשעענע צו פאַר־דעקן. מאַמעס האָבן אָן ווערטער געזיפצט און געהיט די קינדער, די איבערגע־בליבענע. די יוגנט ווידער, איז פאַרשטומט געוואָרן ווי איינער אין גליוועד, נאָך אַ גרויסער שרעק.

אַז מ׳האָט שרהן מיט דינהן און דניאלן צוריקגעבראַכט קיין קאָפּוליע, איז ביי ר׳אָדען אין שטוב געוואָרן יום־טוב. מ׳איז זיך באַגאַנגען מיט זיי ווי מיט אָנגע־לייגטע געסט. שמואל־אהרן האָט מיט טרערן אין די אויגן געגלעט יעדעס קינד באַזונדער:

— ס׳איז געווען אומעטיק אָן אייך.

ראָדע האָט געזאָגט דאָס אייגענע. שפּרינצע האָט דינהן געגלעט איבערן קאָפּ:

— גוט, דינהלע. האָסט מיר אויסגעפעלט. וועסט מיר איצט קענען אַסך העלפן, דינהלע.

מאָטל איז געווען צערטלעך און פאַרטרוילעך מיט דינהן. ער האָט אויף איר געקוקט מיטן פאַרשטאַנד פון אַ גרויסן און פאַרשטאַנען וואָס איר טוט וויי. ער פלעגט זי אָפּט אין די פאַרנאַכטן רופן גיין אין וואַלד, קלייבן בלעטער פאַר שמואל־אהרנס וואַגעס. זי איז אים געגען נאָכגעגאַנגען, אָבער שטיל און אומעטיק. מאָטל האָט זי געוואָלט אַריינציען אין אַ שמועס, זי זאָל רעדן, דערציילן:

— וואָס טראַכסטו איצט?

דינה ענטפערט ווי פון שלאָף:

— וועגן די בלעטער, וואָס מיר קלייבן.

— וואָס טראַכסטו וועגן די בלעטער?

— איך טראַכט, צי אויפן בית־עולם וואַקסן אויך אַזעלכע בלעטער.

— אוודאי וואַקסן.

— וועסט מיר ווייזן וואו דער בית־עולם איז?

— פאַר וואָס ניט? ווייסט דאָך אַליין אויך, וואו ער איז.

— איך מיין, זאָלסט מיט מיר גיין אַהין קלייבן בלעטער און מיר העלפן געפינען איטשעס קבר.

מאַטל שווייגט.

— נו, ווּעסט מיט מיר גיין?

— אַ מאָל וועל איך מיט דיר גיין.

— איך וויל ניט א מאָל. לאָמיר גיין איצט.

— מע טאָר ניט, דינה. ווּעסט קראַנק ווערן.

— ניין, מאַטל, איך וועל ניט קראַנק ווערן. איך וויל נאָר זען זיין קבר.

— זאָג איך דיר צו, אז איך וועל דיך נעמען אַהין שבת.

— גוט, איז שבת.

דינה שווייגט ווידער.

— דינה, וואָס טראַכסטו איצט?

— מאַטל, פאַר וואָס האָט עס דער זיידע ניט געוואָלט, אַז איטשע זאָל געזונט ווערן?

— וועלכער זיידע?

— איי, דו ווייסט ניט, מאַטל... פאַר וואָס האָט דאָס גאָט געמאַכט, אַז איטשע זאָל שטאַרבן?

— קום, דינה. ביסט נאָך גאָרנישט קליגער געוואָרן. גלייבסט אין נאַרישקייטן.

— נו, איז זאָל זיין אין נאַרישקייטן. אַז דו רייכערסט שבת — דאָס איז ביי דיר אַ חכמה?

זי דערמאָנט זיך עפּעס און זוערט פריילעך:

— ווייסט וואָס איטשע האָט מיר געזאָגט איידער ער איז געשטאָרבן?

— ניין. וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— ער האָט געזאָגט, אַז איך וועל זיין אַ רביצין.
מאַטל לאַכט:

— גוט האָט ער געזאָגט. איך זאָג אויך אַזוי.

— איך וועל ניט זיין קיין רביצין.

— פאַר וואָס ניט? אַז דו וועסט זיין אַזוי פרום ווי איצט, וועסטו זיין אַ רביצין.
דינה פאַרטראַכט זיך:

—פאַר וואָס רייכערסטע אום שבת, מאַטל? ס'איז אַ גרויסע עבירה.

— זע, דינה — אַז דו גלייבסט אַזוי אין גאָט, איז דאַרפסטע ניט אַזוי זאָרגן, וואָס איטשע איז געשטאָרבן, ווייל אַ פרומער גלייבט, אַז אַלץ וואָס גאָט טוט, איז רעכט, און אז א מענטש דאַרף אָננעמען פאַר ליב אַלץ וואָס גאָט טוט.

דינה פאַרטראַכט זיך ווידער.

— ביסט גערעכט, מאָטל. אַ מאָל האָט מיר איטשע אויך אַזוי געזאָגט, ווען פריידעלע איז געשטאָרבן. גערעדט מאָדנע רייד. איך פלעג ניט פאַרשטיין.

מאָטל, מיט אַ זיפץ:

— ער איז געווען אַ קלוגער יונג. ווער וועט זיך אָפּרעכענען פאַר די יונגע לעבנס?...

דינה, א פארציטערטע, כאַפּט אים אָן ביי דער האַנט:

— זאָג עס נאָך אַ מאָל... ער, איטשע, האָט עס אויך געזאָגט, איידער ער איז געשטאָרבן...

— אַזוי? ביסט זיכער, דינה, אַז ער האָט עס געזאָגט?

— אַזוי זיכער, ווי דו האָסט עס איצט געזאָגט. איך האָב זיך דערשראָקן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער אַליין רעדט עס...

מאָטל פאַרטראַכט זיך:

— ווייסט,דינה, איך בין שוין ניט מער קיין ציוניסט...

— פאַר וואָס?

— איצט איז ניט די צייט פאַר דעם... ווערסט ניט פאַרשטיין... דיר ליגן אַלץ אין קאָפּ שפּרעכערקעס, מיט מצוות, מיט עבירות... לעבסט ערגעץ אין די וואָלקנס און ווייסט ניט וואָס אַרום דיר טוט זיך.

דינה, אַ צעשראָקענע, קוקט אויף אים, ווי זי וואָלט זיך וועלן צו זיינע געדאַנקען דערשלאָגן. זי בלייבט אָבער פאַרלוירן און אומעטיק:

— איך ווייס ניט, מאָטל... איך ווייס ניט, וואָס דו רעדסט, פּונקט ווי איך פלעג ניט פאַרשטיין, וואָס איטשע פלעגט רעדן... פּונקט ווי איך האָב ניט פאַרשטאַנען, פאַר וואָס מ'האָט אלעמען געשלאָגן, געהרגעט... זאָלסט קיינעם ניט דערציילן, מאָטל, וואָס דו האָסט פריער געזאָגט...

— וואָס האָב איך פריער געזאָגט?

— דאָס וואָס איטשע האָט אויך געזאָגט...

— פאַר וואָס ניט?

— ניין, מאָטל, זאָלסט ניט!... מע וועט נאָך חלילה דיך אויך... (דאָס לעצטע וואָרט בלייבט איר שטעקן אין האַלדז.)

— ווער דען וועט זיך אָפּרעכענען?... אַז דו וואָלסט וועלן, וואָלט איך דיך מיטגענומען שבת אויפן בית־עולם — צו אַ געהיימער סאָבּיראַניע. הערשל וועט דאָרט רעדן און איך אויך. משה־לייבל איז איצט אין איהומען. ער וועט קומען מיט נייס, ס'וועט זיין וואָס צו הערן.

דינה, אַ צעמישטע:

— מאָטל, האָסט דאָך מיר נאָר וואָס געזאָגט, אַז דו נעמסט מיך שבת צום בית־עולם, און מיר וועלן געפינען איטשעס קבר.

— נו, יע — מיר ווייסן וואו זיין קבר איז, און נאָך ווי! דערפאַר האַלטן מיר דאָרט אָפּ די געהיימע פאַרזאַמלונגען. דעם פּריסטאַוו וועט ניט איינפאַלן צו שיקן זוכן אַהין, און ס׳איז גוט צו קוקן אויף די קברים פון די געפאַלענע! דאָס גיט צו מוט.

— דיין מאַמע ווייסט פון דעם?

— זי ווייסט מסתמא, אָבער זי מאַכט זיך ניט־וויסנדיק.

— און שפּרינצע?

—שפּרינצע? זי ווייסט פון אַלץ. זי גיט אונדז ליטעראַטור און זאָגט אונדז וואָס און ווי צו טון. מיט איר שרייבט מען זיך אויף פון מאָסקווע און פון סיביר· זי איז דאָך אַליין געוועזן אין סיביר און איר מאַן איז דאָרט געשטאָרבן.

— און זי זעט אויס אַזאַ שטילינקע. איך וועל איצט מורא האָבן פאַר איר. מאַטל לאַכט:

— ביסט אַ נאַר. ווער קען עס מורא האָבן פאַר שפּרינצען?

— יע, אָבער וואָס דו זאָגסט וועגן איר.

— וואָס איך זאָג וועגן איר, איז קיין שלעכטס ניט· נאָר זע, אַז דו זאָלסט זיך פאַר איר ניט אַרויסרעדן מיט קיין וואָרט...

— איך וועל זיך ניט אַרויסרעדן, אָבער איך האָב מורא.

— ביסט נאַריש ווי אַן עופעלע. האָסט קיין שכל ניט.

— פאַר וואָס? — שרייט דינה — וואָס טוט דען שרה? זי גייט אויך מיט אייך שבת אויפן בית־עולם?

— ניין. זיי זיינען עלטערע. זיי טרעפן זיך אין יאַנעצקעס וועלדעלע. קום. ס׳איז שוין שפּעט.

דינה איז אַהיימגעגאַנגען מיט אַ פולן קאָפּ געדאַנקען און ניט געוואוסט, ווי זיי פאַנאַנדערצוגעמען. אַ טויזנטפאַרביקער, פאַרפלאָנטערטער קנויל האָט זיך איר געדרייט פאַר די אויגן. יענע נאַכט איז זי ניט איינגעשלאָפן. דניאל איז געשלאָפן ניט ווייט פון איר, אויף אַ סאָפקע.

— וואָס דרייסטו זיך און שלאָפסט ניט איין?

זי האָט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל געלייענט „קרישמע”, אָבער ס׳איז איר קיין זאַך ניט קלאָר געוואָרן.·. וואָס טוען פרעמדע מענטשן אויף איטשעס קבר? וואָס קען ער זיי אָנגיין? זיי האָבן דאָך אים אפילו ניט געקענט... ניין, מיט מאַטלען שבת אויפן בית־עולם גייט זי ניט.· זי מוז גיין אַליין... זי דאַרף מיט אים אַליין זיין און זיצן און שווייגן, ווי ער אַליין שוויגט אין קבר... וואָס פאַר אַ רעדעס? זי וועט אַליין געפינען.·. און אַז מאַטל וועט זי פרעגן, וועט זי אים זאָגן, אַז זי האָט ניט גע־וואָלט גיין מיט נאָך מענטשן אויף איטשעס קבר... ער וועט פון איר לאַכן? איז זאָל ער לאַכן. ביי אים איז קיין ברודער ניט געשטאָרבן. ער ווייסט ניט, וואָס דאָס איז.. פונקט ווי זי פאַרשטייט וואָס ער רעדט צו איר וועגן ציוניזם און אַנדערע זאַכן...

אויף מאָרגן איז זי געזעסן אין זי חדר און ווינציק צוגעהערט זיך צום לערנען. דער קאָפּ איז איר געלעגן ערגעץ אַנדערש וואו. פון חדר, אַנשטאָט צו גיין אַהיים, צו ראָדען צום געניי, איז זי אַוועק מיט אַ הינטערגעסל, געגאַנגען, געגאַנגען, און זיך ארומגעקוקט ווי א גנב, און צוגעקומען צום פּאַרקאַן פון בית־עולם. זי האָט זיך אַרומגעדרייט, געקוקט דורכן צאַם און דערהערט מענטשן רעדן — איז זי אַ דער־שראָקענע אַוועק צוריק: — היינט שוין ניט· אַ צווייט מאָל.

זי איז אַרייך אין שטוב און איז גלייך צוגעגאַנגען צו שפּרינצעס טישל. פאַר איר איז שוין געלעגן פאַרגרייטע אַרבעט.

— נאַ, דינהלע, און אגב ביסטו שוין א גרויסע באַרישניע, און מיר קומט אויס, אַז איך דאַרף דיך אירצן.

— ניין, איר דאַרפט מיך ניט אירצן — און זי האַלט אין איין וואַרפן בליקן אויף שפּרינצען, אַז יענע זאָל ניט זען. שפּרינצע פילט איר אומרו און הייבט אויף דעם קאָפּ צו דינהן:

— ווילסט מיך עפּעס פרעגן, דינהלע?

— ניין, ניין..· עפּעס שטעפּ איך ניט גוט.

— סע טרעפט זיך א מאָל....

דינה נעמט אויף די ווערטער ווי ניט פון דער שפּרינצע, וואָס זי האָט ביז איצט געקענט, נאָר ווי פון אַ גאַנץ אַנדערער, פון אַ פרעמדן מענטשן, וואָס זי הערט אים רעדן צום ערשטן מאָל, און עס קומען איר אַרויף מאָטלס רייד אויפן זינען — און זי פאַרחידושט זיך ווידער.·.

יענעם פרייטיק, אז מ׳האָט באַפרייט פון חדר, איז נאָך געווען זייער פרי. דינה האָט געפונען איר וועג צום בית־עולם, איז אַריינגעקראָכן איבערן פּלויט, פון אַ זייטיקן וועג, און האָט אַזוי לאַנג אַרומגעזוכט, ביז זי האָט געפונען אַ ברעטל: הבחור יצחק בר׳ שלום. אַ שמאָל, ניט־באַוואַקסן בערגל. זי איז איבער אים גע־שטאַנען אין שטומקייט, אַ לאַנגע צייט. זי האָט דערפילט טראָפּנס רעגן איבער זיך — האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי דאַרף גיין. צוויי טרערן זיינען אַראָפּגעפאַלן אויף אירע הענט· זי האָט זיי גיך אָפּגעווישט אין קליידל, און מיט אַ ציען ביים האַרצן איז זי שטיל אָפּגעטראָטן פונעם בערגל ערד און איז אַוועק אַהיים.

אויף מאָרגן האָט זי מאָטל שטיל אַ פרעג געטאָן.

— ווילסט גיין, דינה?

דינה האָט מיט א שטאָלצן אומעט געענטפערט:

— איך בין שוין געווען. נעכטן, נאָכן חדר. און אַליין.

מאָטל האָט זי לאַנג אָנגעקוקט:

— ביסט אַ מאָדנע מיידל, דינה. און מיט אונדז ווילסטו ניט גיין?

— ניין· און איך זע ניט, וואָס פרעמדע מענטשן האָבן צו גיין אויף יענעמס קבר. ער איז ניט זייער ברודער און זיי האָבן אים אפילו ניט געקענט.

מאָטל האָט איר אויף דעם ניט געענטפערט, נאָר מיט אַ גוטן שמייכל איר נאָכגעקוקט.

## לאה גייט פון דער וועלט

די קינדער זיינען אויף אַ שבת אַהיימגעפאָרן און ווידער ניט צוריקגעקומען.

שבת צו נאַכט איז געקומען אַ שליח אָנזאָגן, אַז לאה גייט צו קינד און אַז ס'האַלט מיט איר שלעכט. מ'האָט גלייך געשפּאַנט אַ פּאָר פערד און שלום מיט פעשען מיט אַלע פיר קינדער זיינען אַוועק קיין פעסאַטשנע. אָנגעקומען איז מען אַהין פאַר טאָג, אין ר' יצחקס שטוב האָבן געברענט לאָמפּן. דער אויוון האָט גע־פלאַקערט — מ'האָט געוואַרעמט טעפּ וואַסער. אַן אַקושאָרין און אַ דאָקטער זיי־נען אַרויס און אַריין אין דער געווינערינס קאַמער. פון דאָרט האָבן זיך געהערט קולות, וואָס האָבן ווי מיט מעסערס געשניטן די נאַכטיקע לופט. אַזוי לאַנג, ביז די געווינערין איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ יאָמער, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ שרעק־לעך וואָיען פון הינט. אַזוי אַ נאַכט מיט אַ טאָג.

פייטל איז געזעסן ביי דער טיר פון דער געווינערינס צימער, שוואַרץ ווי אַ קויל, און אַז דער דאָקטער האָט אים געפרעגט צי ער וויל אַריין אין קאַמער, האָט ער זיך גענומען מיט אַלע כוחות קלאַפּן מיט די פויסטן אין האַרצן:

— איך האָב ניט קיין רעכט. איך בין אַ מערדער!..

די קולות פון דער געווינערין זיינען געוואָרן פון מאָל צו מאָל אַלץ זעלטענער און שוואַכער, ביז דער דאָקטער האָט צעעפנט די טיר און געהייסן פייטלען אַריינ־קומען.

לאה איז געלעגן ווי איינע, וואָס מע שלעפּט אַרויס פון אַ טייך. לעבן איר, אין אַ זייט פון בעט, איז געלעגן איבערגעדעקט אַ טויט קינד.

לאה האָט אויסגעשטרעקט פון אונטערן צודעק אַ טויט־בלייכע, קליינע, קינ־דערשע האַנט, צוגעצויגן פייטלען צו זיך. פייטל איז אַנידערגעפאַלן אויף די קני און זיך צעוויינט ווי אַ קינד, אויפן קול. אויף לאהס פנים האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, ווי ביי איינעם, וואָס ווערט פּלוצלינג באַפרייט פון אַ שרעקלעכן קראַמף· זי האָט אַ לייכטן דריי געטאָן דעם קאָפּ צו איין זייט — און איז געבליבן שטיל. דער דאָק־טער האָט צוגעלייגט דעם אויער צו איר האַרצן, אָפּגעפירט פייטלען פון בעט, זי איבערגעדעקט איבערן פנים און איז אַרויס.

נאָך איר לוויה איז דאָס גאַנצע שטעטל נאָכגעגאַנגען, פון אַ יידן ביז אַ קריסט.

פייטל איז געבליבן זיצן שבעה מיט לאהס משפּחה. אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז שלום געפאָרן קיין פעסאַטשנע און איבערגענומען דאָס אייזן־געשעפט אויף פייטלס נאָמען. פייטל איז געבליבן אין געשעפט און געוואוינט מיט באַקאַנטע.

## די לופט ווערט שווערער

אין שלומס שטוב איז די לופט געוואָרן אַלץ געדיכטער און שווערער. מ'איז אַרומגעגאַנגען שטום, די קעפּ געבויגן, און יעדער פאַר זיך האָט געטראַכט זיינע

און דעם צווייטנס געדאַנקען: — וואָס וועט איצט זיין? — דער אומעט האָט געגרי־זשעט אויף די ווענט. מלכה, דער גאַנצער פונדאַמענט פון דער שטוב, איז זייער אָפט ניט געווען אין דער היים· אויף פּעשעס פראַגן, וואו־אַהין זי גייט, האָט זי באַר געענטפערט:

— וואו־אהין איך גיי? אין פעלד אריין אַרבעטן.

פּעשע האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז מלכהן זיינען ענג געוואָרן די אומעטיקע ווענט פון דער דאָרפישער שטוב — און ס'האָט אויך געהאַט צו טון מיט דעם, וואָס לעצטנס זיינען איר, מלכהן, אָנגעקומען בריוו פון אַמעריקע מיטן זעלבן כתב, וואָס פריער פון אַדעס... דער בלאָנדער איסאַק מיט דער שוואַרצער פּאַליערינע, וואָס האָט זיך אויסגעקויפט פון פּריזיוו און איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין אַן אַדעסער באַנק, האָט געמוזט מיט נאָך חברה אַנטלויפן און גנבענען די גרענעץ — צוליב פּאָליטישע סיבות. דאָס האָט זי גאַנץ צעטומלט. ווייל זי האָט — פון נאַ־טור — זיך ניט געקענט צונויפלעבן מיט קיין גרויסשטאָטיקע. זי איז געווען אַ דאָרפיש־געבוירן, געזונט מיידל, מיט אַ שטאַרק־איבערגעגעבענער, געטרייער נאַ־טור, און האָט אויף זיך געטראָגן די אחריות פאַרן גאַנצן הויזגעזינד. און אַז זי האָט זיך פאַרליבט אין דעם גרויסשטאָטיקן אָדעסער שוועסטערקינד, האָט זי געפילט, אַז זי געהערט אים ביזן טויט, אָבער ווי און ווען זיי וועלן זיך פאַראייניקן, דאָס האָט זי זיך קלאָר ניט געקענט אויסמאָלן. זי האָט געוואַרט אויף אַ נס. רעדן וועגן דעם מיט איר מאַמען, האָט זי ניט געוואָלט. אַ געוויסער שטאָלץ האָט זי ניט דער־לאָזט. זי האָט עס געהאַלטן פאַר אַ סוד, וואָס קיינער טאָר ניט וויסן. איצט, אַז איסאַק איז אַוועק נאָך ווייטער, איז איר סוד געוואָרן נאָך טיפער און פאַרבאַהאַל־טענער, און די בענקשאַפט, וואָס זי האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט פון זיך אַליין פאַר־לייקענען, נאָך שאַרפער.

אָבער ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איין מאָל, ווען פּעשע האָט איר פּירגע־האַלטן וואָס זי באַהאַלט זיך אַזוי אַזוי פון אַלטערן, אַ בחור פון אַ שכנישן שטעטל, פון אַ פיינער משפחה, וואָס ער גייט איר נאָך, האָט מלכה אַ צעטומלטע אַרויס־גערעדט:

— ס'ליגט דאָך אין קאַמאָד א שיפסקאַרטע.... שיקט מיך אוועק קיין אַמעריקע.

פּעשען איז עס אַריין אין קאָפּ. זי האָט זיך דערמאָנט אָן דער שיפסקאַרטע און פאַר וועמען די ברידער האָבן זי געשיקט, האָט זי זיך באַגאָסן מיט טרערן:

— מע וועט דאַרפן די שיפסקאַרטע צוריקשיקן...

אָבער מ'האָט זי ניט צוריקגעשיקט. שרהן פלעגט ציען צו דער גרויסער וועלט. איז זייענדיק איין מאָל אויף שבת אין דער היים, האָט זיך מלכה פאַר איר אַרויס־געריעדט, אַז סע ליגט אַ שיפסקאַרטע אין קאַמאָד··

האָט עס שרהן גלייך פאַראינטערעסירט. אין מלכהן האָט זי באַלד פאַרגעסן... איר איז אַריין אין זינען, אַז די שיפסקאַרטע איז אַ גוטער אָנהייב צו לאָזן זיך איבערן ים און זען די וועלט. זי האָט באַלד אָנגעהויבן בויען פּלענער. צו שלש־סעודות, דעם זעלבן שבת, האָט זי שוין געלאָזט וויסן ביים טיש, אַז אַזוי ווי דער פעטער שמעון פון דאַכטערוויטש קלייבט זיך פאָרן קיין אַמעריקע און זיין זון

רואווע, וואָס איז אַנטלאָפן פון קאַפּוליע בעת אַן איבערפאַל, איז אויך אין אַמע־ריקע און ער שרייבט בריוו, אַז אים איז דאָרט גוט, און אַ גאַנצע קאָמפּאַניע מיידלעך מיט יינגלעך פאָרן אָפּ פון קאַפּוליע, וויל זי מיטפאָרן...

— ניין, זי וויל פאָרן. שרה איז דאָס גאַנצע לעבן אַ פרייער פויגל, נישטאָ אין דער היים, און זי, מלכה, איז איינגעשפּאַרט אינעם דאָרף און טראָגט אויף זיך די זאָרג פאַרן גאַנצן הויזגעזינד, איז מוז זי פאָרן קיין אַמעריקע. איבעריקנס איז זי די עלטערע. און מען זאָל ניט מיינען, אַז זי פאָרט זיך דאָרט שפּילן. זי וועט שווער אַרבעטן און אַהיימשיקן געלט, ווי עס טוען אַנדערע מיידלעך, וואָס זי קען...

אַזוי, זיצנדיק אַרום דעם שבת־ פאַרנאַכטיקן טיש, האָט זיך דער געדאַנק וועגן אַמעריקע אַרייגנעריסן אין דער דאָרפיש־יידישער שטוב, וואו מיט צוויי יאָר צוריק וואָלט מען געלאַכט דערפון, אַז שלום זאָל זיינס אַ קינד אַוועקשיקן אי־בער ימען, ערגעץ אין דער וועלט אַריין. אָבער איצט זיינען די גרענעצן פון ווייטע לענדער נענטער געוואָרן, אין די מוחות פון יידישע עלטערן. קינדער זיינען זיך צעלאָפן, און אַז מ׳האָט באַקומען אַ בשורה, אַז זיי זיינען שוין אויף יענער זייט גרע־נעץ, האָט מען געדאַנקט זיין ליבן נאָמען.

נאָך אַ לענגערער צייט פון שטילשטאַנד, זינט דעם גרויסן בלוטבאָד, האָבן זיך ווייטער אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אומרוען. ווי אַן ענטפער אויף דעם האָבן אָנ־געהויבן אויסברעכן פאָגראָמען אין שטעטלעך און דערפער. דאָס איז געווען נאָכן גרויסן קיעווער פּאָגראָם. און ווידער האָט מען אָנגעהויבן מאַכן אָבלאַוועס און איבערפאַלן אין פּריוואַטע הייזער. אין קאַפּוליע האָט מען אַרומגערינגלט יאַנעצקיס וועלדער, בעת אַ פאַרזאַמלונג, און מ׳האָט געכאַפּט און פאַרשיקט.

שרה איז געווען אויף דער פאַרזאַמלונג, מיט אַ פּעקל בראָשורן אונטערן אָרעם. זי האָט אַליין ניט געוואוסט דורך וואָס פאַר אַ נס ס׳איז איר געלונגען זיך אַרויס־צודרייען. אָבער צוריק צו ראָדען איז ניט זיכער געווען צו גיין און נאָך זיכערער איז געווען ניט צו ווייזן זיך פאַר די אויגן פון דער פּאָליציי. מ׳האָט געוואָרפן אַן אויג אויף איר. מ׳האָט זי געזוכט. איינער האָט זי געזען מיטן פּעקל בראָשורן לויפנ־דיק דורכן וואַלד, און ווי אַ ניט־גוטע איז זי אים פון אונטער די הענט אויסגעַ־רונען. ער מוז זי פּאַקן, האָט ער געזאָגט.

איז שרה אַוועק אַהיים קיין אוהלי.

פון שלומס הויז איז נאָך ניט געהאַט אַוועק די שרעק פון דעם ערשטן אומגליק. איטשעס שאָטן איז געשטאַנען פאַר יעדערנס אויגן. אָבער איצט האָט שוין שרה שלומען מיט פּעשען, און אַפילו מלכהן, ניט געלאָזט רוען. די יונגע שוועסטער האָט פאַרגעסן אַלע אירע קוים־געוואָגטע פּלענער. זי האָט זיי איצט אין גאַנצן אויפ־געגעבן. אין אָנגעזיכט פון דער סכנה, וואָס הענגט איבער שרהן, האָט זי וועגן זיך און איר חלום אין גאַנצן פאַרגעסן. איר געטרייע נאַטור האָט אויפגעוואַכט מיט אַלע חושים. איצט איז ניטאָ וואָס מער צו טראַכטן. מע מוז שרהן פאַרטיק מאַכן מיט אַ פּאַס פון דער גובערניע און זי אַוועקשיקן מיטן פעטער שלום און אַנדערע באַ־קאַנטע קיין אַמעריקע.

מיט דער ענערגיע, וואָס קומט דורך אַ געפאַר, האָט מען זיך גענומען גרייטן. שלום איז אַוועק קיין מינסק נאָך אַ פּאַס. פּעשע האָט געטריקנט סוכאַרעס מיט

צימערינג, מיט האַרטן קעז. מלכה האָט געניית העמדער מיט שפּיצן. ראָדע מיט שפּרינצען האָבן צוגעשיקט אַ קאַרזינע צו פּאַקן זיך און אין דער קאַרזינע אַריינ־געלייגט צוויי שיינע קליידלעך מיט אַ העלן מאַנטל. שבת צו נאַכט פאַרן זונטיק־דיקן אָפּפאָרן קיין האָראָדזשע, וואו מע נעמט די באַן, זיינען אָנגעקומען מומעס מיט פעטערס, מיט שוועסטערקינדער, מיט שכנים. יעדער האָט מיטגעבראַכט עפּעס אַ פּעקלע אויף מיטצונעמען אין וועג, און די בעסטע ברכות.

די מומע יאַכע, ווי איר שטייגער, איז געקומען — דאָס בולאַנע פערד גע־שפּאַנט אין אַ לייכט, אַלט וועגעלע, און דעם גאַנצן וועג איז דער פעטער לייבע נאָכגעגאַנגען ביים זייט. ער האָט פון א דין, ציכטיק, ווייס טאָרבעלע ארויסגע־נומען צוויי האַרטע טונקעלע, שאַפענע גאָמלקעס קעז, און אויף אַ שנירל עטלעכע קעפּעלעך קנאָבל:

— נעם, טאָכטער. אַז מיין רחמיאל איז געפאָרן, האָב איך אים אויך מיטגע־געבן קנאָבל, האָט ער מיר געשריבן, אַז אויפן ים איז עס אים שטארק צו נוץ געקומען.

ראָדע איז אויך געקומען געזעגענען זיך מיט שרהן, זי געקושט:

— מיין קינד, איך שיק דיך צו איטשע־מענדעלען. קוש אים פאַר מיר. דערצייל אים, ווי זיין מאַמע בענקט נאָך אים. גוט וואָס דו פאָרסט, שרהלע. גאָט זאָל אייךביידן געבן לאַנגע יאָרי ביסט ביי מיר פאַררעכנט פאַר אַן אייגן קינד...

דער מאַמעס האַרץ האָט געזוכט, ווי צו דערגרייכן פאַרן זון אַ תכלית, אי־בערן ים — כאָטש שרהן איז די זאַך ווינציק וואָס אין זינען געלעגן.

שלום איז מיטגעפאָרן מיט דער קאָמפּאַניע, אָפּגעשיקט וואַסילן מיט דער פור פון האָראָדזשע צוריק אַהיים, און ער איז מיטגעפאָרן ביזן גרענעץ. אַזוי איז שלומס הויז נאָך איינזאַמער געוואָרן, אָבער — מיט אַ טיר אָפן צו דער ווייט...

דינה האָט איצט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אין ראָדעס הויז גאָר א וויכטיק אָרט. ניט נאָר האָט זי פאַר ראָדען געלייענט און איבערגעלייענט צו עטלעכע מאָל יעדן בריוו פון אירע זין, נאָר מיט גרויס פאַרשטענדעניש אויפגעכאַפּט ווי אויפן וואונק אַלץ וואָס ראָדע וויל זאָגן אירע זין — און האָט פאַר איר געשריבן אַלץ וואָס יענע האָט אפילו נאָר געטראַכט צו שרייבן... און ביי שמואל אהרנס בעט איז זי איצט געווען ווי אַ דערוואַקסענער מענטש. זי האָט פאַרן קראַנקן אַלץ געטאָן, צו מאַכן גרינגער און דערטרעגלעכער דאָס לעבן. און מאָטל, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען עלטער פון איר און גערעדט זאַכן, וואָס זיינען איר, דינהן, נישט געקראָכן אין קאָפּ אַריין, האָט ער זיך צוגעוואוינט אַרויפצוקוקן צו איר ווי צו אַן עלטערער שוועסטער. זי איז אים זייער נאָענט געוואָרן דורך דעם וואָס זי האָט מיט אַזאַ איבערגעגעבנקייט געהאָלפן פאַרלייכטערן דעם שווערן גורל פון זייער שטוב.

פון שלומס הויז האָט זיך אָבער די רו אָפּגעטאָן. דאָס הויז האָט געציטערט ווי פאַר אָנקומענדיקע ווינטן... אַ שטורעם האָט זיך געטראָגן אָן אָפּהאַלט.

פון שרהן האָט מען דערהאַלטן אַ בריוו, מ'איז גוט דורך די גערענעץ, אַז מע זעצט זיך היינט אויף דער שיף, און — אַז מע וועט אָנקומען קיין אַמעריקע, וועט מען גלייך געבן צו וויסן.

איז מען אַרומגעגאַנגען, וואַרטנדיק אויף אַ בריוו פון אַמעריקע. דריי וואָכן, און פיר, און פינף און זעקס. קיין בריוו איז ניטאָ. פעשע איז מער געלעגן ווי אַרומגעגאַנגען. פון די קלעפּ וואָס זי האָט געכאַפּט פאַר די לעצטע צוויי יאָר, איז זי איינגעקנייטשט געוואָרן ווי אַ זאַק. זי האָט זעלטן צו ווען געמען גערעדט. די אויגן זייַנען איר רויט געוואָרן, פון ניט שלאָפן און וויינען. שלום איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ געבויגענעם קאָפּ צו דער ערד און געשטומט. נאָר נאָכן פאַרשטיקטן זיפץ, וואָס האָט זיך פון אים אומגערן אַרויסגעריסן, האָט מען געקענט פאַרשטיין, וואָס ער לעבט איבער.

ענדלעך איז אָנגעקומען אַ בריוו פון דעם פּעטער שמאון, אַז ער איז שוין גאָט צו דאַנקען אין נעוו־יאָרק, זיין זון ראובן איז אַ גאַנץ וואַזשנער בחור, און אַז ער אַליין האָט שוין מיט גאָטס הילף געפונען אַרבעט: ער קערט אויס אַ פאַבריק און פאַרדינט זעקס דאָלאַר אַ וואָך. ער נעכטיקט אין דער פאַבריק. דער באַלעבאָס איז אַן ערלעכער ייד, לאָזט ער אים דאָרט נעכטיקן. ער האָפט צו דערגרייכן דאָס וואָס ער וויל, און וועט מיט גאָטס הילף אַהיימקומען. צו לעצט פרעגט ער אויב מע הערט עפּעס פון סאָרקע שלומס, ווייל ער האָט זייער גרויס האַרצווייטיק איבער איר. אַזוי ווי זיי וויסן שוין איצט מסתמא דורך די גאַזעטן, איז זייער שיף צעשלאָגן געוואָרן, און מ׳האָט די פּאַסאַזשירן געזעצט אויף קלענערע שיפן, און אין גרויסן געלאַף האָט ער פאַרלוירן סאָרקען פון אונטער די הענט און ער ווייסט ביז איצט ניט וואָס מיט איר איז געשען.

יאָ, מ׳האָט עס שוין געהאַט געלייענט אין די גאַזעטן אין קאַפּוליע, און מאָטל ראָדעס האָט עס אַליין געלייענט, נאָר ער האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן דערמיט, אַז ניט זיין מאַמע און ניט דינה זאָלן זיך דערוויסן, אַז ווען די שיף, וואו שרה איז געפאָרן, האָט זיך אָנגעשלאָגן אין אַן אייזבאַרג און איז צעלעכערט געוואָרן, זיינען מענטשן דערטרונקען געוואָרן, און צווישן זיי — אַ מיידל, סאָרע קאַזשוקאָפּסקי. און שרהס פאַמיליע־נאָמען איז געווען זשוקאָפּסקי.

איז ביי קיינעם קיין צווייפל נישט געווען, אַז דאָס איז שרה שלומס. און מענטשן האָבן געזיפצט און באַדויערט. ערשט אין אַ פיר חדשים אַרום איז אָנגעקומען אַ בריוו פון שרהן, מיט איר אייגענער שלעכטער האַנטשריפט, וואו זי האָט באַשריבן, וואָס מיט איר איז געשען: — מ׳האָט זי פאַרלוירן אין דער נאַכט פון דעם אומגליק. פון דער גרויסער שיף האָט מען זי אַרויפגעזעצט אויף אַ קליין שיפל, איז זי אויפן שיפל געפאָרן אַ נאַכט מיט אַ טאָג. דערנאָך איז זי פאַרפאָרן קיין ליווערפּול און דאָרט אַרומגעבלאָנקעט זעקס וואָכן. פון דאָרט האָט זי אַ יידישע געזעלשאַפט געשיקט קיין אַמעריקע. זי איז געווען קראַנק אויפן מאָגן זעקס וואָכן, ווען זי איז אָנגעקומען. עס געפעלט איר ניט אמעריקע.

דאָס איז געווען די גוטע בשורה, וואָס האָט פאַרביטן די שרעקלעכע געדאַנקען, וואָס מ׳האָט זיך מיט זיי ארומגעטראָגן ביז איצט.

— גאָט צו דאנקען, אבי זי לעבט.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט אויך ראָדע באַקומען אַ בריוו פון שרהן — אז זי בענקט זייער שטאַרק נאָך אַלעמען, און אז זי איז געווען ביי איר זון, ביי איטשע־

מענדעלען, און אים איבערגעגעבן א גרוס פון דער היים. די העמדער מיט די קעז־לעך, וואָס זי האָט פאַר אים געשיקט מיט איר, האָט זי פאַרלוירן אין איינעם מיט איר באַגאַזש, ווען די שיף איז צעשלאָגן געוואָרן. און אַז איטשע־מענדל האָט זיך זייער שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף יעדן באַזונדער, און אַז ער איז אַ שיינער און אַן איידעלער, נאָר אַן אומעטיקער. דאָס בענקט ער זייער נאָך דער היים· אים גע־פעלט א ו י ך ניט אַמעריקע.

מיט דעם איז אויך ראָדען לייכטער געוואָרן. איצט וועט שוין איר איטשע־מענדעלע נישט זיין אַזוי עלנט. און דער מאַמעס מוח האָט געשפּונען פּלענער.

---

פּייטל האָט נאָך לאהס טויט ווידער אַ מאָל אָנגעהויבן קומען אַהיים. דער הויפּט צוועק פון זיין קומען איז געווען מיכלה. זי האָט איצט געדינט אין וואַלד, ניט ווייט פון שלומס הויז.

פּעשען איז ווידער ניט געפעלן דער תכלית. זי איז אָפּט געפאָרן קיין סלוצק און דאָרט געהאַלטן אַן אויג אויף אַ מיידל, אַ פיינע פּאַרדינערין, פון שיינעם ייחוס און אַליין אויך אַ שיינע.

## מלכה כאַראַש

מלכה כאַראַש האָט געשמט אין סלוצק. די בעסטע קליידער האָט מען צו איר געבראַכט נייען. אַ יתומה, אָן אַ פאָטער, האָט זי איר מוטער געהאַלטן ווי אַ קרוין אויפן קאָפּ. אָן א הוט איז זי אין גאַס ניט ארויס. איר מייסטערסקייע איז געווען געפירט אויף אַ וואַזשנעם אופן. זי האָט געהאַלטן אַ דינסט וואָס האָט באַדינט אי זי, אי די מוטער. פון מיטעלן וואוקס איז זי געווען, פול געבויט, מיט אַ צאַרטער, ווייַ־סער הויט און די האָר האָט זי געטראָגן פאַרקעמט אין אַ הויכער פריזור, וואָס האָט זייער שיין געפּאַסט צו איר פנים. זי האָט זיך געקליידט נעט און געשמאַקפול, מיט אַלערליי קעלנערלעך און שלייפעלעך, וואָס זי האָט געוואוסט ווי צוצופּאַסן לויט יעדן קלייד באַזונדער.

פּעשע מיט שלומען און מלכהן האָבן זיך שטאַרק אַריינגעלייט דערין, אַז פּייטל זאָל זיך מיט זיי דורכפאָרן קיין סלוצק. דער תירוץ איז געווען: געשעפט, און אויך מיט אים צו באַרעכענען וועגן אַ שידוך פאַר זיין שוועסטער מלכה. — ס׳איז פאַ־ראַן אין סלוצק אַ פאַמיליע כאַראַש. און ביי איינער אַ מלכה כאַראַש איז פאַראַן אַ שוועסטערקינד, ער וואוינט אין אַ דאָרף הינטער סלוצק, און אַזוי ווי מ׳האָט זיך באַשטעלט אויף דעם און דעם אָוונט, איז גוט, אַז ער, פּייטל, זאָל מיטפאָרן.

פּייטל איז אָן ווילן מיטגעפאָרן, און איז שוין געקומען אַ פאַרקנסטער צו מלכה כאַראַש.

אָבער מלכה איז אהיימגעקומען אָן אַ חתן. זי האָט אפילו נישט געוואָלט הערן פון דעם שידוך.

פייטל האָט אין אַ קורצער צייט אַרום חתונה געהאַט, געבראַכט די גרויסשטאָ־טיקע נייטאָרין אין הויז פון דער נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענער לאה.

איר איז געווען ענג און אומעטיק. זי האָט זיך דאָ געפילט ווי אַ געפאַנגענע. אָבער זי איז געווען פון אַ קלוגער און געטרייער נאַטור. די מוטער איז איר אָפּגע־שטאָרבן פּונקט אַ חודש פאַר דער חתונה. איז זי איצט געווען אין גאַנצן צוגעבונדן צו איר יונגן, אומעטיקן מאַן. זי האָט געזוכט פאַרשיידענע וועגן, ווי דורכצוקומען צו זיין האַרצן, כאָטש פייטל איז ניט געווען צו איר קאַלט. אַז זי פלעגט פאַרקעמען איר הויכע פריזור, מיט שיינע קאַמען דערין און אַ ניי־מאָדיק היטעלע דערויף, און מיט די קליינע זעמשענע הענטשקעס אויף די איידעלע הענט, און ער איז מיט איר אַרויס שבת אויף אַ שפּאַציר, האָבן אַלע — סיי מאַנסבילן, סיי פרויען — די קעפּ אויסגעדרייט אַזוי ווייט ווי דער נאַקן האָט נאָר געלאָזט, און נאָכגעקוקט דער שיינער, גרויסשטאָטיקער, פיין געקליידטער דאַמע. יונגעלייט האָבן געזוכט תירו־צים, ווי אַזוי אריינצוכאַפּן זיך צו פייטלען אויף אַ ווייל, פאַרברענגען מיטן יונגן פּאָרפאָלק. זיין ווייבל האָט יעדן שיין אויפגענומען.

מלכהס לעבן, אין פעסאַטשנע, איז געווען שווער, אָבער ביסלעכווייז איז עס געוואָרן דערטרעגלעכער. זומער פלעגן אָפט קומען צו גאַסט אַ שוועסטער פון מינסק; אַ פּלימעניצע, אַ דאָקטער, פון קיעוו. פון סלוצק פלעגן אָפט קומען באַ־קאַנטע. און פייטל, וועלנדיק ווייזן אַז ער איז אַ מבין אויף אַ פרוי מיט איידעלע הענט, האָט אפילו אַריינגענומען אַ שיקסל אין שטוב, אַז זי זאָל דאָס געפעס אָפּ־וואַשן, די לייכטער צעשייערן און די פּאָדלאָגע אויף שבת אָפּוואַשן.

---

מיכלה פלעגט אַ מאָל קומען צו גאַסט. מלכה האָט זי אויפגענומען פריינדלעך. דאָס מאָל, האָט די שטילע מיכלה געטראַכט, האָט פייטל געפונען זיין באַשערטע, און זי, מיכלה, האָט שוין ניט מער וואָס צו וואַרטן...

דער פעטער שלום האָט אין אַמעריקע שווער געאַרבעט, געשלאָפן אין פאַב־ריק, געשפּאָרט גראָשן צו גראָשן און געשיקט נדן פאַר מיכלהן, זיין טאָכטער — גאַנצע דריי הונדערט רובל, און געשריבן, אַז אויב גאָט וועט אים העלפן און ער וועט אָפּשפּאָרן גענוג אויף הוצאות און עטלעכע גראָשן צו דעם, וועט ער אַהיימ־קומען, אם ירצה השם. אַמעריקע איז נישט פאַר אים.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און ס'האָט זיך אָפּגעזוכט אַ חתן פאַר דער שטילער מיכלה, אַן ארבעטער, אַ בחור וואָס איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע, פון אַן אָרעמער משפחה. זי האָט שטיל חתונה געהאַט, שטיל אָפּגעלעבט ביים מאַן אַ צוויי יאָר, און איז אַ פאַרוועלקטע, אַן אַ צייט, אַוועק פון דער וועלט. פון איר שטיל, פרום מויל האָט אפילו איר מאַמע, כאַשע, קיין מאָל קיין שלעכט וואָרט ניט געהערט רעדן אויף איר מאַן. נאָר ס'איז געווען קלאָר, אַז זי איז פון אים גע־שטאָרבן. מ'האָט דערציילט, אַז ער פלעגט שיכורן און אַז ער האָט זי אָנגעשטעקט מיט אַ קרענק עפּעס, וואָס דערפון איז זי געשטאָרבן.

## איטשע שרייבט נישט...

זינט די לעצטע עטלעכע חדשים איז ראָדע אַרומגעגאַנגען, נישט לויט ווי איר שטייגער, אַ פאַרקלאָגטע, און זיך ווינציק וואָס אינטערעסירט מיטן געניי. שפּרינצע,

כאַטש אויסערלעך שטיל און אויפגערוימט, ווי תמיד, האָט געהאַט דאָס פּאַרגעפיל, אַז ראָדעס זאָרג איז נישט קיין אומזיסטע. שוין דריי חדשים, אַז פון איטשע־מענדלען פון אַמעריקע איז קיין בריוו נישט געווען, און הינדל, שפּרינצעס שוועסטער פון אַמעריקע, וואָס ביי איר האָט איטשע־מענדל געוואוינט און געווען פאַררעכנט פאַר אַן אייגן קינד, שרייבט אויך ניט. קיין גלאַטע זאַך קען עס נישט זיין. און צו דעם האָט זיך ראָדען עפּעס געחלומט. זי האָט אפילו מורא געהאַט עס איבערצוערדן ,אויף אירע ליפּן ארויפצוברענגען, אָבער שוין דריי מאָל אַז ס׳האָט זיך איר געחלומט, אַז זי זיצט אויף אַ שטול, וואָס האָט פיר פיס און איין פוס ברעכט זיך אונטער און זי פאַלט אראָפּ און — עס קומט אריין איר זון איטשע־מענדל און זאָגט איר: מאַמע, זיץ נאָך מיר שבעה און זע, מע זאָל זאָגן קדיש.

דאָס ערשטע מאָל, אַז ס׳האָט זיך איר געחלומט, האָט זי געפאַסט אַ תענית. דאָס צווייטע מאָל — איז זי געגאַנגען אויפן בית־עולם צו אירע טאַטע־מאַמע, זיך אויסגעוויינט און זיי געבעטן, זיי זאָלן זיך מיען פאַר איר טייערן זון, דעם רב, וואָס איז נעבעך אזוי עלנט און פאַרוואָרפן אין דער וועלט. דאָס דריטע מאָל, אַז איר האָט זיך געחלומט דאָס אייגענע, האָט זי געפאַסט און איז געגאַנגען צום רב, ער זאָל איר פותר זיין איר חלום. דער רב, הערשלס טאַטע, אַן אַריינגייער ביי שמואל־אהרנען אין שטוב און אַ גוטער פריינד זייערער, האָט מיט גרויס זאָרג אויסגעהערט ראָדען, ווייל ער האָט א ו י ך איבערגעקלערט וועגן איטשע־מענדלען און זיין נישט־שרייבן. איטשע־מענדל איז געווען זיין עלטערן זונס חבר, זיי האָבן אין איינעם געלערנט, אין איינעם באַקומען סמיכה. האָט ער אויסגעהערט ראָדען, איר פאַרלייכטערט דאָס ביטערע האַרץ און איר אויסגעלייגט אַלץ צום גוטן.

דינה איז ביי ראָדען אין שטוב איצט ארומגעגאַנגען ווי אַ גוטע קראַנקן־שוועסטער. ראָדע פלעגט ביי נאַכט קומען זיך זעצן אויף איר בעט, ווי איינער וואָס זוכט אַ טרייסט:

— וואָס זאָגסטו, דינהלע? ביסט דאָך אַ פרומע און אַ גוטע. ווי זאָגט דיר דאָס האַרץ?

דינה פלעגט מיט א שווער, גרינג־געמאכט הארץ ענטפערן:

— מיר זאָגט דאָס האַרץ, אַז אייך וועט נאָך די וואָך אָנקומען אַ בריוו.

און ראָדען פלעגט אויף אַ רגע לייכטער ווערן — און דינה פלעגט ווי אַן אַלטע צוגעבן:

— וואָס זאָל מיין מאַמע טאָן? שרה שרייבט אויך נישט.

— ס׳איז אַנדערש... אַז שרהקעלע וואָלט געווען אַ גוטע וואָלט זי געשריבן וועגן מיין איטשע־מענדלען.

— וואָס דאַרף זי? ער׳ט אייך אַליין שרייבן. פאַרגעסט נישט, ס׳איז אַזוי ווייט — איבער אַ ים! שיפן דערטרינקען זיך. ס׳איז דאָך אויף יענער זייט ערד — זאָגט מען.

און דער קאָפּ הייבט איר אָן שווינדלען. אָבער טראַכטן צו לאנג וועגן אומפאַר־שטענדלעכקייטן האָט איצט דינה קיין צייט נישט געהאַט. דאָס קאָנקרעטע, וואָס

איז געשטאַנען אַזוי נאָענט פאַר איר אויג, האָט זי אין גאַנצן פאַרנומען. זי האָט שוין וועגן דעם, פאַרזיכטיק געזעדט איין מאָל מיט מאָטלען, און אָפן מיט מיישע־לייבלען און הערשלען. אַז עפּעס איז דאָרט געשען מיט איטשע־מענדלען, האָט זי ניט געצווייפלט.

שוין אַ פּאָר חדשים, אַז מאָטל איז אַ לערער אין קייליע. ער לערנט מיט ר׳ עליע דעם קייליערס קלענערע קינדער. מיטן געלט העלפט ער אין שטוב און לערנט פאַר זיך. אהיים קומט ער ערשט אין אָוונט. איז ווי אַזוי קען מען אויספירן, אַז אַ בריוו וועגן איטשע־מענדלען זאָל נישט אַריינפאַלן צו ראָדען אין די הענט אַריין? איז געבליבן, אַז זי דינה, זאָל יעדן טאָג, עלף אַ זייגער, פון חדר צולויפן אויף פּאָטשט, און פרעגן אויף אַ בריוו. דער רבי האָט צוגעשטימט, און אַזוי איז זי גע־גאַנגען אויף פּאָטשט אַ צען טעג, ביז דער געוואַרטער בריוו איז אָנגעקומען. עפע־נען דעם בריוו אליין, האָט זי מורא געהאַט. איז זי מיט הערשלען יענעם פאַרנאַכט אַוועק צום רב. דער רב האָט דעם בריוו געעפנט, אים דורכגעלייענט און אַ זיפץ געטאָן:

—ברוך דיין אמת. אַ מאַמעס האַרץ קען מען ניט נאַרן... צו חלום איז ער איר געקומען, געהייסן שבעה זיצן, קדיש זאָגן.

דינה איז, ווי אַ פּאַראַליזירטע, געשטאַנען, געקוקט דעם רב אין מויל אַריין, און נישט געוואוסט וואָס צו טון.

— נאַ, דינהלע, לייען איבער. האָסט דאָך אַלע מאָל געלייענט און געשריבן די בריוו פאַר איר.

האָט דינה מיט ציטער אין אירע קינדערשע הענט און אין האַרצן גענומען דעם בריוו — און געלייענט...

צוויי בריוו זיינען דאָרט געווען, אין איין קאָנווערט. איינער — פון הינדלען, פון ראָדעס פלימעניצע, ווי אומגליקלעך און צעבראָכן זיי זיינען אַלע, אַז זי ליגט מער קראַנק ווי זי גייט אַרום, און דאָס שטיקל פּרנסה אירע איז איצט גאָר שוואַך געוואָרן, צוליב איר שטענדיקן קראַנק זיין. און אַז איר מאַן האָט דאָס אומגליק אין גאַנצן דערענדיקט — ער איז אַזוי אויך געווען קראַנק, אויף אַ נערוון־קראַנקייט האָט ער געליטן, איז איצט מוז זי אים אין גאַנצן אַוועקשיקן פון דער היים. און וועגן איטשע־מענדעלען — ווי האָט זי געקענט פריער שרייבן? און ווי שרייבט מען אַ מאַמען אַזאַ בשורה?

פון איטשע־מענדלס האַנט איז געווען אַ קורץ בריוול — די אותיות נערוועז און געאיילט — — „וואָלט איך מיט מיין פאַרשפּילט לעבן כאָטש געקענט, מאַמע, דיר עפּעס העלפן, וואָלט נאָך גוט געווען. אָבער נישט נאָר קען איך דיר נישט העלפן, נאָר איך בין נאָך אַ לאַסט אויף אַנדערע. און ווער איז זי, די אַנדערע? הינדל, אַן אָרעמע קראַנקע פרוי מיט קליינע קינדער און אַ קראַנקן מאַן. איך ווייס נישט, צי איר איז נישט ערגער ווי דיר. איך האָב נישט געטאָרט פאָרן קיין אַמע־ריקע, צו דער אַרבעט זיינען מיינע הענט, אין שאָפּ, נישט געגאַנגען. מ׳האָט מיר געהייסן אויף מאָרגן בלייבן אין דער היים. מיט צייטונגען אין די גאַסן — האָט מען געלאַכט פון מיינע פּיאות. יינגלעך האָבן מיך געריסן ביי די פּאָלעס. און דאָ

דער געדאַנק פון דער היים, דעם טאַטן, און דיר, און הינדע מיט איר לעבן דאָ, און איך דאַרף נאָך צונעמען ביי איר א געלעגער און אַ שטיקל ברויט... איך האָב זיך געראַנגלט מיטן געדאַנק אַ שטיק צייט. גאָט וועט מיר מוחל זיין. אויך דו, מאַמע, זאָלסט מיר מוחל זיין. זיץ נאָך מיר שבעה און זאָל מען נאָך מיר זאָגן קדיש.״

דינהן האָבן גרויסע, געדיכטע טרערן זיך געקייקלט פון אירע ערלעכע אויגן — אויף די באַקן, אויף די הענט.

— וואָס טוט מען איצט?

דער רב האָט זי פאַרשטאַנען.

— דערווייל זאָג נאָך גאַר נישט ראָדען. שווייג. מע דאַרף וואַרטן.

— און מאָטלען?

— מאָטלען מעג מען יאָ זאָגן. און לייבן אויך. לייבן וועל איך נאָך היינט זאָגן. ער וועט זאָגן קדיש.

דינה הייבט זיך אויף צו גיין:

— רבי, זאָל דער בריוו בלייבן ביי אייך.

— גוט, זאָל ער דאָ בלייבן.

ס׳איז שווער געווען דינהן צו זיצן ביי ראָדען פון איצט אָן. אי שפּרינצע, אי ראָדע, האָבן זיך אָנגעהויבן שטאַרק איינקוקן אין איר.

— וואָס טראַכסטו?

אָדער —

— וואָס גייען דיר טרערן פון די אויגן?

— גאַר נישט.

ראָדע האָט געהאַלטן אין איין אַוועקזעצן דינהן, יעדן צווייטן טאָג, און איר דיקטעווען וואָס צו שרייבן קיין אמעריקע. דאָס איז געווען ביי דינהן זייער א פיינ־לעכע אַרבעט. און אַז מאָטל פלעגט זי אין אָוונט פרעגן, ווי זי האָט עס געקענט טון, פלעגט זי ענטפערן:

— פאַר רחמנות.

דאָ האָט שוין מאָטל פאַרלוירן זיין גאַנצע חכמה, זיין גאַנצע גרויסוועלטיש־קייט און ער פלעגט קוקן אויף דינהן ווי אויף אַ גרעסערן פון זיך.

פון שרהן איז אָנגעקומען אַ בריוו, אַז ס׳איז איר נישט גוט אין אַמעריקע, און אַז אַלע אָרעמע מענטשן איז נישט גוט אין אַמעריקע, און פון קיין רעוואָלוציע רעדט מען דאָ אפילו נישט. דאָ, אַז אַ מענטשן איז שלעכט און ער האָט נישט קיין מיטלען צום לעבן, האָט מען אויף דעם אויסגעבויט אַ הויכע, לאַנגע בריק איבער אַ גרויסן טייך — די ברוקלין־בריד‏זש הייסט זי — און מע קען זיך אַראָפּוואַרפן פון יענער הויכער בריק, וואָס קאָסט מיליאָנען, גלייך אין טייך אַריין. אָט, האָט עס

איטשע־מענדל געטאָן. צי ווייסט שוין ראָדע דערפון? זי האָט קיין האַרץ נישט איר צו שרייבן.

אַזוי האָבן איצט מאָטל און דער רב און דער אַלטער לייב, ראָדעס ברודער, וואָס האָט געזאָגט קדיש נאָך איטשע־מענדלען, זיך דערוואוסט די פּרטים פון איטשע־מענדלס טויט. און ראָדע, זייענדיק ביי זיך אין גאַנצן זיכער, אַז מיט איר קינד האָט אַן אומגליק געטראָפן, און פילנדיק, אַז אַרום איר ווייסט מען אַפילו ווי ס'האָט פּאַסירט, האָט זיך טאָג און נאַכט דעם קאָפּ געבראָכן, געוואָלט אויסגעפינען דעם סוד. דינהן האָט זי אויפגעגעבן. זי האָט גוט געקענט דינהס פרומע אין דאָך אַנטשלאָסענע נאַטור. „ס'איז אַן אייזערנע קאַסע" — פלעגט זי אויף איר זאָגן. איז זי אַרומגעגאַנגען און געקוקט, געוואָלט זען ווי אַזוי מע קוקט אויף איר, הערן ווי מען גיט אַ זיפץ, רעדנדיק צו איר...

ביז איין מאָל, אַ פאַרנאַכט, איז איר איינגעפאַלן: זי וועט אַריין אין דער ווייבערישער שול אַ נישטער טון, טאָמער וועט זי זיך דאָרט עפּעס ביי אַ נאַרישער יידענע דערפרעגן אויף איר רעטעניש. אַריין, זיך אַוועקגעזעצט, און וואַרט. נאָר פלוצלינג פאַלט איר איין: איר ברודער לייב, דער אַלטער, טויבער ברודער אירער, האָט געזאָגט קדיש! יע, זי האָט געהערט, אָט־ערשט־אָ! ווי קומט ער צו זאָגן קדיש? זי קען זיינע און אירע יאָרצייטן. היינט האָט ער נישט קיין יאָרצייט!... מע ענדיקט קוים דאָס דאַווענען, גייט זי זיך אַראָפּ פון דער ווייבערישער שול, שטופּט זיך דורך אַ וועג צווישן די מאַנסבילן, דערשלאָגט זיך צו לייבן און שרייט אים אַריין אין אויער:

— נאָך וועמען זאָגסטו עס קדיש?

ער קוקט זי אָן פאַרלוירן, מאַכט זיך אַז ער הערט נישט. זי קוקט אים אָן און באַנעמט אין אַן אויגנבליק, אַז אַלע שטייען צעשראָקענע און קוקן זי אָן.

— וואָס האָסטו מורא מיר אויסצוזאָגן? איך ווייס, דו זאָגסט עס קדיש נאָך מיין איטשע־מענדלען.

לייב קוקט פאַרלוירן צום רב:

— רבי, איר האָט איר דערציילט?

ראָדע גיט זיך אַ לאָז צום רב:

— רבי!...

דער רב זעט, ווי זי פאַלט, ער וויל זי אונטערהאַלטן, אָבער זי גיט אַ פאַל. אין שול ווערט אַ טומל. ווייבער שרייען:

— וואַסער! געחלשט!

מע מינטערט זי. זי עפנט די אויגן און חלשט ווידער.

---

שפּעט פאַר נאַכט. אין טייל פענצטער ציטערן שוין די אָנגעצונדענע קנויטן אין די לאָמפּן און וואַרפן טאַנצנדיקע שאָטנס דורך די שויבן. דינה גייט צו צום פענצטער און קוקט אַרויס:

— מאָטל!

מאָטל קומט צו.

— וואָס קען דאָס זיין?

שפּרינצע, וואָס האַלט אין פּוצן אַ גלאָז פון אַ לאָמפּ און כוקעט אַריין איר אָטעם אין גלאָז, כדי סע זאָל זיך ריינער אויסווישן, קומט צו צום פענצטער, מיט אירע דריבנע טריט אויף די הויכע אָפּצאַסן:

—וואָס קוקט איר זיך איין?

זי גייט צו, קוקט זיך אויך איין:

—אַ לוויה? איצט? אַזוי שפּעט? און ס'איז דאָך היינט קיינער נישט געשטאָרבן. פון אַ יישוב ווער?

די צוויי קלענערע קינדער, נאָסקע מיט ריוולען, קומען אויף צו צום פענצטער:

— אוי! אַ לוויה! ווער קען דאָס זיין?

שמואל־אהרן שרייט אריין דורך דער צעעפנטער טיר:

— וואָס שטייט איר דאָרט אַלע און קוקט? צינדט מיר אָן דעם לאָמפּ! נישט לאָזט מיך דאָ אַליין ליגן אין דער פינצטער. ס'איז מיר מוראדיק אומהיימלעך צו ליגן אַליין אין דער פינצטער. וואו איז ראָדע? וואו זאָמט זי זיך עס היינט אַזוי לאַנג? דינה שטופּט זיך דורך פאַרביי די קינדער, צו דער טיר, אַלע נאָך איר. דינה, שטיל און צעשראָקן:

— שרייט נישט, דער טאַטע וועט זיך דערשרעקן.

ווי א פייער גיט איר אַ ברי אין קאָפּ: מאָטלס מאַמע! זי האָט זיך געמוזט דער־וויסן...

עס לאָזט זיך פון בארג אראָפּ אַן עולם מיט ווייבער, מענער און קינדער — מע טראָגט אַ מענטשן. פיר מענער טראָגן דעם מענטשן אויף די הענט. מע גייט גלייך צו ראָדעס שטוב.

— אַ לאָמפּ! אַ לאָמפּ! וואו איז אַ לאָמפּ?!

פון שמואל־אהרנס קאַמער הערט זיך אַ יאָמערדיק געשריי, אַ וויינענדיקס:

— אַ לאָמפּ! אַ לאָמפּ! צינדט מיר אָן אַ לאָמפּ! וואָס האָט מען מיך געלאָזן אין דער פינצטער, ראָדע!...

ווי אויפגעוועקט פון אַ שווערן שלאָף האָט ראָדע דערהערט איר נאָמען, זיך אַרויסגעריסן פון די פיר פּאָר הענט, וואָס האָבן זי אַריבערגעטראָגן די שוועל, און צו שמואל־אהרנען אין פינצטערן צימער:

— דאָ בין איך, מיין מאַן —

און מיט אַ יאָמערלעך געשריי זיך אַראָפּגעלאָזט איבער זיין בעט:

— מזל טוב דיר, מיין מאַן — אונדזער איטשע־מענדל איז אַ חתן געוואָרן... מזל־טוב דיר, דו ביסט דאָך דער טאַטע. און איך בין דאָך די מאַמע...

און זי פאַרגייט זיך אין אַ געוואַי. און שמואל־אהרן, מער טויט ווי לעבעדיק:

— גוואַלד! גוואַלד! וואָס האַלט מען מיך אין דער פינצטער? אַ לאָמפּ גיט אַהער! מיין ראָדע איז געררירט פון זינען!...

און מיט דער איינציקער געזונטער האַנט האָט ער דערלאַנגט אַ זעץ אין פענצטער — ס'האָט זיך צעקלונגען אין דער לופט אַ בראַזג פון שטיקלעך גלאָז, וואָס זיינען געפאַלן אי אויפן בעט און אי אין דרויסן אויפן שטיינערנעם ברוק.

מ'האָט אַריינגעטראָגן אַ לאָמפּ. שמואל־אהרן איז געלעגן אַ פאַרשטייפטער, מיט אַן אויסגעקרימט פנים און אַ פאַרבלוטיקטער האַנט, אויסגעבויגן און פאַר־קראַמפּט. ראָדע איז געלעגן איבער אים און קאָנוואַלסיוו געיאָמערט.

יענע נאַכט איז שמואל־אהרן אויסגעגאַנגען.

## היט מיך, שלומל...

אויף שלומס שטוב האָט זיך ווידער פאַרצויגן אַ האַרבסט, מיט שווערע האַרבסטיקע וואָלקנס.

מאַרקאָ, דער שכנישער שליאַכטשיץ, וואָס האָט געהאַלטן שלומס גורל אין זיי־נע הענט, איז קראַנק געוואָרן, קראַנק געוואָרן אויף אַ מיאוסער קרענק — ער האָטביים רעדן געקוויטשעט, ווי אַ הענדל, וואָס לערנט זיך קרייען. ס' האָט אים אויס־געפעלט אָטעם און ער האָט זיך געהאַלטן אין איין ווערגן. דער וואַרשעווער ספּע־ציאַליסט האָט געזאָגט, אַז ער האָט די גאַלאָפּירנדיקע דאַר אין האַלדז — און אַז ס'איז צו שפּעט פאַר אַן אָפּעראַציע. האָט מאַרקאָ, פאַר ווייטיק, זיך גענומען צום טרינקען ביז פאַרגעסן זיך, ביז ספּאַזמעס פלעגן אים אַרומנעמען. ער איז געוואָרן אַן אָפטער גאַסט ביי שלומען און אלץ עפּעס געהייסן אריינברענגען פון דעם פאַר־שאַלטענעם מאָנאָפּאָל. פּעשע פלעגט מוזן שטעלן בראָנפן און פאַרבייסן. ביים גלעזל בראָנפן, מיט אַ מיטטרינקער אָדער מער, פלעגט ער זיך קלאָגן אויפן לעבן און מיט גרויס באַדויער געערעדט וועגן שלומס גורל, וואָס ליגט איצט אין זיינע גוססדיקע הענט און וועט אין גיכן מוזן אַריבערגיין אין די אומזיכערע הענט פון זיינע קינדער.

און אַז ער איז גוט שיכור געוואָרן און איז אומגעפאַלן אויף דער ברייטער, לאַנגער קאַנאַפּע, וואָס איז געשטאַנען פאַר' פאַרבייפאָרערס און שלום פלעגט אים דערלאַנגען אַ קאַלטן טרונק לעמאָנאַדע, אים העלפן אָנטון דעם אויבערמנטל און אים אַריינזעצן אין לייכטן וועגעלע, וואָס האָט אויף אים געוואַרט, פלעגט יענער אים איינרוימען אַ סוד:

— היט מיך, שלומל, היט. ווייל נאָך מיין טויט וועלן מיינע הינטישע זין דיך נישט שאַנעווען. מיין איידעם, דער פאָליאַק, איז אַ פאַרביסענער. די יידעלעך האָט ער פיינט, זאָגט ער. ניט ביי מיין לעבן. איך וועל אים נישט לאָזן קיין שלעכטס דיר טון. איך וואָלט נישט פאַרביטן —

נאָר ער איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געקריי, און נישט געקענט ענדיקן.

שלום פלעגט דעם קראַנקן, שיכורן מאַרקאָ געבן האָפֿענונג: — פּאַניע מאַרקאָ וועט געזונט ווערן, — אָבער אַליין איז ער אַרומגעגאַנגען אַ פֿינצטערער, מיטן זיכערן געדאַנק, אַז אָט, אָט — און דער וואָלקן וועט פּלאַצן, דער דונער וועט זיך אַראָפּלאָזן איבער זיין קאָפּ.

---

אין אַ זונטיקדיקן פֿרימאָרגן האָט מען געהייסן קלינגען אין אַלע שכנישע קלויסטערס — ס'איז די נאַכט געשטאָרבן דער שליאַכטשיץ מאַרקאָ. נאָך די דריי טעג, וואָס דער מת איז געלעגן פֿאַראַדנע, און געסט זיינען געקומען פֿון נאָענט און ווייט אָפּגעבן דעם פֿאַרשטאָרבענעם זיין לעצטן כבוד, איז געוועזן דער פֿאַראַד־נער פּאָכאָראָן, מיט גלחים און איקאָנעס און לאַנגע פּראָצעסיעס איבערן דאָרף — צו די מאָהילעס. אַלע האָבן זיך געצלמט און געלויבט דעם פֿאַרשטאָרבענעם פֿאַר זיינע גוטע, פֿרומע מעשים. די וואָס זיינען געבליבן נאָך אים, די זין, די טעכטער און דער איידעם, זיינען נאָכגעפֿאָרן אין פֿאַרמאַכטע פֿאַיעטאָנען. זיי איז נישט אָנ־געשטאַנען זיך צו מישן מיטן פּראָסטן נאַראָד. פֿאַרשטייפֿט און פֿאַרביסן זיינען זיי געזעסן אין די פֿאַיעטאָנען. ביים באַערדיקן זיינען זיי געשטאַנען ווי סטאַטועס, אָן קיין אויסדרוק פֿון צער, אָן אַ טרער.

דער באַצערטסטער פֿון אַלע איז געווען שלום, דער אוהליער. מיטן טויט פֿונעם שליאַכטשיץ מאַרקאָ האָט זיך אַרויסגעגליטשט דער לעצטער אָנלען פֿון אונטער זיין באָדן. ער איז אַרומגעגאַנגען, זיך בייסנדיק די טרוקענע ליפּן און צופּנדיק די גע־דיכטע באָרד, און זיך קיין עצה נישט געקענט געבן: וואָס טוט מען? ער איז אַרום־געגאַנגען אַרום זיינע הייזער, ווי ביים געזעגענען זיך מיט אַ גאַר נאָענטן, וואָס פֿאָרט אויף אייביק ערגעץ ווייט אַוועק. ער האָט געאַקערט זיין פֿעלד מיט טרערן, וויסנדיק אַז ער וועט עס נישט שניידן מיט געזאַנג — און נאָך מער: אַז די הענט, וואָס זייען עס, וועלן עס נישט שניידן. און דאָך האָט ער דאָס יאָר, ווי אַלע יאָר, באַאַקערט און פֿאַרזייט מיט זיינע אייגענע הענט וויפֿל ער האָט געקענט, און מיט דער הילף פֿון זיינע אַרבעטער, וואָס האָבן מיט אים מיטגעטראַכט די שווערע גע־דאַנקען, וואָס האָבן געדריקט אויף זיין געמיט.

ס'איז געווען אַ מילדער ווינטער, און דער פֿרילינג האָט זיך פֿרי געשטעלט. דאָס גערעטעניש אויף די פֿעלדער איז געווען אָן אויסערגעוויינטלעכס. דאָס היי אין די לאָנקעס האָט זיך געכוואַליעט אין ווינט, זיך געוויגט און זיך געהויבן צו דער זון. די סאַמעטענע גרינקייט פֿונעם יונגן וואַקסנדיקן קאָרנפֿעלד האָט אויסגעזען ווי אַ ברייטער ים, וואָס אָטעמט שטיל און טיף. אין די שטאַלן האָבן יונגע קעלבלעך מיט נאַרישע קעפּלעך געשטויסן די מוטערס פֿולע אייטערס. אין די סטאָדאָלעס זיינען געשטאַנען די פֿערד מיט יונגע קליינע זשערעבטשיקלעך צווישן די פֿיס. די לאָשיקלעך האָבן מיט שמאָלע, לאַנגע מיילער געזוכט די שטייפֿע נאָפּלען ביי די מאַמעס. פֿערד און קו זיינען געשטאַנען מיט צעשפּרייטע פֿיס און זיך נאָכגעגעבן דעם פֿאַרגעניגן פֿון די וואַרעמע, זייגנדיקע מיילער פֿון זייער יונגן פּלאָד.

שלום איז געווען אין פֿעלד, ווען אַ רייטער איז אָנגעפֿאָרן פֿון מאַרקאָס הויף. פּעשע מיט מלכהן האָבן דעם רייטער באַגעגנט און געפֿרעגט, צי מע זאָל שיקן

רופן שלומען פון פעלד. נאָר דער רייטער האָט איבערגעלאָזט אַ לאַנגן קאָנוועריט מיט אַ רויטן שטעמפּל פון אַן אָדלער און אַ פּעטשאַט פון רויטן טריוואָקס ביי דער זייט — און זיך אַוועקגעטראָגן איבערן וועג, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַ געדיכטן שטויב פון אונטער די קאָפּיטעס פון דעם שטאָלצן בולאַנעם פערד.

ווי אַ פייער האָט דער בריוו געברענט די פינגער, פריער פון פעשעס ציטערנ־דיקע הענט, דערנאָך מלכהס.

זי האָט אַרויסגענומען דעם בריוו פון דער מוטערס הענט, אים געוואויגן אויף דער האַנט, ווי איינער וואָס ווייסט, אַז דאָ ליגט פאַרחתמעט דער גורל פון איר לעבן. אָבער נישט נאָר פון איר אייגן לעבן האָט איצט מלכה געטראַכט. פאַר אירע קלוגע אויגן, וואָס זיינען איצט געווען איבערגעצויגן ווי מיט אַ רויכיקן נעפּל, האָבן זיך אָנגעהויבן ציען בילדער, איינס נאָכן אַנדערן, ווי אין אַ חלום. זי האָט דערזען פאַר זיך די לאַנגע פעלדער, וואָס זיינען איר געווען אַזוי אייגן, אַלע לאַנקעס און שטעגן, וואָס האָבן זיך אַזוי גלאַטיק און ווייך געגעבן צו איר טראָט. בהמות, פערד, שעפּסן, הינער און טויבן — אַלע ציען זיי זיך אין רייען, פון די שטאַלן ארויס און פון די קאַטוכן און נעסטן, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פליגל — — — — דער טאַטע מיטן שטעקן אין האַנט, דער פאַסטעך, ווייסט נישט וואו אַהין צו פירן זיין טשערעדע. און ווייסט נישט וואו־אַהין ער אַליין זאָל גיין — — —

זי האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט און געזען די מאַמע, ווי זי שטייט מיט פאַרבראָכענע הענט און קוקט צום פעלד:

—... ער וועט עס נישט אַריבערטראָגן.

מלכה באַשליסט:

— האָט מען זיך אויף דעם נישט געריכט? איך וועל זיך דורכגיין צום טאַטן צו די קרעניצעס.

זי גייט צו צו אַליאַנען, רוימט איר איין:

— האָסט שוין געהערט?

— געהערט, געזען. די פּיס כאַלט ער צעברעכן.. איך האָב דערהערט דעם גאַ־לאָפּ פון די פּריצישע קאָפּיטעס, האָט זיך מיר אין האַרצן אָפּגעריסן.

— איך גיי צו צום טאַטן צו די קרעניצעס. ער איז דאָרט מיט די העקער. גיי צו, רעד צו דער מאַמען, ראַזוואָזשע איר אַ ביסל.

אַליאַנע ווישט זיך מיטן פאַרטעך די נאָז מיט די אויגן:

— גיי... נאָר ווי קען איך איר ראַזוואָזשען, אַז מיר אַליין איז אַזוי ביטער? נישט דערלעבן זאָלן זיי צו באַטרעטן די פעלדער אונדזערע. ס'איז מיין היים, מיין שווייס און בלוט האָב איך דאָ אריינגעלייגט. אייך אין דער שטוב כמעט ווי אויס־געהאָדעוועט. אייך אַלע קינדער אויף מיינע הענט געוויגט, אייך מיין מילך געגעבן זייגן. וואו וועל איך זיך איצט אַהינטון? איך וועל אויף די קני אין צערקווע גיין. איך וועל געבן אויפן הייליקן אולאַס. איך וועל בעטן די הייליקע מיר העלפן זייערע הינטישע ביינער פאַרשילטן, זיי זאָלן נישט דערלעבן זיך אַריינציען אין אָט די הייזער, נישט דערלעבן עסן פון די פעלדער.

זי האָט זיך איבערגעצלמט און געהייסן מלכהן גיין צו איר ניעסטשאַסנעם פאָ־טער און אים טרייסטן: זיי וועלן אַלע מיט אים מיטגיין, און מיט וואָס נאָר זיי קע־נען, וועלן זיי דעם גוטן פּאַני שלומען העלפן. ווי א טאַטע איז ער זיי אַלעמען געווען.

מלכה איז אוועק. פאר נאכט איז זי צוריקגעקומען, מיט שלומען. אויף מאָרגן באַגינען האָט שלום געשפּאַנט פערד, איז אוועק צו מאַרקאָן אין הויף — און איז צו־ריקגעקומען נאָך דערשלאָגענער. דער פּוילישער יונגער רשע האָט אפילו נישט געוואָלט רעדן מיט אים, נאָר איבערגעחזרט וואָס אין בריוו איז געווען געשריבן: ער גיט אים זעקס וואָכן צייט, אַלץ אויסצופאַרקויפן. ער וועט אים באַצאָלן די וועקסלען וואָס דער גאָטזעליקער פאָטער האָט אים אונטערגעשריבן. די שטוב מיטן סאָד און גאָרטן לאָזט ער אים איבער, ווייל ער אַליין האָט בדעה צו בויען אויף דער צווייטער זייט דאָרף. נאָר די פּאַראָבקעס וועט שלום מוזן אָפּלאָזן.

שלום האָט נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט ווידער באַגינען געשפּאַנט די פערד, און איז אַוועק קיין סלוצק זען זיין אַדוואָקאַט. האָט ד ע ר אים דערקלערט, אַז לויטן געזעץ קען דאָ שלום גאָרנישט אויספירן. מארקאָס קינדער האָבן איצט דאָס רעכט צו טאָן ווי זיי ווילן, אפילו אַרויסטרייבן שלומען און נישט באַצאָלן די וועקסלען. ער וואָלט טאַקע געקענט גיין אין „סוד”, אָבער פאַר יידן טויג איצט נישט דער „סוד”. און סע וועט זיך שלעפּן און קאָסטן געלט. און שלום קען נאָך פאַרלירן די „דיעלע”. און אַזוי ווי זיי, מאַרקאָס קינדער, ווילן אים מיט גוטן באַצאָלן און צו דעם אים לאָזן זיין גרויסע שטוב מיטן סאָד און מיטן גאָרטן, איז בעסער גיין מיט גוטן.

פריער האָט שלום אָפּגעליידיקט איין שטאַל, אריינגעשטעלט די בהמות פוןביידע שטאַלן אין איינעם. קצבים און שכנישע פּויערים זיינען געקומען יעדן טאָג קלייבן בהמות, טעליצעס און קעלבער. ביי יעדן פאַרקויפן א בהמה איז געוואָרן אין שטוב א בייע יללה: די האָט מען אליין געהאָדעוועט און יענע האָט געגעבן די פעטסטע מילך, און יענע איז געווען ווי אַ קינד, ביים מעלקן. צו די קצבים האָט פּעשע נישט געלאָזט פאַרקויפן:

— בעסער פריי לאָזן אויף די פעלדער, ביז די וועלף וועלן זיי צעררייסן, איי־דער מיט אייגענע הענט שיקן צו דער שחיטה, און נאָך לייגן געלט אין קעשענע.

ס'איז געקומען מאַרקאָס אַן עקאָנאָם און געפרעגט, צי וויל אפשר שלום פאַר־קויפן די יונגע בהמות און טעליצעס צום נייעם פריץ, וואָס קומט אָן אַהער, און לאָזן זיי דאָ אין די שטאַלן. מע וועט זיך נישט דינגען וועגן מקח. און פּאַני שלום מעג לאָזן פאר זיך מיט דער פאמיליע צוויי בהמות. זיי וועלן מעגן שטיין אין די שטאַלן אין איינעם מיטן פּריצס בהמות. אויך די פערד, די צוויי בולאַנע, מיט דער רויטער יונגער קליאַטשע וויל ער אָפּקויפן און זיי זאָלן בלייבן אויף אַן אָרט.

דער פון שעטנדיק באַטראַכטער שלום איז אָנגעצונדן געוואָרן. זיין ערשט גע־פיל איז געווען: זיך א לאָז טון אויף דעם רויטן, פולבלוטיקן עקאָנאָם און אים דורס זיין. נאָר — ער טאָר נישט. ער איז איצט אין זייערע הענט. אָבער קיין איינע פון זיינע בהמות און קיין איין פערד טאָר נישט בלייבן ביי מאַרקאָס קינדער אין די שטאַלן. דאָס איז איין מאָל זיכער.

— וועסט איבערגעבן דעם פּריץ, אַז נאָך נעכטן זיינען געווען סוחרים, און איך האָב ביז איין קאָפּ פאַרקויפט.

דער עקאָנאָם האָט פֿאַרדעכטיק אָנגעקוקט שלומען:

— ס'איז אייער געשעפֿט. איך וועל איבערגעבן.

נאָך אָט דעם ליגן האָט שלום זיך באַלד גענומען אויספֿאַרקויפֿן און פֿאַנאַנ־דערטיילן די בהמות מיט די פֿערד. דער פֿעטער יאַנקל, וואָס איז אַלץ געוואָרן וואָס מער קבצן, האָט איצט געהאַלטן אין איין רעדן וועגן די צוויי בהמות, וואָס שלום האָט אים אַוועקגעגעבן.

— איצט וועט שוין קיינעם קיין מילך נישט פֿעלן.

דאָס ווייב זיינס, קריינע, האָט איין מאָל, בשעת ער איז נישט געווען, פֿאַר־פֿאַקט אירע בעבעכעס מיט אירע דריי קינדער און איז נעלם געוואָרן. אים האָט זי איבערגעלאָזט זיינע קליינע אויסגעהונגערטע קינדער. איז אָדער ער האָט פֿאַר זיי אַ מאָל פּלוצלינג געפּראַוועט אַ סעודה מיט געריכטן און געזאַנג — ווען ער האָט עפּעס ערגעץ באַקומען עטלעכע גראָשן, אָדער זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אָן עסן, ווי די בלודנע שאָף, גאַנצע טעג, און געוואַרט אויפֿן טאַטנס אהיימקומען. איצט זיי־נען יאַנקלס האָפֿענונגען געווען הימל־הויך. ער וועט ווערן אַ פֿאַקטער! ער וועט פֿאַרקויפֿן מילך און קעז און פּוטער — אַלץ פֿון שלומס צוויי בהמות...

שלום איז געבליבן אָן איין בהמה אין שטאַל, און יעדן טאָג איז אַליאַנע גע־גאַנגען אין אַ שכנישן שטאַל און געבראַכט אַ לאַדיש מילך פֿאַרן הויזגעזינד. שלום האָט אין אַ שכנישן דאָרף פֿאַרקויפֿט אַלע הינער. ער איז אין אַ נאַכט אַרויפֿגע־קראָכן אויפֿן דאַך פֿון שייער, און פֿון די קאָשיקעס, וואָס אונטער די דעכער, אַרויסגענומען אַלע טויבן, זיי געבונדן, און אַראָפּגעטראָגן אין שייער. און אַרויף צוריק, און ביז איין קאָשיק אַראָפּגענומען, כדי די טויבן, וואָס האָבן אַ טבע צוריק־צוקומען צו זייערע היימען, זאָלן נישט האָבן וואוהין צו קומען. און ער האָט אויף מאָרגן אַלע טויבן, אַרום אַכציק אין צאָל, אַוועקגעפֿירט אין אַ ווייט דאָרף, און זיי דאָרט אָפּגעלאָזן ביי אַ יישובניק, וואָס האָט געהאַט אייגענע טויבן.

אויסגעראַמט אַלץ פֿון די שטאַלן און שייערן, איז איצט ביי שלומען דער אימ־פּעט געפֿאַלן, און זיצנדיק און אַרומגייענדיק דורך די נעכט און טעג און טראַכטנ־דיק: וואָס ווייטער? — האָבן פּעשעס שטענדיק־עקבערנדיקע רייד איצט געפֿונען ביי אים אָן אָפּקלאַנג: אמעריקע! — שלום איז פֿון געבוירן אָן געווען צוגעשמידט צו דער ערד, און די ווייט איז אים געווען אומפֿאַרשטענדלעך. ער האָט מיט גרויס באַדויער און אָפּט מיט ביטול געקוקט אויף מענטשן, וואָס טענדלען, מעקלערן און בייטן די היימען. זיין וועג איז געווען דער וועג פֿון דעם ערדיקן פּויער, וואָס חלומט נישט פֿון קיין ווייטן. אָבער איצט איז זיין גאַנג געווען ווי פֿון איינעם אין היץ. די ערד, וואָס איז געווען זיינע, פֿון דורות אָן, איז פּלוצעם איצט נישט זיינע. ער טרעט אויף פֿרעמדער ערד. ער מוז אַנטלויפֿן פֿון איר, ווייט, ווייט, טאַקע איבערן ים. פּעשע רופֿט עס אַמעריקע. זאָל זיין אַמעריקע.

און ווי פֿון זיך אַליין איז ביסלעכווייז דער נאָמען אַמעריקע אַרויף אויף די צינגער אין שלומס צעשטערט הויז. מ'האָט געשיקט אַ פֿור נאָך פֿייטלען קיין פּע־סאַטשנע. מלכה איז געקומען און אַהיימגענומען דינהן מיט דניאלן. אויף ראָדעס פֿרעגן, וועד סע פֿאָרט, האָט מלכה קיין קלאָרן ענטפֿער נישט געקענט געבן:

— מע ווייסט נאָך נישט. דער טאַטע פאָרט. נאָר מע קען אים נישט לאָזן אַליין פאָרן, פאָר איך מיט. מע ווייסט נישט, ווער נאָך סע פאָרט.

דינה, אַ צעשראָקענע, האָט באַלד באַשלאָסן:

— איך פאָר נישט. איך וועל צוריקקומען.

דריי טעג מיט דריי נעכט האָט מען זיך געיישובט: ווער זאָל פאָרן? — שלומען אַליין האָט עס ווינציק־וואָס אויסגעמאַכט. ער איז נישט געפאָרן זוכן קיין גליקן אין „גאָלדענעם לאַנד", אָדער אפילו ווי זיין אָרעמער, פרומער ברודער שמעון, וואָס איז געפאָרן קיין אַמעריקע פאַרדינען פאַר אַ טאָכטער אויף נדן און צוריק אַהיימ־קומען. ער איז געפאָרן אין דער וועלט אַריין, פון זיך אַליין אַנטלויפן. קיין פּלע־נער און תכליתים זיינען אים אין קאָפּ נישט געקראָכן. מ'האָט באַשלאָסן אָן אים, אַרום אים און פ אַ ר אים: — אַז מלכה פאָרט מיט. נאָר אַזוי ווי די מאַמע וועט זיך אַריבערקלייבן צו פייטלען קיין פּעסאָטשנע אויף דערוויל, און אַזוי גיך ווי שלום מיט מלכהן וועלן אָנקומען קיין נעוו־יאָרק און זיך דאָרט ווי ס'ניט איז באַזעצן, וועלן זיי גלייך שיקן נאָך דער מאַמען — איז וואָלט שוין אפשר גלייכער געוועזן, אַז זיי זאָלן מיטנעמען דעם צוועלף־יאָריקן דניאל מיט זיך, וועט ער זיך דאָרט דער־ווייל לערנען, און דעם טאַטן וועט זיין היימישער, אַז ער'ט האָבן דאָס יינגל ביי זיך.

האָט מען אָנגעהויבן פּאַקן פורן און איבערשיקן קיין פּעסאָטשנע — קופּער און מעש און בעטגעוואַנט און ספרים. אויפן איבעריקן, וואָס אין דעם אַלטן, איינגע־פונדעווטן הויז איז נאָך געווען, איז געבליבן, אַז יאַנקל זאָל זיך אַריינציען. די קלענערע פּאָדערשטוב איז געווען ווי אַ פּאַלאַץ אַקעגן זיין צעלעכערטער כאַלופּע אין דאַכטערוויטש. ביז וואַנען וואָס — זאָל ער זיין באַלעבאָס, און אַכטונג געבן אויפן איבערגעבליבענעם.

## שלום פאָרט אַוועק

שלום האָט געוואָלט, אַז זיין אָפּפאָרן פון דאָרף זאָל זיין אין דער שטיל, אָן ליאַרעם. ער האָט באַשטעלט אויף זונטיק ביי נאַכט, אַז סטעפּאַן זאָל קומען מיט זיין פערד און וואָגן, און אים מיט די צוויי קינדער, מיטן באַגאַזש, אַוועקפירן קיין סלוצק. פון דאָרט וועלן זיי פאָרן מיט פאַיעזד.

אָבער נאָך פרי פאַר נאַכט איז אָנגעקומען אַרום שלומס שטוב אַ וואָלקן מיט מענטשן און מיט פורן און רייטערס, יישובניקעס פון אַרום און די גויים פון אוהלי און אַרומיקע דערפער. מ'איז אַלע געקומען אָפּגעבן אַ „פאָר געזונט" דעם אַלטן פריינד און באַליבטן באַלעבאָס. שלום איז געווען גערירט ביז טרערן. יעדער האָט געוואָלט אים צוואווינטשן. ער איז שפּעט ביי נאַכט אַרויסגעפאָרן פון דאָרף, באַ־לייט פון פורן און רייטערס. סטעפּאַן האָט דערציילט, אַז אין סלוצק ביים געזע־גענען זיך האָבן פויערים געקושט שלומען די הענט און געוויינט.

ער, סטעפּאַן, האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ — צוריקצוקומען מיט אַ ליידיקן מאָגן, איז ער פאַרפאָרן אין אַ שענק אריין, זיך גוט אָנגעשיכורט, זיך גוט אויסגע־וויינט, ביז ער איז אויפן וואָגן איינגעשלאָפן — און די פערד האָבן זיך אָפּגעשטעלט, און דער הונט מיטן בילן האָט אים אויפגעוועקט אויף זיין אייגענעם הויף...

---

דינה איז אַ שטילע אַרומגעגאַנגען אין ראָדעס שטוב. פאַר די אויגן איז איר געשטאַנען דער טאַטע, ווי זי האָט אים געזען פאַרן אָפּפאָרן. זי האָט געפילט אַ היץ אין פּנים און זיך אויסגעהיט, טאָמער באַמערקט ווער ווי זי ווערט רויט, ווען זי דערמאָנט זיך, ווי דער טאטע האָט איר דערלאַנגט די האנט ביים געזעגענען זיך... צום ערשטן מאָל אין איר לעבן האָט איר דער טאטע געגעבן די האַנט. און דינהס רויט־ווערן איז נישט געווען נאָר דערפון — נאָר אויך דערפון, וואָס ער האָט זיין צווייטע האַנט אַרויפגעלייגט אויף איר שטערן, פאַרהויבן אירע לאַנגע, געדיכטע האָר, איר לאַנג אַריינגעקוקט אין פּנים און זי צו זיך אַ צי געטאָן, ווי ער וואָלט זי צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן דערזען.

— ביסט שוין גאָר אַ גרויס מיידל, דינהלע. אָבער טאַקע אַ גרויסע —

ער האָט איר געוואָלט אַ קוש טון. דאָס האָט שוין דינה נישט געקענט באַשטיין: אַ מאַנסביל!... טאַקע דער אייגענער טאַטע, אָבער פאָרט אַ מאַנסביל... זי האָט זיך גיך אָפּגעקערט פון אים, באַהאַלטן דאָס פּנים אין די הענט, זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט, און אַזוי געבליבן שטיין. שלום איז צו צו איר, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר קאָפּ און ווי אין אַ שפּאַס געזאָגט:

— אָט אַזוי ווייס איך טאַקע, אַז דו ביסט שוין אַ גרויס מיידל —

און איר אַ קוש געגעבן אויף די האָר:

— זיי געזונט, מיין קינד —

און ער איז אַוועק. דינה איז אַזוי געשטאַנען אַ לענגערע צייט, מורא געהאַט זיך צו רירן פון אָרט, נישט געוואָלט אין זיך צעשטערן וואָס זי האָט איצט, אויף דער מינוט, געפילט... ביז דניאל איז צוגעקומען, זי אַ צי געטאָן ביי דער האַנט:

— דינה!

— וואָס ווילסטע?

— וואָס שטייסטע אַזוי ווי אַ רביצין ביים ליכט־בענטשן?

— וואָס זשע ווילסטע?

— איך וויל גאָרנישט. איך האָב נאָר געוואָלט זאָגן, — אז פייטל וועט צונע־מען גאָלדעצקען צו זיך, מיינסטע, ס׳וועט איר גוט זיין ביי אים? זי איז שוין אַלט. קוים וואָס זי שלעפּט זיך אויף די פיס. די מאַמע זאָגט, ס׳איז איר שוין פערצן יאָר.

— פערצן יאָר איז נישט קיין סך... אָט האָט דאָך דער זיידע געלעבט הונדערט און צוויי יאָר.

דינה פאַרטראַכט זיך:

זי דערמאָנט זיך אין איטשען — און שווייגט, קוקט אַראָפּ צום דיל.

— דינה...

— וואָס?

— איך פאָר דאָך שוין באַלד אַוועק קיין אַמעריקע...

דינה ציטערט אויף:

— איך ווייס אַליין נישט, וואָס דאָס איז פאַר אַ וואָרט. ווער האָט עס אויסגע־טראַכט? איך ווייס נישט ווי מענטשן קומען אהין אָן לעבעדיקע, אויף יענער זייט ערד, זאָגט מען, איז דאָס... וועסט לייענען קריאת־שמע יעדע נאַכט און זאָגן המפּיל — דו הערסט? — וועסטע אפשר אָנקומען אַ לעבעדיקער. ווער ווייסט, ווי לאַנג סע נעמט.

— מע פאָרט מיט אַ באַן און מיט אַ שיף.

—און מע קייקלט זיך אַרום דער ערד, ביז מע דערקייקלט זיך צו יענער זייט וועלט, וואו די אַמעריקע איז...

— ביסט אַ נאַר. ווער האָט עס דיר געזאָגט, אַז מע דאַרף זיך קייקלען?

—ווי דען וועסטע זיך דערקייקלען אַרום דער וועלט, ביז אויף דער אַנדערער זייט? האָסט נישט געזען אין דער געאָגראַפּיע ווי רונד די וועלט איז? ווי אַן איי. איז ווי דען קענסטו קומען אויף דער צווייטער זייט?

דניאל, מיט געפּאַלענער זיכערקייט, אָבער אונטערגעבנדיק זיך אַליין קוראַזש:

— איך קען גוט שווימען. און ווי אַלע וועלן טאָן, וועל איך אויך טאָן. דער טאַטע איז אַ גיבור. כ׳האָב נישט קיין מורא, אַז איך פאָר מיט אים.

דניאל וויל אַוועקגיין, נאָר דינה רופט אים צוריק:

— דניאל?

— וואָס?

זי שטרעקט אויס אַ האַנט, ווי דער טאַטע האָט געטאָן. קוקט דניאל אויף איר האַנט, טראַכט אַ רגע, און גיט אַ לאַך:

— גיי, ביסט אַ משוגענע!

דינה פאַרשעמט זיך נאָך מער, לאָזט אַראָפּ די האַנט און באַהאַלט זי הינטער זיך צווישן די פאַלדן פון איר קליידל.

— וואָס מאַכסטו זיך נאַריש, דינה? גלייך ווי מיר קומען אָן קיין אַמעריקע, שיקן מיר נאָך דיר מיט דער מאַמען.

ער גיט זי אַ נעם אָן ביי די הענט:

— דינה, ביסט אַזאַ נאַרישע!

דינהן שטיקן די טרערן. זי שיסט אויס אין אַ געוויין. דניאלן גיסן זיך אויך טרערן פון ד אויגן. נאָר דאָ קומט צו מלכה:

— נו, גיכער, דניאל. די פור וואַרט. ס׳איז שפּעט. און דו דינה בלייבסט דאָ. מיט דער מאַמען. זאָלסט אויף איר גוט אַכטונג געבן. מיר וועלן שיקן נאָך אייך, צום העכסטן אין אַ האַלב יאָר אַרום, אַז מע וועט נאָר אָנקומען און באַזעצן זיך.

זי גייט צו, נעמט זי אַרום:

— נו, שאַ. וויין נישט, דינה, ביסט דאָך שוין אַ גרויסע. דו בעסער ראַזוואָזשע דער מאַמען, אַז זי זאָל נישט וויינען. און איר וועט דאָ נישט בלייבן לאַנג.

זי גיט איר אַ קוש און גייט אַוועק.

# דינה וויל נישט פאָרן

מיט אָט דעם בילד פאַר די אויגן גייט דינה אַרום ביי ראָדען אין שטוב, ווי אין אַ חלום. ראָדע, שפּרינצע, מאָטל און אַלע אריינגייערס אין ראָדעס שטוב באַגייען זיך מיט איר, מיט דינהן, ווי מיט אַ שטאַרקן חולה. מע רעדט צו איר שטיל און איידל, מע קוקט איר אין די אויגן. מאָטל נעמט זי מיט זיך, מיט זיינע חברים, אויף די שפּאַצירן אַן די אָוונטן. מאָטל קויפט איר אַ „סאַמאָאוטשיטעל" אויף ענגליש און רוסיש און הייבט מיט איר אָן לערנען ענגליש. ס'איז אינטערעסאַנט. די ווערטער קלינגען אַזוי ווייט און מאָדנע, און מע דערוויסט זיך ווי מענטשן אויף יענער זייט וועלט זאָגן, אַז זיי האָבן ליב. זיי זאָגן עס אַזוי מאָדנע, אַז עס ווילט זיך אַזש לאַכן...

נאָך אַזאַ לעקציע פלעגט דינה בלייבן זיצן אַן אומעטיקע, קוקן פאַרביי מאָטלען, און שווערע זיפצן פלעגן זיך איר רייסן פון האַרצן. און אז מאָטל פלעגט זי פרעגן: — דינה, וואָס זיפצסטו? — פלעגט זי ענטפערן: — איך לערן זיך די אַמעריקאַנער שפּראַך. זי געפעלט מיר, אָבער קיין אַמעריקע וועל איך נישט פאָרן.

— וועסט מוזן פאָרן. דיין מאַמע וועט דיך מיטנעמען.

— איך וועל נישט פאָרן. מיר איז גוט דאָ.

און קוקנדיק פאַרביי מאָטלען:

— און דו ווילסט דען אז איך זאָל אוועקפאָרן?

— וועסט מוזן פאָרן, דינה. איר וועט דאָך אַלע אַוועקפאָרן.

— נו, און איך קען דען נישט בלייבן דאָ?...

—פאָר, דינה, אַז איך וועל קענען... אַז די גאַנצע וועלט וועט ווערן איין לאַנד, וועסטו צוריקקומען און מיר וועלן אהין פאָרן.

דינהן איז דאָס נישט געפעלן. זי פלעגט אַן אומעטיקע אוועק שלאָפן און אויפן געלעגער זיפצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין.

פייטל מיט פעשען זיינען אַ פּאָר מאָל דורכן זומער געקומען קיין קאַפּוליע, געבעטן דינהן, אַז זי זאָל קומען אויף אַ שטיקל צייט מיט זיי קיין פעסאַטשנע, אָבער זי האָט אפילו נישט געוואָלט הערן דערפון: און ראָדע, פון איר זייט, האָט איר אַרויסגעהאָלפן:

— זי לערנט דאָ די ענגלישע שפּראַך, מיט איר מאָטעלען, און זי האָט דאָ אירע הברטעס, און זי בייט שוין — אַ פאַרגעניגן!

ראָדע נייט איר אויף יום-טובים אַ שיין קלייד, מיט אַ שיינעם, ברוינעם מאַנטל מיט בּרייטע אַרבל, לויט דער לעצטער מאָדע. „דינהלע האָט עס כשר פאַרדינט". זי פאַרדינט איר, ראָדען, דורכן געניי אוודאי א דריי רובל א וואָך. זי צייכנט אויס די שענסטע אוזאָרן אויף די סאַטינענע וואַטאָווע און פּוכאָווע קאָלדרעס. די רייכע באַלעבאָסטעס דינגען זיך גאָרנישט.

איז פעשע אַן אומצופרידענע, צוריקגעפאָרן קיין פעסאַטשנע, אָן דינהן. און

וועגן פאָרן קיין אַמעריקע האָט זיך דינהן געדאַכט, אַז עפּעס וועט זיך טרעפן, אַזוי אַז זי וועט נישט דאַרפן פאָרן...

אויף די ימים־נוראים האָבן די ישובים פון אַרום אוהלי באַשלאָסן, אַז מע זאָל האָבן דעם מנין ווי ביז אַהער — אין שלומס הויז. דאָס הויז איז געבליבן ווי פריער: די רייניקייטן זיינען געשטאַנען אין אָרון־קודש, אײַן ש״ס גמרות האָט פּעשע צוגענומען צו פייטלען, דער צווייטער איז געשטאַנען אין אַלמער, מיט אַלע אַנדערע ספרים און מחזורים.

יאַנקל האָט געוואוינט אין דער פאַדערשטוב. ס'איז איצט געווען מער אָרט ווי פריער. דער פעטער שמעון איז צוריקגעקומען פון אַמעריקע און האָט זיך אַריבערגעקליבן מיט דער משפּחה קיין אוהלי, אין שלומס הויז, אויף איבער יום־טוב.

די ימים־טובים האָבן פאַרנומען ביי דינהן גאָר אַ גרויס אָרט אין איר פרום, בענקעדיק הארץ. זי האָט געקענט אויף אויסנווייניק גאָר א סך תפילות און האָט זיי געזאָגט מיט גרויס כוונה. פּעשע איז געווען אַ וואוילקענעוודיקע און האָט געדאַוונט הויך, כדי די ווייבער וואָס קענען נישט דאַוונען, זאָלן איר קענען נאָכזאָגן. איז דינה פון קינדווייז אָן געזעסן ביי דער מאַמעס זייט און מיט איר געדאַוונט. פּעשע איז שטאָלץ געווען מיט איר:

— ווי פּערל קומען ביי איר אַרויס די ווערטער פון מויל.

האָט זי דינהן געגעבן אַ מחזור, זי אַוועקגעזעצט אויפן ווייטן, צווייטן עק באַנק, און די ווייבער וואָס זיינען געזעסן אין איר זייט, האָבן זיך מחייה געווען:

— זי האָט א מאַנסבילשן קאָפּ, אָן אַן עין־הרע.

דינה האָט געדאַוונט מיט אַזאַ פרומקייט, וואָס נאָר זי אַליין האָט פאַרמאָגט. זי האָט געוואוסט, אַז דורך איר מויל ווערן געזאָגט אויף די תפילות פון די ווייבער, וואָס קענען נעבעך אַליין נישט דאַוונען. און ביי יעדער פרייער מינוט האָט זי זיי אויך געלייענט די עברי־טייטש, וואָס פאַרטייטשט דעם מיין פון די תפילות.

יענעם ערב־יום־טוב איז דינה ארומגעגאַנגען מיט א שווער געמיט. מיט דער מאַמען האָט זי נישט געוואָלט מיטפאָרן צו פייטלען אויף יום־טוב. און אין קאַפּוליע וואָלט איר געווען גוט ביי ראָדען. אָבער אַז זי האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז דער ערשטער יום־טוב אין איר לעבן, וואו זי וועט נישט זיין אין דער היים און די ווייבער וועלן נישט האָבן נישט איר מאַמען און נישט זי, אויף נאָכצוזאָגן, איז איר געוואָרן שטאַרק אומעטיק. און ווען איר שטאָלץ וואָלט זי דערלאָזט, וואָלט זי אַוועק אַליין אַהיים אויף יום־טוב... אָבער וועד איז איצט אין זייער היים? ווי זעט עס אויס איר היים אָן קיינעם פון די, וואָס האָבן זי באַוואוינט? טרערן נעמען זיך קייקלען אויף אירע הענט.

צוויי טעג פאַר ראש־השנה האָט ראָדע אָנגעמאָסטן דינהן איר ניי אַלפּאַקן, בלוי קלייד, מיטן טונקל־רויטן סאַמעטענעם קראַגעלע, און מאַנקעטן, וואָס ס'האָט איר זייער שיין געפּאַסט, און דעם שיינעם ברוינעם סאַק־מאַנטל, מיט די ברייטע אַרבל און קאָלנער, און שפּרינצע האָט אַריינגעבונדן דינהן אין די לאַנגע צעפּ צוויי אַטלעסענע, ברייטע, רויטע סטענגעס — און זיי האָבן זי געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער קעגן לאַנגן שפּיגל, און אָנגעקוקט פון איר. זי איז געשטאַנען א פאַר־

שעמטע און אָן אומעטיקע, ווי אַ כּלה ביים באַזעצן, ווען דער בדחן שטראָפט און זאָגט פאָראויס איר מזל. זי האָט געזען ווי מאַטל קוקט אויף איר פון אַ זייט, זיצנ־דיק איבער אַ בוך, און מאַכט זיך כּלומרשט אַז ער באַמערקט נישט — נישט זי און נישט די צוויי פרויען, וואָס דרייען זיך אַרום איר און פוצן זי. זי האָט זיך געפילט אין די שיינע קליידער פרעמד, און האָט באַלד אָפּגעלאָזט די געדאַנקען פון דעם גאַנצן פוץ אירן. זי האָט זיך ווידער דערמאָנט אין דעם פאַראַיאָריקן ראָש־השנה און דעם טורעצקער קליידל מיט די בלומען, וואָס די מאַמע האָט איר אַליין אויפ־געניייט און ווי זי איז געשטאַנען צווישן די ברענענדיקע ליכט און געדאַוונט פאַר די ווייבער, און אַ נאַגנדיקער אומעט האָט אַרומגענומען איר האַרץ. זי האָט אָפּהענ־טיק און אומעטיק אַראָפּגענומען פון זיך דעם מאַנטל מיטן קליידל, אַלץ אַוועקגע־לייגט אויפן טיש, און זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, אויף דער קאַנאַפּע. די צוויי לאַנגע צעפּ זיינען אַריבערגעפאַלן פון אירע צונויפגעצויגענע אַקסלען — איבער אירע הענט. זי איז געזעסן אָן אומעטיקע און אַראָפּגעקוקט אין דער טיף פון איר פאַרבענקט האַרץ.

יענעם פאַרנאַכט זיינען געבליבן שטיין צוויי פורן פאַר ראָדעס טיר. עס זיינען אַראָפּ פון איינער וועלוול מיט איטקען, מיט העניען — פייסע דעם אוהליערס זון, מיט זיין ווייב און עלטערער טאָכטער; פון דער צווייטער — דער פעטער שמעון מיט דער מומע כאַשע, מיט צוויי קינדער: חיים מאָטל און כייקע, אַ צווילינג, ביידע אין דינהס עלטער. ס'האָט באַלד זיך אַרויסגעוויזן, אַז ביידע זיינען געקומען מיט דעם זעלבן פאַרלאַג: נישט אַנדערש, אַז דינה זאָל פאָרן צו זיי אויף יום־טוב.

אַז דינה האָט עס דערהערט, איז זי אויפגעשפּרונגען מיט התפּעלות:

— איך האָב געוואוסט, אַז זיי וועלן קומען!...

און זיך באַלד פאַרכאַפּט צוריק און אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— איך האָב אַזוי געוואָלט האָבן אַ היים אויף ראש־השנה...

אַלע אוהליער האָבן אונטערגעכאַפּט.

— ווי דען? אָן דיר וואָלטן דאָך די ווייבער נישט געוואַוסט ווי אָנצוהייבן דאַווענען. וועסט זיין אַ גרויסער גאַסט.

ראָדע מיט שפּרינצען האָבן צופרידענע פאַרפּאַקט דינהס נייע קליידער און זי אַריינגעזעצט אין פעטער שמעונס וואָגן — אַהיים אויף יום־טוב.

זי איז דעם גאַנצן וועג געזעסן ווי אַ שטומע. דער מומע כאַשע האָט זי נאָר ווי מיט אַ האַלבן מויל געענטפערט אויף אַלץ וואָס זי האָט זי געפרעגט. אַז די פור האָט זיך גענומען דערנענטערן צום דאָרף, האָט איר דאָס האַרץ אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק צו קלאַפּן, אַז ס'האָט איר אויסגעפעלט אָטעם. נישט פאַר פרייד האָט איר דאָס האַרץ אַזוי געקלאַפּט, נאָר — זי האָט מורא געהאַט... צום ערשטן מאָל אין איר לעבן אַז זי פאָרט אַהיים און וועט דאָרט קיינעם פון אירע היימיקע נישט טרעפן. מע וועט אויף איר קוקן מיט רחמנות. וועמענס איז זי דאָרט? ביי וועמענס טיש וועט זי זיצן? ווי אַ בעטלערקע וועט זי דאָרט זיין צווישן אַלע פרעמדע מענטשן. אַ געפיל פון פאַרלוירנקייט האָט זי אַרומגענומען. זי האָט דערפילט אַ

שרעקלעכן עלנט אַרום זיך. דיביימער אויפן וועג, וואָס האָבן זי אַזוי גוט געקענט, האָבן אויף איר געקוקט ווי אויף אַן אומגעבעטענעם גאַסט. די קוימענס פון איר טאַטנס הייזער און איר טאַטנס שייערן, וואו עס ליגן איצט מאַרקאָס תבואות און הייען, דערקענען זי נישט. זי איז דאָ אַ פרעמדע.

## אין דער אויסגעליידיקטער היים

די פור איז צוגעפאָרן צום הויף, נאָענט פון שלומס געוועזענער שטוב. די מומע כאַשע מיט די קינדער זיינען אַרויס פון וואָגן. דינה איז געזעסן, אָן חשק אַרויסצוגיין. זי וואָלט גערן געבליבן זיצן אַזוי לאַנג, ביז די פור וועט זי צוריק ערגעץ אָוועקפירן. קיין ציל, וואו־אַהין צו פאָרן, איז איצט ביי איר נישט געווען. די גאַנצע וועלט איז איר אַ פרעמדע. זי האָט קיין היים נישט, אין ערגעץ נישט. די מומע האָט זי גוטמוטיק דערמאָנט:

— קום, דינה, אַרויס פון וואָגן. פוילסט זיך?

דינה קריכט אומווילִיק פון וואָגן אַרויס, שטעלט די פיס ווי אויף צעבראָכן גלאָז. זי קוקט זיך אַרום. ס׳איז שוין שפּעט פאַר נאַכט. גוט, וואָס ס׳איז שוין באַלד פינצטער — טראַכט זי — און קיינער וועט זי נישט זען, און זי וועט קיינעם נישט זען. חיים־מאָטל מיט כייקען העלפן אַראָפּנעמען פונעם וואָגן, און דינה שאַרט זיך מיט שטילע, אומזיכערע טריט אָוועק — צו דער שטוב. זי בלייבט שטיין. אַ שוי־דער גייט איר דורך. זי גייט נישט אין שטוב אַריין. זי גייט פאַרביי די שטוב, און אין סאָד אַריין, צום גרויסן באַרנבוים, וואָס הינטערן פענצטער פון איר געוועזע־נער שלאָפקאַמער. זי וועט אים אַרומנעמען ווי אַ ברודער, ווי איינעם, וואָס פילט דאָס וואָס זי אַליין פילט איצט. זי גייט פאַרביי די קאַרשנביימער, און קוקט — — — ס׳האַרץ האַקט ווי מיט אַ האַמער: ניטאָ דער בוים?... זי לויפט שנעל צו צום אָרט פונעם בוים — ניטאָ... אַ גרוב — אויפן אָרט וואו דער אַלטער באַרנבוים איז גע־שטאַנען. זי לאָזט זיך אַראָפּ ביי דעם פאַרשאַרטן פרישן גרוב, און וויינט זיך פאַנ־אַנדער. אַלע אירע חלומות, די מעשות פון אירע שוועסטער און ברידער — אַלץ איז געהאַנגען אין דער לופט און אין די צווייגן פון דעם גוטן, אַלטן באַרנבוים. בענקלעך פאַר זיי אַלע האָט דער באַרנבוים געהאַט אויף זיינע אַלטע נאָכגיביקע, ברייטע צווייגן. קלעטקעס האָבן די קינדער צעשטעלט אויף זיי, מיט אָפענע טירע־לעך, מיט פאַרשיידענע שפּייז, און וואַסער אין טעצעלעך — פאַר די בלויהאַלדזי־קע און רויטבייכיקע פייגעלעך, וואָס זיינען געקומען אַהין עסן און טרינקען, ווי אין די אייגענע נעסטן.

זי איז געזעסן אויף דער קאַלט־פייכטער ערד, מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט צום גרוב, און האָט שטיל פאַר זיך געכליפּעט, ווי אַ קינד, וואָס ווערט מיד פון געוויין. ביז הענע האָט זיך אַריבערגעבויגן נאָענט איבער איר:

— נישט נאָר דעם בוים — נאָך ביימער האָבן זיי אויסגעגראָבן און איבער־געפלאַנצט אויפן נאַוואָזש, וואו זיי בויען זייערע הייזער. ס׳וועט פון זיי גאָר נישט בלייבן. קום, דינה, ס׳איז קאַלט. מע קען זיך איצט פאַרקילן זיצנדיק אויף דער ערד. און וועטשערע עסטע היינט ביי אונדז.

דינה האָט זיך דערפילט היימישער און איז צופרידן געווען, וואָס זי דאַרף איצט נישט אַריינגיין אין איר חרובער היים.

— און שלאָפן וועל איך אויך ביי אייך?

— מיר וועלן זען.

די וואַרעמקייט פון פּייסעס הויז האָט דינהן אַרומגענומען פון אַלע זייטן. זי האָט זיך באַלד געפונען אַרום אַ טיש צווישן קינדער און עלטערע מיט דער אָפּנ־האַרציקייט פון קינדער. אַלע האָבן גערעדט און געפרעגט און געענטפערט. די בלינדע שרה־רחלע וואָס איז געזעסן צווישן די קינדער און האָט אויסגעזען ווי אַ קינד, האָט געשמייכלט אויף אַלץ וואָס זי האָט נישט געזען. די אַלטע, קליינינקע כּישע, מיט די קורצזיכטיקע אויגן, האָט דערלאַנגט דינהן אַ געבלומטן טעלער, און — פאַרן אָוועקשטעלן — אים צוגעטראָגן גאָר נאָענט צו די אויגן און אַ ווישׁ געטאָן מיט דער האַנט, ווייל אָט־דער טעלער ווערט גענוצט נאָר פאַר געסט, און טאָר אויף זיך קיין שטויב נישט האָבן. איטקע, מיט דער קוליע אונטערן אָרעם, וואָס אויף איר האָט זי שווער אָנגעלענט איר נאָך יונגן, פולן גוף, איז אַרומגע־שפּרונגען פון טעלער צו טעלער, געזען צי יעדעס קינד האָט זיין חלק.

— עסט מיט ברויט.

פּייסע, מיט דער קורצער, סיווער קיילעכדיקער באָרד, איז געזעסן אויבן אָן, און דער בלאָסער וועלוול צו זיין רעכטער האַנט. אַרום דעם פּראָסטן טיש האָט זיך געפילט די יום־טובדיקייט וואָס ביי גוטע, ערלעכע מענטשן נאָך אַ שווערן טאָג אַר־בעט, ביים אויפנעמען אַ גוטן גאַסט. העניע האָט שוין געהאַט באַוויזן צו רעדן מיט איטקען וועגן דינהס נעכטיקן. ווייל באַלד נאָכן עסן האָט איטקע געזאָגט העניען, אַז דינה זאָל הערן:

— וועסט היינט שלאָפן מיט דינהן, העניע. איך וועל איבערציען ריין דאָס בעט. די קינדער וועל איך אויסבעטן אויפן אויוון.

העניע איז געווען צופרידן, דינה — אוודאי.

—זאָלסט נאָר נישט רעדן פון שלאָף, דינה, און אויסדערציילן אַלע סודות, אַזוי ווי די מומע שרה־רחל.

— אויב איך וועל גאָר שלאָפן...

— וועסט שלאָפן, דינהלע, וועסט שלאָפן. איר וועט נאָר ביידע אָפּלייענען גוט קריאת־שמע, וועט איר שוין שלאָפן.

דינה האָט מיט העניען גערעדט, שעפּטשענדיק, ביז שפּעט אין דער נאַכט. זי האָט פאַר איר חברטע אויסדערציילט אַלץ וואָס זי האָט ביי זיך אין האַרצן גע־טראָגן. אין דער פינצטער לאָזט זיך גוט רעדן. העניע, פון איר זייט, האָט דער־ציילט דינהן פון אירע באַהאַלטענע בענקשאַפטן, און ווי זי וואָלט וועלן פאָרן אין אַ שטאָט לערנען זיך שניידעריי און לייענען ביכלעך... דאָ אין דער היים קען זי צו קיין זאַך נישט קומען. אָבער וואָס קען זי טאָן? איר מאַמע איז אַ קאַליקע, און זי מוז איר העלפן אין שטוב און אָפט מיטן פּאַק איבער די דערפער, און זי איז שוין הויך. לויט מיינען, אַז זי איז שוין אַ גרויסע. די מאַמע האָט איר געקויפט אַ זשי־

קעט מיט קאַלאַשן אויף יום־טוב. זי וועט מאָרגן זיי איר ווייזן. זי וועט אַלץ טראָגן אויף אין שול, צום מנין. אַלע מיידלעך פון די דערבייאיקע יישובים וועלן דאָרט זיין. זי שעמט זיך צו פוצן זיך, ווייל מע לאַכט און מע זאָגט, אַז זי שטייט שוין באַלד אין שידוכים... און זי ווערט אַזוי רוים, אַז מע רעדט וועגן איר אַזוי. דער זיידע פאַרשעמט זי אַלע מאָל אַזוי. עס ברענט איר דאָס פּנים. זי איז הויך געוואַקסן, איז וואָס איז זי שולדיק? — דינה, ווידער, דערציילט העניען וועגן איר גראַנעטקלייד מיטן סאַמעטענעם קעלנערל און מאַנזשעטן און דעם ברוינעם סאַק־מאַנטל, מיט די ברייטע אַרבל ווי ביי אַ קשאָנדז — און סע בלייבט, אַז ביידע חברטעס וועלן זיך אויספּוצן און גיין אין איינעם דאַוונען, פון איין מחזור, ווי גרויסע מיידלעך, און אַזוי, מיט לייכטע געמיטער, האָבן זיי ווי פון זיך אַליין, אָנגעהויבן שטיל און דייט־לעך צו לייענען קריאת־שמע, זיך אַרומגענומען איינע די אַנדערע — און איינ־געשלאָפן.

אויף מאָרגן איז דינה אויפגעשטאַנען שפּעט. ביידע מיידלעך האָבן זיך פאַר־שלאָפן. איטקע האָט זיי געדאַרפט וועקן:

— אַזעלכע גרויסע מיידלעך דאַרפן נישט אַזוי שפּעט שלאָפן. ס'איז דאָך ערב־יום־טוב. און ס'איז דאָ אַ סך אַרבעט: די לייכטער שייערן, אויסבאָדן און אָנטון די קינדער... העניע, ווערסט זיך נעמען צו דער אַבעט.

דינה האָט זיך אָנגעבאָטן, אַז זי וועט אויך העלפן. זי האָט אויסגעשייערט די לייכטער, און מיט גרויס געניטקייט און ליבשאַפט אָנגעטאָן די קלענערע קינ־דער, זיי פאַרקעמט, פאַרפלאָכטן צעפּ און אויסגעבונדן סטענגעלעך און שלייפן ביי די עקן צעפּעלעך און זיך געשפּיגלט אין די קינדער, ווי זיי וואָלטן געווען אירע אייגענע שוועסטערלעך, וואָס איר קינדעריש, עלנט האַרץ האָט איצט אַזוי שטאַרק געבענקט נאָך זיי. אָפּגעטאָן די אַרבעט, האָבן זיך ביידע מיידלעך געוואַשן, געקעמט און געפלאָכטן — און אַז זיי זיינען ביידע אַרויס אָנגעטאָנע אין זייערע יום־טוב־דיקע קליידער, איז זיי געווען נישט צו דערקענען. דינה האָט אַרויסגעלויכטן ווי ניי־געבוירן: ניט דאָס שטילע מיידל פון צוועלף יאָר, נאָר אַ פאַרפּוצט, גרויסשטאָ־טיק פריילין. אַלע האָבן איר נאָכגעקוקט. אַלץ איז געלעגן אויף איר ווי אויסגע־גאָסן און געפּאַסט צו איר פּנים און אויסזען.

אַלץ איז צוגעגאַנגען גלאַטיק, ביז מ'איז אַוועק צו שלומען אין הויז צום מנין. דינה איז געבליבן מיט העניען צום לעצטן. זי איז געגאַנגען ווי נישט מיט אירע פיס. זיי האָבן זיך געבראָכן אונטער איר, מיט יעדן טראָט. דאָס האַרץ האָט איר געהאַקט: ווי וועט זי אָננעמען די קליאַמקע אין האַנט? ווי וועט זי עפענען די טיר און אריבערטרעטן די שוועל פונעם הויז, וואָס איז אזוי פיל אירס, מער ווי אַלץ אין דער וועלט און וואו־אַהין זי קומט איצט ווי אַ פרעמדע? צוגייענדיק צו דער טיר, האָט זי אויסמאַרקירט, אַז זי זאָל גיין פאַר העניען. אָבער זי איז שטיין גע־בליבן. העניע האָט זי אָפּגערוקט, אַליין אויפגעעפנט די טיר, און זי נאָך זיך נאָכ־געצויגן מיט אַ לייכטן צי ביי דער האַנט. דינה איז אַריבער די שוועל. באַלד האָבן זי אַרומגערינגלט די ווייבער. מ'האָט זי אַרומגענומען, מ'האָט זי געקושט, זי גענומען ביי דער האַנט און זי אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אַנטקעגן הויכע, ווייסע, סטרי־נאַווע ליכט. פאַר איר איז געלעגן אַ מחזור, אַרום איר זיינען געזעסן מומעס מיט

שוועסטערקינדער און גוטע פריינד פון שכנישע דערפער. די מומע יאַכע האָט זיך תיכף געבעטן:

— זאָג, דינהלע, זאָג. מע דאַוונט שוין באַלד מינחה.

די ווייבער רוקן זיך אַלע צונויף, נעענטער צו דינהן. זי הערט: די מאַנסבילן שטעלן זיך דאַוונען. עפנט זי דעם מחזור און דאַוונט אויך. די ווייבער כאַפּן אויף איטלעכס וואָרט אירס און זאָגן איר נאָך. זי פאַרגעסט, אַז ס׳איז נישט איר היים, און אַז זי איז דאָ אַ פרעמדע. זי דאַוונט הויך, מיט כוונה, אי פאַר גאָט און אי פאַר די וואָס דאַרפן איר נאָכזאָגן.

נאָכן דאַוונען רינגלט מען זי אויף דאָס ניי אַרום. מע גלעט זי. מע באַטראַכט און מע באַוואונדערט איר שיין קלייד, די סטענגעס אין די האָר, און מ׳איז פאַר־זיכטיק נישט צו פאַראומערן זי — נישט צו רעדן מיט איר וועגן נעענטערע זאַכן. מע בעט זי, אַז זי זאָל מיט זיי דאָ בלייבן אויף וועטשערע — מיט אַלע שכנים, וואָס זיינען דאָ אויף איבער יום־טוב, און עסן ביי איין טיש שותפותדיקע פיש.

דינה האָט זיך ארומגעקוקט, געגומען זוכן העניען, אז יענע זאָל זי אויסלייזן... אָבער ס׳איז זי נישט געווען צו געפינען, און זי האָט זיך געלאָזט פירן פון אירע מומעס און די איבעריקע גוטע ווייבער.

זי איז אריין אין גרויסן שולזאַל, וואו די מענער האָבן פריער געדאַוונט. איצט זיינען שוין געשטאַנען דאָרטן צוויי לאַנגע, ווייס־געדעקטע טישן, מיט חלה אונ־טער די טישטעכער. שמעקעדיקע פיש איז געלעגן אויף לאַנגע טעלער, און מע־נער זיינען געזעסן אַרום די טישן. אויבן אָן, וואו איר טאַטע איז אַלע מאָל געזעסן, איז איצט געזעסן ר׳ יאָשע, דער אָטקולעוויצער מילנער, דער למדן, איר טאַטנס אַלטער פריינד. ביים צווייטן טיש איז געזעסן אויבן־אָן דער פעטער שמעון. ר׳ יאָשע האָט צוגערופן דינהן צו זיך, זי געפרעגט וואָס זי טוט, און איר אַ גלעט גע־געבן איבערן קאָפּ.

מ׳האָט דינהן אַוועקגעזעצט צווישן ווייבער און קינדער פון דינהס עלטער און מ׳האָט איר דערלאַנגט די שענסטע חלקים אין שיינע געפעסן. זי איז געזעסן און ווי נישט מיט איר מויל געקייעט. זי האָט זיך געשעמט נישט צו עסן, אָבער זי האָט גע־פילט יעדערנס בליקן אויף זיך, און זי האָט זיך געמוזט צוריקהאַלטן, אַז זי זאָל זיך נישט צעוויינען. זי איז געזעסן, געציילט די מאַכלים און געוואַרט אויפן לעצטן מאכל, ווי אויף אַ דערלייזער...

נאָכן עסן האָט זי זיך ווי אַרויסגעגנבעט פון שטוב. אין פייסעס הויז האָט מען זי ווידער צוגענומען ווי אַן אייגענע. זי איז ווידער געשלאָפן מיט העניען, און אויף מאָרגן איז זי ווידער געגאַנגען צום מנין. נאָכן דאַוונען — ווידער געמוזט בלייבן אויף וואַרעמעס מיט די אייגענע. ביים דאַוונען און תפילות־זאָגן האָט זי געוויינט, שוין נישט געשעמט זיך פאַר די גרויסע... זי האָט פאַר די אויגן געזען איר טאַטן — שטייענדיק ביים עמוד, און איר מאַמע — שטייענדיק אויבן אָן פאַר די ווײַ־בער, און די לאַנגע אוירינגלעך באַמבלען זיך פון די אויערן, מיטן גרויסן, ברוי־נעם מחזור; און אַ־רע שוועסטער און ברידער... די ענגלייכטער מיט די געדרייטע ר׳ערן... אַלץ האָט איר געשווינדלט פאַר די פאַרטרערטע אויגן. און באַלד — די ליידיקייט פון דער גאַנצער אָנגעפילטער שטוב...

גלייך נאָך ראש־השנה האָט זי געבעטן דעם פעטער שמעון ער זאָל זי צוריק־פירן קיין קאַפּוליע. מ׳האָט זי נישט געקענט דערבעטן, אז זי זאָל בלייבן ביז איבער יום־כיפּור. און דער פעטער שמעון האָט געשפּאַנט דאָס פערדל און זי צוריקגעפירט קיין קאַפּוליע. דאָס שטעטל איז איר איצט נאָענט געוואָרן. דאָרט איז אויך נישט איר היים, אָבער דעם ווייטיק, וואָס זי פילט דאָ, אין איר אָפּגעפרעמדטער היים, וועט זי דאָרט נישט פילן.

---

זי איז אַריין אין שטוב מיטן קאַרדאָנענעם קעסטל, און געקוקט פון איינעם צום צווייטן ווי אַ פאַרשולדיקטע. די שטוביקע האָבן זיך מיט איר דערפרייט. מאָטל האָט זי באַטראַכט שווייגנדיק, אָבער שפּרינצע האָט געזאָגט:

— גוט, דינהלע, וועסט מיר טאַקע מאָרגן קענען העלפן אויסשטעפּן אַ יאַק מיט האַפּט. איך האָב זיך געזאָרגט, אַז דו קומסט נישט. די אויגן שניידן מיר פון די דריבנע שטעך.

דינה האָט דערפילט, ווי ליב זי איז דאָ יעדן אין הויז, און אַ וואַרעמע דאַנק־באַרקייט האָט זי דורכגענומען. יענעם אָוונט איז זי געזעסן שפּעט מיט מאָטלען, נאָך דער ענגלישער לעקציע, און אים דערציילט אירע איבערלעבונגען די עט־לעכע טעג אין דער היים, און וועגן די אויסגעריסענעביימער. מאָטל האָט זי שטיל אויסגעהערט און כמעט ווי נישט געענטפערט. ער האָט איר נאָר דערציילט, אַז זיי האָבן אָפּגעהאַלטן ביידע טעג ראש־השנה צוויי געהיימע פאַרזאַמלונגען. דינה האָט אויף די רייד נישט געלייגט קיין אַכט. איר זיינען געלעגן אין זינען די גריבער פון די אויסגעגראָבענע ביימער.

זי איז אַ פאַרבענקטע געגאַנגען שלאָפן.

## אין סלוצק

באלד נאָך די יום־טובים איז פּעשע געקומען צו פאָרן נאָך דינהן. איצט מוז זי מיט איר פאָרן קיין סלוצק, ווייל זי פאָרט אָנגעבן אויף אַ פּאַס, און ווייל אין די מעטרי־קעס איז דינהס נאָמען נישט געווען פאַרשריבן, דורך אַ טעות. איצט מוז זי זי מיט־נעמען. אזוי האָט איר דער אַדוואָקאַט געשריבן.

פאַר דינהן איז דאָס געווען זייער אַן איבעריקער עסק:

— זי וויל נישט פאָרן נאָך קיין פּאַס. צו וואָס דאַרף זי דעם פּאַס? זאָל די מאַ־מע אַליין פאָרן. און איצט איז דאָ אַסך געניי. און זי וויל נישט איבערלאָזן ראָדען אין מיטן, גלייך נאָך דעם ווי יענע האָט אויף איר אויסגעגעבן געלט און איר אויפ־געניייט אַזאַ קלייד און אַזאַ מאַנטל. און זי עסט און שלאָפט ביי איר אָן געצאָלט.

נאָר זי מוז מיטפאָרן.

דער וועג איז געווען זייער אַ לאַנגער און אַ פיינלעכער. צום ערשטן מאָל אין איר לעבן איז דינה געזעסן אין אַ באַלעגאָלעס ענגער בויד, מיט נאָך מענטשן אין איינעם. די בויד האָט ביי איר אויסגעזען ווי אַ קויטיקע זאַק, וואָס פאַרשטעלט די

לופט אַרום איר. דעם באַלעגאָלעס גראָבע רייד צו די פערד האָבן איר געגרילצט אין די אויערן. ווי אַן אומענדלעכקייט האָט זיך דער וועג געשלעפּט, און זי האָט געמיינט, אַז זי איז שוין דאָ פאַרמישפּט צו אַן אייביק פאָרן אין אַ קויטיקן וואָגן, מיט מיאוסע רייד און מענטשן אַרום זיך. זי איז געזעסן פאַרטאָן אין זיך, אין אירע אומקלאָרע געדאַנקען: — צו וואָס? צו וואָס פאָרט מען פון איין אָרט צום צווייטן — וואָס זוכט מען? זי האָט זיך אַ ן ויך געשעמט פאַר אַזאַ בעטלערישקייט. די מענטשן, וואָס פאָרן דאָ מיט איר, זיינען בעטלערס, אָדער ציגיינערס. קען זיין, אַז איר שטאָלצער טאַטע, דער מענטש פון פרייען פעלד, האָט אויך געדאַרפט פאָרן אָט אין אַזאַ בויד, מיט אזעלכע פאַרשוינען, מיט אַזאַ באַלעגאָלע... און ווי ווייט און ווי לאַנג האָט ער געדאַרפט אזוי פאָרן? — און אזוי זוכנדיק אין אירע אומע־טיקע געדאַנקען, איז זי איינגעלאָפן. אין שלאָף האָט זי זיך געזען זיך הוידען מיט אירע חברטעס אין אוהלי און דאַכטעררוויטש אין א שייער אויף א גרויס ברעט, וואָס הענגט אין דער לופטן אויף שטריק... און וואָס שטאַרקער דער וואָגן האָט זיך גע־טרייסלט און געוואָרפן, אַלץ העכער איז זי אין חלום געפלויגן אויף דער הוידע, דורכן ריינעם, מיט פריש הויי שמעקנדיקן שייער... פונעם ווינט — האָבן זיך אירע צעפּ אין גאַנצן צעפלאָכטן, און אירע האָר זיינען ווי ברייטע פעכערס איר נאָכגע־פלויגן, און איר קאָלירט, געפּאַלדעוועט קליידל האָט זיך ארום איר געהויבן אין אַ ראָד, און אַזאַ געזונטע קינדערשע פרייד האָט געשלאָגן דורך אַלע גלידער...

אַז די מאַמע האָט זי אַ לייכטן טרייסל געטאָן ביים אַקסל און איר אָנגעזאָגט: — שטיי אויף, דינה, מיר זיינען שוין אָנגעקומען, — האָט זי אַ צעשראָקענע צע־עפנט די אויגן, נישט באַנומען וואו זי איז דאָ און וואָס סע טוט זיך אַרום איר. די מאַמע האָט זי ווידער דערמאָנט:

— מיר זיינען שוין אין סלוצק. קוק אַרויס פון בויד, וועסטו זען סאַראַ הויכע מויערן, און די שיינע קראָמען.

דינהן איז ביסלעכווייז קלאָר געוואָרן, אַז זי איז געקומען קיין סלוצק צוליב אַ פּאַס. זי האָט אַרויסגעקוקט פון בויד אַ שווייגנדיקע....

אין סלוצק זיינען זיי פאַרפאָרן צום אַדוואָקאַט אבא ראַסקין. ער איז געווען פּעשעס אַ משפּחה. ער האָט עס געמאַכט דעם פּאַס פאַר דינהן.

די שטוב איז געווען אַ גרויסע און אַ ציכטיקע, פול מיט זין, מיט טעכטער, מיט איידעמס און מיט שניר. אַ פּאַרטעפּיאַן איז דאָרט געווען — און אַלע האָבן געשפּילט און געזונגען. רעדן האָט מען דאָרט גערעדט אַלע איידעלע שפּראַכן: רוסיש, דייטש, און צווישן די גאָר יונגע האָט מען געהערט פראַנצייזיש אויך. און העברייאישע צייטונגען זיינען געלעגן אויף אַ גרויסן שרייבטיש, צווישן אַנדערע גאַזעטן. און וועראַנדעס זיינען דאָרט געווען, מיט אַ גרויסן גאָרטן מיט ביימער. און דיסקוסיעס! סיי טאָג און סיי נאַכט האָט מען זיך געקריגט און דיסקוטירט: רוסיאַ! אַנגליאַ. פראַנציאַ פּאַלעסטינאַ פּאָליטיקאַ! — דינהן האָט עס אויסגעזען פרעמד און אומנאַטירלעך. קיין יידיש וואָרט רעדט מען נישט... צו וואָס אַזוי פיל לשונות, אַז מע קען רעדן שטיל און יידיש? צו וואָס דאָס שפּילן אויף דעם פּאַרטעפּיאַן און זינגען? שעמט מען זיך גאָר נישט פאַר פרעמדע מענטשן? אַ טיפע בענקשאַפט האָט

זי ווידער אַרומגענומען צו איר געוועזענער היים, צו די שטילע בהמות אין די שטאַלן, צום געזאַנג פון די פויערים בעתן גיין אין און פון פעלד... ווי שיין עס האָט איר איצט אויסגעזען דאָס געזאַנג פון מי און אַרבעט, אין פאַרגלייך מיט דער הולטאַיסקער שטוב, וואו מע קריגט זיך און מע שרייט און מע זינגט גלאַט אין דער וועלט אַריין, אָן קיין שום זינען און תכלית!...

די יונגע מיידלעך פון שטוב האָבן זי פון העפלעכקייט געפרעגט, צי וואָלט זי וועלן גיין מיט זיי „אויף בראָגולקע", אָדער זיצן אויף דער וועראַנדע. האָט זי מיט אַ דריי פונעם קאָפּ געענטפערט אויף ניין, און פאַרעקשנט געשוויגן. איר גייען ניט אָן די גויאישע לשונות מיט די פּוסטע רייד. זי האָט זיך דערמאָנט אין שפּרינצען, ווייט, אַזש אין סיביר, דאָרט באַגראָבן אַ מאַן מיט אַ קינד, זיך אָנגעליטן, צוריק־געקומען קיין קאַפּוליע, און האָט רוסישע ביכער און לייענט גאַזעטן מסתמא וועט קיינער זעט נישט — ווי נישט? ווי אַזוי וואָלט זי דען געוואוסט וועגן די אַלע זאַכן, וואָס זי גיט איבער מאַטלען? און זי אליין זיצט און נייט ביי ראָדען און העלפט איר ארויס זיך מפרנס צו זיין מיט אירע קינדער, און שפּילט נישט קיין פּאַרטעפּיאַן, און זינגט נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, און רעדט יידיש. אַ ז ו י דאַרפן מענטשן זיין, אָט איז ווי שפּרינצע איז...

אַ וואָך צייט זיינען זיי אָפּגעזעסן אין סלוצק.

אַ פּאָר מאָל האָט זי פּעשע מיטגענומען אין גאַס, איר געוויזן דעם מאַרק, מיט די גרויסע מויערן אַרום, און זי אפילו געגומען אין אַ „קאָנדיטערסקע" און איר געקויפט „מאַראָזשינע". אָבער זי פלעגט צוריקקומען פון די שפּאַצירן אָן אומע־טיקע און זיך געקלאָגט אויף קאָפּווייטיק. זי האָט פיינט געהאַט דעם גאַנצן טאַ־ראַראַם.

— ווען פאָרט מען אַהיים?

אז דינה איז ווידער אריין אין בויד פון דעם באַלעגאָלעס וואָגן, איז איר שוין געוואָרן בעסער אויפן האַרצן — זי פאָרט צוריק. נישט אַהיים — קיין היים איז איצט אין ערגעץ ניטאָ, אָבער פון דער נייער פרעמד פאָרט זי אַוועק.

די בויד האָט זיך דאָס מאָל, נאָך אַ לאַנג שלעפּן זיך דורך אומבאַקאַנטע וועגן, אָפּגעשטעלט לעבן אַ קליין שטיבל אין אַ הויף. פּעשע האָט ווידער דערמאָנט די האַלב־שלאָפעדיקע דינה, אַז מ'איז שוין אָנגעקומען — דאָס מאָל: קיין פעסאָטשנע. — דאָ האָט פּעשע איצט געוואוינט ביי איר זון פייטל. דינה האָט זיך אַרומגעקוקט פון בויד אַרויס: — ווידער אַ פרעמד, אָבער שוין אַ ביסל אַ נעענטערע פרעמד. פונעם קליינעם שטיבל זיינען אַרויס אַ פּאָר פרויען און מיידלעך זיי באַגעגענען. דאָס איינציקע באַקאַנטע פּנים, וואָס דינה האָט דאָרט געזען, איז געווען איר ברור־דערס ווייב, מלכה. און אַפילו זי האָט זי כמעט ווי נישט געקענט. אָבער איר אויזען איז איר געפעלן געוואָרן. נישט קיין הויך־געוויקסיקע, נאָר שוין געבויט, און איצט האָט זי אויסגעזען נאָך פולער.

— וואָס טוט איר, שוויגער?

צו דינהן איז זי צו גאָר נאָענט, איר געגעבן די האַנט און זיך מיט איר צע־קושט. דינהן איז געפעלן געוואָרן מלכהס אידעלע, ווייסע הויט פון הענט און פּנים,

און די דינע, זיידענע, קוטשעראַווע, שוואַרצע האָר, וואָס האָבן זיך אין רינגען גע־קרייזלט אַרום איר ווייסן שטערן. עס האָט פון איר געווייעט מיט אַן אינערלעכן אומעט. דינה האָט עס אַרויסגעלייענט פון אירע אויגן און באַלד דערפילט אַ נאָ־ענטקייט צו איר.

פייטל האָט געוואוינט אין דער דירה ביי פעשע דער בעקערקעס טאָכטער. פע־שע די בעקערקע איז ערשט מיט צוויי יאָר צוריק געשטאָרבן פון אַ ראַק און האָט איבערגעלאָזט אַ קראַנקן מאַן, וואָלפקע דער שמיד, מיט אַכט קינדער. די עלטסטע, כאַפקע, אַ פאַרצאָרנט, צוואַנציקיעריק מיידל, האָט איצט געפירט די בעקעריי. איז דאָס שטיבל, וואָס איבער דער קיך, האָט זי פאַרדונגען פייטלען. ס'איז געווען אַ קליין שטיבל פון דריי צימערן.

דינהן איז דאָס שטיבל געפעלן. עס האָט געהאַט אַ זויבער אויסזען. יעדע קלייניקייט האָט זיך רייך אָנגעזען. אַז דינה האָט איבערגענעכטיקט אַ נאַכט אין דער שטוב, האָט זי דערפילט, אַז איר שווערקייט לעבט זיך ניט גוט. זי האָט באַמערקט, אַז כאַטש יענע וויל אַלץ שטאַרק נאָכגעבן דער שוויגער, קוקט אָבער די שוויגער אויף איר פון אויבן אַראָפּ, און אַז איר ברודער פייטל באַגייט זיך אויך מיט איר פרעמדלעך, און ער שאַפט זיך מיט איר, אפילו ווען ס'איז נישט נויטיק. דינהן האָבן אַזעלכע פירעכצן שטאַרק פאַרדראָסן. זי האָט אויך באַמערקט אַז מלכה איז אין די הויכע חדשים און איר קומט אָן שווער דאָס איבעריקע באַוועגן זיך. האָט זי כמעט אומבאַמערקט פון די שטוביקע, אָנגעהויבן צו פארלויפן מלכהן די וועגן און איר איינשפּאָרן אַ גאַנג: אויסקערן די שטוב, צוטראָגן פייטלען עסן. מלכה האָט באַלד דערפילט די נאָענטקייט פון דער קליינער שווערקיין צו זיך, און זי אויפ־גענומען מיט אָפענע אָרעמס. זיי האָבן זיך באַלד דערפילט ווי צוויי גוטע חברטעס אָדער שוועסטער. מ'האָט געטאָן צוזאַמען, געלאַכט צוזאַמען און אַ מאָל אויך גע־וויינט צוזאַמען. אַ מאָל, למשל, האָט געטראָפן, אַז אין שטעטעל איז געווען אַ חתונה, און מ'האָט מלכהן נישט גערופן. איז אַז פייטל פלעגט אַהיימקומען אַ מידער און אָפעסן און איינשלאָפן, און פעשע איז אַריין צו אַ שכנה, פלעגט מלכה נעמען אויף זיך אַ פאַליערינע, זיך פאַרקעמען די פריזור און —

— נו, קום, דינה, מיר זיינען די ערשטע מחותנים.

און זיי פלעגןביידע אַוועקגיין, שטיין פון וויטן הינטער אַ זייטיק פענצטער, וואו קיינער זאָל זיי נישט באַמערקן, און זיך צוהערן צו די קלעזמער...

אָדער אַ מאָל, אין אַ מיטן טאָג, פלעגט זי זיך פאַרפוצן און רופן דינהן אויפן בולוואַרד, אויף אַ שפּאַציר, ווייל „זי וויל ווייזן די דאַמען דעם לעצטן פאַסאָן פון איר הוט, און זאָלן זיי זיי אַלע נאָכקוקן" — און פלעגט נעמען דינהן פאַר דער האַנט און מיט איר אַרויסגיין הינטער דער שטוב זיך זעצן אויף דער פריזבע... אַזוי האָט זי אָפּגעלאַכט פון איר אייגן איינגעצאַמט לעבן און פון איר אַמאָליקער גרויסשטאָטישקייט.

דינה האָט מיטגעפילט איר אומעט און בענקשאַפט. ווען קיינער פלעגט נישט זען, פלעגט איר מלכה ווייזן פון א שופלאָד קליידלעך מיט העמדלעך, וואָס זי גרייט צו... און זי האָט מלכהס פרייד אויפגענומען מיט אַ ציטער אין האַרצן, אָבער

אָן ווערטער. נאָר אירע אויגן האָבן אויסגעדריקט דאָס נישט־דערזאָגטע, נאָר אירע וואַרעמע, פייכטע בליקן...

דינה האָט געבענקט נאָך קאַפּוליע, נאָך ראָדעס הויז. זי האָט באַקומען בריוו פון מאָטלען און צושריפטן פון שפּרינצען. זי האָט זיי צוריקגעשריבן בריוו און אין יעדן בריוו געשריבן, אַז זי בענקט נאָך זיי.

אָבער זי האָט זיך אויך איינגעלעבט אין פּעסאַטשנע. זי האָט זיך צוגעבונדן צו דער שוועגערין און געפילט, אַז יענע באַדאַרף זי האָבן. יענע איז אַן אײדעלע שטאָלצע נאַטור, אָבער מענטשן קומען צו איר און זי לעבט גוט מיט יעדן, און די שכנות שיקן כסדר אַריין, אַז מלכה זאָל אַזוי גוט זיין און לייען איין זאַך אָדער אַ צווייטע, און אין די נאָכמיטאָגן קומען די שכנות אַליין, אַז מלכה זאָל אַזוי גוט זיין און זיי אַרויסלייענען פון פאַסאַנבוך און זיי נאָר ווייזן, ווי צוצושניידן... אָבער מיט אָט־דער גאַנצער גוטסקייט אַרום זיך, האָט דינה געפילט, אַז מלכה דערציילט קיינעם נישט, וואָס איר איז אין דער אמתן. זי, דינה, פאַרשטייט זי... דאָס האָט איר געגעבן אַ באַפרידיקונג, און זי איז געבליבן אין פּעסאַטשנע, נאָך אַ דורכרעדן זיך מיט מלכהן.

— וועסט דאָ זיין, דינהלע, ביז איך וועל דורכקומען. איך וועל פאָרן קיין אוזדע צו מיין שוועסטער דער אַקושאָרין, און אַז אַלץ וועט דורכגיין כשורה, וועל איך דיר ברענגען אַ שיין מיידעלע, אַ גאַשטשעניק.

## חיים פעליקסעס קינדער און חווהלע

ווי איטלעכס קליינע שטעטל האָט אויך פּעסאַטשנע געהאַט אַ נגיד. חיים פּע־ליקס איז געווען דער פּעסאַטשנער נגיד. ביי אים האָבן אַלע יתומים און אלמנות געהאַלטן זייער פאַרמעגן. פּעשע האָט אויך געהאַלטן ביי אים דאָס געלט, וואָס שלום האָט נישט געוואָלט מיטנעמען קיין אַמעריקע. ער פלעגט צאָלן פּראָצענט. ער האָט געהאַט אַ גרויסע מויער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער זייט פונעם שטעטל, אויף אַ באַרג, און אַן אייגענע קאַרעטע מיט פערד פון זאַגראַניצע. זיינע צוויי זין און די טאָכטער, אַ בת־יחידה, האָבן זיך אַלע געלערנט אין פּעטערבורג. אויף „קאַניקל״ פלעגן זיי אַלע אַהיימקומען, נאָר דורך דער „קאַניקל״־צייט זיינען זיי נישט אַרומ־געפאָרן אויף זייערע שלאַנקע, הויכע פערד און אויף זייערע וועלאָסיפּעדן, פאַר פאַרגעניגן, ווי עס טוען אַנדערע אין זייער שטאַנד. זיי האָבן פאַרבראַכט די פריי צייט מיט די אָרעמע קינדער אין שטאָט, און מיט די פּויערים אין די פעלדער — אַגיטירט, געפירט פּראָפּאַגאַנדע, און אפילו ביים אייגענעם טאַטן, אויפן געהילך־זאַ־וואָד, אַרויסגערופן אַ „זאַבאַסטאָווקע״.

אין אַ צווייט שטיבל, אויף פּעשע דער בעקערטעס הויף, האָט געוואוינט אַ בלאַ־סער, הוסטנדיקער, שטילער ייד, זיסל דער מלמד, אַ פרומער, אַ קראַנקער. אין זיין חדר האָבן געלערנט מערסטנס מיידלעך, און ווייבלעך וואָס די מענער זייערע זיי־נען אַוועק איבער די ימען, און זיי מוזן זיי נעבעך שרייבן בריוו. ער האָט ווינציק וואָס פאַרדינט פון זיינע תלמידות, נאָר אַ שטילער, איידעלער מענטש איז ער גע־ווען, און האָט זיך קיין מאָל נישט באַקלאָגט. פאַרקערט. זיין ווייב דבורהלע האָט

אויף איר יונגן, שיינעם קאָפּ געטראָגן אַ ברוינעם, דיקן שייטל, מיט אַ ווייסער לענטע. זי האָט דורך די אָונטן געפליקט פעדערן, צוגעהאָלפן דעם מאַן מיט דער פרנסה. אַ טאָכטער האָבן זיי געהאַט — אַן איין און איינציקע, איין אויג אין קאָפּ. מער האָט די גוטע דבורהלע קיין קינדער נישט געהאַט, נאָר חוהלען.

און חוהלען האָבן אַלע אין שטעטל געקענט: אי פאַר איר שיינקייט, אי פאַר איר שיינעם זינגען. צו צוועלף יאָר האָט זי דבורהלע אָפּגעגעבן קיין אוזדע צו אַ גוט־טער נייטאָרין. האָט זי דריי יאָר זיך געלערנט די אַרבעט, און איז אַהיימגעקומען, געקויפט אַ מאַשין, אַוועקגעשטעלט אין איר קאַמער ביים אָפענעם פענצטער — און גענייט און געזונגען. ביסלעכוויז האָט חוה געגומען העלפן מיט איר געניי אינעם אָרעמען פאַרדינסט פון טאַטע־מאַמע — און מיט איר עלטער ווערן, איז אין זיסלס שטוב ליכטיקער און געראַמער געוואָרן. מ׳האָט זיך פאַרלאָזט אויף איר מיט אַ בעסערן שטאָך אַרבעט. און זינט די מלכה כּאָראָש פון סלוצק האָט חתונה געהאַט פאַר פייטלען און מער קיין מייסטערסקייע נישט געפירט, פלעגט זי — מיט בענק־שאַפט צו איר פאַך — זיך אָפּט אַריינכאַפּן צו דער שכנה דבורהלע, און דאָרט אַ פיר טאָן מיטן קריידל איבער טוך אָדער באַטיסט אויף חוהס צושניידטיש, און איר אַ וואונק טאָן אויף דעם און דעם פאַסאָן אין פאַסאָנבוך. און חוה איז געוואָרן אַ נייטאָרין מיט אַ נאָמען. מ׳איז אפילו געקומען מיט חתונה־קליידער צו איר. און זי האָט געניייט און געזונגען — און געקויפט נאָך אַ מאַשין, און מיט איר האָבן שוין געניייט און געזונגען נאָך עטלעכע מיידלעך פונעם קליינעם שטעטל.

פעליקסעס קינדער זיינען געווען אָפטע אַריינגייערס אין זיסלס הויז. מאַניע, דער עלטערער זון, האָט זיך זייער אָפּגעגעבן מיט חווהן — זי געלערנט רוסיש, איר געבראַכט ביכער צום לייענען, זי מיטגענומען צו אַלע „סובּיראַניעס״. זיסל מיט דבורהלען פלעגן נאָכקוקן זייער קינד, מיט ציטערנדיקע הערצער:

— וואוילע קינדער... אָבער וואָס ווילן זיי פון אונדזער קינד? פאַר וואָס גייען זיי נישט מיט זייערס גלייכן? זאָלן זיי אונדז צו רו לאָזן.

אַזוי האָבן זיי ביידע געטראַכט, און מורא געהאַט אַרויסצוברענגען די געדאַנ־קען פאַרן מויל.

חוהלע איז געוואַקסן און געבליט ווי אַ בלום — און געלייענט די ביכער, וואָס מאַניע האָט איר געבראַכט: טורגעניעוו, און פּושקין, און גאָרקי, און קליינע דינע ביכעלעך אָן טאָוולען — אַז זי זאָל זיי צעטיילן צו די וואָס קומען אַריין אין שטוב ברענגען אַרבעט און צו די מיידלעך, וואָס אַרבעטן מיט איר. און חוה האָט זיך געפילט גליקלעך. וואָס זי העלפט מאַניען אין זיין גרויסער אַרבעט, איבער־צובויען די וועלט...

— יע — פלעגט זאָגן מאַניע — מיר וועלן איבערבויען די וועלט, חוה, און דאַן וועט דיין מאַמע נישט דאַרפן פליקן קיין פעדערן דורך די נעכט, און מיין מאַמע וועט נישט דאַרפן שרייען און באַלעבאַטעווען איבער צען דינסטן: דיין טאַטע וועט זיך נישט דאַרפן ווערגן מיטן הוסט איבער די אוראָקן, און מיין טאַטע וועט נישט דאַרפן ציילן די פּראָצענטן און באָדן זיך אין יענעמס שווייס און בלוט.

נאָך אַזעלכע רייד איז חוה אַהיימגעקומען און מיט גרויסע, גלייביקע אויגן, און זינגענדיק איבערדערציילט איטלעכס וואָרט מאַניעס — פאַר טאַטע־מאַמע. זיי

פלעגן זי אָנקוקן און גאָט בעטן, אַז זייער קינד זאָל בלייבן אומבאַשעדיקט פון די אַלע ווילדע רייד, וואָס זי רעדט.

## די הרוגים אין וואַלד

איין מאָל, אין אַ פרייטיק פאַר נאַכט — דינה האָט נאָר וואָס געהאַט זיך אויס־געוואַשן דעם קאָפּ, אָנגעטאָן אַ ריין קליידל, און פייטל האָט זיך אָנגעטאָן גיין אין שול אריין צו מינחה — האָט אויף א מאָל דערהערט זיך אַ קלאַפּן אין פענצטער פון שלאָפקאַמער. דינה איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און דאָרט דערזען חווהן — איר מאַמעס פאַטשיילע איבער די אַקסלען, און אונטער דער פאַטשיילע האַלט זי אַ פעקל ביכער. פייטל מיט מלכהן זיינען צו, און אויפגעעפנט דאָס פענצטער.

— איך מוז אַנטלויפן. איך וועל אַנטלויפן אין וואַלד. סטראַזשע וועט באַלד קומען מאַכן אַן אָביסק. מ׳איז שוין געווען ביי פעליקסן, צוגענומען וואָס מ׳האָט דאָרט געפונען, צוגענומען אַלע דריי. מאַניע האָט אָנגעזאָגט מיט אַ דינסט: נעם צונויף אויף גיך אַלץ וואָס דו האָסט אין שטוב און פאַרברען עס און אַנטלויף אין וואַלד אַריין אויף אַ טאָג, צוויי, ביז אַלץ וועט ווערן שטיל — — האָט רחמנות, נעמט עס צו, באַהאַלט עס. איך האָב עס איצט נישט געקענט פאַרברענען.

זי ציטערט אין גאַנצן פון שרעק, און לאָזט זיך לויפן הינטער די שטיבער, דורכן הויף, דורכן שמאָלן שטעג, צום וואַלד צו.

דינה איז געשטאַנען מיט א פאַרגליווערט האַרץ און נאָכגעקוקט חווהס לויפנ־דיקער געשטאַלט, מיט דער ברייטער פאַטשיילע, וואָס איז איר נאָכגעהאָנגען ווי צוויי פליגל פוןביידע זייטן — ביז איר געשטאַלט איז פאַרשוואונדן צווישן די ביימער... זי האָט א פאַל געטאָן אויף איר בעט, מיטן פּנים אראָפּ, און כליפּענדיק געזען פאַר זיך די צעשראָקענע חווה, ביי נאַכט, אין וואַלד, אַליין, צווישן וועלף און ווער ווייסט וועלכע סכנות...

אַלץ איז געשען אַזוי אומגעריכט, אַז יעדער האָט דעם שכל פאַרלוירן. ערשט שפּעטער, אַז זי איז פאַרשוואונדן אין וואַלד, האָט יעדער אָנגעהויבן אי זיך אַליין, אי דעם צווייטן צו שטראָפן:

— וואָס האָט מען זי געלאָזט לויפן אין וואַלד?...

— מ׳האָט זי נישט געטאָרט לאָזן לויפן.

— דאָ האָט מען זי געדאַרפט באַהאַלטן, אויף אַ בוידעם.

— וואָס טוט מען מיט די ביכער? וואו טוט מען זיי אַהין?

— מע דאַרף לויפן אָנזאָגן זיסלען. ער וועט עס נישט אַריבערטראָגן.

—מע דאַרף לויפן אין וואַלד זי זוכן, זי צוריקברענגען.

ס׳איז געוואָרן אַ טומל. פון פּעשעס הויז זיינען אַלע אַריין. באַלד האָט זיך אַ פאַרחלשטע אַריינגעשלייכט דבורהלע. ס׳איז אַ רגע שטיל געוואָרן.

— זי ווייסט נישט מער, וואו איר חווהלע איז? ס׳ע שרעקט זי דאָס האַרץ, צי איז מיט איר חלילה עפּעס נישט געשען. געזעסן ביים צימעס, מיט נאַסע האָר,

און אַז זי איז אַרויס אויף אַ רגע און איז צוריק אַריין — האָט זי זי שוין נישט גע־טראָפֿן. צי האָט מען זי נישט געזען? מיט אַ נאַסן קאָפּ — זי קען זיך נאָך חלילה פֿאַרקילן...

ביי די רייד האָט זיך דערהערט אַ גאַלאָפּירן פֿון פֿערד. ס'איז אָנגעפֿאָרן אַ פּו־לער הויף מיט „סטראַזשע", אַריין צו זיסלען אין שטוב, איבערגעראַיעט די בעטן, די אַלמערס, דורכגעשינטערט יעדן ווינקל פֿונעם קעלער און בוידעם, און פֿון דאָרט — אין אַ צווייטער שטוב און — דורכן פֿעלד אין וואַלד אַריין.

דאָס שמאָלע געסל האָט זיך אָנגעפֿילט מיט יידן. מ'האָט פֿאַרגעסן אין שבת און אין שול. אַלעמענס אויגן זיינען געווען געווענדט צום וואַלד. דאָס האַרץ האָט זיך געריסן אין וואַלד.

מ'האָט געמאַכט אָבלאַוועס און „אָביסקן" אויף יעדן צווייטן הויז. קינדער זיי־נען זיך צעלאָפֿן.

פֿון שפּעטן אָוונט איז געוואָרן נאַכט. מ'איז געשטאַנען אין די קאַלטע, פֿינצטע־רע גאַסן און זיך די הענט געבראָכן. ווייבער האָבן געוויינט. זיך געריסן די האָר פֿון די קעפּ.

— אין וואַלד, אין וואַלד דאַרף מען גיין!...

— קינדער...

— באַוואָפֿנטע חיות...

— ס'איז נאַכט. ס'איז שבת!

— ס'איז נישט שבת! פֿייער! לאַמטערנעס זאָל מען נעמען! אין וואַלד זאָל מען גיין, זוכן די קינדער!

און יידן זיינען אַוועק און צוריק אַרויס מיט לאַמטערנעס אין די הענט מיט לאַנגע פּאָלעס פֿון די שבתדיקע קאַפּאָטעס האָט מען זיך געלאָזט איבערן פֿעלד, צום וואַלד.

מ'האָט איבערגענישטערט דעם וואַלד, אָבער אַחוץ די שפּורן פֿון די פֿערד־טריט האָט מען קיינעם נישט געפֿונען.

נאָר דאָ האָט זיך דערהערט אַ יאָמערדיק קרעכצן. יידן האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן. מ'איז געגאַנגען האָרכנדיק, מיט ציטערדיקע, איינגעהאַלטענע אָטעמס. וואָס ווייטער אַלץ נעענטער האָט זיך געהערט דאָס קרעכצן. ביז מ'איז צוגעקומען צום אָרט, וואו ס'איז געלעגן אונטער אַ בוים, אין אַ טייך בלוט — בערקע, דער שמיד, אַ יונג, אַ יתום.

ער האָט געאַרבעט אין דער שמידריי ביי וואָלקען, און זיך ביי זיי אין שטוב אויפֿגעהאַלטן, און מ'האָט גערעדט, אַז ער וועט אין גיכן אַ חתן ווערן פֿאַר כאַס־קען און איבערנעמען די שמידריי, צוליב וואָלקעס שוואַכן געזונט.

בערקע איז אַ מאָל שוין געווען אין די הענט פֿון דער פּאָליציי, אין אַ גרעסע־רער שטאָט, און איז אַנטלאָפֿן און זיך דאָ אויסבאַהאַלטן. איז ביים אָנקומען פֿון „סטראַזשע" האָט ער זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַריין...

ער איז געלעגן מיט פאַרגלייזטע אויגן און ס׳האָט שוואַך געגאָרגלט אין זייַן האַלדז. ער האָט שווער אויפגעהויבן אַ טויטע האַנט, און זי צוריק אַראָפּגעלאָזט. מ׳האָט זיך איבערגעבויגן מיט די לאַמטערנעס איבער אים. די גרינע, קאַלטע, האַרבסטיקע לבנה האָט דורכגעלויכטן דורך די נאַקעטע ביימער־צווייגן.

— ער איז אויסגעגאַנגען.

— ברוך דיין אמת!

און נאָך עטלעכע רגעס פון פאַרשטומטער שטילקייט און אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און לאַמטערנעס, האָבן זיך די געשטאַלטן ווידער אָנגעהויבן באַוועגן אין אומרו:

— וואָס וועט זיין? מע דאַרף גיין ווייטער.

— מע דאַרף זוכן. וואו־אַהין גייט מען?

— אין וועלכער זייט?

— אַהין וואו בערקע האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

— וואָס ווייסט אַ גוסס? מאַלע וואָס ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט.

— ער האָט געוואוסט מער ווי מיר ווייסן. מע דאַרף גיין אַהין וואו־אַהין ער האָט געוויזן.

— וואָס וועט זיין מיטן מת? מע טאָר אַ מת אַליין נישט איבערלאָזן.

— זאָלן דאָ בלייבן אַ פּאָר יידן און וואַכן, ביז מע וועט צוריקקומען.

—ווער זשע וועט בלייבן?

—ניט איך!

— ניט איך!

— די וואָס האָבן נישט וואָס צו זוכן, זאָלן בלייבן מיטן מת.

עטלעכע לאַמטערנעס לאָזן זיך אַראָפּ צו דער ערד. עטלעכע, מיט בערד, שלעפּן צו אַ שטאַם פון אַן אָפּגעהאַקטן בוים, לייגן אים אַוועק ביים מת צו קאָפּנס, איינער נעמט אַראָפּ דעם מאַנטל פון זיך און דעקט איבער דעם מת. זיי לאָזן זיך אַראָפּ, און זעצן זיך אויס אויפן שטאַם, צו קאָפּנס ביים מת און נעמען זיך וויגן... פּאַר זיי ציטערן די פלעמלעך אין די לאַמטערנעס אויף דער ערד און וואַרפן לאַנגע, ציטערנדיקע שאָטנס איבער די נאַקעטע ביימער. ס׳הערט זיך אַ קלאָגנדיקער ניגון אָן ווערטער:

— אוי־אוי־אוי!... אוי־אוי־אוי!...

די צווייטע עדה יידן האָט זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג וואו־אַהין דער גוססער בערקע האָט אָנגעצייכט. מ׳איז געגאַנגען, מיט די לאַמטערנעס צו דער ערד, געזוכט, גערופן. קיין קול און קיין אָפּקלאַנג. ס׳איז געוואָרן שפּעט. די מידע פּוסגייערס האָבן געציטערט פון מידקייט און דער נאַכטיקער קעלט. באַלד וועלן די קנויטן אויסטרינקען דעם גאַז פון די לאַמטערנעס און מע וועט בלייבן אין דער פינצטער. וואו־אַהין גייט מען? וואו זוכט מען? מע וועט זיך לאָזן צוריק אין

שטעטל אַריין, אפשר איז דאָרט פאַראַן נייס, אפשר האָבן די אַנטלאָפענע זיך אומ־געקערט אַהיים דורך אַ צווייטן וועג. מע וועט גיין צוריק צו די יידן ביים מת. מע וועט צוריקגיין דורך אַנדערע שטעגן — אפשר וועט מען עפּעס געפינען, און מע זאָל זיך האַלטן נישט ווייט איינער פון צווייטן.

אין מיטן אַט־די רייד האָט זיך פון איינעם, וואָס איז געשטאַנען אָפּגערוקט אָן אַ זייט, דערהערט אַ געשריי. דער וואָלד האָט אַ ציטער געטאָן, אלעמענס קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט צום זייטיקן לאַמטערן. די געשטאַלט איז געלעגן אויף אַלע פיר און געשריען מיט באַנומענע קולות. מ׳האָט גענומען לויפן איינער איבערן צווייטן, געשטופּט זיך, ווי אין גאַר אַן ענגן צימער, ווען איינער חלשט.

צוקומענדיק נאָענט צום לאַמטערן און צום קניענדיקן, האָט מען דערזען אַ ברייט־צעשפּרייטע, פאַרבלוטיקטע פאַטשיילע. פון אונטער דער פאַטשיילע האָט אַרויסגעשטערקט אַ נאַקעטער פוס פון אַ מיידל. מ׳האָט אויפגעהויבן די פאַטשיילע. אונטער איר איז געלעגן אַ צעריסענער קערפּער פון אַ יונג מיידל — חווה. און זיסל, דער פאָטער אירער, איז לעבן איר געלעגן און געוואָיעט ווי אַ שווער פאַר־וואונדיקטער הונט.

## דינהן איז צוגעקומען נאָך אַ שטוב

דינהן איז צוגעקומען נאָך אַ שטוב אין פּעסאַטשנע. זי איז אַהין יעדן טאָג אריין און געטאָן וואָס זי האָט געדאַרפט און געקענט — זיסלס שטוב.

דאָס גאַנצע זאַמדיקע שטעטל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קליינעם מאַרק מיט עטלעכע קראָמען און עטלעכע זייטיקע געסלעך, האָט איצט אויסזעגען ווי אַ שטוב נאָך אַ לוויה. דער אומעט איז געהאַנגען שווער אין דער לופט און אַראָפּגערונען אין יעדנס האַרץ אַריין. מ׳איז פאַרבייגעגאַנגען זיסל דעם מלמדס הויז מיט פאַר־קלעמטע הערצער. מ׳איז געקומען און אַוועק — אָן רייד. נישט געווען קיין אָרט פאַר ווערטער, און פון טרייסט איז שוין אָפּגערעדט.

די איינציקע, וואָס האָט געפונען דעם וועג צו די אומגליקלעכע, איז געווען די קליינע דינה. צו ערשט איז זי אַריינגעקומען מיט אַ טעפּל געקעכץ, וואָס די מאַמע האָט מיט איר אַריינגעשיקט, צוגעגאַנגען צום אַלמער מיט די כלים און געפרעגט, צי דאָס איז פליישיק, צוגעטראָגן אַ טעלער געקעכץ זיסלען, און דערנאָך — דבורה־לען, און זיך געשטעלט וואַרטן, כמעט אומבאַמערקט, אין אַ ווינקל, ביז יענע האָבן עפּעס אין מויל גענומען. שטיל צוגעקומען צוריק, צוגענומען און צעוואַשן די טע־לער און לעפל. אויף מאָרגן ווידער אַזוי, ביז די אומגליקלעכע האָבן איר שטיל אָפּגעענטפערט אויף אַ „גוט־מאָרגן״, און אַ „גוטע־נאַכט״ און — מיט די טעג זיך צוגעוואוינט צו איר קומען און אַרויסגעקוקט אויף איר...

חיים פעליקסעס קינדער האָט מען באַפרייט. דער עלטערער, מאָניע, איז צו־ריקגעקומען אַהיים, און איין מאָל, אַז דינה איז אַרויס פון זיסלס שטיבל, האָט ער זי באַגעגענט און זי געבעטן בלייבן שטיין אַ ווייל. ער האָט זיך ביי איר נאָכגע־פרעגט אויף די צוויי אומגליקלעכע. ער האָט געהאַט אַ שאַרף־פאַרשפּיצט, אויסגע־

צערט פּנים. ער האָט גערעדט שלעכט יידיש: ער וויל זיי העלפן און ווייסט נישט ווי אַזוי, ער האָט געלט אין אַ קאָנוועַרט. אפשר קען זי עס איבערלאָזן דאָרט אין שטוב, אַזוי אַז קיינער זאָל נישט וויסן פון וואַנען דאָס קומט. ער ווייסט, אַז ער קען זיך אויף איר פאַרלאָזן.

און ער האָט איר ביי די־אָ ווערטער אריינגעלייגט דעם פאַרמאַכטן קאָנווערט אין דער האַנט, און מיט זיינער זי פאַרמאַכט.

דינה האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן: אָפּזאָגן אים? ער האָט אויסגעזען אַזוי אומגליקלעך און פאַרלוירן, אַז זי וואָלט פאַר אים געטאָן וואָס ער זאָל נאָר בעטן.

— גוט. פאַר אייך.

— אָבער קיינער זאָל נישט וויסן.

און ער איז אַוועק. זי האָט אים אַ צעטומלטע נאָכגעקוקט, ווי ער דערווייטערט זיך מיט שנעלע טריט. עס איז איר זייער ענג געוואָרן: וואו־אַהין זאָל זי איצט גיין? וואָס זאָל זי טאָן מיטן קאָנווערט — ווי זאָל זי אים באַהאַלטן?

צוקומענדיק צו דער טיר פון דער שטוב, האָט זי כאַפּקע די שוואַרצע אָפּגע־שטעלט:

— נו, וואָס הערט זיך דאָרט?

דינה האָט זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט, פאַרמאַכט שטייף די האַנט איבערן קאָנווערט, וואָס זי האָט ביז איצט געטראָגן ווי אַ פרעמדע זאַך, וואָס מע געפינט, און מ׳איז זי גרייט צוריק אַוועקצוואַרפן.

— וואָס זאָל זיך הערן?

כאַפּקע האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן:

— וואָס קען זיך טאַקע הערן? די, וואָס פוילן אין דער ערד, ווייסן שוין פון גאָרנישט. און די, וואָס זיינען דאָ געבליבן, האָבן אויף וואָס צו קלאָגן...

דינה האָט וואויל געוואוסט, אַז כאַפּקע האָט איצט געטראַכט פון בערקען... בערקע, וואָס האָט געזעלט אַ חתן ווערן פאַר איר, פאַר כאַפּקען, ליגט איצט אין דער ערד, און זי, כאַפּקע, וועט האָבן נאָך וואָס צו קלאָגן...

דינה האָט אומעטיק אַראָפּגעקוקט, און אויף כאַפּקעס באַצערטע רייד נישט גע־האָט וואָס צו ענטפערן. כאַפּקע האָט וועגן זיך אַליין און איר וואונד פאַר קיינעם נישט געקענט רעדן אין דער אָפּן, האָט זי גערעדט וועגן די אומגליקלעכע טאַטע־מאַמע וואָס זיינען פון אַזאַ בראָך געטראָפן געוואָרן.

— וואָס וועלן זיי עס איצט טאָן — די צוויי קראַנקע?

דינה ציטערט אויף. זי פאַרקוועטשט אין דער האַנט דעם קאָנווערט.

— ס׳גייט אַ ווינטער — זאָגט ווייטער כאַפּקע — זי איז דאָך געווען די גאַנצע פּאַדפּאָרע פון דער שטוב. נישקשה, חיים פעליקסעס זינדל האָט גאָר נישט גע־שאַט. ער גייט ווי־דער אַרום פראַנק און פריי.

דינהן האָבן די ווערטער ווי געטאָן. זי האָט נישט דרייסט געענטפערט:

— ווער ווייסט? אים איז אויך שלעכט.

כאַפּקע כאַפּט אונטער:

— שלעכט? וואָס איז אים שלעכט, וואָס? זיין כלה האָט מען געהרגעט? ער וואָלט מיט איר סיי ווי קיין מאָל נישט חתונה האָבן.

דינה האָט אַפילו נישט געטראַכט דערפון. זי איז געווען צו שטאַרק פאַרנומען מיט דעם, וואָס זי האָט געהאַלטן אין האַנט. די טיר האָט זיך געעפנט. מלכה איז אַרויס: זי איז געגאַנגען געוואויר ווערן וואָס דינה זאַמט זיך אַזוי לאַנג ביי זיס־לען — און אָט שטייט זי גאָר און רעדט מיט כאַפּקען. איז דינה גערן אַריין אין שטוב, אויף גיך אָפּגעגעסן וועטשערע און זיך געלייגט שלאָפן. דעם קאָנווערט האָט זי געהאַלטן ביי זיך אין בוזעם.

אויף מאָרגן האָט זי אים באַהאַלטן אונטער דער פערענע. שפּעטער האָט זי אים צוריק אַריינגעלייגט אין בוזעם און זיך אַרומגעבונדן מיט אַ פאַסיק אַרום דער טאַ־ליע, און איז אַוועק צו זיסלען.

זיסל האָט זיך צו ביסלעך אָנגעהויבן אַראָפּשלעפּן פונעם בעט און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן תּלמידות, איינציקווייז. יונגע ווייבלעך פלעגן קומען קרעכצן אויף זייערע שווערע מזלות: אז ס'איז אַ פּאַפּירן לעבן... און וואָלט מען כאָטש אליין קענען אָנשרייבן וואָס מע וויל און וואָס מע פילט — אַז מע זאָל נישט דאַרפן דער־מיט אָנקומען צו אַ צווייטן...

און זיסל האָט צוגערופן דינהן:

— דינהקע, קום אַהער, טאָכטער. קענסט דאָך שרייבן אויף ענגליש — שרייב זשע אָן, זיי אַזוי גוט, דעם אַדרעס. מיר איז איצט שווער נאָכצושרייבן די פרעמדע אותיות. די אויגן טרערן און די הענט גייען נישט.

דינה זעצט זיך אַוועק און שרייבט אָן דעם ענגלישן אַדרעס.

— אָן אַן עין־הרע, ווי סע גייט ביי איר די האַנט.

— איך קען אָנשרייבן אַ יידישן בריוו קיין אַמעריקע אויך, אויב אייך איז שווער, ר' זיסל.

— איך ווייס, אַז דו קענסט. איך וויל דיך נישט באַמיען.

— ס'איז גאָרנישט.

און זי זעצט זיך אַוועק, לייענט איבער דעם בריוו וואָס דאָס ווייבל גיט איר און שרייבט אָן ענטפער. דאָס ווייבל זאָגט איר אונטער, וואָס צו שרייבן, אָבער דינה שמייכלט:

— איך האָב שוין אָנגעשריבן. באַלד וועל איך אייך לייענען.

זי ענדיקט שרייבן, און לייענט. זיסל הערט זיך איין. דבורהלע בלייבט זיצן, דעם קאָפּ אויף אַ זייט, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און קוקט אויף דינהן. דאָס ווייבל אָטעמט גיך און שלינגט איטלעכס וואָרט. דינה ענדיקט לייענען און קוקט זיך אַרום:

— גוט?

— גוט? אַ פראַגע!

— אַפּירן וואָלסטו באַדאַרפט שרייבן. א בריוושטעלער מיט בריוו וואָלסטו באַדאַרפט פּאַרפּאַסן.

— גאָלדענע הענט, אָן אַן עין־הרע.

— אַלץ קען עס, אָן אַן עין־הרע. סע פּאַרכאַפּט ביים האַרצן.

— כ׳לעבן, ר׳ זיסל, איך האָב אַליין נישט געוואוסט ווי ביטער מיר איז. מיין גאַנץ קלאָגנדיק האַרץ האָט זי דאָך אַוועקגעלייגט אויפן פּאַפּיר. אַז די הענט דיינע זאָלן דיר נאָר דינען. אַזאַ בריוו —

און זי ווישט זיך די אויגן.

דינה זיצט אַ פּאַרשעמטע. בעתן שרייבן איז זי געווען פאַרטאָן אין פאַרבענקטן ווייבלס מזל, אין איר איינזאַם לעבן. די פּען איז איר געלאָפן איבערן ווייסן פּאַפּיר, ווי אַ שליטל אויף אַ גלאַטיקן, גליטשיקן וועג. אָבער איצט האָט זי זיך פאַרשעמט. זי האָט זיך אויפגעהויבן:

— די מאַמע דאַרף מיך אוודאי אין דער היים. איך וועל דאַרפן פּייטלען צוטראָגן וואַרעמעס.

אויף אַלעמענס דאַנקען האָט זי שטיל געענטפערט:

— ס׳איז גאָרנישט. ניטאָ פאַר וואָס.

צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך, האָט זי זיך דערמאָנט אין דעם קאָנווערט. זי האָט אים אַרויסגענומען פון בוזעם, אים אַוועקגעלייגט אויף דער ערד ביי דער שוועל, אויף אים אַרויפגעטראָטן עטלעכע מאָל, אים אויפגעהויבן — און איז באַלד צוריק אַריין אין שטוב. דאָס ווייבל מיטן בריוו איז שוין געשטאַנען ביי דער שוועל, אַוועקצוגיין, און אַז דינה האָט געעפנט די טיר, איז יענע אַרויס. האָט דינה פאַרמאַכט די טיר און דערלאַנגט דעם צעטראָטענעם קאָנווערט דבורהלען:

— זעט, דבורהלע, איך בין אַרויס אַהיימצוגיין, ערשט עפּעס אַ קאָנווערט ליגט ביי אייך ביי דער שוועל.

— מאַלע וואָס עס וואַלגערט זיך אין הויף. מסתמא האָט א קינד פאַרלוירן, אָדער אַ ווייבל, וואָס איז געגאַנגען צו מיין זיסלען מיט אַ בריוו, אַן אַדרעס אָנשרייבן.

— איך איל זיך. די מאַמע דאַרף מיך. ס׳איז אַ פאַרקלעפּטער קאָנווערט. מע דאַרף אַ קוק טאָן וואָס אינעווייניק איז, איידער מע וואַרפט אים אַוועק.

זי זעט, אַז דבורהלע קוקט צום פענצטער, צום קאָנווערט. זי איז זיכער, אַז זי וועט אים נישט אַוועקוואַרפן, איידער זי וועט אים עפענען. גייט זי שנעל אַרויס פון שטוב, און אַהיים.

זי האָט זיך אָנגעבאָטן אַוועקצוטראָגן פּייטלען מיטאָג אין קראָם אַריין און בלייבן מיט אים ביז פאַר נאַכט, און מלכה זאָל זיך צולייגן, זיך אָפּרוען. מלכה האָט זיך שוין איצט גאָר שווער באַוועגט און איז איר דאַנקבאַר געווען דערפאַר.

דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער און ס׳האָט געדעגנט מיט האַרבסטיקן שפּריי. א פייכטע קעלט האָט דורכגענומען די גאַנצע לופט. אין פּייטלס אייזן־געשעפט איז

אין מיטן דער וואָך די לייזונג געווען גאָר אַ שוואַכע, סיידן אַ פּור פון אַן אַרומיקן דאָרף איז אַ מאָל צוגעפאָרן נאָך טשוועקעס אַ פונט, אָדער אַ פּאָר פונט שטריק. דינה איז אָבער געבליבן אין קראָם: — אויב ער וויל, מעג ער זיך צושפּאַרן אַ ווייל הינטערן ווענטל, אין סקלאַד אויף דער סאָפּקע. אַז סע וועט ווער קומען, וועט זי אים אויפוועקן. — גוט.

דינה איז געבליבן אַליין הינטערן געוועלבטיש, און געטראַכט — — — — וועגן זיסלס הויז, וועגן דעם בריוו, וואָס זי האָט געשריבן, וועגן דעם קאָנווערט מיטן געלט — — — האָט מען אים געעפנט?... וויפל געלט האָט זיך דאָרט געפונען?... צי וועלן זיי עס נוצן?

אָט־די זאַכן האָבן אָנגעפילט איר מוח ביז מידקייט... און זי האָט זיך פאַרבענקט נאָכן געוועזענעם — פריער נאָך קאַפּוליע, און דערנאָך נאָך איר געוועזענער היים, נאָכן שטילן דאָרף, נאָכן טאַטן, נאָך אַלץ וואָס האָט צונויפגעשטעלט איר קינדעריש לעבן, אויסגעפילט איטלעכס ווינקעלע פון איר ווירקלעכקייט און פון איר קינדערישער פאַנטאַזיע — און ווי דאָס איז אַלץ צעבראָכן און צערונען געוואָרן... עס איז איר געשטאַנען פאַר די אויגן דאָס גאַנצע דאָרף — זי האָט זיינע קליינע שטיבלעך איצט געזען ווי דורך אַ דינעם נעפּל אין האַרבסט — — פון די הויכע קוימענס ציען זיך רויכן אַרויף... די פויערטעס זיינען פאַרנומען מיטן קעמען דעם פלאַקס און גרייטן די וואָל פון די געשוירענע שעפּסן פאַרן ווינטער, אויף צו שפּינען און פאַרבן און וועבן... די פויערים דרעשן אין די שייערן... ס'האָט זיך צו איר דערטראָגן דער גאַנצער ריח פונעם דאָרף — און אַ שטאַרקע, פיזישע בענקשאַפט האָט זי אַרומגענומען...

## פאַראַסקע די משוגענע

און ווי זי איז אַזוי געזעסן פאַרטראַכט, האָט זיך שטיל געעפנט די טיר פון קראָם. זי האָט אַ קוק געטאָן צו דער טיר — איז פאַר אירע אויגן געשטאַנען פאַראַסקע, די משוגענע. ווי קומט זי אַהער, אַזש פון אוהלי? אויף דער ערשטער רגע האָט זיך דינהן נישט געגלייבט. אפשר חלומט זי? ווי האָט זי געטראָפן אַהער? אָבער ס'איז פאָרט געווען זי, פאַראַסקע.

דינה איז אויפגעשטאַנען פון הינטערן טיש. זי האָט שטום באַטראַכט פאַראַסקעס באָרוועסע, בלוי־געשוואָלענע פיס און הענט, דאָס פנים — גראָב און אויסגעשמירט, מיט גראָבע פון קעלט צעשפּאָלטענע ליפּן, דער בויך — גרויס און אָפּגעלאָזט, דער קערפּער — אין גאַנצן ווי אַן אָנגעבלאָזענער קויטיקער זאַק, ווי אָט־אָט — און זי פּלאַצט. און נאָך אַזאַ אומגליקלעך וועזן קומט פון איר אַרויס, וואַרפט זי פון זיך אַרויס כמעט יעדעס יאָר, אַרומשלעפּנדיק זיך אין די שכנישע אוהליער דערפער און פעלדער. איר האַלב נאַקעטער און האַלב אין שמאַטעס פאַרדעקטער גוף האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַזעלכס אויף צו דערמאָנען ווי גרויזאַם דאָס לעבן קען זיין צום מין מענטש.

דינה האָט איר צוגעטראָגן אַ בענקל און איר געהייסן זיצן. זי האָט זיך שווער אַוועקגעזעצט, און נישט רעדנדיק קיין וואָרט, געקוקט פאַר זיך און מיט אַ שטאַר־

צעקרימט פנים געלאַכט אָן אַ קול. דינה האָט צו איר גערעדט, אָבער יענע האָט גיט געענטפערט. אין קאָשיקל, וואָס דינה האָט אין איז געבראַכט פייטלען עסן, איז געלעגן אַן עפּל און אַן איבערגעבליבן שטיקל ברויט. האָט דינה עס דערלאַנגט פּאַראַסקען, און יענע האָט עס צוגעטראָגן צו דער נאָז, אַ טיפן שמעק געטאָן, און מיט גרויס אַפּעטיט געגומען עסן. דינה האָט ווידער געפּרואווט רעדן צו איר, אָבער יענע — פונקט ווי ס׳וואָלט דאָ קיינער נישט געווען און דאָס עסן וואָלט איר אַריינ־געפאַלן פון דער לופטן...

דינהן איז געוואָרן אומהיימלעך מיט פּאַראַסקען. זי איז אַוועק הינטערן ווענטל און אויפגעוועקט דעם ברודער. פייטל איז אריין פון הינטערן ווענטל, און גלייך ווי פּאַראַסקע האָט אים דערזען, איז זי אויפגעשטאַנען און איז צוגעגאַנגען נאָענט צו אים, און אָן קיין שום הקדמות אָנגעהויבן גלייך פון דער מיט:

— זיי האָבן מיך געשלאָגן, אויף די פעלדער און אין די וועלדער, זעסט?

און זי פאַרהייבט די צעריסענע, ברודנע שמאַטע, וואָס דאַרף דינען פאַר אַ קלייד, און ווייזט אים אַ צעביילטן לייב מיט בלויע צייכנס. פייטל רעדט צו איר מילד:

— איך וועל זיי שוין ווייזן, פּאַראַסקע. זיי וועלן דיך מער נישט שלאָגן. זעץ זיך, פּאַראַסקע, אָט דאָ לעבן אייוועלע, וועסטו זיך אָנוואַרעמען. איך וועל דיר באַלד פאַרזידן טיי.

ער שיקט דינהן עפּעס קויפן עסן. זי גייט, און קומט צוריק מיט ברויט און מיט הערינג. פייטל האָט שוין פאַרטיק הייסע טיי.

— צו מיר האָט זי קיין וואָרט נישט געוואָלט ארויסרעדן און מיט דיר איז זי היימיש. און ווי קומט זי אַהער? אַזאַ וועג!

— זי איז שוין דאָ עטלעכע מאָל געווען. זיך איין מאָל געשלעפּט דורך די פעלדער און זיך דערשלעפּט אַהער און אָנגעטראָפן אין קראָם, און פון דעמאָלט אָן געדענקט זי, און אַז זי קומט קיין פּעסאַטשנע, גייט זי גלייך צו מיר... דיך דער־קענט זי נישט, דערפאַר רעדט זי נישט צו דיר... מיט מיר איז זי דאָך אין איין עלטער. איך געדענק זי נאָך זינט זי איז געווען אַ קליין מיידעלע... איך געדענק, ווי זי האָט זיך געליבט מיט אַליאָשען, איר איצטיקן שוואָגער... געווען די שענסטע שיקסע אין דאָרף. נאָר איר שוועסטער, מאַנקע, האָט זיך אויך פאַרליבט אין אַליאָ־שען, און מיט אים חתונה געהאַט.. און זי איז געבליבן אַ טראָגעדיקע... איך גע־דענק, ווי זי האָט געהאַט דעם ממזר און מ׳האָט זי אַרויסגעטריבן פון דער שטוב... די אייגענע מאַנקע, די שוועסטער, האָט זי אַרויסגעטריבן — ס׳איז איר דער ייחוס נישט אָנגעשטאַנען... און דעם טאַטן, אולאַס דעם שיכור, געדענקסטו?

דינה שאָקלט צו מיטן קאָפּ:

— אוודאי.

—האָט ער גענומען פון דעמאָלט אָן שלאָגן פּאַראַסקען... און קיין מאַמע איז נישט געווען... האָט זי זיך אַזוי אַרומגעשלעפּט מיטן קינד אויף די הענט, וואו אַ טאָג און וואו אַ נאַכט... אַ שיינער, בלאָנדער ממזר געווען, אין דעם שיינעם טאַט־

קען געראָטן... און מיט יענער, מיט מאַנקען, האָט ער קיין קינדער נישט געהאַט. אַ מכה!... קינדער האָט זי־אָ שוין פאַר זיי אַלעמען... זינט זי האָט דערשטיקט דאָס ערשטע קינד אירס, איז זי משוגע געוואָרן און שלעפּט זיך אַזוי אַרום... אַלע מאָל אָט־אַזוי, מיטן בויך אויף דער נאָז... און האָט זיי און שטיקט זיי — און ס'אַרט קיינעם נישט... פּאַסטעכער אין די פעלדער שלאָגן זי, עסן עסט זי נישט — און זי לעבט — מאַנקען און אַליאָשען אויף צו להכעיס...

דינה, אַ פּאַרציטערטע, מיט טרערן אין די אויגן, האָט שטום געשלונגען איט־לעכס וואָרט פון איר ברודערס מויל. ער האָט ביי איר געפונען חן, ביי פּאַראַסקען, ווייל ער האָט אַ גוט האַרץ. קומט זי צו אים ווי אַ שטומער הונט צום גוטן באַלע־באָס. ווער ווייסט, האָט דינה געטראַכט, ווי אים אַליין איז שלעכט... זי האָט זיך דערמאָנט אין מיכליען — ווי מע פאָרט אויף חתונה, און וואָס פייטל האָט מיכליען געזאָגט, דעמאָלט, זיצנדיק אין וואָגן... זי האָט געקוקט פון פּאַראַסקען צו פייטלען, און געוואויגן אין זיך יעדנס צער באַזונדער.

פּאַראַסקע, אַ דערוואָרעמטע, איז איצט געזעסן ביים אויוון, און אין דרימל גע־מורמלט אומפאַרשטענדלעכע רייד. פּלוצעם רופט זי זיך אָן צו פייטלען:

— וואו איז איצט דיין טאַטע?

— ווייט־ווייט, פּאַראַסקע, אין אַמעריקע.

פּאַראַסקען אַרט נישט די ווייטקייט.

— און די מאַמע? און מלכה? און שרהקע? און איצקא איז געשטאָרבן, — איאָ? איך ווייס! צו וואָס זיינען זיי אַוועק פון דער היים? זיי האָט מען דאָך נישט גע־שלאָגן. זיי האָבן דאָך נישט דערשטיקט קיין קינדער — וואָס זיינען זיי אַוועק?

— זיי האָט מאַרקאָס איידעם אַרויסגעטריבן.

— זאָלן זיי גיין צוריק אַהיים. מאַרקאָס איידעם, דער הינטישער פּאָליאַק, איז געפּגרט. באַגראָבן האָט מען אים מיט זיין ממזר אין איינעם. זאָל דיין טאַטע צו־ריקגיין אַהיים.

פייטל מיט דינהן זיינען אויפגעציטערט געוואָרן פון פּאַראַסקעס רייד. זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָס רעדט אַ משוגענע און מע קען זיך אויף איר נישט פאַרלאָזן, אָבער זי האָט אַלץ אַזוי קלאָר געזאָגט, אַז נישט־גלייבן איז געווען אוממעגלעך. נאָר אַז פייטל האָט זי אָנגעהויבן פרעגן: ווען און ווי? — האָט זי ווידער אָנגעהויבן פּלוידערן פון די פּאַסטעכער אין די פעלדער, און ווי מע שלאָגט זי. פייטל האָט זוי־פאַר זיך גערעדט:

— ווער ווייסט? קען זיין, אַז אין אירע רייד איז דאָ אמת. מע וועט זיך דאַרפן דערוויסן.

אַ גוי מיט אַ פור איז צוגעפאָרן עפּעס קויפן. פייטל האָט אים דערלאַנגט וואָס ער האָט געבעטן און אים געבעטן, ער זאָל מיטנעמען פּאַראַסקען צו זיך אין דאָרף און זי דאָרט לאָזן איבערנעכטיקן. דער פויער האָט זי מיטגענומען. זי איז אַוועק אַ צופרידענע:

— דער הינטישער פּאָליאַק — אין דר'ערד ליגט ער. שלום וועט צוריקקומען אַהיים, אַלע וועלן צוריקקומען היים. איך וועל אויך צוריקקומען אַהיים...

יענעם אָוונט איז פּייטלס שטוב געווען פול מיט נייס — ס'איז אָנגעקומען דער פּאַס פּאַר פּאַר פּעשען מיט דינהן, און די שיפסקאַרטן אויך, אַלץ אין איין טאָג, מיט אַ בריוו פון אַמעריקע: דער טאַטע שרייבט, אַז מלכה איז מיט מזל אַ כלה געוואָרן פאַר זיין פלימעניק איסאַק. ער איז אַ גוטער, איידעלער בחור און ס'וועט זיי אם־ירצה־השם זיין גוט, ווייל ער איז אַ געלערנטער און טויג זיך אויס צום אַמעריקאַנער לעבן; אַז פּעשע וועט אם־ירצה־השם קומען, וועט מען פּראַווען מלכהס חתונה און דניאלס בר־מצווה אין איינעם; אַז אים איז אַמעריקע גאַרנישט צום האַרצן, אָבער ער האָט אין דעם קיין דעה נישט און קיין איבערקלייבער קען ער איצט אויך ניט זיין. איז זאָל פּעשע זען זיך סטאַרען און אַרויספאָרן.

פּייטל האָט איבערגעגעבן וואָס פּאַראַסקע די משוגענע האָט געזאָגט וועגן מאַרקאָס איידעם, און מלכה האָט דערציילט, אַז זיסל איז דאָ היינט שוין צוויי מאָל געווען זוכן דינהן: אין אַ צעטראָטענעם קאָנווערט, וואָס דינה האָט געפונען ביי זיין שוועל און אים איבערגעגעבן זיין דבורהלען, איז געלעגן אַ שפּאָגלנייע אַסיג־נאַציע פון גאַנצע הונדערט רובל און זיי האָבן מורא פאַר אַ נייע אומגליק. צי האָט עס זיי ווער נישט אונטערגעוואָרפן. ער איז שוין געווען ביים רב און אין שול, גע־פרעגט יידן, וואָס צו טאָן מיטן געלט. ווי קומט אין אַזאַ דלותדיק שטעטל אַזאַ זאַך, אַז הונדערטערס זאָלן זיך וואַלגערן אונטער די פיס, און נאָך וואו? ביי אים, ביי זיס־לען אויפן הויף. ס'איז נישט גלאַטיק. ווער ווייסט, מיט וואָס נאָך גאָט וויל אים שטראָפן. וואָס האָט ער זיך עס אַזוי פאַרזינדיקט ביי זיין ליבן נאָמען?...

דינהן איז ענג געוואָרן פון אַלע זייטן. מיטן געפונענעם געלט — מילא, האָט זי נישט געוואוסט ווי סע וועט זיך אויסלאָזן. אָבער מער פון אַלץ האָט זי געטראָפן דער גובערנאַטאָרסקער פּאַס מיט די שיפסקאַרטן. דאָס הייסט דאָך, אַז זי וועט מוזן פאַרלאָזן די היים, אויף אייביק, און לאָזן זיך ערגעץ צו אַן אָפּגרונט... וועגן דער צוקונפט האָט זי נישט געקענט טראַכטן, ווייל דאָס וואָס שטייט אַזוי ווייט פון דער היים, האָט זי קלאָר נישט געזען, ס'איז פאַר איר געווען ווי אַ פאַרשלאָסע־נע אומווירקלעכקייט, וואָס זי קען אין איר נישט אַריינקוקן. זי האָט געפילט, אַז זי פאַרלירט דעם באָדן פון אונטער די פיס, די ערד, די וועלט, האַלט זיך ביי אַרויס־גליטשן פון אונטער איר, און זי בלייבט אויסער איר, ערגעץ אין דער לופטן...

זי האָט אויפגעהערט עסן און שלאָפן און איז שטאַרק אָפּגעצערט געוואָרן. פּעשע האָט אַריינגערופן דעם פעלדשער, האָט ער דינהן געגעבן ווערעמקרויט פּראָשיקעס. עס האָט נישט געהאָלפן! פּעשע איז מיט איר געפאָרן קיין אוזדע צום דאָקטער. יענער האָט אויסגעפונען, אַז זי ליידט פון בלוט־אָרעמקייט און פאַר־שריבן טראָפּנס. נאָר דינהן איז נישט בעסער געוואָרן. ביז זי האָט דערהערט, ווי די מאַמע רעדט מיט מלכהן וועגן שרייבן צום אַדוואָקאַט, אַז ער זאָל פאַרלענ־גערן דעם פּאַס.

—לאָזן זיך אין וועג מיט אַ קראַנק קינד, ווינטער? וואָס וועט זי טאָן, אַז מע וועט זי חלילה פון באָד אומקערן? בעסער צוואַרטן, און אַז מע וועט לעבן, גלייך נאָך פּסח אַרויספאָרן.

דאָס האָט דינהן געהאָלפן מער ווי דאָס ווערעמקרויט. חיי־שעה איז אויך גוט. זי האָט זיך נישט געזאָרגט וועגן דעם, וואָס ס׳וועט זיין נאָך פּסח. דערוויל בלייבט זי אויף דער ערד.

זי האָט זיך ווידער גענומען צו אירע פריערדיקע עובדאָס. זי איז ווידער גע־גאַנגען יעדן טאָג צו זיסל דעם מלמד — — — מיטן געפּונענעם געלט האָט זיך איינגעשטילט. דבורהלע האָט עס אַזוי לאַנג געהאַלטן אין אירע פאַרבראַכענע הענט, ביז זי האָט זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז ווער קען וויסן דעם אייבערשטנס דרכים? אַז ביי אים איז רעכט געווען צונעמען איר איינציק אויג אין קאָפּ און זי לאָזן אַרומגיין אויף דער זינדיקער ערד, איז רעכט אַז ביי איר אויפן הויף זאָל זיך וואַלגערן א קאָנווערט מיט א הונדערטער, און אז אַזאַ גאָלדן קינד, אָן אן עין־הרע, ווי דינהלע זאָל עס איר אַריינברענגען און עס איר אָוועקגעבן, און אפילו נישט וועלן נעמען קיין פּאָר רובל דערפון אויף אַ קליידעלע אָדער אַ פּאָר שיכלעך. זי האָט אויסגעביטן די אַסיגנאַציע, טאַקע ביי פייטלען, און דאָס געלט ביסלעכווייז גע־נומען נוצן.

ווייבלעך און מיידלעך זיינען ווידער געקומען שרייבן בריוו צו זיסל דעם מלמד, אָבער מיט דער האַפענונג, אַז די בריוו וועט שרייבן דינה... און די ענט־פערס, וואָס זיינען אָנגעקומען אויף די בריוו, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן פון דיהס האַנט, זיינען געווען אַנדערש ווי ביז אַהער: מענער האָבן זיך דערמאָנט אין זייערע פליכטן, חתנים זיינען פאַרבענקט געוואָרן... דינה האָט באַקומען אַ נאָמען. מ׳האָט פון איר גערעדט, אַז פון איר וועט אַ מאָל ווער ווייסט וואָס אויסוואַקסן... און זיסל, דער ביז־איצטיקער בריוו־שרייבער, האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן, אַז אַ בריוושטעלער וואָלט מען געדאַרפט צונויפשטעלן פון אַזעלכע בריוו, און מענטשן זאָלן זיי נאָכשרייבן...

## אַ נפשל ווערט געבוירן

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט, און אין איינער אַ נאַכט האָט מען געשפּאַנט אַ שליטן מיט ווייך בעטגעוואַנט — מיט צוויי פערד — און פייטל איז מיט מלכהן אָפּגעפאָרן קיין אוזדע. נאָך דריי טעג איז פייטל צוריקגעקומען אַ בלייכער און אויס־געמאַטערטער, נאָר אַ צופרידענער שמייכל האָט באַלויכטן זיין הויכן שטערן: נאָך גרויסע מאַטערנישן פון אַ נאַכט מיט אַ טאָג, האָט מלכה געבוירן אַ טאָכטער, אַ שיין פּיצל מיידעלע מיט אַ קיילעכדיק פּנימל און פּיטשינקע הענטעלעך.

פעשע האָט אָנגעבאַקן פּוטערקוכן, אָנגעגאָסן פלעשלעך מיט וויין און סלאָיעס מיט ווישניק און איינגעמאַכץ — או איז מיט דינהן אַוועקגעפאָרן קיין אוזדע צו דער קימפּעטאָרין.

מלכה, ליגנדיק אין בעט אין אירע שיינע נאַכטהעמדער, האָט אמת געלויכטן. און צו דינהן האָט זי מיט אַ שטיפערן שמייכל געזאָגט אין דער שטיל:

— איצט וועל איך זיי האָבן אין באָד, די פעסאַטשנער גרויסע מוחות. מיר וועט שוין נישט זיין אַזוי אומעטיק. איך האָב אַ טאָכטער, וועל איך מיט איר פאַר־ברענגען, און דיך, דינהלע — אז דו וועסט זיך נאָר לייטיש אויפפירן, וועל איך

דיך אויך לאָזן פאַרברענגען מיט מיין טאָכטער. ס'איז, פאַרשטייסטו מיך, אַ באַ־רישניע, נישט אַבי ווער; אַ גרויסשטאָטיקע, אַ געבוירענע אין אוז־דע...

דינה האָט וואַרעם און ליב געקוקט אויף מלכהס שיינקייט און מוטערלעכער פרייד.

מלכה איז פאַרבליבן אַ חודש צייט אין אוזדע. דערנאָך איז פייטל ווידער אַוועק מיט אַ ווייך־אויסגעבעטן שליטן, און אַהיימגעבראַכט די יונגע מוטער מיטן קינד — אַ שיין מיידעלע, מיט ליכטיקע אויגן. מ'האָט איר אַ נאָמען געגעבן ריי־זעלע — נאָך מלכהס מוטער. פייטלס שטוב איז געוואָרן פולער און ליכטיקער.

פעשען איז ווידער אָנגעקומען א בריוו פון שלומען, פון אַמעריקע: ער שרייבט, אַז מלכה האָט שוין מיט מזל חתונה געהאַט, און אַז אים איז אייגזאַם. ער איז איצט אָן אַ באַלעבאָסטע אין שטוב. פעשע זאָל זען און זיך אָפּפאַרטיקן און אַרויספאָרן.

דינהן איז ווידער שווער געוואָרן אויפן האַרצן. זי האָט ווידער אָנגעהויבן זוכן אַ וועג זיך צו באַהאַלטן פון דערווירקלעכקייט, וואָס גייט אויף איר... זי האָט אָבער געפילט, אַז דאָס וואָס איז ביז איצט געווען ווייט און נישט זיכער, נעענטערט זיך איצט און ווערט אומפאַרמיידלעך — אָט־די אַמעריקע, וואָס ליגט ערגעץ אויף יע־נער זייט ערד... זי וועט זיך מוזן אָפּרייסן פון דער ערד, וואו זי איז געבוירן גע־וואָרן און וואו זי האָט אירע ערשטע טריט געשטעלט. זי וועט מוזן זיך אָפּרייסן פון איר עקזיסטענץ, פון אַלץ וואָס שטעלט צונויף זי און איר וועלט. דאָס שפּעטער־דיקע, וואָס וועט קומען דערנאָך, האָט זי נישט געזען אין איר דמיון. זי האָט נאָר געפילט ווי זי שטייט אויף אַ ברעג פון אַ תהום, פון אַ פינצטערניש. זי האָט עס געוואָלט פון זיך כאָטש דערווייטערן. זי וועט צוריקפאָרן קיין קאָפּוליע. זי מוז פאָרן קיין קאָפּוליע.

פעשע איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן צוגרייטן זיך, און דינה האָט זיך איר נאָר געדרייט אונטער די פיס. זי וועט זי אַוועקשיקן קיין קאָפּוליע. זאָל זי פאָרן. זי זאָל איר נאָר ווידער חלילה נישט קראַנק ווערן. איז אַז פעשע איז געפאָרן קיין סלוצק איינקויפן נייע זילבערנע לייכטער מיטצונעמען קיין אַמעריקע, און אַ גאַנג זילבערנע לעפל, גאָפּל און מעסער, מלכהן דרשה־געשאַנק, און צוויי פאַטשיילעס, פאַר זיך און פאַר מלכהן, איז פאַרנדיק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אין קאָפּוליע ביי ראָדען, און דאָרט איבערגעלאָזן דינהן.

אין ראָדעס שטוב איז דינה געווען דער אייגענער אָנגעלייגטער גאַסט, ווי אַלע מאָל. יעדן איינעם איז געווען אַ שאָד דינהס אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. שפּרינצע האָט איר גענייט אַ קליידל פון העלן באַטיסט, מיט אַ קורץ זשאַקעטעלע פון גרינעם געוואַנט, איר זאָל זיין וואַרעם אויף דער שיף. ביים נייען האָט זי אַלץ געקוקט אויף דינהן און אַלע מאָל אָפּגעווישט אַ טרער פון הינטער די אויגנגלעזער:

— עפּעס היינט טרערן מיר די אויגן, מסתמא דער וועטער.

און ראָדע האָט געקוקט אויף דינהן און געזיפצט, און איר „צוגעזאָגט”, אַז לאַנג וועט זי אין אַמעריקע נישט זיין... זי וועט צוריקקומען::: פאַר איר וועט אַמע־ריקע נישט טויגן... און אַלע מאָל האָט זיך אַ טיפער זיפץ אַרויסגעריסן פון איר האַרצן.

ערגער פון אַלעמען איז געווען דינהן אַליין. זי פלעגט זיצן ווי אַ שטומע — נישט רעדן און נישט הערן וואָס די אַרומיקע רעדן. מאָטל פלעגט זי טרייסטן, אַז נאָך אַלעמען איז עס נישט אַזאַ גרויסע וועלט, אַז סע וועט אין גיכן קומען אַ צייט, ווען לענדער מיט לענדער וועלן זיך דערנענטערן און מע וועט קאָנען גאָר אין אַ קורצער צייט דערפאָרן און אפילו דערפליען, ווי די פייגל, פון איין לאַנד צום צווייטן...

ביי אַזעלכע רייד מאָטלס פלעגט דינה פאַרלירן די געדולד: — אַז אין אַלע נאַ־רישקייטן גלייבט ער!... ווי פייגל וועט מען פליען!... און אַז מע וועט אַראָפּפאַלן און חלילה דערהרגעט ווערן, וואָס וועט זיין? זאָל ער שוין בעסער נישט רעדן קיין נאַרישקייטן. צו אַלץ איז דאָ אַ שיעור און אַ מאָס!...

מאָטל פלעגט אומעטיק שמייכלען פון דינהס איינגעשפּאַרטקייט. נאָר דינה האָט זיך אַלץ נישט באַרואיקט:

— אַז עס וואָלטן נישט געווען קיין שיפן וואָס פאָרן איבער ימען, וואָלט גע־ווען בעסער... וואָלט קיינער פון דער היים נישט אַוועקגעפאָרן און קיינער וואָלט נישט דערטרונקען געוואָרן. מיט אַ שיף קען מען זיך דערטרינקען.

— אָבער נישט מיט אַ לופטשיף.

— אוי, הער שוין אויף צו רעדן נאַרישקייטן, מאָטל, מיט אַ לופטשיף!... מע קען דאָך חלילה אַראָפּפאַלן און צעשמעטערט ווערן אויף פּיצלעך!

אָט־די געשפּרעכן פלעגן פירקומען צווישן דינהן מיט מאָטלען ביי נאַכט, פון די בעטן וואָס זיינען געשטאַנען איןביידע עקן צימער. און גערעדט האָבן זיי שעפּ־טשענדיק, אַז נאָסקע, וואָס שלאָפט מיט מאָטלען, און ריוועלע, וואָס שלאָפט מיט דינהן, זאָלן זיך נישט וועקן. אַזוי פלעגן זיי רעדן ביז שפּעט ביי נאַכט, ביז מאָטל פלעגט הייסן דינהן איינשלאָפן און דינה פלעגט צו זיך אָנהייבן לייענען קריאת־שמע און פרעגן גאָט אַלערליי פראַגעס אין מיטן דעם לייענען, און זיך אַליין ענט־פערן מיט שווערע זיפצן, וואָס זיינען ווי שטיינער אַראָפּ פון איר קינדעריש האַרץ.

---

די מאַמע האָט זיך אָפּגעזאַמט צוויי וואָכן אין סלוצק, און אויף צוריק וועגס זיך אָפּגעשטעלט ביי ראָדען, געוואָלט מיטנעמען דינהן קיין פּעסאָטשנע. אָבער מיט ראָדעס הילף האָט זיך דינה אָפּגעבעטן און איז געבליבן אין קאַפּוליע. אָבער דער געפיל, אַז זי וועט באַלד מוזן פאַרלאָזן אָט די ערד, וואָס האַלט זי אויף זיך, האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מער צו שטאַרקן אין איר. זי האָט מורא געהאַט דערפאַר. וואָס טוט מען? און סע מוז געטאָן ווערן טאַקע באַלד. די מאַמע קען אָנקומען און זי צונעמען, און דאַן וועט זיין צו שפּעט. זי האָט געוואַרט. ס'איז דאָך נישט מעג־לעך, אַז די מאַמע זאָל אַוועקפאָרן אויף אַלע מאָל פון אַ היים, וואו זי לאָזט איבער אירע קינדער אויף אַ בית־עולם — און אפילו נישט גיין זעגענען זיך מיט זיי. ט'איז נישט מעגלעך. זי געדענקט נאָך ווי איצט, ווי די מאַמע איז קראַנק געווען אַ לאַנגע צייט נאָכן טויט פון איר שוועסטערל פריידעלע. און איטשע איז דאָך שוין געווען אַ גרויסער ווען ער איז געשטאָרבן — און די מאַמע וועט עס אַוועקפאָרן

און איבערלאָזן די קבֿרים פֿון צוויי קינדער אזוי עלנט און אַליין אויפֿן בית־עולם? זי וואַרט — אַז די מאַמע וועט צוריקקומען קיין קאַפּוליע, וועט זי זיכער גיין אויפֿן בית־עולם און וויינען איבער די קבֿרים פֿון אירע צוויי קינדער, אַז זיי זאָלן איר מוחל זיין — זי וואָלט זיך פֿון זיי נישט אָפּגעריסן, נאָר דער טאַטע שרייבט אַז זי מוז קומען. — אַזוי וועט זיין.

אָבער דינה האָט זיך אויף דער מאַמען נישט דערוואַרט: אַנשטאָט דער מאַמען איז אָנגעקומען אַ בריוו פֿון איר, אַז זי פֿאָרט איצט קיין אוהלי, און אַז פֿרייטיק וועט דער פֿעטער יאַנקל קומען נאָך דינהן און זי נעמען קיין אוהלי, און פֿון דאָרט פֿאָרן גלייך צוריק קיין פּעסאַטשנע, און פֿון דאָרט — קיין אמעריקע.

דער בריוו איז אָנגעקומען דינסטיק. אין גאַנצן געבליבן דריי טעג צו זעגע־נען זיך מיט קאַפּוליע, מיט ראָדעס שטוב — און די מאַמע קומט נישט און וועט נישט גיין זיך געזעגענען מיט אירע צוויי קינדער, וואָס זי לאָזט דאָ איבער אויף אייביקן הפקר. איז דינה יענעם פֿאַרנאַכט אַליין אַוועק צום בית־עולם. אַרומגע־גאַנגען אַרום פֿאַרקאַן און געזען, אַז קיינער איז נישטאָ, האָט זי אויסגעקליבן אַן אָרט וואו דער פֿאַרקאַן איז נידעריק, און איז אַריבער. זי האָט געפֿונען איטשעס קבֿר, און זיך אַראָפּגעלאָזט ביי דער זייט פֿון דער מצבֿה.

אזוי איז זי געזעסן ביז די קילקייט פֿונעם ווינט צווישן די ביימער האָט זי דורכגענומען, און זי האָט אַרויפֿגעקוקט און דערזען די טונקלקייט פֿונעם אָוונט. מיט אַ שווער האַרץ האָט זי זיך אויפֿגעהויבן און זיך געלאָזט זוכן נאָך אַ קבֿר, א קבֿרל — אָבער זי האָט עס נישט געפֿונען. זי איז אריבער דעם פֿאַרקאַן, און מיט פֿאַרטראַכטע טריט איבערן פֿעלד, — צוריק צום שטעטל, וואו ס׳האָבן שוין גע־בליצט די פֿלעמלעך פֿון די לאָמפּן דורך די פֿענצטער.

פֿרייטיק ביי טאָג איז געקומען אַ פֿור פֿון אוהלי, מיט אַ בריוועלע פֿון פֿעשען, אז דינה זאָל קומען אויף שבת, און צוריקפֿאָרנדיק קיין פּעסאַטשנע, וועלן זיי זיך אָפּשטעלן אין קאַפּוליע זיך געזעגענען.

איז דינה אַן אומעטיקע אַרויף אויפֿן וואָגן. וואַסיל האָט איר געהייסן זיך זעצן לעבן אים, אויף א דין ביסל היי אין א זעקעלע, אז סע זאָל איר זיין ווייכער צו זיצן.

וואַסיל האָט גערעדט צו דינהן און זי געוואָלט אַ ביסל פֿריילעך מאַכן — אָבער זיין קול איז אַליין געווען אומעטיק און אים איז אַליין געווען שלעכט. זינט שלומס אָפּפֿאָרן איז אים געווען ביטער. ער האָט זיך אָנגעדוגנען וואו נאָר ס׳האָט זיך גע־לאָזט, אָבי נישט אַרומגיין ליידיק. ענג זיינען פֿאַר אים געווען די ווענט פֿון זיין איינגעפֿאַלענער כאַלופּע, וואו זיין ווייב, די ברייט־בוזעמדיקע אַליאַנע, האָט זיך גע־פֿאָרעט מיט די ווייסקעפּיקע אָפּגעריסענע און באָרוועסע קינדער. רעדן צו זיי און שרייען אויף זיי — פֿלעגט זי האלב אויף גויאיש און האלב אויף יידיש — ווי זי וואָלט נאָך אַלץ געווען ביי שלומען אין שטוב...

וואַסיל האָט מיט אַ געמאַכטער פֿריילעכקייט אַ זאָג געטאָן:

— וואָס, דינקע, פֿאָרסט קיין אַמעריקע?

דינה האָט געענטפערט אומעטיק:

— איך ווייס נישט... אַז די מאַמע זאָגט: מע פאָרט, וועט מען מסתמא פאָרן.

— זאָלסט דאָרט רעדן צו דיין טאַטן, דינקע, אים זאָגן, ער זאָל מיך אויך אַרויס־נעמען אַהין — איך וועל אים דינען ווי ביז איצט. וועסט אים זאָגן?

— איך וועל אים זאָגן. אָבער צו וואָס דאַרפסטו פאָרן אַזוי ווייט פון דער היים? און וואָס וועט ווערן פון אָליאַנען מיט די קינדער?

— איך וועל נאָך זיי שיקן. ווי דיין טאַטע נאָך דיר און דיין מאַמען...

— פאָר נישט, וואַסיל. בעסער בלייב דאָ. איך וויל אויך נישט פאָרן. דאָ איז דאָך אונדזער היים.

וואַסיל איז בייז:

— אונדזער היים... אַ שיינע היים — דיין טאַטן ווי אַ הונט אַרויסגעטריבן פון זיין אייגענער שטוב און פון זיין גוט. דער פאַרשיווער הונט... די ערד זאָל אים נאָר נישט האַלטן. אַרויסגעטריבן דיין טאַטן און אַליין אין דר׳ערד אַריין. זאָל ער פוילן! איך האָב זיך געגומען צום טרינקען. פון דאָסאַדע טרינק איך זיך אָן און קום אַהיים און שלאָג אָליאַנען מיט די קינדער.

דינה איז אַ פאַרציטערטע:

— שלאָגסט אָליאַנען, אוסטינען און אַרכיפּן!? מע טאָר נישט, וואַסיל. מיין טאַטע וואָלט עס דיר נישט פאַרגעבן, וואַסיל: שלאָגן זיך? שלאָגן אָליאַנען מיט די קינדער?!

— ווי גאָט איז מיר ליב, — מאַכט וואַסיל, אַ פאַרשולדיקטער — דינקעלע, דו קענסט דאָך מיך. איך האָב דאָך קיינעם קיין מאָל נישט געשלאָגן. אָבער דאָס איז פון דאָסאַדע. איך געפין זיך קיין אָרט נישט. זאָג מיר צו, אַז דו וועסט בעטן דיין טאַטן, ער זאָל נאָך מיר שיקן.

— זאָג מיר צו, אַז דו וועסט אָליאַנען און די קינדער מער נישט שלאָגן, וועל איך בעטן דעם טאַטן, ער זאָל נאָך דיר שיקן, — אויב איך וועל נאָר אַליין אַהין קומען.

— וואָס הייסט, אויב דו וועסט קומען? פאָרסט דאָך.

דינה, אַ צופרידענע:

— מע קען מיך נאָך אומקערן פון דער באָד. — מע זאָגט, אַז מע קערט אום אַ סך מענטשן פון דער באָד, צוליב טראַכאָמע, און אַז מע געפינט עפּעס סימנים אויפן לייב. און איך האָב אַ גרויסן צייכן אויף אַ פוס. מע וועט מיך אפשר אומקערן.

— גאָט זאָל היטן!

— און איך בעט גאָט. אַז מע זאָל מיך נישט דורכלאָזן.

— אַ נאַריש מיידל ביסטו, דינקע. וואָס הייסט, אַלע וועלן זיין אין אַמעריקע און דו דאָ?

— דאָס איז גאָרנישט. איטשע בלייבט דאָ אויך אליין און פריידעלע...

וואַסיל צילמט זיך:

, וואָס דו רעדסט עס, דינקע. אין נאָמען פון דער הייליקער מוטער, זיי זיינען דאָך טויט. ווי זאָלן זיי מיטפאָרן?

— איז נאָך ערגער, אַז זיי זיינען טויט און קענען נישט מיטפאָרן, טאָר מען די קברים נישט איבערלאָזן אַזוי עלענט אויף אַלע מאָל, אויף אייביק.

וואַסיל פאַרטראַכט זיך.

— וואָס זי רעדט עס — וואָלסט געוועזן מיט פייטלען, ווען דו וואָלסט דאָ געבליבן.

— ביין. נישט מיט פייטלען. איך וואָלט געוועזן אין קאַפּוליע ביי ראָדען.

— כ'לעבן, איך פארשטיי דיך שוין גאָר נישט. וואָס דו רעדסט עס פאר אַ רייד....

די פור האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער שטוב, וואָס איז אַ מאָל געוועזן שלומס שטוב און דינהס היים. איצט איז זי געשטאַנען שטום און קאַלט, די שויבן האָבן שטאַר און פאַרלאָזן געקוקט אַרום זיך.

פון אַ זייטיק שטיבל האָט זיך געעפנט אַ טיר. יאַנקל איז ארויס אַ פריילעכער, ווי תמיד.

— קום אריין, דינהלע. קום. איך וועל דיר העלפן. וועסט זיך אָנווארעמען, עפּעס עסן. די מאַמע איז אין דאָקטערוויטש, וועט באַלד צוריקקומען. קום אַריין.

דינה איז אים נאָכגעגאַנגען ווי אין אַ חלום. אַריין, און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק ביים טיש. דאָס שטיבל האָט איצט געהאט דעם אויסזען פון אַ פאַר־לאָזענער שפּייכלער. יאַנקלס קינדער זיינען געזעסן אָפּגעריסענע אַרום נידעריקן אַלטן אויוון און זיך געקוויקט מיט שטיקער געלן קעז, וואָס האָט אויסגעזען ווי פּראָסטע זייף...

— דאָס איז טייערער האָלענדער קעז, דינהלע, וואָס יאַנקל דער פאַקטער וואַרפט אַרויס צוליב דעם קלענסטן בראָק. ווייל דער קעז וואָס מע שיקט זאַגראַ־ניצע, מוז זיין אָן דער מינדסטער פּגימה. און ווי נאָר אַ קעז שפּאַלט זיך אָן אָדער פּלעקט זיך, קען מען אים שוין מער נישט נוצן. איז אַ דאַנק דער משוגענער זאַג־ראַניצע לעב איך מיר מיט די קינדער ווי די קייסאָרים, מיטן טייערסטן קעז. אָבער קינדער זיינען פאָרט קינדער, און פאַרשטייען נישט דעם טעם און האָבן נישט קיין שכל. זיי ווילן ברויט. ברויט זאָל איך זיי געבן. איז דען קעז נישט געשמאַ־קער פון ברויט? פאר איין פונט קעז קויפט מען דאָך דריי פונט ברויט... אָבער קענסט זיין נישט איינרעדן. ברויט און ברויט! נאָר באַלד וועט זיין ברויט אויך. באַלד וועט קומען די מומע פעשע פון דאָקטערוויטש, וועט שוין זיין ברויט. די מומע כאַשע וועט שיקן אי ברויט, אי חלה.

אויף אָט די רייד האָבן די דריי פאַרשוינען פון ארום אויוון, מיט די שטיקער אַלטן קעז אין די הענט, אויסגעקירעוועט די פּנימער צום פריילעכן טאַטן. און מיט גלאַנציקע אייגעלעך און האַלב ־ אָפענע מיילער אַרויפגעקוקט אַהין, פון וואַ־נען עס האָבן זיך געטראָגן די וואונדערלעכע קלאַנגען: ברויט — חלה — און יאַנקל, נאָך אַזאַ הערלעכער דערקלערונג, האָט זיך אַ צופרידענער גענומען פאָרען אַרום אויוון:

— אַט וועל איך פֿאַרזידן וואַסער. און דו, חיים־מאָטקע, כאַפּ זיך אַריין צו כישען און בעט לייען אַ קאָפּ טיי און עטלעכע שטיקעלעך צוקער — וועט דינהלע טרינקען אַ גלאָז טיי מיט אַ טייער שטיקל האָלענדער קעז, אָבער טאַקע פּערווי סאָרט.

דינה, דערהערנדיק איר נאָמען, האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון שלאָף, און ערשט איצט באַנומען וואָס דער פעטער האָט געזאָגט.

— אַ דאַנק, פעטער, איך בין נישט הונגעריק. איך וועל וואַרטן ביז די מאַמע וועט קומען, וועלן מיר עסן אין איינעם.

— נו, אַז דו ווילסט וואַרטן אויף דער מאַמען, איז מהיכא־תיתי. ס'וועט זיין חלה און ברויט און פיש, א שבת כיד־המלך.

## שטיל לעבן

דינה האָט זיך שטיל אַרויסגעמאַכט פון דער שטוב: זי וועט צוגיין צו פייסען זיך זען מיט די קינדער. אַז די מאַמע וועט קומען, וועט זי צוריקקומען.

פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר, איז זי געבליבן שטיין. די זון האָט דורכן טאָג אָנגעברענט די וואַנט פון דער גרויסער שטוב, און דינה האָט אויף איר אַרויפּ־געלייגט די האַנט, ווי אַ מאַמע וואָס טאַפּט אָן דעם שטערן פון אַ קראַנק קינד, ווען סע שלאָפט. און אזוי, פירנדיק מיט דער האנט איבער דעם ווארעמען געהילץ, האָט זי זיך דערשארט ביז צו דער טיר, האָט אָנגערירט דאָס אָנגעווארעמטע שטיקל אייזן, די קליאַמקע. ס'האָבן איר א ציטער געטאָן די פיס. זי האָט א פּרואוו געטאָן די קליאַמקע , און די טיר האָט זיך נאָכגיביק געעפנט, מיט אַ לייכטן, דינעם סקריפּ. זי איז שטיינגעבליבן פאר דער אָפענער טיר, און מיט שרעק אריינגע־קוקט אין דער גרויסער פּוסטינע, וואָס האָט זי א רגע געשראָקן און אויסגעזען ווי אַ ווייטע, טיפע הייל, וואו די זון האָט דוורכגעלויכטן מיט אַ לאַנגן, דינעם שטראַל און געוואָרפן אַ דינעם שאָטן פאַראויס אויפן נאַקעטן דיל. אירע אויגן האָבן נאָכ־געפאָלגט דעם טאַנצנדיקן, מינענדיקן שטראַל. זי איז אַריבער דעם שוועל און שטיל פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. דאָס אָרט, וואו דער זונשטראַל האָט פריער דורכגעלויכטן, איז איצט געוואָרן גרוי און אויף א רגע נאָך טונקעלער ווי דער גאַנצער אַרום.

זי האָט זיך אַרומגעקוקט. אַלץ האָט אויסגעזען גרוי און פאַרגליווערט, ווי אַ בילד פון אַ שטיל לעבן, איינגעפאַסט הינטער גלאָז. עס האָט זי אַרומגענומען אַן אומהיימלעכקייט. זי איז אַרויס פון דעם גרויסן פירהויז, געעפנט די טיר — ווי אַ גנב ביים אויספּרואוון, צי די שטוביקע זיינען נישטאָ — און זיך שטיל אַריינ־געשלייכט אין דער גרויסער קאַמער, אין שולזאַל. — די אייגענע שטילקייט, נאָר דורך א פענצטער האָט די זון געוואָרפן אַן אָפּשיין פון צווישן צוויי הויכעביימער, וואָס זיינען געוואַקסן ביים צאַם פונעם הויף. די שולקאַמער האָט אויסגעזען פאַר־לאָזן ווי נאָך א פּאָגראָם... דער ארון־קודש מיטן גרינעם פאַרשטויבטן פּרוכת, מיט די צוויי אויסגענייטע גאָלדענע כרובים, מיט שטויב אויף די פליגל — איז געשטאַנען דאָרט וואו תמיד. די אויסגעשניצטע מזרחים־בילדער, מיט די לייבן פון

ביידע זייטן, מיטן גרויסן ירושלים־וואנטבילד, וואָס מלכה האָט נאָך מיט אירע קינ־דערשע הענט אויסגענייט, מיט די אייביק־גרינע טאָפּאָלן, און די טויב מיט די אַראָפּגעלאָזטע פליגל אויף דער הייליקער חרובער וואַנט — זיינען אַלע געהאַנגען דאָרט וואו אַ מאָל. נאָר דינער, ציטערנדיקער שפּינוועב האָט באַצויגן די ראַמען פון די בילדער און געוועבט דינע שנורן איבערן גלאָז. — דער ש״ס גמרות, די לאַנגע בענק, אפילו דער הענגלייכטער, מיט די קונציק - געדרייטע רערן, איז גע־האַנגען וואו תמיד אונטער דער סטעליע, נאָר דער גאָלדיק־גלאַנציקער מעש איז געווען פאַרצויגן מיט א גרינעם, פייכטן זשאַווער.

זי איז געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטע, ווי זי אַליין וואָלט אויך געווען איינע אַט פון די טויטע זאַכן אין דער פאַרלאָזענער, מיט שפּינוועב פאַרצויגענער שטוב. דער פּאַס ליכט, וואָס האָט זיך דורכגעזיפּט פון צווישן די ביימער און דורכגעלויכטן אין שולקאַמער אריין, האָט אָנגעהויבן צו ווערן שמעלער, און דער אָפּשיין פון דעם זונשטראַל האָט זיך איצט אויסגעלייגט איבער דער טיר צו דער קיך. דינה איז ווידער ווי אין שלאָף נאָכגעגאַנגען דעם שטראַל און דערפילט איר האַנט אויפן טירהענטל. מיט אַ לייכטן ריר האָט זיך די טיר צו דער גרויסער קיך גע־עפנט, און דער שטראל האָט זיך אויסגעצויגן אין אַ שמאָלן פּאַס איבערן דיל פון דער קיך. דינה איז אים נאָכגעגאַנגען. — די טיר איז געבליבן שטיין אָפן צווישן די צוויי חדרים. די פּאָליצעס, וואו די קופּערנע און מעשענע טעפּ זיינען געשטאַנען און פאַרלויכטן די ווענט מיט זייער גלאַנץ, זיינען איצט געשטאַנען ליידיק. ביי דער וואַנט צווישן פענצטער און דרויסן־טיר, וואו ס׳איז געשטאַנען דאָס גרויסע האַנטפּאַס, מיטן גרויסן קופּערנעם קענדל, און די וואַסער־באַליע ביי דער זייט, איז איצט געווען ליידיק, נאָר גרינלעכע רייפן פון שימל — דאָרט וואו די כלים זיינען יאָרן לאַנג געשטאַנען מיט אַזאַ זיכערקייט. זי האָט לאַנג געקוקט אויף די גרינע שימלרייפן. טרערן האָבן זיך איר אָנגעהויבן שטעלן אין די אויגן.

## גרוליאַ

פּלוצעם האָט זי דערהערט א פאַרחלשטן, דינעם מיאַו. זי האָט זיך מיט שרעק גענומען אַרומקוקן. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט, וואו דער אויוון איז געשטאַנען איינגעמויערט. באַלד האָט זי ווידער דערהערט דעם מיאַו, נאָר א ביסל דייטלעכער און לענגער, ווי אין אַ געבעט. זי איז צו צום אויוון און געקוקט אונ־טערן פריפּעטשיק אין קאָטוך אַריין, אָבער באַלד האָט זיך דערהערט דער בעטנ־דיקער, שוואַכער מיאַו פון אויבן, איבער דינהס איינגעבויגענער פּלייצע. האָט זי זיך אויפגעהויבן, אַריינגעקוקט אין אויוון און — דערזען אַן אויסגעמאָגערטע, לאַנגע, גרויע קאַץ, פאַררוקט אין טיפן אָפענעם אויוון, ווי אין אַן אָפענעם פינצטערן גרוב: דינהן איז זייער אומהיימלעך געוואָרן. אָבער באַלד האָט זי דורכגענומען אַ ציטער אי פון שרעק, אי פון פרייד: גרוליאַ!

די אויסגעצויגענע, לאַנגע, מאָגערע קאַץ האָט זיך אויפגעהויבן, זיך אַוועק־געשטעלט און אָנגעהויבן אַרויסגיין פונעם אָפענעם אויוון, צוגעגאַנגען צום פריפּע־טשיק און אויפגעהויבן די גרינע, פאַרטרערטע אויגן צו דינהן. דינה האָט איר

מיט ציטערדיקע פינגער אַ גלעט געטאָן איבער דער גרויער, מיט אַש פאַרשטויב־טער, אויסגעמאָגערטער פעל. די קאַץ האָט זיך מיט אַ לייכטן שפּרונג אַראָפּגעלאָזט צו דינהס פיס און זיך אָנגעהויבן מעסטן מיט די דאַרע פיס אויף אַהין און צוריק אַרום דינהן, און מיט אַ שוואַך, פריידיק כאָרכלען און מיאַווקען געגומען ווי אויס־דערציילן פאַר דינהן איר גאַנצע איבערלעבעניש, אירע לייד, זינט דאָס הויזגע־זינד האָט די שטוב פאַרלאָזן.

דינה האָט זיך אַראָפּגעבויגן און אויפגעהויבן גרוליאַן אויף די הענט, זי גע־גלעט, צוגעלייגט דעם קאָפּ צו איר פעל, און איז מיט איר אַרויס פון דער שטוב, צוריק צום פעטער יאַנקל, און געבעטן פאַר איר אַ ביסל מילך. דער פעטער יאַנקל איז אַריין אין התפעלות:

— מליך? אוודאי! פיל דו ווילסט. חיים־מאָטקע, לויף גלייך צו צו אַליאַנען, בעט אַ ביסל מילך... נו?

דאָס מאָל האָט שוין דינה חיים־מאָטקען נישט אָפּגעשטעלט. חיים־מאָטקע איז באַלד צוריקגעקומען מיט אַ קריגל מילך און געזאָגט דעם טאַטן, אַז אַליאַנע האָט באַפוילן, אַז ער זאָל אַליין קומען און מעלקן זיין בהמה, וועט ער פאַרשפּאָרן זיצן מיט די קינדער אָן מילך און וואַרטן ביז זי וועט עס אים ברענגען יעדן טאָג.

דינה האָט אָנגעגאָסן אַ טעצעלע מילך אויף דער באַנק און געהאַלטן די אויס־געפינצטערטע גרוליאַ איבער דער מילך. גרוליאַ האָט געלעקט פון דער מילך ווי אין שרעק ניט צו פאַרלירן דאָס וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געזוכט. ביי יעדע פּאָר לעק האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געקוקט צו דינהן...

די טיר האָט זיך ברייט צעעפנט און אַליאַנע איז אַריינגעקומען מיט אויסגע־שפּרייטע אָרעמס:

— דינקאַ! זע נאַר — זי האָט זיך אָבער פאַרט דערוואַרט! דוכט זיך: אַ קאַץ — און דערקענט דער באַלעבאָסטעס האַנט. פיל איך האָב זי נישט צערופן און צו זיך אַהיים געגומען, געקאַרמעט מיט מילך ווי אַן אייגן קינד, די קינדער האָבן זי געניאַנטשעט, געטרייסט, געוואָלט זיך שפּילן מיט איר — און גאָרנישט! איי־דער מ׳האָט דאָס אויג אָפּגעקערט — שוין נישטאָ! וואו איז גרוליאַ? אַ נעכטיקער טאָג. זי איז שוין פאַרשוואונדן און שוין צוריק אין אויוון. אַ רחמנות מיר געווען אויף דער שטומער באַשעפעניש. אַ מענטש בענקט דאָך אויך... אָט האָט וואַסיל זיך גענומען צום טרינקען, פון דאָסאַדע — טרינקען און ווײנען און שלאָגן מיך מיט די קינדער. אַ מאַנסביל מעג אַלץ. וויניק בענק איך דען? עס רייסט מיר דאָס האַרץ, אַז איך טראַכט פון דעם וואָס ס׳איז פאַרלאָפן. מיין היים געווען. די קינדער האָב איך דאָך צעהאָדעוועט.

זי בייגט זיך צו צו דינהן און גיט איר אַ קוש אויפן קאָפּ.

— אוי, דינקאַ דינאָטשקאַ, די ערד זאָל אים נאָר נישט האַלטן, דעם פוילישן הונט. אומגליקלעך האָט ער אונדז געמאַכט. איצט רעדט ער נאַר, מיין וואַסיל — ער וועט קיין אַמעריקע פאָרן. צום פּאַני סאָלאָם וועט ער פאָרן, קיין אַמעריקע, און מיך דאָ מיט די קינדער איבערלאָזן, מיט מיין פינצטערער דאָליע.

אַליאַנע ווישט זיך די אויגן. דינה טרייסט זי:

— אויב ער וועט פאָרן, אָליאַנע, וועט ער שיקן נאָך דיר מיט די קינדער. ער האָט עס מיר אַליין געזאָגט.

— גוט, דינקעלע, נישט אומזיסט האָב איך דיך אויף מיינע הענט געטראָגן, דיך געלערנט מאַכן האָמויצע איבערן ברויט, ווען דו האָסט פּסח קיין מצה נישט געוואָלט עסן — געדענקסט?

דינה שמייכלט פאַרשעמט:

— איך בין געווען אַ קליינע.

— אוודאי אַ קליינע. איצט וואָלסטע עס שוין נישט געטאָן. פּסח איז פּסח. ביסט אַ באַזשנע מיידל, דינקע. איך ווייס עס — אַ באַזשנע.

זי מאַכט זיך פּלאַץ לעבן דינהן אויף דער באַנק, קעגן איר, און גלעט גרוליאַן:

— דינקע, ער האָט עס דיר טאַקע אליין געזאָגט? ער וועט נאָך מיר שיקן פון אַמעריקע? זאָג, דינאַטשקאַ.

— יע. היינט, פאַרנדיק פון קאַפּוליע, האָט ער עס מיר געזאָגט.

— גוט, דינקע, רעד צו דיין טאַטן. איך וועל בעטן די מאמע דיינע. געטריי האָב איך זיי געדינט, ווי אייגענע טאַטע־מאַמע. וואָסיל וויל אַוועק פון דאַנען. אַ הונט דאַרף דאָך אויך האָבן אַן אייגן שטיקל סמעטניק. ערגער פון די הינט זיינען מיר דאָך. קיין ברעקל אייגן פעלד נישט. דאָס שטיקל כאַלופּע איז אויך נישט קיין אייגנס. ווען מאַרקאָס א הינטישן זון וועט זיך פאַרוועלן, וועט ער אונדז ארויס־וואַרפן, ווי ער האָט דיין טאַטן אַרויסגעוואָרפן.

זי פאַרטראַכט זיך, קוקנדיק אויף דער קאַץ:

— אָט, אזוי ווי זי, ווי גרוליאַ.... געבליבן אָן א היים.... וועט זי ליגן אין אויוון, ביז זי וועט אוועקפּגרן... איך האָב זי אַזש קיין דאַכטערוויטש צום פּע־טער שמעון אוועקגעטראָגן. דיין מומע כאַשע — טרערן האָבן זיך איר געגאָסן פון די אויגן, אויף אונדז קוקנדיק. זי האָט מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענע. מיר אָנגעפּאַקט אַ טאָרבעלע מיט עסן און קלייניקייטן פאַר די קינדער. גרוליאַן האָט זי באַלד איבערגעגעבן צום קליינוואַרג און מיר געהייסן אַהיימגיין און זיך נישט זאָרגן — זיי וועלן שוין גוט אכטונג געבן אויף איר. איר וועט דאָ גאָרנישט פעלן. עס האָט נישט גענומען קיין צוויי טעג — און זי איז שוין ווידער געלעגן אין אויוון. אליין דעם וועג צוריק געפונען. געטרייער פון א מענטשן איז די שטומע חיה, ווייסט פון קיין חכמות נישט. לאָז זי אַראָפּ, דינקע. אָט וועלן מיר זען, צי וועט זי זוכן אַ וועג אויף צוריק צום אויוון.

דינה האָט די קאַץ אַראָפּגעלאָזן, אָבער זי איז נישט אַוועק, נאָר געבליבן שטיין ביי דינהס פיס און צופרידן געכאָרכלט און זיך געטוליעט צו איר.

## פעשע קומט זיך געזעגענען

עס האָבן זיך דערהערט טריט און רייד הינטער דער טיר. עס זיינען אַריין פעשע מיטן פעטער יאַנקל. יאַנקל איז געווען באַלאָדן מיט טעפּלעך און מיט פּעק־

לעך, מיט ברויט און מיט חלה. דאָס האָט דער פעטער שלום אָפּגעפירט פעשען צו יאַנקלען אויף שבת, ווייל אַזוי האָט פעשע געוואָלט: זי וועט זיין דעם לעצטן שבת אין אוהלי, ביי זיך אין הויז. און די מומע כאַשע, קענענדיק יאַנקלס באַלע־באַטישקייט, האָט אָנגעקאָכט און מיטגעגעבן — פיש מיט יויך, מיט צימעס, מיט חלה און ברויט — טאַקע ווי דער פעטער יאַנקל האָט פאָרויסגעזאָגט: אַ שבת, כיד־המלך...

פעשע האָט באַלד גענומען רעדן מיט אָליאַנען: ס'איז שוין שפּעטלעך. נישט לאַנג צו ליכט־בענטשן. מאָרגן וועט מען דאָ קומען דאַווענען מיט אַ מנין. שוין לאַנג דאָ קיין מנין נישט געווען — און די שולקאַמער איז פאַרצויגן מיט שטויב און מיט שפּינוועבס. וואָס סע וועט פון אַלץ ווערן נאָך איר אַוועקפאָרן, איז פאַרפאַלן. אָבער איצט זאָל אָליאַנע נעמען אָנווארעמען וואַסער, און ארומוואַשן און אַרומ־שטויבן די שולקאַמער אויף וויפל ס'איז מעגלעך. אָליאַנע האָט זיך צוגעהערט — אַ פרייד האָט אַרויסגעגלאַנצט פון אירע פויערישע ערלעכע אויגן: — אָט באַלד וועט זי עס טאָן. אָט טאַקע שוין. זי וועט אַ וואַש טאָן דעם דיל אויך, און די פענצ־טער אויסווישן. ס'וועט לאַנג נישט נעמען. עס בענקען די הענט אירע נאָך אַ רעכ־טער אַרבעט.

די גאַנצע צייט, וואָס פעשע האָט גערעדט מיט אָליאַנען, איז די קאַץ געשטאַ־נען ביי פעשעס פיס און געריבן זיך מיט דער פעל אָן אירע קליידער און געכאָרכלט מיט נאָכגיביקער צופרידנקייט.

ביי דער פרייטיק־צו־נאַכטיקער וועטשערע האָט דער פעטער יאַנקל געלויכטן פאַר פרייד. רייכלס פיר הויכע טעמבוקאָווע לייכטער, וואָס זיינען געווען פאַרשטעלט אין אַ זייטיק ווינקל אויף אַ פּאָליצע, און פאַרצויגן מיט גרינעם שימל, זיינען איצט געשטאַנען אויף אַ טיש, וואָס איז געווען פאַרדעקט מיט אַ דינעם, אויסגעטראָגע־נעם, אָבער זייער ווייסן טישטעך· אַנטקעגן זיי זיינען געלעגן צוויי נישט קיין גרוי־סע חלות מיט פלעכטלעך אויף די רוקנס, פאַרדעקט מיט אַ ציכטיק, דין טישטעכל מיט געצויגענע פרענדז ארום, און אויף אים מיט רויטן אויסגענייט — דער גאַנצער קידוש. דאָס איז געווען אַן איבערבלייב פון דער איידעלער רייכל, פון אירע געראָ־טענע איידעלע הענט, נאָך פון אירע מיידלישע יאָרן. די טעמבוקאָווע לייכטער האָבּ געלויכטן ווי מיט אַ גאָלדענעם שפּיגל ־גלאַנץ און ס'האָבן זיך אין זיי אָפּ־געשפּיגלט די ברענענדיקע פיר ליכט, מיט די פלעמלעך אַראָפּ. דער דיל איז געווען אויסגעשעאָטן מיט ציכטיק, געל זאמד. די דריי קינדער — אויסגעצוואָגן און אין ריינע, אויסגעלאָטעטע מייטקעלעך מיט העמדעלעך.

דאָס האָט די געטרייע אָליאַנע אַלץ אַזוי שבתדיק געמאכט, כדי איר באַלע־באָסטע זאָל זיין שיין פאַרן אויג און סע זאָל איר איינגיין דער שבת· יאַנקלען אַליין האָט זי אויך צוגעטראָגן אַ ריין העמד, אים אויסגעפוצט די שבתדיקע קאַפּאָטע, וואָס ער האָט שוין לאַנג פאַר די אויגן נישט געזען, און געהייסן אים זי אָנטון צוליב די געסט. יאַנקל האָט הויך און שיין געזאָגט שיר־השירים — און ביים עסן האָט ער פאַנאַנדערגעוויקלט זיינע פאַרביקע פלענער, וואָס ער וועט אַלץ טאָן, ווען ביילקע, זיין ביילקע וואָס וועט איר טאַטן קיין מאָל נישט פאַרגעסן, וועט אים שיקן אַ פּופּציקער — — — ווי ער וועט די קינדער אויסקליידן און זיך אויך עפּעס

מאַכן אויף ווינטער, און אַ רבין פֿאַר די קינדער בּעמען, און פון אוהלי מוז ער זיך ארויסקלייבן, ווייל וואָס טויג אים אוהלי, אז אין דאַכטערוויטש איז ער געבוירן גע־וואָרן, דאָרט איז אים יעדער פּויער ווי אַ ברודער און יעדער שטיין וואָס ליגט ביים וועג, קען אים, איז אים אייגן — — — און ער וועט דעקן דעם דאַך פון זיין שטוב, און אַלץ וועט שוין גוט זיין — — —

ס'איז אים געווען פריילעך אויפן האַרצן און — ס'איז נישט אַזוי שעלכט אויף גאָטס וועלט — האַ? וואָס זאָגט זי, פּעשע? ס'איז גאָרנישט שלעכט.

און אַ ביסל בראָנפן איז אויפן טיש געשטאַנען אין אַ שמאָלהאַלדזיקער רונד־בייכיקער, גרינער פלאַש, און קיין סך בראָנפן האָט דער אייביק יום־טובדיקער קבצן נישט געדאַרפט אויף צו פאַרגעסן זיך. איין גלעזל, און שוין.

— לחיים, פּעשע! לחיים, דינה! — לחיים, קינדער — נו? אוי, ישמחו — במל־כותך — שומרי־שבת שומרי שבת — שומרי שבת.·.

און די קינדער זינגען שוין אויך מיט מיט זייערע הילכיקע שטימעלעך. דינה פאַרגעסט זיך און הייבט אָן נאָכצוזינגען — פריער פאַר זיך, שטיל, דערנאָך מיט מער חשק, מיט די קינדער אין איינעם:

— שומרי־שבת, שומרי־שבת...

פּעשע זיצט און טיילט אויס די חלקים און שאַרט די טעלער צו איטלעכן לויט דער עלטער, און גרוליא שאַרט זיך אַרום אונטערן טיש אַרום אירע פיס, עסט וואָס פּעשע טיילט איר צו און כאָרכלט צופרידן·

פּעשען האָט אָליאַנע אויסגעבעט אין איינציקן בעסערן בעט, וואָס האָט זיך געפונען אין יאַנקלס היים. דינהן איז העני־ע מיט די איבעריקע קינדער געקומען בּעמען צו זיך אויף בּעכטיקן. דינה האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט פרייד אין דער דאָזי־קער פאַרבעטונג. פּעשע האָט איצט דערפילט אַ בענקשאַפט נאָך אירע שכנים, וואָס זי האָט מיט זיי קיין מאָל נישט געהאַט קיין נאָענטע שייכות — נישט פון שנאה, נאָר פון אַ קאַפּריז, וואָס שטאַמט פון אַ טראַדיציאָנעלער גרויסהאַלטעריי. זי האָט איצט דערזען ווי קינדעריש און נאַריש ס'איז געווען אַזאַ אויפפירונג פון איר זייט לגבי גוטע, ערלעכע מענטשן. אז מע זיצט פעסט אויף אַן אָרט, פאַרגינט מען זיך אַ מאָל אַזעלכע נאַרישקייטן· — אָבער זי וואָלט נישט געקענט רעדן אָפן מיט זיי וועגן דעם, וועגן איר בלאָזן זיך קעגן זיי די אַלע יאָרן. דאָס וואָלט געווען קעגן איר נאַטור. אַריינגיין צו זיי, ווי זי האָט עס געטאָן דורך די לעצטע עטלעכע טעג איצט אין דאָרף, און רעדן מיט זיי — דאָס יאָ. איז זי אַריין צו איטקען און כישען, און אַפילו אַ גלאָז טיי מיט זיי געטרונקען, וואָס אָט־דיביידע ווייבער האָבן איר מיט גרויס אונטערטעניקייט דערלאַנגט. — כישע, וואָס האָט שוין איצט גאָר שוואַך געזען אויף די אויגן, האָט געבעטן די שנור, איטקען, וואָס איז אַרומגע־שפּרונגען אויף אַ קוליע, אַז זי זאָל זען, צי דאָס גלאָז איז ריין, און זי זאָל נאָך אַ מאָל אויסוואַשן דאָס לעפעלע און זען, צי דאָס איז דער סלאָי מיט די בעסערע קערשעלעך — ווייל דאָס ערשטע ביסל וואַרעניע איז איר שיטער אַרויס, האָט זי שוי געפּרעגלט אַ צווייט מאָל — הלוואי זאָל מען נישט באַדאַרפן — אין אַ שטוב מיט קינדער, זאָלן זיין געזונט, טרעפט זיך, חלילה, אַז מע דאַרף אַ מאָל אַ לעפעלע

איינגעמאַכץ. — איר וועלוועלע, זאָל ער נאָר זיין ביי איר אויף לאַנגע יאָר, איז אַ מאָל, אז ער ווערט נעבעך אויסגעמאטערט נאָכן שלוקערץ, איז נאַרט מען אים אָפּ, מע פאַרמישט אַ לעפל פון דעם סאָק אין אַ גלעזל קאַלט וואַסער — און סע דוכט זיך אים, אַז דערפון קומט אים צוריק די פאַרב אין פנים...

און פעשע האָט געטרונקען טיי מיט די קערשעלעך און געריימט דעם סאָק און מיט אַ כיוון אויסגעמיטן צו רעדן פון נעענטערע זאַכן, וואָס זיינען איר געקראָכן פון האַרצן גלייך צו דער צונג, און וואָס זי האָט געמוזט צוריק אַראָפּשלינגען...

דערנאָך האָבן די ווייבער און קינדער מיט גרויס התפּעלות דערציילט, ווי פעשע איז געקומען און ביי זיי טיי געטרונקען און געריימט דאָס איינגעמאַכץ...

דער אַלטער פייסע האָט דערויף געענטפערט:

— אַ גדולה אויף יידן — — — די פּריצהטע האָט באַוויליקט, געבויגן דעם שטאָלץ און געטרונקען טיי ביי די שמידן. משיחס צייטן און נישט אַנדערש...

ער האָט עס געזאָגט נישט בייז, ווייל אין זיין שטוב האָט מען גוט געדענקט פעשעס גוט האַרץ, וואָס זי האָט עס נאָר געטראָגן אונטער שטייפע בענדעלעך...

אין פייסעס קליינער שטוב איז פאַרבליבן דער אָפּקלאַנג פון פעשעס טריט אין צייטן פון אומגליק און סכנה, ווען זי, פעשע, האָט אַלע אירע קאַפּריזן אין אַ זייט אָפּגעוואָרפן, ווי אַ קינד וואַרפט אָפּ פון זיך אַ שפּילכל, וואָס דערעסט אים.

פעשע האָט געהייסן העניען דאַנקען דער באָבען, וואָס זי שיקט רופן דינהן צו זיך נעכטיקן. נאָר העניע האָט געענטפערט:

— מיר דאַרפן נאָך אייך דאַנקען, וואָס זי גייט...

יענע נאַכט איז דינה ווידער געשלאָפן מיט העניען. זיי האָבן זיך ארומגענומען און זיי האָבן גערעדט כמעט ביז ס'איז טאָג געוואָרן. בייביידע קינדער האָט דאָס לעבן ווי דורך נעפּל געקלאַפּט אין די טירן. אַזוי פיל אומפאַרשטענדלעכקייט, אַזוי פיל פיינלעכע זיסקייט, געמישט מיט קינדערישן פאַרבענקטן טרויער!... דורך פלאַפּ־לען האָבן ביידע געפּרוּווט דערקלערן איינס פארן צווייטן דאָס וואָס ס'איז זיי נאָך געשטאַנען ווייט און אומבאַגרייפלעך. ביז זיי האָבן, מידע פון רייד און נישט־דער־זאָגטקייט אָנגעהויבן לייענען קריאת־שמע... העניע — גיכער און שטילער, דינה — פאַמעלעך, ציילנדיק די ווערטער און טראכטנדיק פונעם באַטייט זייערן — ביז ביידע זיינען איינגעשלאָפן.

אויפגעוועקט האָט זיי איטקע: העניע זאָל שוין אויפשטיין — זיי גייען אַלע אַוועק צום מנין — און די ציקאָריע שטייט אויפן פּריפּעטשיק, צוגעדעקט, און די פּוטערקיכלעך ליגן אין מילכיקן אַלמערל, איינגעוויקלט אינעם טישטעכל מיט די רויטע ברעגעס — און אַז זי זאָל זען, אַז דינהלע זאָל עס אָנבייסן.

אַז פעשע איז אויפגעשטאַנען איז שוין אַליאַנע געהאַט געוועזן ביי יאַנקלען אין שטוב און געבראַכט די הייסע ציקאָריע מיט דער אָנגעבריטער, ברוינער מילך, און פעשע האָט איבערגעביסן, זיך אָנגעטאָן, גענומען אַ סידור, וואָס אַליאַנע האָט

פאַרזיכטיק אַרומגעווישט פון אַלע זייטן, אַז קיין שטויבעלע זאָל נישט בלייבן דע־רויף, און איז אַריין אין דער שולקאַמער.

די פאַרלאָזענע קאַמער, וואָס איז ערשט נעכטן געשטאַנען אַ פאַרשטויבטע, אַ פאַרטונקלטע, א פאַרגעסענע, — האָט איצט, אין שבתדיקן פרימאָרגן־ליכט גע־האַט גאָר אַן אַנדער פנים. דער דיל — ריין געוואַשן, די שויבן דורכזיכטיק, מיט אַ גלאַנץ. די בילדער אויף די ווענט, דער פרוכת, די בענק, דער לאַנגער טיש, דער ענגלייכטער — אַלץ האָט אויפגעלעבט ווי אַ פאַרדאַרט פעלד מיט גראָז נאָך א גוטן, לאַנגן רעגן. דער טיש איז געווען באַדעקט מיט א לאַנגן, ווייסן טישטעך, דער ספרים־שראַנק האָט געגלאַנצט פון ריינקייט, די ספרים־רוקנס האָבן אַרויס־געשפיגלט מיטן אַלטן, גלאַנציקן, אָפּגעריבענעם לעדער און מיט די איינגעקריצטע אַלטע, גאָלדענע אותיות...

פעשע איז געזעסן אַליין אויף אַ לאַנגער באַנק ביים טיש, מיט אַ שווער האַרץ און מיט נאָך אַ שווערערן קאָפּ, וואו די געדאַנקען האָבן איינס דאָס אַנדערע גע־יאָגט און געשטויסן, ווי די כוואַליעס אין אַ טייך, בשעת אַ שטורעם. איטלעכע זוכט דעם וועג צום ברעג, נאָר ווערט צוריקגעשליידערט אין געווירבל.

אַז די טיר האָט זיך געעפנט און איר שוועגערין כאַשעס גוט פנים האָט זיך באַוויזן און זי ווי פון אַ שווערן קאָשמאַר אַרויסגענומען, איז פעשע איר אַקעגנ־געגאַנגען מיט אַ פריינדלעכן „גוט שבת, כאַשע". האָט יענע איר ערלעך גענענט־פערט:

—גוט שבת אייך, פעשע. כ'האָב זיך געאיילט, געמיינט: איך וועל פאַרשפּע־טיקן. ערשט — נאָך קיינער ניטאָ.

— זעצט זיך צו, כאַשע. איר זייט דאָך אוודאי מיד פון גאַנג.

— מיד בין איך נישט, אָבער זעצן זיך דאַרף מען. מ'איז שוין, גאָט צו דאַנ־קען, מער נישט יונג.

אַ טיפער זיפץ רייסט זיך ביי איר אַרויס פונעם האַרצן.

— מסתמא ווייסט ער וואָס ער טוט.

פעשעס פנים ווערט פאַרצויגן מיט אַ פינצטערן שאָטן. זי ווייסט וואָס די ווערטער באַטייטן. דאָס האָט די פרומע מוטער זיך ווידער דערמאָנט אין איר יונגן בוים, אין מיכליען, איר טאָכטער, וואָס איז אַזוי אומצייטיק געשטאָרבן. פע־שען האָט כאַשעס איצטיקער טרויער ווי א שטייפער, אַנגעברענטער רייף ארומ־גענומען אַרום האַרצן. זי האָט אין די לעצטע טעג געהאַט גענוג צייט איבערצו־וועגן אלץ וואָס זי האָט אין אירע דרייסיק יאָר אויפגעטאָן דאָ אין יישוב. א שטארק חרטה־געפיל האָט זי באַהערשט ווי זי זאָל עס זיין שולדיק אינעם צער, וואָס האָט איצט באַצויגן דאָס פנים פון דער שוועגערין אירער, וואָס זוכט מיט איר פרום, צעוויטיקט מוטערהאַרץ אַ באַשייד צו גאָטס וועגן, וואָס זיינען פאַר איר געלעגן ווי הינטער אַ הויכער אייזערנער טיר, דורך וועלכער די אויגן פון אַ זינ־דיקן מענטשן קענען נישט דורכקוקן.

אַ סקריפּ פון דער טיר האָט די צוויי ווייבער אַרויסגעהויבן פון זייערע שווערע געמיטער. ס'איז אריין, שלומס שוועסטער, פון סטאַנקי:

— גוט שבת אייך. די מענער שטייען און באַלאַקען דאָרט אין דרויסן. שוין צייט אָנהייבן דאַוונען. ביז מע דערשלעפּט זיך צוריק אַהיים, דורכן וועלדל — איצט איז שווער דער גאַנג. די בלאָטעס — ביז מע דערקלייבט זיך אויף אַ טראָט ריינעם וועג, נעמט אַ שעה — געדאַרפט אָנהייבן דאַוונען.

באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן קלייבן מענער און ווייבער, מ'האָט אָפּגעגעבן פּעשען אַ ברייטן „גוט־שבת", און מ'האָט זיך גענומען שטעלן דאַוונען. דעם פּע־טער יאַנקל האָט מען אַוועקגעשטעלט פאַרן עמוד.

## צוויי געשטאַלטן אין שווארצן

אָבער איידער ער האָט באַוויזן אָנצוהייבן, האָט זיך דערהערט אַ סקריפּ פון דער טיר, און אַלעמענס קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט אַהין, פון וואַנען דער סקריפּ איז געקומען. ס'איז געוואָרן שטיל צווישן עולם. סע זיינען אַריינגעקומען צוויי פרעמ־דע פּאַרשוינען: אַ יונגע קריסטלעכע פרוי און אַ מיידעלע פון אַ יאָר פיר — ביידע געקליידט אין שוואַרצן. פון דער יונגער מוטערס איידל, שמאָל, בלייך פּנים האָבן אַרויסגעבערענט צוויי גרויסע, צעשראָקענע אויגן. דאָס מיידעלע, מיט די אייגענע צעשראָקענע אויגן ווי איר מוטער, האָט געהאט העלע, גלייכע הערעלעך, וואָס זיינען געהאנגען אַרום איר אויסגעצערטע, קינדעריש פּנימל. די יונגע פרוי האָט זיך געמאַכט אַ וועג צווישן די מאַנסבילן, איז גלייך געגאַנגען אַהין, וואו די ווײַ־בער זיינען געזעסן, אַ ווייל געזוכט צווישן די פּנימער, געפונען, און צוגעגאַנגען צו פּעשען.

— פּאַני סאָלאָמאָוואַ, איך בין געקומען צו דיר דיך בעטן, אַז דו זאָלסט מיר מוחל זיין. דו זאָלסט מער נישט שעלטן אונדז ביי קיין ליכט. מיין מאַן האָט גע־זינדיקט — ער האָט אייך פון אייער היים אַרויסגעטריבן, האָט איר אים פאַר־שאָלטן — איז ער אַ יונגער פון דער וועלט אַוועקגעקומען. און נאָך איז אונדזער זון יאַשקאַ. נישט איין נאַכט האָב איך די קישנס אויסגעווייקט מיט מיינע טרערן, געבעטן זיך: — זיי וועלן דיך פאַרשילטן. זיי האָבן אַ שטאַרקן גאָט — פון מיצ־רים האָט ער זיי דערלייזט, דעם ים האָט ער פאַר זיי געשפּאָלטן, די זון האָט ער פאַר זיי אָפּגעשטעלט — זע, היט זיך, האָב איך זיך ביי אים געבעטן — געדענק וואָס אין דער עוואַנגעליע שטייט. — האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון מיר. — אָבער אַז אים האָט אָנגעכאַפּט אַ בויכווייטיק, האָט ער שוין מער נישט געלאַכט, נאָר גע־שריען, געוויינט און געבעטן זיך, מע זאָל אים ראַטעווען. אז די זשידעס האָבן עס אים פאַרשאָלטן, האָט ער געשריען. צו שפּעט זיך אַרומגעזען. — זיין מאַמע האָט אים פאַראויסגעזאָגט, אַז מע וועט צינדן ליכט און אים און זיינע קינדער פאַר־שעלטן. — האָט ער זיך אַלץ אויסגעלאַכט — און מיר האָבן הענט און פיס גע־ציטערט. — אים, דעם טאַטן, האָט עס געקומט. אָבער מיין קינד איז דאָך אומ־שולדיק פון דער וועלט אַוועק.

און ביי אָט־די רייד לאָזט זי זיך אַראָפּ, אַ באַגאָסענע מיט טרערן, צו פּעשעס פיס, און קושט איר דעם זוים פון איר קלייד.

— האָב אויף מיר רחמנות, פּאַניע סאָלאָמאָוואַ. ביסט דאָך אליין אויך אַ מאַמע — מיר מאַכט נישט אויס פאַר מיר אַליין. מיין אייגן לעבן איז שוין סיי ווי פאַרפאַלן. אָבער מיין איין און איינציק מיידעלע, מיין העלענקאַ, זי הוסט דורך די נעכט און רעדט פרעמדע שרעקנדיקע רייד, צו איר טויט ברודערל רעדט זי — זי עסט נישט דורך די טעג און גייט אַרום ווי אין אַ חלום — איך שפּיר, אַז זי איז אַ פאַר־שאָלטענע, אַז זי וועט פון מיר צוגענומען ווערן ווי מיין מאַקאַר און ווי מיין אַליאָשקאַ.

זי פאַרגייט זיך אין אַ געוויין, די טרערן שטיקן זי:

— פּאַניע סאָלאָמאָוואַ, לאָז זי מיר איבער, ווי דיין גאָט איז דיר ליב. שעלט בעסער מיך, אָבער נעם זי נישט צו ביי מיר... זאָל דיין מאַן צוריקקומען — נעם זיך צוריק אַלץ וואָס איז דיינס. צו וואָס טויג עס מיר? עס האָט מיר נישט געפעלט ביי מיין טאַטן.

זי וויינט און פאַרגייט זיך.

פעשע בייגט זיך צו איר אַראָפּ און הייבט זי אויף — איר גאַנצער גוף ציטערט.זי נעמט זי אונטער דער האַנט און פירט זי אַרויס פון דער שולקאַמער אין גאַס אַרויס.

— באַרואיק זיך. וויין נישט, איך בעט דיך — מיר שעלטן נישט ביי קיין ליכט. מיר טאָרן נישט שעלטן ביי קיין ליכט. ביי ליכט בענטשן מיר. גיי אַהיים און זיי רואיק. איך ווינטש דיר, אַז דיין קינד זאָל דיר געזונט ווערן גיך און באַלד.

די יונגע פרוי איז איר ווידער צו די פיס געפאַלן און איר געקושט די הענט:

— וואָלסט נאָר קענען זיך פאָרשטעלן מיינע נעכט, ווען זי צעהוסט זיך און הויבט אָן רופן מיין אַליאָשקאַן. — דאָס לעמפּל אונטער דער איקאָנע ברענט נישט אַזוי ווייט־קדיק, ווי מיין האַרץ ברענט דעמאָלט. — דער הייליקער גאָטס זון, וואָס הענגט איבער איר בעטל, האָט נישט געהאַט קיין גרעסערע ווייען ביים געקרייציקט ווערן, ווי איך פיל דעמאָלט.

פעשע הייבט זי ווידער אויף:

—שטיי אויף, מאַקאַראָוואַ. פאָר מיטן קינד צו אַ דאָקטאָר, וועט ער דיר געבן אַ רפואה און זי וועט דיר געזונט ווערן.

— זיין מאַמע זאָגט, אַז נאָר דו קענסט מיר העלפן. זי ווייסט. זי איז אַן אַלטע. זי קען אַליין אויך כישוף. זי האָט מיר און אים, מאַקאַרן, געזאָגט, אַז איר וועט אונדז פאַרשעלטן — און אַזוי איז עס געוועזן. — איצט, זאָגט זי, נעם דיין קינד ביי דער האַנט, און גיי צו דער סאָלאָמאָוואַ. גיי אין אַ שבת, ווען זיי האַלטן אין מאָליען זיך, ווען דאָס האַרץ אירס איז צו גאָט געווענדט, און פאַל פאַר איר אויף די קני און בעט זי מחילה. און אַז זי וועט דיר מוחל זיין, וועט דיר דיין קינד נישט שטאַרבן...

דאָ האָט פעשע אַרויפגעלייגט אירע הענט אויפן קינד בלאָנדס קעפּל:

— זאָל דיר באַלד דיין קינד געזונט ווערן. איך בין דיר מוחל מיטן גאַנצן האַרץ. זאָל דיר גאָט אַלץ מוחל זיין.

אַז פּעשע איז אַריין צוריק אין שולקאַמער, איז דער עולם געשטאַנען מיט אָפענע מיילער און פרעגנדיקע אויגן. קיין וואָרט רייד האָט מען נישט געהערט, און אַזוי שווייגנדיק, האָט מען זיך גענומען צום דאַוונען. נאָר די ווייבער האָבן אַ ביסל שווערער געזיפצט און אָפּטער זיך געווישט די נעז מיט די ראָגן פון די שבתדיקע קאַסינקעס.

דער עולם האָט זיך געהאַט געגרייט יענעם שבת נאָכן דאַוונען, מאַכן קידוש טאָקע ביי פּעשען אין שטוב. דער שנאַפּס מיטן טאָרט זיינען געווען גרייט פון נעכטן, און צוגעשיקט צו יאַנקלען.

—מ'האָט זיך אויסגעזעצט אַרום לאַנגן טיש, און איטלעכער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַ געהעריק וואָרט פון פּעשעס וועגן, עפּעס וואָס זאָל אָנשלאָגן אַ טאָן פון צאתכם לשלום. אָבער ס'איז נישט געגאַנגען. ווי בליי איז די לופט אַרום טיש געהאָנגען. שווער און גרוי. דער יונגער מוטערס שאָטן איז געשטאַנען פאַר די אויגן. דאָס וואָס יעדער האָט געוואָלט פאַרגעסן, איז איצט אויף דאָס ניי אַרויפגעשוואומען — דער לאַנגער טיש, די ווענט, דער ארון־קודש, די ספרים אין די אַלמערס — אַלץ האָט עדות געזאָגט אויפן צוזאַמענברוך פון אַ היים, פון אַ משפחה, פון לעבנס, פון פאַרטריבענע נפשות. מ'איז פּלוצעם געבליבן זיצן אַרום טיש אַזוי ווי אבלים...

און זונטיק אין דער פרי האָט אַ דאָרף מיט גויים און גויעס, און אַסך פון די שכנישע דערפער, אַרויסבאַלייט פּעשען פון אוהלי, געקושט זיך, געוויינט — ביז וואַסיל האָט אַ ריטשע געטאָן אויף אַליאַנען, אַז ס'זאָל שוין זיין גענוג!

— לאָז אָפּ דינקען און קוש זי נישט אַזוי פיל! וועסט זי דאָך דערשטיקן! — און די פערד ווילן נישט איינשטיין!

און דערלאַנגט אַ שמיץ די פערד — כאַטש: וואָס האָט ער צו זיי, צו די שטומע סקאָטינעס? און אַחוץ זיי האָט ער דען וועמען? ער רעדט דאָך אויס זיין ביטער האַרץ פאַר זיי. — מיטן שמיץ האָט ער איצט נישט געמיינט זיי, נאָר זיך אַליין. זיך אַליין וואָלט ער איצט געוואָלט קאַטעווען, ווייל ווי אַנדערש קען ער פון זיך אַרויסשפּייען אָט־דאָס וואָס אים טוט איצט וויי? וויינען וועט ער נישט. וואַסיל איז ניטש קיין יידענע. ביי אַ גלעזל בראַנפן איז אַנדערש. — אַז מע ווערט שיכור, לאָזט זיך וויינען. — אָבער איצט — די טרערן שטיקן — און סע וואָלט זיך וועלן אַזאַ וואָרט אין מויל אַריינגעמען, וואָס זאָל די ערד איבערקערן און אַלץ מיט אַלעמען און אים אליין אויך איינשלינגען. — און אַז די צונג שטומט און מ'איז קלע־נער פון אַ מוראשקע, מיט אַלץ און אַלעמען — איז די בייטש אין האַנט אַ שטיקל דערלייזער. — די פערד האָבן זיך אומגעריכט אָפּגעריסן פון זייער געלאַסענעם גאַנג, איבערגעלאָזן דעם עולם הינטער זיך.

דורך אַ דינעם שטויביקן נעפּל האָט מען נאָכגעקוקט דעם וואָגן, וואָס האָט אַוועקגעפירט פּעשען מיט דינהן פון אוהלי. וואַסיל האָט באַלד אָפּגעלאָזן די לייצעס און די פערד זיינען אַריין צוריק אין זייער פאַמעלעכן טראָט און געוויגט דעם לייכטן וואָגן פון זייט צו זייט. דער וועג איז געווען גוט באַקאַנט זייער טראָט, און וואַסיל מיט זיינע צוויי מיטפאָרערס האָבן געקענט טראַכטן זייערע טראַכטע־נישן...

באַלד הינטערן דאָרף האָבן זיך פון ביידע זייטן וועג אָנגעהויבן אַרויסבייגן יונ־געביימלעך ווי יונגע דאָרפסמיידלעך, וואָס וואַרטן אויף שכנישע שקצים.

דינה האָט אין האַרצן זיך געזעגנט מיט יעדן ביימעלע. און זי האָט געזען, ווי איטלעכס ביימעלע גיט אַ נייג צו איר מיטן קאָפּ און ענטפערט איר: — מיר וועלן אויך נאָך דיר בענקען...

## גרוליא לויפט נאָך

זיצנדיק אַזוי פאַרחלומט האָט זיך איר געדוכט אַז זי הערט אַ מיאַוקען פון אַ קאַץ... ווייס איך!— אָבער אַנשטאָט ציילן און זעגענען זיך מיט די ביימער, האָט זי איצט אָנגעשפּיצט איר אויער צום סקריפּ פון די רעדער... האָט זיך איר נאָך געדוכט? — זי וועט זיך איינהערן... און ס'האָט נישט לאַנג גענומען, און זי האָט ווידער דערהערט דעם מיאו.

— מאַמע, הערסטו?

נאָר פעשע האָט נישט געהערט, און וואַסיל אויך נישט.

— מאַמע, דאַכט זיך ס'איז גרוליא!

דערהערט „גרוליא" — האָט זיך די קאַץ דערפילט היימיש און אָפּגעענט־פערט מיט אַ זיכערן, שטאַרקערן „מיאַו!".

וואַסיל האָט אָפּגעשטעלט די פור, אַרונטער פון וואָגן — און דערזען גרוליאַן האַרט ביי די הינטערשטע רעדער. ער האָט איר געוואָלט דערלאַנגען מיט דער בייטש, נאָר די קאַץ האָט אים אַזוי געקוקט אין פּנים אַריין, אַז אים האָט פאַר־שניטן ביים האַרצן. ער האָט אַ שפּיי געטאָן:

— די אַלטע סטערווע — זי וויל אויך פאָרן קיין אַמעריקע.

מ'איז ווייטער געפאָרן. גרוליא, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַר וואַסילס בייטש און איז אַוועק הינטער אַ בוים, איז גלייך צוריקגעלאָפן אויף אירע גומענע פיס און ווידער גענומען נאָכלויפן און מיאַוקען. האָט פעשע געהייסן וואַסילן אָפּשטעלן די פּוד און אַריינגעמען גרוליאַן אין וואָגן אַריין. האָט דינה גענומען די קאַץ צו זיך אויף די הענט און געגלעט, ביז זי איז איינגעשלאָפן אַ צופרידענע אויף אי־רע קני.

אין קאַפּוליע איז פעשע לאַנג נישט געבליבן. זיך צעזעגנט מיט ראָדעס הויז־געזינד, און געהייסן דינהן, זי זאָל זיך אויך גיך געזעגענען, ווייל דער טאָג שטייט נישט. קיין פעסאַטשנע איז אַ לאַנגער וועג, זיי וועט אויסקומען צו פאָרן אין דער פינצטער. דינה איז געשטאַנען ווי אַ שטומע, מיט טרערן אין די אויגן, און נישט געוואוסט ווי אָנצוהייבן. פון פעשעס אונטעראיילן איז זי נאָך מער צעטומלט גע־וואָרן, ביז שפּרינצע האָט זי אַרויסגענומען פון דער קלעם:

— נו, דינהלע, פאָר געזונטערהייט, נאָר פאַרגעס נישט צו שרייבן. קענסטאָך שרייבן שיינע בריוו.

זי האָט איר אַ לייכטן קוש געטאָן אויףביידע באַקן. נאָך איר איז ראָדע צו־געגאַנגען און זיך שטיל צעוויינט — און אָנגעקושט דינהן:

— פאָר געזונט, מיין קינד, און גאָט זאָל דיר געבן אַלץ וואָס דו האָסט די ווערט.

הינטער ראָדען זיינען שוין געשטאַנען אין ריי נאָסקע מיט ריוועלען, וואָס שפּרינצע האָט אונטערגעשיקט זיך געזעגענען. זיי האָבן איר ביידע דערלאַנגט די האַנט און זיך מיט איר צעקושט. מ׳איז אַרויס פון שטוב — און דאָס גאַנצע הויז־געזינד איז זיי נאָכגעגאַנגען צום וואָגן.

דינה איז פאַרבייגעגאַנגען מאָטלען מיט אָפּגעווענדטע אויגן, גלייך צום וואָגן צו. נאָר מאָטל האָט זי אָפּגעשטעלט אין מיטן גיין:

— וואָס, דינה? מיט מיר ווילסטו זיך גאָר נישט געזעגענען?

דינה, מיט די אויגן צו דער ערד, האָט געענטפערט:

—וואָס טויג דאָס זעגענען זיך?

— ביסט אַ מאָדנע, דינה. וואָס הייסט? צו וואָס זעגענען זיך מענטשן?

— איך ווייס נישט.

מאָטל שטרעקט איר אויס די האַנט. דינה נעמט זי נישט. זי שטייט און קוקט אַראָפּ.

— נו, דינה? פאָר געזונט.

— אפשר וועט מען מיך נאָך אומקערן פון דער באָד.

—נאַרישקייטן! — ביסט געזונט. מע וועט דיך נישט אומקערן.

דינה איז אומעטיק און בייז:

— ווילסט נישט, אַז מע זאָל מיך אומקערן?

מאָטל רוקט נענטער זיין האַנט.

— נו, פאָר געזונט, דינה. גיב מיר די האַנט.

דינה דערפילט, ווי הייסע רויטקייט צעשפרייט זיך איבער איר פּנים. זי לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ נאָך נידעריקער, אַז מאָטל זאָל נישט באַמערקן, ווי רויט זי מוז איצט זיין. זי גיט אים איר האַנט — און נעמט זי באַלד אַרויס צוריק, ווי פון אַ פייער. זי גייט צו צום וואָגן, זעצט זיך אריין. וואַסיל דערלאַנגט איר גרוליאַן. זי נעמט זי צו זיך אויף די קני און ווענדט אָפּ דאָס פּנים אַז קיינער זאָל נישט זען ווי די טרערן שטיקן זי. מאָטל שרייט איר נאָך:

— כ׳וועל דיר שרייבן בריוו, דינה. זאָלסט מיר ענטפערן.

דער וועג קיין פּעסאָטשנע האָט זיך געצויגן לאַנג, כמעט אָן אַ סוף. — און ווען מע פרעגט דינהן, צי וויל זי ער זאָל זיך ענדיקן, וואָלט זי אפשר געזאָגט אַז ניין. — ס׳איז איר געווען אַי אומעטיק, אי ליב נאָכצוקלערן ווי מאָטל האָט צו איר גערעדט און ווי פאַרשעמט זי האָט זיך, ווען ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנט — וואָס פאַר אַ זיסער ציטער ס׳איז איר דורכגעגאַנגען דורכן לייב, ווען

איר האנט האָט אויף א רגע באַרירט זיינע... אָבער א שלעכטער איז ער סיי ווי, מאַטל. ער האָט געזאָגט, אז מע וועט זי פון דער באָד נישט אומקערן. — ער וויל אַז זי זאָל אַוועקפאָרן. — פאַר וואָס זיינען עס מענטשן אַזעלכע מאָדנע, זיי אַרט קיין זאַך נישט? אָט האַלט זי גרוליאַן ביי זיך אין שויס — אַזאַ וואַרעמע איבער־געגעבנקייט, אַזאַ בענקעניש, אַזאַ נישט־וועלן זיך שיידן, — און אַ קאַץ, אַ שטום באַשעפעניש — און האָט מער איבערגעגעבנקייט אין זיך ווי דער מענטש. ביי דעם געדאַנק איז איר די שלעפעריקע קאַץ נאָך נענטער און ליבער געוואָרן. זי האָט זי געטוליעט צווישן אירע קניען און זי צערטלעך געגלעט.

## ביי פּייטלען

די ערשטע דערפרייענדיקע באַגעגעניש ביי פּייטלען אין שטוב איז געווען דאָס פּיצעלע רייזעלע, אַ גראָבינקע, מיט חן־גריבעלעך אין די פּוכקע, ראָזע בעק־לעך, און אַ פריידיק ־ לאַכנדיק פּנימל. מלכה אַליין האָט איצט אויסגעזען גליק־לעכער. פּייטל האָט אויך אויסגעזען צופרידענער און אויפגעלייגטער. פעשע האָט באַלד זיך אָנגעהויבן גרייטן צום פאָרן: געבאַקן און געטריקנט סוכאַרעס, געווייקטע אין שוואַרצן ביר, מיט צימערינג באַשאָטענע; געטריקנט קעזלעך, געבאַקן פלאָדן, געפּאַקט ציטרין, קנאָבל, ציבעלעס.

דינה האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן געפּרואווט פאַרוויקלען דיווירקלעכקייט אין חלום, — עפּעס וועט נאָך געשען און זי וועט נישט פאָרן. — אַז זיסל דעם מלמדס ווייב דבורהלע, וואָס איז איצט געזעסן ביים פליקן די פעדערן נאָך שטילער, פלעגט זי דערמאָנען: — דינהלע, וועסט אונדז שרייבן? מיר וועלן נאָך דיר בענ־קען — איז ביי די ווערטער פלעגט זיך דינה ווי אויפכאַפּן: וואָס ווילן זיי פון מיר? וואָס דערמאָנען זיי מיך? ווילן טאַקע אלע אז איך זאָל אוועקפאָרן? ווער ווייסט, אפשר וועל איך נאָך נישט פאָרן?

אָבער אויף לאַנג האָט זיך דינה נישט געקענט נאַרן. יעדער טאָג האָט זי מער און מער דערמאָנט אַז דאָס אומפאַרמיידלעכע דערנענטערט זיך. די פּעק און קאַרזינעס אַרום איר זיינען געוואַקסן פאַר די אויגן. אַז די מאַמע האָט זי געפרעגט, וועלכס קליידל זי וויל טראָגן צום פאָרן און וועלכס פאַרפּאַקן, האָט זיך איר עפּעס אין האַרצן אָפּגעריסן. זי האָט נישט געענטפערט.

— וואָס נעמט דיר אַזוי לאַנג צו ענטפערן?

— מיר איז אַלץ איינס.

נאָר אויף פעשעס בייזערן זיך: ווי אַזוי אַ מיידל קען עס זיין אַזוי אָפּגעלאָזן און אַרומגיין ווי אויף אַ פרעמדער חתונה, ווען דער מאַמען פאַלט סם פון מויל האָט שוין דינה געהייסן לאָזן דאָס געבלימטע קליידל מיט דער געבלימטער פאַ־טשיילקע.

— דיר וועט זיין קאַלט צו פאָרן אין אַזאַ דין קליידל.

האָט דינה גלייכגילטיק גענומען אַ וואַרעמער קליידל:

— דאָס וועט גוט זיין?

דינה איז געוואָרן שטאַרק אומעטיק. הייסט עס טאַקע אַז זי פאָרט. — די מאַמע האָט געזאָגט, אַז נאָך מאָרגן פאָרט מען אָפּ קיין סלוצק, און פון דאָרטן — גלייך קיין האַראַדזשע צו דער באַן.

דינה איז אַוועק איבערן הויף צו זיסל דעם מלמד, זיך געזעגענען מיט אירע צוויי עלנטע פריינד. איר האָט זיך געדוכט, אַז נאָר זיי קענען פילן, ווי שווער עס איז איר אויפן האַרצן. — זיי זיינען דאָך אויך אַזעלכע עלנטע. און ווי לאָזט מען זיי איבער אַזוי איינע אַליין אויף דער עלטער אָן אַ קינד, אָן קיינעם? — זי איז אַריין און זיך אַוועקגעזעצט לעבן דבורהלען און געוואַרט, ביז זיסל וועט פאַרטיק ווערן מיט זיין לערנען. אַז די קינדער זיינען אַוועק אַהיים, איז זיסל אַריין אין קיך. דבורהלע האָט זיך אויפגעהויבן:

—דינהלע, וועסט מיט אונדז עסן וועטשערע פאַר דיין אַוועקפאָרן, איאָ?

איצט איז שוין זיסל געווען דער, וואָס האָט געוואָלט צעטרייבן די שווערע שטימונג ביים טיש:

— נו דבורהלע, האָסט עפּעס אָפּגעקאָכט א גוטע וועטשערע? דינהלע איז דאָך היינט ביי אונדז א געהויבענער גאַסט — א קאַטאָוועס! אזש אין אמעריקע פאָרט זי.און ווער ווייסט, ווי רייך זי וועט אַ מאָל דאָרט זיין. — מע דאַרף איצט זיין גוט צו איר, דבורהלע, ווי נישט — וועט זי דיר קיין גאָלדענע קייט נישט שיקן און קיין ענגלישע בריוו נישט שרייבן...

דינהן איז אויף אַ רגע וואַרעם און ליכטיק געוואָרן אויפן האַרצן. וואָס וואָלט זי נאָך אזוי געוואָלט, ווי צו קענען דערפרייען די צוויי גוטע, עלנטע מענטשן?

— איך וועל אייך שיקן. איך וועל נישט פאַרגעסן.

דבורהלע האָט זי טרויעריק אונטערגעהאַלטן:

— אוודאי, דינהלע. זאָל דיר נאָר גאָט געבן וואָס פאַר אַ גאָלדן האַרץ דו האָסט — נאָר דערווייל פאָרסטע אַוועק.

דינהן איז ווידער געוואָרן אומעטיק אויפן האַרצן און זי האָט זיך פאַרטרויט פאַר אירע פריינד:

— קען זיין, מע וועט מיך נאָך צוריקשיקן פון דער באָד...

דבורהלע און זיסל — אין איין אָטעם:

— וואָס רעדסטו?! גאָט זאָל היטן! ביסט אָן אַן עין הרע אַ געזונט קינד.

דינה הייבט זיך אויף, שטעלט ארויף א פוס אויף דער באנק, בינדט אָפּ דאָס זאָקנבענדל, ציט אַראָפּ דעם זאָק און ווייזט:

— זעט, דבורהלע, ביי מיר זיינען דאָ סימנים אויפן פוס.

דבורהלע נעמט דעם לאָמפּ אין האַנט און בייגט זיך צו צו דינהס פוס:

— ווילסט אויך אַ קוק טאָן, זיסל?

דינה רוקט דעם פוס נענטער צו זיסלען, ווי צו אַ מבין, האָפנדיק, אַז דער משפט וועט אַרויס אויף ביין. זיי קוקן ביידע אויפן פוס, באַטראַכטן אים זייט מיטן

לאָמפּ אין דער האַנט, די צווייטע זייט. דינה קוקט אַרויף צו זיי מיט אַ קלאַפּנ־דיק האַרץ.

זיסל גלייכט זיך אויס, ציט אַדורך די דינע באָרד צווישן די אויסגעצערטע פינגער:

— ווער ווייסט? מע קאָן דען וויסן? ווי זיי פאַרדרייט דער קאַלטן, אַזוי טוען זיי. אַ מאָל לאָזן זיי דורך איינעם מיט טראַכאָמע און פאַרן מינדסטן פינטל אויפן לייב קענען זיי אַ מענטשן אומקערן. — נו, און די מאַמע האָט געפרעגט דעם דאָקטער?

— ניין, דאָרט פרעגט מען דאָך נאָר אויף טראַכאָמע. אויף קיין אַנדערע זאַכן פאַרשטייט ער זיך נישט. — איר מיינט, ר׳ זיסל, אַז מע וועט מיך אומקערן?

— גאָט זאָל היטן!

דינה ציט אַרויף דעם זאָק צוריק אויפן פוס, און דערמאָנט זיך, אַז זי האָט געוויזן אַ נאַקעטן פוס פאַר אַ מאַנסביל, אַן עלטערן יידן — און אַ הייסע רויטקייט פאַרציט זיך איבער איר פנים. זי כאַפּט שנעל אַראָפּ דעם פוס און באַהאַלט אים אונטערן קלייד.

— איצט דאַרף מען שוין גיין.

— גיי געזונט. דינהלע. אַ דאַנק פאַרן אַריינקומען. מאָרגן אם ירצה השם וועל איך מיטן אלטן אריין זיך געזעגענען מיט דער מאַמען.

דינה איז שנעל אַרויס פון שטוב. עס האָבן איר פאַרשטיקט די טרערן.

יענע נאַכט איז מען ביי פייטלען אין שטוב געגאַנגען שלאָפן מיט טאָג גלייך. מ׳האָט זיך געעצהט ווי מע זאָל איינטיילן דאָס איבערגעבליבענע נאָך פּעשעס אַוועקפאָרן —: פייטל וועט עס שוין אַלץ באַזאָרגן.

דינה איז געגאַנגען פרי שלאָפן — אי ווייל די פור קומט פרי און מע וועט דאַרפן דעם גאַנצן טאָג פאָרן און אויך טאַקע אז זי זאָל זיך נישט ארומדרייען פאַר די אויגן אומעטיק און פאַרקלערט ווי נישט קיין היגע. פּעשען האָט שטאַרק פאַר־דראָסן דינהס גלייכגילטיקייט צום ענין אַמעריקע.

— וואָס פון דעם מיידל וועט דאָרט זיין, ווייס איך נישט. איך וואָלט שוין וועלן זיך זען מיט איר אויף אַן אָרט, איך ווייס נאָך נישט, וואָס פאַר אַ חתונה זי קען מיר אָפּשפּילן אין מיטן פאַרן. אַז ס׳איז עפּעס ווי אַ תם, און קוים וואָס זי הערט וואָס איך רעד צו איר... גיי לאָז זיך מיט דעם אין וועג אַריין. כ׳זאָל נאָך נישט פאַרפּלאָנטערן די יוצרות און ענטפערן פונקט דאָס וואָס מע דאַרף נישט ביי דער גרענעץ, צי אין דער באַד...

## צו יענער זייט ערד...

דינה האָט די גאַנצע נאַכט זיך געוואָרפן אויפן געלעגער, נישט געקענט איינ־שלאָפן. זי האָט מיט טרערן אין די אויגן „קרישמע״ געלייענט, און אָבער און

ווידער אויסגעצויגן די ווערטער פון „המפיל״... מאָרגן פאָרט זי אָפּ. וואוהין און ווי אַזוי, איז איר שווער געווען זיך אויסצומאָלן. נאָר זי פאָרט אַוועק אויף אייביק פון דאַנען. וואָס ס׳וועט זיין דערנאָך — פון דעם האָט זי נישט געטראַכט. עפּעס אַן אייביקער ענדלאָזער וועג פירט צו יענער זייט ערד, אַהין דאַרף מען אייביק פאָרן און זיך קייקלען אין דער פינצטער, ווי דורך פאַרבאָרגענע היילן, וואָס זי האָט וועגן זיי געלערנט אין חומש... אין מידן דמיון האָט זי געזען די פינצטערע, לאַנגע טיפעניש... דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט. ס׳האָט זיך איר געדוכט, אַז זי נידערט מיטן בעט און קישן אַלץ טיפער און טיפער אין יענעם אָפּגרונט, וואו איר ענדלאָזער וועג דאַרף זיך מאָרגן אָנהייבן... און אַזוי, האַלטנדיק זיך מיט די הענט אַרום קישן, איז זי איינגעשלאָפן. ביז פעשע האָט זי אויפגעוועקט:

— שטיי אויף דינה. די פור וועט קומען האַלב אַכט. מע זאָל אונדז ניט דאַרפן וואַרטן.

דינה האָט זיך גיך און דערשראָקן אויפגעזעצט. זי האָט נישט באַלד באַגריפן וואָס די מאַמע רעדט צו איר, אָבער ביסלעכווייז האָט זי זיך דערמאָנט וואָס דאָ טוט זיך אַלץ. אַ ציטער איז איר אַריבער איבערן לייב און זי דורכגענומען ביזן ביין. זי מוז זיך אָנטון. באַלד קומט די פור. קיין צייט צו טראַכטן איז נישטאָ.

זי האָט זיך אָנגעטאָן, זיך געוואַשן און אָפּגעזאָגט ברכה שעפּטשענדיק. דער טיש איז געווען געגרייט. זי האָט זיך לאַנג ביים טיש נישט געזאַמט. פייטל זאָל איר געבן דעם שליסל צו דער קראָם. זי האָט דאָרט עפּעס פאַרגעסן. זי מוז צוגיין. זי וועט באַלד צוריקקומען. פייטל איז מיט איר צו צו דער קראָם. האָט דערפילט, וואָס דינהן ציט פּלוצעם אַזוי אין קראָם. ער האָט איר געעפנט די טיר און אליין געבליבן שטיין אין דרויסן. הינטער אַ ווענטל אין אייזנקראָם האָט די קליינע, ווייסע גאָלדעצקע אירע לעצטע יאָרן אויף דער עלטער פאַרבראַכט, זיך שווער באַוועגט אויף אירע דינע פיסלעך און כמעט גאַנצענע טעג געלעגן, און נאָר דאַן אַרויפּ־געקוקט מיט אירע פאַרטרערטע, רויטע, קליינע אויגן, ווען פייטל האָט צוגעבראַכט דאָס טעצל מיט שפּייז. אָדער אַז מ׳האָט זי גערופן.

זי איז איצט געלעגן אין איר ווינקל, אויסגעבעט אויף אַ קאָלדרע, און שווער געאָטעמט אין איר שלאָף. צוגענורעט צו איר איז געלעגן גרוליא. און האָט זיך דאָ געפילט ווי אַ וואָגלער, וואָס געפינט אַ שטיקל היים און אָפּרו נאָך אַ לאַנגן, בלאָנ־דזשענדיקן וואָגלען. זי האָט געזען, אַז קיין שאָרך פון אַ מויז זאָל זיך נישט דער־הערן דורך די ווענט אָדער דורכן דיל פון דער קראָם. אַלט און מיד, האָט זי זיך שווערלעך באַוועגט און, ווי די קליינע גאָלדעצקע, דורכן טאָג געדרימלט אין דער וואַרעמקייט, וואָס האָט זיך געשפּרייט פון אויוון, אָדער — אין די וואַרעמע טעג — אין די שטראַלן פון דער זון, וואָס האָבן זיך דערטראָגן אין דער הינטער־קאַ־מער פון געשעפט דורך די ווענט־שפּאַרונעס. איצט זיינען זיי ביידע געלעגן אין זיסן, פאַרטאָגיקן שלאָף. דינה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פאַר זיי. די צוויי קליינע באַשעפענישן זיינען איר אַזוי ליב געווען ווי אירע אייגענע יונגע קינ־דערישע טעג און יאָרן, וואָס זי לאָזט איצט איבער הינטער זיך, ווי אַן איבערגע־ריסענעם חלום. זי האָט זיך צוגעבויגן מיטן קאָפּ צו זיי, איינגענורעט איר פּנים אין די וואַרעמע פעלן פון די צוויי שלאָפנדיקע באַשעפענישן, און טרערן האָבן זיך

איר צעגאָסן ווי א ווארעמער רעגן איבער א זומערדיק פעלד. די קאַץ האָט זיך אויפגעשטעלט, אויפגעהויבן דעם רוקן ווי אַ דוהע, אויסגעשטרעקט די פאָדערשטע פיסלעך, דערנאָך די הינטערשטע, זיך אויסגעגלייכט, באַטראַכט דינהן, ווי מיט חידוש, און אָנגעהויבן זיך דרייען ארום אירע קני, כאָרכלען, ווי איינער וואָלט געזאָגט: טאַקע אַ ביסל צו פרי געקומען, אויפגעוועקט פון מיטן שלאָף, אָבער סיי ווי אַן אָנגעלייגטער גאַסט...

פאַר גאָלדעצקען, אין איר עלטער, איז דינהס פרימאָרגנדיקער באַזוך אויסגע־קומען מער חלום ווי ווירקלעכקייט. דערפאַר טאַקע האָט זי נאָר ווי דורכן שלאָף אַרויפגעפינטלט מיט די פאַרטרערטע אויגן, פאַרשלאָפן אַ בורטשע געטאָן און ווידער צוגעמאַכט די אויגן. דינה איז געשטאַנען אַ קניענדיקע און געפילט די וואַרעמקייט פון די צוויי אַלטע פריינד אירע... ביז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, ווי פון אַ חלום, דורך פייטלס קול:

— קום, דינה, ס'ווערט שוין שפּעט.

דינה האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד אַ פאַרשעמטע און א צעטומלטע, ווי איינער וואָס ווערט געכאַפּט ביי אַ גנבה.

אַז זיי זיינען אַריין אין שטוב, איז שוין ישראל דער בעל־עגלה געשטאַנען מיטן בייטש־שטעקל אונטערן אָרעם. פעשע האָט זיך געבייזערט אויף דינהן:

— וואָס האָט דיר אזוי אָנגעשפּארט אין דער לעצטער מינוט צו לויפן אין מאַרק באַגינען? און דאָ דאַרפן מענטשן שטיין און וואַרטן.

דינה האָט אָן אַ וואָרט זיך אָנגעטאָן. מלכה האָט זי גענומען ביי דער האַנט.

— קום, דינהלע, וועלן מיר זיך צעקושן —

און זי האָט איר באַדעקט דאָס פּנים מיט טרערן און מיט קושן. ווי צוויי גוטע שוועסטער, וואָס פאַרשטייען זיך אָן ווערטער, האָבן זיי איינע צו דער צווייטער געדריקט זיך, און געזעגנט זיך. דערנאָך איז מלכה, מיט דינהן אונטערן אָרעם, אַריין אין שלאָפצימער, וואו דאָס קליינע רייזעלע איז שוין געלעגן וואַך אין איר וויגל און מיט די וואַרעמע ראָזע פיסלעך און הענטלעך געוואָרפן אין דער לופט, וואָרקענדיק, ווי אַ יונג טייבל, צו זיך אַליין און זיך געשפּילט מיט די פרימאָרגנ־דיקע זונשטראַלן איבער דער וויג. זיי זיינען א רגע שטיינגעבליבן. אָבער רייזעלע האָט באַלד באַמערקט די געסט און זיך אַ הייב געטאָן, ווי זי וואָלט גרייט געווען אַנטקעגנשפּרינגען.

— רייזעלע, זעסט? דינהלע פאָרט דאָך שוין אַוועק. געזעגן זיך מיט דער מומען.

דינה נעמט דאָס קינד מיט ציטערדיקע הענט, קושט עס אויס און לייגט עס צוריק. אָבער רייזעלע וויל נישט בלייבן ליגן. זי ציט זיך צו דינהן און צאַפּלט. נעמט מלכה דאָס קינד אויף די הענט:

— נו, גוט, רייזעלע, מיר וועלן אַרויס און באַלייטן די באָבע מיט דינהן ביז צו דער פור.

אין דרויסן זיינען געשטאַנען רעדלעך שכנים און באַקאַנטע, זיך געקומען זעגענען. דבורהלע האָט עפּעס געהאַלטן אין אַ ווייס טאָרבעלע.

— נאַ, דינהלע, וועסט אויף דער באַן נעמען אין מויל אַריין, וועט דיר די נודא פאַרגיין. כ׳בין קיין מאָל, חלילה, מיט דער באַן נישט געפאָרן, נאָר מע זאָגט, אַז סע שלאָגט אונטער אונטערן לעפּעלע און סע שווינדלט דער קאָפּ. א קאָטאָוועס, אזא לויפן, נאַ, דינהלע, וועסט געבן דער מאַמען אויך. אַ קאָפּ אַגרעס־איינגעמאַכץ. געשניטן. וועסט עס קענען עסן ווי אַ צוקערל. ס׳איז שטיף געקאָכט. און אַ קעזל, אַ האַרטס, און צוויי ציטרינען.

דינה האָט אַלץ געהערט ווי פון גאָר ווייט. איר האָט זיך געדרייט אין קאָפּ — די צוויי אָרעמע, גוטע מענטשן האָבן אוודאי געשפּאָרט פון דעם נייטיקסטן און דאָס אַלץ אָנגעקויפט. אין דעם געטומל אַרום דער בויד האָט זי דבורהלען אַ ביסל אין אַ זייט אָפּגעפירט און איר געזאָגט מיט שעמעוודיקע שטילע ווערטער:

— איר האָט אויסגעגעבן געלט אויף מיר. מ׳האָט נישט געדאַרפט. אָבער אַז מען זאָל מיך צוריקשיקן פון דער באַר, וועל איך נייען ביי ראָדען אין קאַפּוליע און איך וועל אייך קענען אַרויסהעלפן...

— גאָט זאָל היטן, מיין קינד. זאָלסט אָנקומען געזונטערהייט מיט דער מאַמען צום טאַטן קיין אַמעריקע. וועסט דאָרט זיין אַ לייט, אם־ירצה־השם. מיין זיסל זאָגט מיר אַלע מאָל, אַז דו, דינהלע, וואָלסט אַ גרויסער רב געווען, ווען דו זאָלסט ניט געבוירן ווערן אַ זינדיקע יידענע. וועסט אונדז אַ בריוו שרייבן, וועסטו אונדזערע פינצטערע הערצער דערפרייען...

פלוצלינג דערמאָנט זי זיך עפּעס:

— הערסט, דינהלע? גוט, וואָס איך האָב זיך דערמאָנט. די גאַנצע צייט גע־האט אויפן זינען, נאָר דער קאָפּ איז, נישט פאר קיינעם געדאכט, פאַרשלאָגן... הערסט, דינהלע? וועסט אָנקומען קיין האַראָדזשע און וועסט שטיין ביי דער סטאַנ־ציע און וועסט שטיין אויף דער ליניע און וואַרטן אויף דער באַן — זאָלסטע טאָן אזוי — זעסט? קוק, דינהלע, אָט אזוי....

זי נעמט פאַנאַנדער די פינגער פוןביידע הענט און צעשפרייט זיי אין דער לענג איבערן פּנים. די צוויי גראָבע פינגער שטעקט זי אַריין אין די אויערן און מיט די לענגסטע פינגער פאַרמאַכט זי שטייף די אויגן־דעקלעך:

— זעסט, דינהלע? וועסט קענען אזוי טאָן? נו, פּרוביר גלייך איצט, וועל איך זען... גוט דינהלע, אָט אַזוי... נו, האָסטו עפּעס געהערט?

— ניין. גאָרנישט געהערט.

— און געזען?

— אַז מע פאַרמאַכט די אויגן מיט די פינגער, זעט מען גאָרנישט...

— גוט, דינהלע, וועסטו געדענקען? אַז דו וועסט שטיין ביי דער באַנליניע און דערהערן אַ וויטן סווישטש און א ווייט, לאַנג הוקען, וועסטו וויסן אז די באַן קומט אָן... זאָלסט גלייך פאַרמאַכן די אויגן און זיך פאַרשטעקן די אויערן — אָט

ווי איך האָב דיר געוויזן, וועסטע זיך חלילה נישט איבערשרעקן... אַז די באַן איז צום ערשטן מאָל אָנגעקומען קיין האָראָדזשע מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק, זיינען מיר זי געפאָרן אָנקוקן. איז מען אַלע אַזוי געשטאַנען, און איינע, אַ יונג ווייבל, האָט געהאַלטן די אויגן אָפן. איז דערזעענדיק מיט אַ מאָל ווי עס פליט אַזאַ גרויסע שוואַרצע מאַסע און דרייט זיך גיך ווי אַ שלאַנג און מיט אַ סווישטש און מיט אַ הוקען ,האָט זי זיך אַזוי דערשראָקן, אַז זי איז אומגעפאַלן אין חלשות... נו, האָט זיך עס געטאָן אַ ביסל!... אָבער אַז דו וועסט בלייבן שטיין ווי איך האָב דיר געוויזן, וועט דיר מירטשעם גאָרנישט זיין.

עס האָבן זיך דערהערט קולות:

— דינה! דינה!

פייטל און מלכה זיינען צו צו איר און זי גענומען ביי די הענט:

— די מאַמע איז שוין אין בויד! גיכער!

מ׳האָט זיך שנעל געזעגנט, און פייטל האָט זי אַריינגעהויבן אין דער בויד אַריין. פעשע האָט געמאַכט אָרט פאַר איר.

ארום דינהן האָט זיך אַלץ געדרייט ווי אין אַ פייערדיקן ראָד... ס׳האָט איר געשווינדלט פאַר די אויגן. דאָס הארץ האָט ווי מיט האַמערס געקלאַפּט. דאָס בילד פון דער באַן, וואָס רוקט זיך ווי אַ שוואַרצע שלאַנג און פייפט און הוקעט פון דער ווייטנס, האָט איצט געוויגט זיך אין איר צעשראָקענער פאַנטאַזיע. זי האָט דורך פאַרמאַכטע אויגן געזען גרויסע, שוואַרצע, הוקענדיקע מאָנסטערס, וואָס פליען אויף איר מיט אַ מוראדיקער שנעלקייט און צעדריקן זי און פאַרשלינגען זי אין גאַנצען... זי האָט געטאָן וואָס דבורהלע האָט איר געהייסן טאָן ביים אָנקומען פון דער באַן, און מיט פאַרשטייפטע אויגן און אויערן האָט זי זיך אָנגעשפּאַרט אָן פּע־שעס פלייצע און אַזוי געזעסן אין דער גרויסער, טונקעלער בויד און זיך געוויגט אין איר פאַרלוירנקייט, ווי איינער וואָס לייענט „איוב״ ביים שבעה־זיצן.

אין סלוצק האָט ישראל בעל־עגלה אָפּגעשטעלט די פערד לעבן אבא ראָס־קינס, דעם אַדוואָקאַטס, גרויסן הויף, זיין רויטע מויער האָט איצט, אין פריען אָוונט אויסגעזען ווי אַ גרויסער טונקעלער געשפּענסט מיט צענדליקער פייער־אויגן, וואָס האָבן דורכגעבליצט פון די פילע פענצטער אין טונקלען דרויסן אַרויס, דורך די ביימערצווייגן.

פעשע איז אַריין און איז באַלד צוריק אַרויס, באַלייט פון ראָסקינען.

— אַלץ וועט זיין גוט. און דער דיליזשאַנס וועט אָנקומען אַרום ניין.

## הינטער דער שטאָט, אין פרייען פעלד

ביי אַ לאַנגער שטוב אָן וועגט האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט ישראלס בויד. אונטערן לאַנגן, רויטן דאַך, וואָס איז געשטאַנען אונטערגעשפּאַרט אויף פיר ברייטע, פּירקאַנטיקע זיילן, זיינען געשטאַנען מענטשן — און אַרום זיי, ביי די פיס, זיינען געלעגן פּעק מיט פּעקלעך, מיט רענצלעך. ווייבער, אַרומגעוויקלט מיט פאַ־

טשיילעס, זיינען געשטאַנען איבער די פּעק, און זיי שטאַרק געהיט, און אַלע מאָל איבערגעחזרט די נעמען פון די קינדער, וואָס אָדער זיי זיינען געזעסן אויף די פּעק ווי הינער אויף די סעדעלעס, אָדער זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט פאַר די פיס פון די גרעסערע. די מאַמעס האָבן מיט אַנגסט געהיט, אַז ס׳זאָל חלילה אַ קינד נישט אוועק פון אונטער די הענט אידער דער דיליזשאַנס קומט אָן, אָדער די פּעק־לעך זאָלן זיך נישט אויסמישן איינס מיטן צווייטן, מיטן שכנס פּעקלעך.

דינה איז ארויסגעקראָכן פון דער בויד. פעשע האָט איר געהייסן זיך אַוועקזעצן אויף דער גרויסער קאַרזינע און היטן די פּעקלעך אַרום זיך. זי וועט זיך פאַנאַנ־דערצאָלן מיטן בעל־עגלה. האָט זיך דינה ווי אין שלאָף אוועקגעזעצט אויף דער גרויסער קאַרזינע. אַן איבלדיקייט האָט איר געשלאָגן אונטערן הארצן. זי האָט געפילט אַ פיזישן רעוואָלט צו דעם גאַנצן אַרום: — ווי ציגיינערס אַן היימען... נאָר מיטן אונטערשייד, וואָס יענע זיינען פרייע אין די וועלדער און פעלדער און דאָ — אַזאַ ענגשאַפט, מיט פּעק און פּעקלעך אין אַ שמוציקער בויד, און איצט — עפּעס אונטער אַ לאַנגן דאַך, מיט פרעמדע ווייבער און קינדער... וואָס האָט זי דאָ פאַר אַ שייכות אָט מיט די מענטשן און דעם גאַנצן אַרום? איר איינגעבוירענער שטאָלץ האָט אין איר רעוואָלטירט. עס האָט זי געשטיקט אין האַלדז, אין די נאָז־לעכער און ביים הארצן — ווי נאָך א שלעכטן מאָלצייט...

פעשע אי זצו, זיך אָפּרוען:

—ווי זעט מען זיך שוין אויף אַן אָרט. אָן כוחות קען מען בלייבן. ביסט הונ־געריק, דינה?

— ניין, ווער קען עסן?

זי האָט דערפילט א שטיקנדיקן ריח ארום זיך און איז אין גאנצן אויפגעצי־טערט געוואָרן.

— ס׳איז דיר קאַלט?

—ניין, מיר איז נישט קאַלט.

— נאָך דאָס פעלט מיר — זאָלסט נאָך חלילה קראַנק ווערן. מער פעלט מיר שוין גאָרנישט.

— כ׳וועל נישט קראַנק ווערן. זאָרג זיך נישט.

באַלד האָט זיך דערהערט אַ טופּעריי פון פערדישע, שווערע, פּאָדקאָווועטע טריט איבערן שאָסיינעם וועג. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די פּעק און אין איילעניש געשלעפּט פון אונטערן רויטן, לאַנגן דאַך נעענטער צום וועג צו. ס׳איז אָנגעפאָרן אַ הויכער, לאַנגער וואָגן מיט לאַנגע בענק אין דער הייך, פיר גרויסע, שיינע פערד אין שפּאַן, און אויף די קאָזלעס — צוויי אָנטרייבער מיט קיילעכדיקע היטלען און בלישטשאַטשע קאָזירקעס, בלויע קורטקעס מיט מעשענע קנעפּלעך אין צוויי רייען. זיי האָבן מיט א ליאַרעם אָפּגעשטעלט דעם לאַנגן, הויכן וואָגן. דער אָפּקלאַנג פון די גלעקלעך אויף די שפּאַנען פון די פערד האָט אָפּגעהילכט עטלעכע מינוטן. דינהן איז ווידער ארויף פאַר די אויגן דאָס בילד פון דער באַן, ווי דבורהלע האָט עס איר אויסגעמאָלן... דער דיליזשאַנס איז פאַרט געווען אַ בע־

ענטער בילד; פערדגלעקלעך — רעדער — א געשפאַן... אין איר קינדערישער פֿאַנטאַזיע האָט זי זיך אַליין געזען פֿליען אויף אַ רייטוואָגן מיט פיר שיווע פערד, אָבער נישט אַזעלכע מאַסיווע, ערדיקע פערד, נאָר פערד מיט זילבערנע גריוועס, אויף בייגזאַמע פיס, מיט קעפּ אין דער הייך — און זיי טראָגן זי אַוועק, אַרויף צו די רוימען, דורך געמעלן פון זילבערנע וואָלקנס... און דער רייטוואָגן אויף לייכטע רעדער האָט געהאַט ראָז־בלויע פֿליגל...

דער דיליזשאַנס איז באַגרייפלעך — כאָטש ער האָט שווערערע רעדער, גרע־סערע, ברייטערע פערד, מיט שווערערע פּאָדקאָוועס אויף די פעסטע, מוירדיקע פיס. אָבער די באַן, וואָס וויקלט זיך ווי אַ שוואַרצע שלאַנג און פליט ווי אַ שד, סווישטשענדיק און הוקענדיק — פאַר דעם האָט זי מורא. זי ציטערט אין גאַנצן. פעשע ציט זי נאָך זיך:

— וואָס איז, די פיס האָבן דיר אָפּגענומען? ביסט קראַנק?

און זי לייגט איר צו אַ נערוועזע האַנט צום שטערן.

דינה זעצט זיך אויף אַ באַנק אין דער הייך אינעם משונה־לאַנגן וואָגן, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן פעשעס אַקסל און האַלט זיך אָן אין איר מיט די הענט. דער די־ליזשאַנס גיט זיך מיט אַ קלונג פון די שפּאַן־גלעקלעך אַ ריס אָפּ פון אָרט. אַלע אין וואָגן גיבן זיך א האסטיקן וויג אויף אַהין און צוריק. דערנאָך גייט דער וועג אַוועק גלאַטיק און לאַנג פאַרן אויג צווישן צוויי לאַנגע שורות טאָפּאָלן, און דער לאַנגער הויכער וואָגן וויגט זיך ריטמיש לויטן טראָט פון די פערד. אין וואָגן ווערט געמיטלעכער. קינדער שלאָפן איין ביי די מאַמעס אויף די שויסן, אַנדערע — ביי די פיס אויף די פּעקלעך, אַנדערע — זיצנדיק אויף די בענק, און וויגן די קעפּ אויף די שלעפעריקע אַקסלען לויטן ריטעם פונעם וואָגן, וואָס וויגט זיך ווי אַ וויג...

די וואַכנדיקע רעדן צווישן זיך, פריער שטילער, אומבאַקאַנטערהייט, דערנאָך דעררעדט מען זיך, דערפרעגט מען זיך: וואוהין ווער עס פאָרט, מיט וועלכער שיף, מיט וויפל קינדער...

מע רעדט, מע זיפצט מיט פרומער אנגסט — אז גאָט זאָל העלפן מע זאָל זיך זען אויף אַן אָרט. פון די פּאָר ייִנגערע, מענער און בחורים, הערן זיך וועלט־לעכע רייד: מע רעדט וועגן פּאָליטיק...

די גאַנצע נאַכט איז מען געפאָרן. דינהן האָט זיך געחלומט פון אוהליער גרי־נע פעלדער מיט בליענדיקע סעדער און אַ פולן שייער היי— און אַ הוידע אויף שטריק — און ווי זי מיט אירע חברטעס הוידען זיך און לאכן דורכן פרייען, אָפענעם טויער פונעם שייער, און דער ווינט הייבט אויף די לייכטע קליידלעך ביי יעדן פלי אין דער לופטן.

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף דורך א פלוצלינגן טרייסל פון דעם די־ליזשאַנס. זי האָט זיך נישט געקענט דערמאָנען וואו זי געפינט זיך. אָבער באַלד איז פאַר איר אַלץ קלאָר געוואָרן: דער דיליזשאַנס איז שטיין געבליבן. ווייבער האָבן אָנגעהויבן וועקן זייערע קינדער און ס׳איז געוואָרן אַ טומל. יעדער האָט געזוכט זיינס. באַלד איז אָנגעקומען אַ הויכער וואָגן מיט אַ בויד. פון איר זייענן

ארויסגעקראָכן, ווי פון א נאַכטיקער הייל, ווייבער מיט קינדער, און מיט פּעק. און נאָך פורן זייַנען אָנגעפאָרן און שטיין געבליבן אין דעם קאַלטן, גרויען באַגינען. מ׳איז געזעסן צונויפגענורעטע אין דער קעלט, יעדער זוכנדיק די ווארעמקייט פון זיין דערבייַ־זיצנדיקן. מ׳האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צום גורל און שוין ווידער געדרימלט און מיט האַלב־אָפענע אויגן געקוקט צו די טירן פונעם קליינעם וואָקזאַל, וואָס איז געשטאַנען ווי א פעסטונג מיט פאַרשלאָסענע לאָדן און טירן.

דער וואָקזאַל דאַרף זיך אין גיכן עפענען און מע וועט אַריין קויפן בילעטן און זיך שוין אין איין וועגס אַ ביסל דערוואַרעמען די פאַרשטייפטע ביינער. דערפאַר האָט מען געהיט דעם וואָקזאַל.

די צייט, וואָס מ׳איז געזעסן אַרום וואָקזאַל אויף די פּעקלעך, האָט זיך אויסגעצויגן ווי אַן אייביקייט. דער פרימאָרגן האָט זיך געוויקלט אין גרויען נעפּל און נישט געוואָלט אַרויסקומען. די פייכטע לופט האָט זיך יעדן געלייגט אויפן האַרצן. אַ נאָגעניש פון שלאָף און הונגער און דאָרשט האָט אַרומגענומען די קלענערע קינדער. זיי האָבן געפּאָדערט וואָס זיי קומט. די מאַמעס האָבן זיך קיין העצט און קיין ווערטער נישט געקענט געפינען אויף אייַנצושטילן אַלעמען: דעם אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן מויל, און דעם אַ ריס געטאָן ביים אַרבל מיט דעם לייב אין איינעם:

— דאָס איז נישט די היים. מ׳איז אין וועג...

און קליינוואַרג האָט דאָס נישט קלאָר באַגריפן און געטאָן דאָס אייגענע, נאָר מיט מער פּראָטעסט קעגן דעם אומרעכט וואָס זוערט קעגן אים באַגאַנגען. ווי אויף משיחן האָט מען איצט געוואַרט — ביז ס׳איז צוגעפאָרן אַ לייכט וועגעלע, ס׳איז דערפון אַראָפּ איינער מיט געלע קנעפּלעך אויפן מאַנטל און אויפן היטל. ער איז גדלותדיק פארבייגעגאַנגען די פּעק מיט די מענטשן, און זיך אפילו נישט אומגעקוקט — אויפגעשלאָסן די טיר, אריין אינעווייניק און זי צוריק פאַרמאַכט. מ׳האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר, אָבער זי איז איצט געווען פאַרשלאָסן פון אינעווייניק. דאָך איז מען געווען אויפגעלייגטער. מ׳האָט אַרומגעשפּאַנט פאַר דער וואָקזאַלטיר אַהין און צוריק — ביז ס׳איז צוגעפאָרן נאָך אַ וואָגן, אַ שענערער ווי דער פריערדיקער, און ס׳איז אַרויס אַ מאַן מיט מער קנעפּ פון מעש און גרעסערע ווי ביי דעם וואָס איז פריער געקומען. דער צווייטער פּאַרשוין האָט געטראָגן שטעכיקע וואָנצעס מיט שטעכיקע ברילן און אַ שטעכיקע קאָקאַרדע אויפן בלויען, רונדן היטל. פאַר דעם פּאַרשוין האָט דער ערשטער ברייט צעעפנט די טיר פון וואָקזאַל און גלייך צעעפנט די לאָדנס פון די צווי לאַנגע פאַרשטויבטע פענצטער. דער עולם האָט זיך ווידער אַ לאָז געטאָן צו דער טיר, נאָר אַ גראָב וואָרט, וואָס דער פּאַרשוין מיט די קלענערע קנעפּלעך האָט אַ געשריי געטאָן, האָט דעם עולם אָפּגערוקט אויף צוריק.

עס האָט זיך דערהערט א הייזעריק קלינגען פון א זייגער. דער וואָקזאַל־זייגער האָט מיט א בלעכענעם, כריפּעדיקן קול אויסגעקלאַפּט זעקס מאָל. די טיר איז איצט געשטאַנען ברייט אָפן. מ׳האָט זיך געשטופּט אין וואָקזאַל אַריין. מאַמעס האָבן געשריען צו קינדער, זיי זאָלן נישט אָפּטרעטן און היטן די פּעק, און אַליין האָט מען

צעבונדן שטייף - פאַרקניפּטע טאָרבעלעך, וואָס זיינען געהאָנגען אַרום די העלדזער אויף גראָבע בענדלעך, און דאָרט מיט ציטערדיקע פינגער געזוכט אן אַסיגנאַ־ציע, אָדער אַ מטבע.

— אַז דער קאָפּ איז ווי צעהרגעט...

דער טשינאָווניק מיט שטעכיקע ברילן און וואָנצעס שטייט שוין איצט אָן אַ היטל, מיט אַ הוילן קאָפּ און אַ רויטן שטערן און נאָך אַ רויטערן, גראָבן קאַרק איבערן פאַרשטייפטן העל־בלויען, סאַמעטענעם קאָלנער פונעם מונדיר. פון זיין בליק אַליין, פון דער ווייטנס, באַפאַלט אַ שרעק און מע ווערט באַגאָסן מיט אַ שווייס...

גייט מען צו, מיט ציטערדקיע פינגער, צו דער פאַרטקע. דער פאַרשוין מיט די שטעכיקע ברילן שטייט איצט ווי א וויכטיקער, טייערער פויגל אין אַ שטייג, הינטער שווערע, געלע גראַטעס, און שטעקט אַלע מאָל אַרויס אַ פעטע, רויטע האַנט, וואָס סע ליגן אויף איר, ווי רייפן אַרום אַ פאַס, ברייטע דריי גאָלדענע רינגען אַרום דריי פינגער. מיט דער האַנט נעמט ער אָן דאָס געלט, וואָס ליגט שוין גרייט פאַר אים, און נישט קוקנדיק יענעם אין פּנים, לאָזט ער אַרויס די איינ־ציקע פראַגע, וואָס באַשטייט פון איין וואָרט און קלינגט ווי אַ שטרענגער באַפעל:

— קודאַ!?

דאָס טירעלע פון דער גאָלדענער קלעטקע האָט זיך פאַרהאַקט. און אַ באַפעל פון דעם, מיט די קלענערע קנעפּ, צו פאַרלאָזן דעם וואָקזאַל און זיך פּעקלען צו דער ליניע, האָט דעם עולם רירעוודיק געמאַכט. מ׳האָט זיך ווידער גענומען צו די פּעק און פּעקלעך, זיי אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער ריי פּאַזע די גלאַנציקע, שמאָלע שינעס פון דער באַנליניע, און אַליין זיך צעשטעלט אין אַ ריי, יעדער הינטער זיין באַגאַזש, און באַפוילן די קינדער, זיי זאָלן זיך אָנהאַלטן ביי דער מאַ־מעס קלייד און אייִנס דאָס צווייטע נישט אָפּלאָזן און נישט דערשרעקן זיך ווען די באַן וועט אָנקומען.

אַלע זיינען געשטאַנען גרייט, ווי די זעלנער אויפן פּאָסטן, אויף א שלאַכטפעלד, גרייט צו באַגעגענען דעם שונאס אָנפאַל. עס האָט זיך דערהערט אַ הילכיק, לאַנג רעווען פון ווייט. די ערד האָט אַ ציטער געטאָן אונטער די פיס. דינה האָט אַ שטאַרקן ציטער געטאָן ווי אַ דינער בוים אין אַ שטורעמווינט, און זיך אַ וויג געטאָן פאָרויס. פעשע האָט זי אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט, איר א קוק געטאָן אין פּנים אַריין:

—וואָס איז דיר? זיי אַ מענטש! זעסט, אָט שטייען דאָך גאָר קליינע קינדער און האָבן קיין מורא נישט. זע, ווי בלייך זי איז! שטאַרק זיך! ס׳איז גאָרנישט. ווּעסט הערן די באַן צוקומען נעענטער — פאַרמאַך זיך די אויגן מיט די הענט און פאַרשטעק די אויערן, וועסטע גאָרנישט הערן און נישט זען. — אַז מיר וועלן אַרויף און זיך זעצן, וועל איך דיר דערלאַנגען אַ ביסל ווישניק — וועט דיר בע־סער ווערן...

דינה איז אויף אַ רגע צו זיך געקומען, אָבער אויף אַ צווייטן רעווע פון דער אָנקומענדיקער באַן, באַלייט פון אַ לאַנגן לופט־צערייסנדיקן פייף, איז זי ווידער

פאַרציטערט געוואָרן און אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, טיף באַהאַלטן אין די אויפגע־הויבענע אַקסלען, ווי איינער בשעת אַ געפאַר — פילנדיק אַז אָט פאַלט אים עפּעס אין קאָפּ אַריין... זי איז געשטאַנען, די הענט איבערן פּנים, און זיך פאַרשטעקט די אויערן. דאָס קרעכצן און שווערע אָטעמען פון די "באַנרעדער" און פונעם לאָקאָמאָטיוו איז אַלץ געקומען בעענטער און נעענטער. דאָס פייפן האָט געריסן די פאַרטאָגיקע לופט אויף שטיקער. דאָס ליארעמען און קלאַפּן פון די רעדער, ווי פון מחנות ריזיקע פליגל, דאָס שווערע סאָפּען — אַלץ האָט געבריט די ערד אונ־טער דינהס ציטערנדיקע פיס און געקראַמפּט ווי מיט רייפן אַרום האַרץ און אַרום די שלייפן. מיט אַ שרעקלעכן קראַך האָט זיך די באַן אַ טרייסל געטאָן — און איז שטיל געבליבן. אַלץ אַרום איז אויף אַ רגע געבליבן שטום. אין דער לופט האָט זיך געוויגט דער אָפּקלאַנג פון שרעק און געפּילדער. דער לאָקאָמאָטיוו האָט שווער געאָטעמט, ווי איינער ביים אויסגיין, ביז דער לעצטער אָטעם זיינער איז פאַרשטילט געוואָרן.

פעשע האָט דינהן אַ צי געטאָן ביים אָרעם:

— נו? ווי לאַנג וועסטו אַזוי שטיין ווי אַ פרומער איד ביי שמונה־עשרה? די באַן שטייט דאָך שוין.

דינה האָט אַראָפּגענומען די הענט פון די אויגן און דערזען פאַר זיך אַ מין וואָגן פון טשוהון מיט אַ דאַך און טירן און פענצטער, אַזאַ מין הויז מיט הויכע טרעפּלעך און אויף רעדער. די שרעק איז איר פאַמעלעך אָפּגעטראָטן פון האַרצן, און אין איר האָט זיך פאַרשפּרייט אַ חידוש: אַזאַ לאַנגע שוואַרצע שטוב, וואָס פליט אויף רעדער איבער גלאַנציקע, שמאָלע שינעס און פייפט און קרעכצט און שיסט מיט רויך און מיט פּאַרע — ס'איז דאָך נישט קיין לעבעדיקע זאַך?... פון וואַנען קומט עס?

אויסקערעווענדיק דעם קאָפּ, ווי אַז מע ליידט פון אַ צוגעקילטן, פאַרשטייפטן נאַקן, האָט זי זיך מיטן בליק אָנגעשלאָגן אינעם קוימען פונעם לאָקאָמאָטיוו און אינעם לאָקאָמאָטיוו אַליין — און זיך ווידער געחידושט... דערווייל איז אַרום דער באַן געוואָרן אַ געלאַף. מ'האָט זיך אָנגעהויבן שטופּן צו די טרעפּלעך פון די וואַגאָ־נעס. פעשע האָט אָנגענומען דינהן ביי דער האַנט:

— קום!

דינה איז איר נאָכגעגאַנגען ווי נישט מיט אירע פיס. פעשע האָט זי גע־שטופּט אויף די הויכע, שמאָלע טרעפּלעך — אין וואַגאָן אַריין. דינה איז געגאַנ־גען, נאָר די פיס האָבן זיך איר געבראָכן.

— גיי גיכער!

דינה האָט, ווי אַ בלינדער, געפּילט מיט די פיס דעם דיל, וואו זי טרעט. אין האַלב־פינצטערן, גרויען וואַגאָן איז געווען רויכיק. די באַנק, וואו זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, איז געווען שטויביק און ברודנע. זי האָט אַראָפּגעקוקט און באַ־מערקט שפּייעכץ אויפן דיל. זי האָט מיט עקל אויפגעהויבן די פיס, זיי פאַרלייגט אויף הינטער אונטערן בענקל, אַז זיי זאָלן דעם דיל נישט אָנרירן. פעשע האָט שווער אָפּגעזיפצט:

— גאָט צו דאַנקען, אַבי מ׳איז שוין אין וואַגאָן.

דינהן האָט געשטיקט די פּוילע, רויכיקע לופט. פון דער באַנק, וואו זי איז געזעסן, האָט זיך געטראָגן אַ קעלט, וואָס האָט זי דורכגענומען דורך די קליידער ביזן לייב, און זי האָט לייכט געציטערט, ווי אונטערן באַריר פון אַ קאַלטער, פרעמדער האַנט.

דער ליאַרעם פון אַרום, פון די מאַמעס מיט די קינדער, וואָס האָבן געשטופּט איינער דעם צווייטן, געזוכט צו פאַרכאַפּן זיצפּלעצער, האָט זיך אַ ביסל איינגע־שטילט. מ׳איז שוין געזעסן אויף די קאַלטע, ברודנע בענק און זיך גענומען ווי עס איז איינמאָשטשען און ווערן היימיש. מאַמעס האָבן אַרויסגענומען שפּייז פון די ווייסע טאָרבעלעך און דערלאַנגט — ווער/מען אַן עפּל, וועמען אַ שטיק זעמל. און באַלד איז מען שוין ווידער געזעסן שטיל און אין דערוואַרטונג. אַ באַקנפּלטער קאָנדוקטאָר האָט זיך דורכגעטראָגן, געהייסן זיין גרייט.

די מאַמעס האָבן ווידער אַרומגענומען זייערע קינדער, געהייסן זיך אָנהאַלטן איינער אין צווייטן, נישט דערשרעקן זיך — און ס׳האָט זיך דערהערט — פריער אַ פּאַמעלעכער, דערנאָך אַ האַסטיקער פּאַטשן, ווי פון שווערע פליגל, און אַ כאָרכלען מיט אַ שווער אָטעמען און מיט אַ קרעכצן פונעם לאָקאָמאָטיוו. און מיט איין מאָל — אַ לאַנג, פאַרהילכנדיק רעווען און פייפן. דאָס האָט זיך אויסגעמישט מיט צע שראָקענע קולות פון צעשראָקענע קינדער. דער וואַגאָן האָט זיך אָפּגעריסן פון דער ערד, און פריער פּאַמעלעך, דערנאָך אַלץ שנעלער און שטאַרקער און פאַרהילכנדיקער געפּאַטשט אין דער ווייט אריין, אין דער אומענדלעכער ווייט אריין — — —

דינה איז געזעסן אַ פּאַרציטערטע, זיך אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט אין דער באַנק. דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט. פאַר די אויגן האָט איר געשווינדלט. זי האָט זיך אין איינעם מיט דער באַן אָפּגעריסן פון דער ערד, און איצט טראָגט עס זי אויף די טויזנטער משונה־ווילדע פליגל, באַגלייט פון משונה־פאַרהילכנ־דיקע קלאַנגען, ערגעץ ווייט, ווייט, אין אַן אומענדלעכער, אומבאַגרייפלעכער ווייט — — — — — — —

(געענדיקט — מאָנט־ראַלאַנד, קוויבעק — 22.8.39).

# תיקון־טעותן

זייטל 1 שורה 17 דאַרף זיין בענטער
״ ״ ״ 28 ״ ״ אַ קאָמע ביים סוף
״ 17 ״ 30 ״ ״ סקריפּען
״ 25 ״ 31 ״ ״ זייערע
״ 30 ״ 5 ״ ״ פרײדעלע, אָן גענדזנפּיסלעך
״ ״ ״ 12 ״ ״ האַלט אַלע מאָל
״ 42 ״ 35 ״ ״ זיי וועט
״ 52 ״ 9 ״ ״ צפּורה (אָן אַ פרעג צייכן)
״ 54 ״ 27 ״ ״ אַ ווייל
״ 58 ״ 19 דאַרף זיין אָנגעפּלאָדיעט
״ 67 ״ 16 ״ ״ פּערדגעשפּאַן
״ 75 ״ 5 ״ ״ ענדלאָזיקע
״ 79 ״ 21 ״ ״ געבעבעקט
״ 84 ״ 25 ״ ״ פינפערל
״ 85 ״ 36 ״ ״ שלומען
״ 87 ״ 22 ״ ״ געדאַנקען
״ 90 ״ 13 ״ ״ זיך משער געווען
״ 91 ״ 3 ״ ״ פּופּצן
״ ״ ״ 21 ״ ״ שלומען
״ 92 ״ 17 ״ ״ ווי זיין ברודער
״ 96 ״ 33 ״ ״ פּעטראָפּאַוולאָווסקער
״ 97 ״ 19 ״ ״ פּריסטאַווס
״ ״ ״ 31 ״ ״ קנאַפּל
״ 100 ״ 1 ״ ״ זיך ווידער
״ ״ ״ 19 ״ ״ אַ גרויסער, רויטער
״ 110 ״ 33 ״ ״ אָרומיקייט
״ 125 ״ 6 ״ ״ הינטעלעך
״ ״ ״ 24 ״ ״ שיינער
״ 129 ״ 7 ״ ״ שעהען
״ 141 ״ 39 ״ ״ יונגן
״ 142 ״ 34 ״ ״ האָט מען
״ 152 לעצטע שורה דאַרף זיין דערפילט
״ 160 ״ 24 דאַרף זיין שעהען
״ 161 ״ 6 ״ ״ מעת־לעתן,
״ 166 ״ 27 ״ ״ שעהען
״ 172 ״ 35 ״ ״ ענדיקע, גרויסע
״ 177 ״ 12 ״ ״ יינגלעך
״ 188 זיינען די שורות 24 און 25 פאַרביטן
״ 198 ״ 9 דאַרף זיין שמואל
״ 199 ״ 27 ״ ״ זיך צו
זייטל 200 — אין קעפּל דאַרף זיין איטשע־מענדל שרייבט נישט
״ 221 לעצטע שורה דאַרף זיין קויטיקער
״ 222 ״ 11 דארף זיין איינגעשלאָפן
״ 223 ״ 16 ״ ״ אָט ווי
״ ״ ״ 35 ״ ״ אויסזען
״ 227 ״ 35 ״ ״ איז (אָן אַ פרעגצייכן)
״ 238 ״ 35 ״ ״ שטיפערישן
״ 243 ״ 19 ״ ״ פאַרלאָזענעם
״ 250 ״ 25 ״ ״ פאַר זיי

# תוכן:

